פון פעטאלומא קאליפאריא

1920-1970 די יידישע קהלה



Yiddish Community

Petaluma, California

שמעון האראנטשיק

# זומפּ

ראָמאַן

פאַרלאַג „קולטור-ליגע", ווארשע

...העושקות דלים, הרצצות אביונים,
האמרות לאדניהם: הביאה ונשתה. —

עמוס ד.א.

## קאַפּיטל 1.

אין הויכן רוי־ציגלדיקן הויז, מיטן איינגאַנג נישט גלייך פֿון גאַס, נאָר דורכן פּראָכטיקן פֿעדערהויז — געפינט זיך גאָלד־פֿעלדס הורטאָווע קאָלאָניאַל־געשעפט און פּריוואַט־וווינונג.

די פֿעדערשטע צוויי גרויסע חדרים, וואָס זייערע פֿענס־טער קוקן אַרויס אויף דער גאַס — דאָס איז גאָלדפֿעלדס גע־שעפט. דאָרט ליגן און שטייען ביז צום באַלקן אָנגעשטעלט, אָנ־געשיט און אָנגעוואָרפן, פֿולע און אָפענע קיסטנס, זעק, טינדלעך און פֿעסלעך... נאָך אָט די צוויי חדרים, וואָס דורך זיי איז איבער דער שטענדיקער אומאָרדנונג זיך שווער אַדורכצוקריגן — געפינט זיך גאָלדפֿעלדס פּריוואַט־וווינונג. באַלד דאָס ערשטע חדר איז די עס־שטוב. — איצט איז נאָר־וואָס נאָכן מיטאָג־עסן. אין פֿענסטער קוקט אַריין אַ גרויער טריבער האַרבסטיקער פֿאַרנאַכט. גאָלדפֿעלד

איז געשעפטסלעך ערגעץ אַוועקגעגאַנגען, דאָס עלף־יעריקע ייִנגל דינס איז אַוועק צו אַ שול־חבר; די דינסט איז אויך וועגן עפּעס דער פּאַניעס אַן אָנגעלעגנהייט אַוועקגעגאַנגען און מיטגענומען מיט זיך דאָס פינף־יעריקע מיידעלע.

אויף דער ווייכגעבעטער סאָפע, מיטן קאָפּ אויפן העכערן אָנלען, ליגט די מאַדאַם גאָלדפעלד און קוקט גיריק אין אַ בוך, — דאָס איז אַ פּוילישע איבערזעצונג פון אַ פראַנצויזיש ביכל, וואָס טראָגט דעם נאָמען „די שעה פון ליידנשאַפט".

מאַדאַם גאָלדפעלד לייענט שטאַרק פאַראינטערעסירט דאָס־דאָזיקע נײַ־כנישט איינגעבונדענע ביכל, וואָס אויפן שער־בלאַט, ווי דעם מחברס אָדער מחברטעס נאָמען איז אָנגעגעבן בלויז דורך אי־ניציאַלן — איז אויפגעמאָלט אַ ווילד־צעיושעטער מאַנסביל, וואָס שלעפּט אין זיינע אָרעמס אַ נאַקעטע פרוי. מאַדאַם גאָלדפעלד איז אַזוי פאַרטיפט אין לייענען דאָס ביכל, אַז כדי בעסער צו קענען זען אין דער אָוונט־טונקלקייט, וואַרפט זי אַראָפּ פון די אויגן די פאַראַדנע פענסנע מיטן גאָלדענעם קייטל, צוליב וועלכע זי איז מיט עטלעכע חדשים צוריק ספּעציעל געפאָרן קיין דאַנציג. אין דאָזיקן ביכל „די שעה פון ליידנשאַפט" דערציילט זיך פון אַר־גיעס צווישן אַ מאַנסביל און אַ פרוי. דער מאַנסביל, ווילד פון תאווה, טוט דאָרט אָפּ מאָדנע סעקסועלע משונהדיקייטן. לייענענ־דיק דאָס, ווערט בײַ מאַדאַם גאָלדפעלד דאָס בלוט צעוואַרעמט; אין איר, אויפן ווייכן סאָפּקעלע רוענדיקן, פולן גוף, וועקן זיך תאוהלעך. דאָס ביכל איבערצייגט זי ווידער אַמאָל, אַז אַ פרוי — אויב זי האָט נאָר מיט וואָס און פאַרשטייט איר קראַפט — קען מיט איר קערפּעראַזוי צערייצן און אונטערטעניק מאַכן דעם מאַנס ביל, אַז נישט נאָר ער זאָל נאָכקומען אַלע אירע פאַרלאַנגען און קאַפּריזן, נאָר ער זאָל טון נאָך מער ווי זי וויל — ער זאָל אָפּ־טון אומגלויבלעכס...

מאַדאַם גאָלדפעלד פליט מיט די אויגן איבער די שורות, אייליק מישט זי בלעטל נאָך בלעטל. אין עס־חדר, ווו דער גרויער האַרבסט־אָוונט האָט זיך שוין האַלב אַריינגעגנבעט, איז שטיל; נישט פון געוועלב, נישט פון בוך הערט זיך נישט קיין מינדסטער

געוויש; פון דער שוואַרץ-פּאָלירטער פּיאַנע, וואָס שטייט בײַ דער צווייטער וואַנט קעגנאיבער דער סאָפע, קוקן אַהער פון הויכן וועכטל דריי זייגערס — צוויי פּאָרצעלייענע און איין ניקלענער, דאָס זעט אויס, ווי אַ קופּאָל אויף זיילן, און אַלע דריי גייען נישט — קאָל ע.

דער וואַנט-זייגער — לאַנג פון באַלקן ביז דער פּאָדלאָגע, מיט אַ זילבערנעם ציפערבלאַט און אַ פיין מוזיקאַלישן קלאַנג, וואָס גאָלדפעלד, בשעת ער שאַצט פאַר עמעצן דעם ווערט פון זייגער, געדענקט קיינמאָל נישט נאָכצוזאָגן, ווי דער זייגערמאַכער אין דאַנציג האָט אָנגערופן דעמדאָזיקן קלאַנג... ווייזט איצט פּונקטן מינוט נאָך דריי; די גרויע קאַץ, פעט און פויל ווי די ביבלעבאָס-טע, כאַפּט זיך אויף פון איר דרימל אויף דער אייזערנער קאַסע, לאָזט זיך אַראָפּ אויף דער ערד, כאַפּט זיך לאַנגזאַם און זיכער אַרויף אויפן טיש, נאָכשלעפנדיק נאָך זיך דעם לאַנגן עק, קריכט אַרום צווישן די פון מיטאָג נאָכנישט אַראָפּגערוימטע טעלער מיט פעטע איבערבלייבעכצער, לעקט מיטן רויטן פיינעם צינגל פון איין טעלער, פון אַ צווייטן... ווישט זיך דאָס פּיסקל מיט די דריי-האָריקע, שטייפע וואָנסעס אָן די פעדערשטע לאַפּקעס און גייט זיך רויק מיט די קעצישע טריטלעך צוריק צו איר פריערדיק אָרט — אויף דער אייזערנער קאַסע לעבן וואַרעמען אויוון.

דאָס ביכל „די שעה פון ליידנשאַפט“ איז שוין מער ווי העלפט אָפּגעלייענט. מאַדאַם גאָלדפעלד איילט זיך עס דורכצו-לייענען, איידער זי וועט אַרויסגיין שפּאַצירן. אין שטוב איז שוין רעכט טונקל, דאָך זעט זי נאָך צו לייענען אָן די פענ-סטע.

עס דערהערט זיך אַ קלאַפּ אין טיר. מאַדאַם גאָלדפעלד גיט נישט גלייך די דערלויבעניש אַריינצוקומען. זי טוט דאָס, נישט ביז פון פוילקייט דאָס מויל צו עפענען, נאָר ווייל איר דאַכט זיך, אַז אַריסטאָקראַטישע דאַמען פירן זיך אַזוי. ווען זי באַנעמט אָבער, אַז דאָס קלאַפּן קומט פון דער טיר צו דער קיך, ווערט זי אומרויק. „וואָס הייסט“, — לויפט איר אַ דורך דורכן מוח — „די קיך-טיר איז גאָר די גאַנצע צייט אָפּן געוועזן“? און עס שטעלט

זיך איר שוין פאַר אַ גנבה... זי ווערט אַזש רויט פאַר כּעס אויף דער דינסט, וואָס איז איז אַרויסגעגאַנגען און אָפן געלאָזט די טיר. זי שרייט כמעט אויס: „פּראָש..״! און כאַפּט זיך אויף אומרויק פון איר באַקוועם געלעגערל אויף דער סאָפע.

געקלאַפּט האָט דער בריוו-טרעגער. ער לייגט אַנידער אויפן טיש עטלעכע בריוו און דרייט זיך אויס צוריק צו גיין.

מאַדאַם גאָלדפעלד שטרענגט אָן די אויגן אויף דעם בריוו-טרעגערס רעקל, צי די קעשענעס שטייען בּאַ אים נישט אָפּ...

אין דער געדיכטער טונקלקייט קען זי דאָס נישט געניי זען. פאַר צערודערטקייט פרעגט זי זיך בּאַ אים נאָך, ווי אַרום ער איז אַריינגעקומען דער בריוו-טרעגער. קלינגט פאַרדעכטיק איר דערשראָקן קול. ענטפערט ער הערט: „דורך דער טיר בין איך אַריינגעקומען״. פרעגט זי ווייטער: „די טיר איז דען אָפן געווען״? ענטפערט ער מיט דעם זעלבן טאָן: „ווייזט אויס, ז'איז אָפן געווען״.

דער בריוו-טרעגער גייט צוריק. מאַדאַם גאָלדפעלד גייט אים געטריי נאָך פון הינטן — בשעת זי נעמט שוין האַסטיק פאַרשליסן די בּיז איצט אָפן-געשטאַנענע טיר, קלאַפּט ווידער עמעץ פון דרויסן. זי עפנט צוריק און בּאַגעגנט זיך פּנים אל פּנים מיט אַן אָרימער יידינע. יענע הייבט אָן: „מאַדאַם״... די מאַדאַם גאָלדפעלד גיט בּיין אַ קוויטש; „פאָרנט אַרום!״ און פאַרקלאַפּט די טיר הינטער דער יידענעס נאָז.

זי גייט צוריק אין עס-חדר, דרייט-אויף די עלעקטרי. עס צינדט זיך אָן דער געפוצטער לאָמפּ מיט קרעלעכלעך און געגילדטע דרעטלעך, וואָס הענגט אַראָפּ פון סופית צום טיש אין מיטן חדר. איצט זעט זיך מאַדאַם גאָלדפעלד אין דער ליכט-שיין. זי קוקט אויס טיף נאָך דרייסיק, מיט אַ געפלעקט אויסגעפילט פּנים, מיט געלע, ווי אייל, אייגעלעך; דאָס נעזל אַ ביסל אַרויפגעשאַרצט, אַ ברייטלעכע גאָמבע און גרויס מויל. — דאָך אין איר גאַנצקייט איז מאַדאַם גאָלדפעלד נישט מיאוס; זי שטעלצירט מיט איר שיקלעכן גאַנג און מיט איר הויכן פולן בוזים...

אויפן טיש ליגן די טעלער, וואָס שטייען נאָך פון מיטאָג, ליגן די בריוו, וואָס דער בריוו-טרעגער האָט איבערגעלאָזט: צוויי

אָפּענע קאַרטלעך און איין פאַרמאַכטער בריוו. מאַדאַם גאָלדפעלד פאַרגעסט מיטאַמאָל, אַז „זי קען נישט לייענען יידיש“ — און לייענט אַדורך די צוויי אָפּענע קאַרטלעך.

אין איין קאַרטל האָט אַ קונה, אַ קליינשטעטלדיקער קרעמער, טענות צו גאָלדפעלדן, פאַרוואָס ער האָט אים נישט אַרויסגעשיקט דעם שוין באַצאָלטן זאַק קאַווע. ער סטראַשעט דער קליינשטעטלדיקער, אַז ס'איז נאָך נישט אינגאַנצן הפקר וועלט... אין צווייטן קאַרטל גיט אַ וואַרשעווער סוחר צו וויסן גאָלדפעלדן, אַז אויב ער וועט נישט ביז אין צוויי מאָל פיר און צוואַנציק שעה צוקריגן די סומע, וועלכע ער האָט לויטן אָפּמאַך געדאַרפט דערהאַלטן נאָך פאַר שבת, רופט ער צוריק די סחורה פון דער באַן... מאַדאַם גאָלדפעלד רוקט גלייכגילטיק אַוועק די צוויי קאַרטלעך. דער פאַרמאַכטער בריוו פאַראינטערעסירט זי מער. דערדאָזיקער בריוו קומט פון שטעטל, ווו עס ווינט גאָלדפעלדס פאָטער, וואָס איז דאָרט אין יענעם שטעטל — שוחט. מאַדאַם גאָלדפעלד האָט אַ חשד, אַז דער שוחט בעט באַם זון געלט אָדער קראָם-פּראָדוקטן. באַם בלויזן געדאַנק צעבלישטשען זיך איר ביז די אויגן. זי באַשליסט צו עפענען דעם בריוו און אַדורכלייענען. זי וויל אָבער נישט, דער מאַן זאָל זי כאַפּן, ווי זי לייענט בגנבה אַדורך אַ בריוו, וואָס דער פאָטער האָט צו אים געשריבן. מאַכט זי צוריק פינסטער אין עס-צימער, גייט מיטן בריוו אַריין אין קיך, דאָרט מאַכט זי ליכטיק, פאַרוקט די פאַרהענגלעך פאַרן פענסטער, גייט צו מיטן פאַרמאַכטן בריוו צום קאָכעדיקן טשייניק, וואָס שטייט אַריינגעשטעלט אין דער פליטע און זידט. זי האַלט אַ ווײַלע דעם בריוו מיט דער פאַרקלעפּטער זייט באַ דעם הייסן דאַמף-עפענונג פון טשייניק, ווו ס'ציט זיך אַ שנירל זידיקע פאַרע — ביז דאָס פאַרקלעפּטע עפנט זיך. מאַכט זי ווידער דאָ פינסטער, גייט אַריין אין עס-צימער. זי גייט צו צו דער טיר, וואָס פירט אין געוועלב אַריין. נאָר אַז זי האַלט שוין די האַנט אויף דער קליאַמקע, נאָר אַ דריק צו טון, דערהערט זי דעריבערן טענהן די אָרימע יידענע, זי בעט זיך: „די מאַדאַם האָט מיך געהייסן זיין דורכן געוועלב“. נאָר דער „מענטש“ געצל קישטיין — וואָס פילט זיך דאָ אַלס משפּחה,

וואָרים זיין הייב איז גאָלדפעלדס שוועסטער — שרייט מיט זיין גרעגער-קול צו דער יידענע „גייט גייט, הינטן אַרום גיט מען, דאָ נישט" און דער צווייטער „מענטש", שפילמאַן, א תאמעוואַטער בחור מיט אַ פרישטש-וואַטע פנים — העלפט אויך צו אָפּשלאָגן די יידענעס טענות: „וואָס עפּעס דאָ אַרום"? — שטעלט ער דער אָרימער יידענע אַ קלאָץ-קשיא — הינטן אַרום גיט מען נדבות"...
מאַדאַם גאָלדפעלד וואַרט צו הינטער דער טיר ביז די שנאָרערין גייט אַוועק מיט אַ בייזן מורמל — עפּנט זי די טיר זען, צי דער מאַן איז נאָך נישטאָ און ווענדט זיך צו די מענטשן אויף פּויליש מיט אַ טאָן, וואָס דאָס הייסט בא איר „העלפן אין געשעפט":
— ווער איז פריער דאָ געוועזן? כ'האָב דאָך עפּעס געהערט רעדן.
— קיינער איז נישטאָ געוועזן — ענטפערט קישטיין — און ער גיט גלייך צו — יאָ, בענדעט איז דאָ געוועזן. ר'דאַרף עפּעס צו שלומען, מן הסתם וועגן אַ מעקלעריי... — ענדיקט קישטיין, אַנרופנדיק גאָלדפעלדן סתם שלום.
בענדעט איז גאָלדפעלדס אַ געשוועסטערקינד, וואָס פאַרנעמט זיך מיט מעקלעריי און וועגן אים לוינט זיך נישט דער מאַדאַם גאָלדפעלד אָפּצושטעלן, ווענדט זי זיך צום צווייטן „מענטש".
— פּאַניע אַבראַמיע, מיין מאַן האָט אייך דאַכט זיך געהאַט ערגעץ געשיקט?
שפּילמאַן, וואָס אַ חוץ דרך ארץ פאַר דער באַלעבאָסטע, חלומט ער אָפּט מיט סלינע אין מויל פון מאַדאַם גאָלדפעלדס הויכן ביוסט, שטעלט זיך גלייך אויסגעצויגן, ווי אַ זעלנער און ענטפערט דער באַלעבאָסטע אויף פּויליש:
— יאָ, פּראָשע פּאַני, געשיקט, צו אַבראַמזאָנען וועגן דער סחורה.
— נו? — ערקונדיקט זי זיך ווייטער אָפיציעל. — ד. ר. ליידיקט? — הגם זי ווייסט גאָרנישט אין וואָס עס האַנדלט זיך.

— נישט איגגאַנצן, פראַשע פאַני, ער וועט שפּעטער אַריינ־
קומען.

מאַדאַם גאָלדפעלד גייט צוריק אין עס־חדר, פון דאָרט אין שלאָף־חדר, זי פאַרשליסט הינטער זיך די טיר, מאַכט ליכטיק און נעמט לייענען דעם בריוו פון מאַנס פאָטער, דעם קליינ־שטעטלדיקן שוחט, צום רייכן זון.

## קאַפּיטל 2.

ר' ליפּע שוחט האָט טיף אין האַרץ נישט ליב געהאַט די שנור — שלומס ווייב. דאָס, וואָס דער זון דינבער איז נאָך דער חתונה פאַרגרעבט געוואָרן אין אַר פּ פון יידישן דרך, האָט ער אויך דער שנור שולד געגעבן. נאָך דאמאָלס, מיט יאָר צוריק, ווען ר' ליפּע איז געוואָרן, אַז זיין שלום שטויסט אָפּ גוטע געלט-שידוכים, ווייל ער שדכנט זיך צו בערל קרעפּלס טאָכטער, די חצופה, האָט ער זיך געלייגט אין דער לענג און אין דער בּרייט דעם זון דערפון אָפּצורעדן; שלום אָבער איז שוין דאַמאָלס אויך נישט געווען קיין אַכצניעריק בחורל און פאַרדינען געלט האָט ער שוין אויך געקענט, איז דער טאַטע געבליבן בלויז באַם רעדן.

אַ חוץ אַלעם איז ר' ליפּע נישט אָנגעשטאַנען אַלס מחותן פאַר זיין בן-יחיד דער „בעל-גאווה“ בערל קרעפּל. דעמדאָזיקן בערלס „יחוס“ איז באַשטאַנען דערין, וואָס זיין פאָטער קלמן לייב איז אין שטעטל געווען לאַנגיעריקער דאָזאָר און אַז ר'איז געשטאָרבן, האָט ער איבערגעלאָזט אין מאַרק אַ געמויערט הויז מיט

אַ באַלקאָן. — בערל, וואָס אין שטעטל האָט מען אים צוליב זיין דייכער צעבראָכנקייט אַ נאָמען געגעבן „קרעפּל“, האָט אַ דאַנק זיי־ שלימזלדיקע עסקים צעפּטרט דאָס פון פאָטער געירשנטע פּגרי־ מען: געבליבן איז אים בלויז דער פוסטער יחוס און, אַלס דעם עלטסטן זון, דעם פאָטערס מזרח־שטאָט אין שול און אייגנס, נישט קיין געירשנטס, האָט ער פאַרמאָגט — טעכטער, וואָס רעדן פּוי־ ליש...

ר' ליפּען איז אָט דער שידוך פאַר זיין זונס־וועגן גאָרנישט אָנגעשטאַנען. שלום האָט אָבער דעם פאָטער נישט געהאָרכט, נאָכגעגעבן דעם יצר־הרע, זיך פאַרקנסט מיט פאַנגע בראָנגיע, התונה געהאַט און זיך באַזעצט אין דער נאָנטער „גרויסער“ שטאָט. און אַז בערל קרעפּל און זיין ווייב מייטע מיטן בני־בית זייער, האָבן זיך באַלד, נאָך זייער טאָכטער בראָניעס חתונה, אויך איבער־ געטראָגן אין יענער שטאָט, איז ר' ליפּע זיכער געווען, אַז דאָס ציען זיי זיך אַהין, כדי זיך צו לייגן אויף שלומס קאַרק.

בראָניע — די מאַדאַם גאָלדפעלד, ווייסט, אַז איר מאַנס פאָטער, דער שוחט, האָט זי נישט געוואָלט פאַר אַ שנור; צו איר איז אויך דערגאַנגען דורך איר פאָטער, וואָס האָט פון עמעצן געהערט, אַז קורץ פאַרן זונס חתונה האָט ר' ליפּע אַמאָל אין רעדן דערמאַנט וועגן דעם, וואָס די גמרא דערציילט, אַז די מטבעות, וועלכע אברהם אבינו האָט אַרויסגעלאָזט, האָבן אויף זיך געהאַט — אַ בחור און אַ בתולה פון איין זייט און אַ זקן און אַ זקנה פון דער צווייטער זייט. און ר' ליפּע האָט מיט לצנות זיך אַ קער געטון צום זון, וואָס איז געזעסן באַם טיש:

— דו מיט דיין כלה דערמאַנט עך מיר די מטבע פון אברהם־ אבינו... — האָט ער אַ זאָג געטון מיטן באַהאַלטענעם שטאָך, אַז ער, שלום און זיין כלה, דער „בחור און בתולה“ זענען שוין ווייט נישט יונג... — דאָס ווייסט די מאַדאַם גאָלדפעלד און ווען מען דאַרף, באַ אַ געלעגנהייט, דערמאַנט זי זיך דערין.

דאָ אין בריוו, וואָס מאַדאַם גאָלדפעלד לייענט איצט בגנבה אין שלאָף־חדר, בעט נישט דער שוחט דירעקט געלט באַם זון, נאָר ער טוט צו וויסן דעם „אהובי בני“, אַז זיין שוועסטער מירל,

וואָס האָט געאַרבעט עטלעכע יאָר באַ אים, שלומען, אין געשעפט און איז אהיימגעקומען סוף זומער — נישט געזונט — איז אַלץ נאָך קראַנק, הוסט און שפּייט מיט רויטע „דריוועלעך“ און לייכעט און מען מיינט זי ראַטעווען, ווי לאַנג ס׳איז נאָך נישט צו שפּעט.

מאַדאַם גאָלדפעלד פאַרקלעפּט צוריק דעם בריוו, לייגט אים אַוועק אין עס־צימער לעבן יענע צוויי קאַרטלעך. דערנאָך פּודירט זי זיך אָפּ, טוט זיך אָן דאָס מאַלפּע־פוטער, דעם פּליושע־נעם הוט, וואָס איז אַרום ראַנד באַזעצט מיט בלומען, הענגט זיך אָן די שווערע טאַרבע פון געפלאָכטענעם זילבער־דראָט און לאָזט זיך אַרויס אויפן שפּאַציר...

---

שפּעט אינאָוונט. מאַדאַם גאָלדפעלד איז שוין לאַנג אין שלאָף־חדר; זי איז געלעגן אין בעט, געענדיקט לייענען „די שעה פון ליידנשאַפט“ און דאָס ביכל אַוועקגעלייגט אויפן דערלעבנדיקן נאַכט־טישל. אין בעטל קעגנאיבער איז געשלאָפן דאָס פינף־יאָר קינד מיידעלע מיט די רונדיקע שוואַרצע שלעכטע אויגן, ווי באַ דער באָבעמייטע, אין מיטן ברייטן מויל, ווי דער מוטערס. ווען גאָלדפעלד איז אַריינגעקומען און זיך מכין געווען לייגן שלאָפן אין צווייטן פון די צוויי אײנס לעבן אַנדערן שטייענדיקע שווערע, הילצערנע בעטן, האָט אים די פרוי אַ פרעג געטון מיט איר ספּעציעלן טאָן — אַזאַ כלומרשט גוטמוטיקער, נאָר מיט אַ פאַרדעכטיק הייזעריקלעך ביין נאָטקעלע: —

— סטאַש, פון וועמען איז געווען דער פאַרמאַכטער בריוו?

גאָלדפעלד איז היינט אַ גאַנצן טאָג נישט געווען איבעריק איפּגעלייגט, ווייל דאַלאַרן, שמועסט מען, גייען אינדערהייך, סחורה שטייגט און ער האָט זיך נישט שטאַרק פאַרזאָרגט מיט סחורה, — האָט ער איר קורץ און נישט ניחאדיק געענטפערט.

— אַז דו האָסט געזען דעם בריוו, ווייסטו דאָך פון וואַנען ר׳איז.

— ניין, איך ווייס נישט — איז איר טאָן איבערגעגאַנגען אין אַן אָפיציעל העפלעכן — איך לייען נישט דיינע בריוו און איך ווינטש, מען זאָל זיך אויך אַזוי באַגיין מיט מיינע בריוו...

— בריוו — גיט ער אַ וואָרטשע — פון ווען אָן קריגסטו דאָס בריוו?

— שלום! — גיט זי אַ געשריי, שוין נישט אויף פויליש „סטאַך", נאָר פשוט „שלום" — הייבסט שוין אָן! ווילסט מיר שוין ווידער מאַכן אַ שלאָפלאָזע נאַכט!

ער שווייגט.

— וואָס איז געשטאַנען אין בריוו? — הייבט זי נאָך אַ ווײַלע ווידער אָן, פאַרגעסנדיק גאָר, אַז עס דאַרף הייסן, אַז זי ווייסט נישט פון וועמען דער בריוו איז. און ווען זי איבערחזרט נאָכאַמאָל דיזעלבע פראַגע בעט ער זיך כמעט:

— בראָניע, לאָז מיך איצט צורו, דער קאָפּ איז מיר פאַרדרייט און כ'בין מיד.

— ניין, דווקא נישט — זאָגט זי טראָציק און איר קולכל פאַרגייט, ווי אַ פייפל — איך מוז איין מאָל וויסן, וואָסערע סודות דאָ גייען הינטער מיין רוקן.

— וואָס, ווידער סודות — בעט ער זיך מיט גוטן — איך ווייס נישט פון קיין שום סודות.

— פאַרוואָס דען ווילסטו מיר נישט דערציילן? — זיצט זי שוין אין בעט אין פאַרקנעפּלטן נאַכט-העמד און קוקט אויף אים מיט צעצונדענע אויגן — טאָ דערצייל, אויב ס'איז נישט קיין סודות, דו הערסט?

ער, דער הויכער פּערציק יעריקער מאַנספערשוין, הויך און גראַד געוואַקסן ווי אַן אָפיציר; ער, גאָלדפעלד, דער שאַרפזיניקער סוחר און פיפיקער בעל-דבר, וואָס ווייסט נישט אין געשעפט פון קיין רחמנות און נאַכגיביקייט, האַלט זיך קענען זיין ווייב אַזוי נעבעכדיק, ווי אַ פאַרציטערטיש חדר-יינגל און אַז זי האָט אים ענדלעך צוגעדריקט צו דער וואַנט, האָט ער שוואַך אַרויסגערעדט:

— דער טאַטע האָט מיר געשריבן וועגן מירלען...

— אַהאַ! — טריומפירט זי גיפטיק — איז דאָך שוין יאָ עפּעס אַ סוד! בין איך דאָך טאַקע נאָך נישט אַזאַ נאַר, העֵ?

ער ווייסט באַ זיך, אַז באַ איר גאַנצער איבערגעשפּיצט-קייט איז זי נישט איבעריק קלוג. אַ סך מאָל קען זי זיך גלייכ-שטעלן אין חכמה מיט געצל קישטיין; ער ווייסט אָבער אויך, אַז ער איז פאָרט נאָר שלום דעם שוחטס, זי אָבער — לייענט ביכער און שפּילט פּיאַנע...

— נו, וואָס פאַרלאַנגט ער, דיין טאַטע? — פּישטשעט זי גיפטיק — אַז מ'האָט אַזאַ מ'יד... איך זאָל מיט איר חתונה האָבן? אָדער אפשר איר אָוועקגעבן מיין און מיינע קינדערס פּראַצע?

און אַז ער ענטפערט איר נישט באַלד, ווייל ער גלייבט, אַז ס'וועט זיך נאָך איינגעבן היינט אויסצומיידן דעם נישט ניחא-דיקן שמועס, הייבט זי ווידער אָן:

— צוואָס האָסטו דיר דען אַהערגעבראַכט דיין שוואָגער, געצל קישטיין, דעם אידיאָט?

ער קומט ענדלעך אַרויס פון גלייכגעוויכט:

— וואָס דען, פרעמדע מענטשן אַריינגעמען אין געשעפט, מען זאָל מיך צעטראָגן.

— קענסט מאַכנישט וויסן, צי ער צעטראָגט דיך נישט! — און זי קוקט אים באַדייטונגספול אין די אויגן, אַ שטייגער, זי ווייסט עפּעס דערוועגן, נאָר וויל נישט דערציילן.

— טאָ זיך אין דער היים און היט — ענטפערט ער קורץ.

אַ ווײַלע שווייגן זיי. ער טראַכט שוין דערווייל וועגן עפּעס אַנדערש. ער קאָמבינירט שוין אין קאָפּ, ווו ער וואָלט נאָך געקענט מאָרגן איינדערפרי קויפן ביליק סחורה. אפשר אַ פּאָר געבן אין אַ גאַנץ שטעטל, אָדער אויסגעפינען הי אַ פאַרשלאָפענעם סוחר...

זי אָבער מיינט נאָך, אפנים, דעם שמועס נישט נאָכצו-לאָזן.

— וואָס זאָל איך טון, אַז זי איז נישט געזונט? — הייבט

מאַדאַם גאָלדפעלד ווידער אָן מיט אַ דערשטיקטן כעס — און אַז דיין טאַטע האָט אַ קראַנקע טאָכטער מוז ער מיך דערפאַר בדלות שטעלן?

— באַ מיר איז זי קראַנק געוואָרן — זאָגט גאָלדפעלד קורץ, כדי איר דאָס מויל צו פאַרמאַכן און ער זאָל אומגעשטערט קע- נען דערטראַכטן זיינע סוחרישע קאָמבינאַציעס.

מיט דעם „זאָג" אָבער האָט גאָלדפעלד נאָך ערגער געמאַכט. זי האָט קענטיק פאַרשטאַנען פון זיין זאָג, אַז ער האָט שוין באַ- שלאָסן פאַר זיין שוועסטערס וועגן דעם בייטל צו עפענען.

— אזוי! — גיט זי זיך אין בעט אַ וואָרף, נאָר ווי אַרויס- צושפרינגען — איך בין מיר קראַנק, ווי דיין שוועסטער און פונ- דעסטוועגן...

— דו? — פאַרט ער אַרויס בייז, ווייל זי שטערט אים צו דערטראַכטן זיינע רעיונות, — דו — קראַנק? — פון ליגן אויף דער סאָפע און פון גאַרנישט טון ווערט מען נישט קראַנק, מירל אָבער האָט געאַרבעט...

נאָר נאָך איידער ער באַווייזט צו דערענדיקן „געאַרבעט", שפרינגט מאַדאַם גאָלדפעלד ראַפּטום פון בעט אַרויס אין איין העמד. זי כאַפּט דעם שווערן ליאַקירטן בלומענטאָפּ מיט קינס- טלעכע בלומען, טוט אים אַ וואָרף דעם מאַן אין קאָפּ און טרעפט נישט...

דער ווייסער מיט גרינע און בלויע קאָלירן געפוצטער בלומענטאָפּ צעשפרינגט אויף שאַרבנס. גאָלדפעלד קוקט דערויף און ס'פליט אים אַ דורך אין קאָפּ, צי מען וועט נישט קענען די שאַרבנס צוזאַמענקלעבן מיט דעם שמירעכטס, וואָס מען קלעבט צוזאַמען גלאָזוואַרג. דערדאָזיקער געדאַנק פאַרנעמט אים בלויז אַ רגע. ער גיט אויף איר אַ קוק מיט קאַלטע שטאָלענע אויגן, ווי אויף אַ קונה, וואָס קומט נעמען סחורה בשעתן שטייגן...

זי רעדט אַרויס פאַרביסן און העשנדיק:

— נאַ, און ווייס ווער איך בין איין, ווער דו ביסט...

דערינען אין עס-חדר איבערוועקט זיך דאָס עלף-יעריקע יינגל און שרייט דערשראָקן: „צאַ טאַ, צאַ טאַ? ..." דאַ אין שלאָף-

ווידער כאַפּט זיך אויף דאָס פינפיעריקע מיידעלע און וויינט. מאַ-
דאַם גאָלדפעלד אין העמד, אַ צעפּלאָשעטע, אַ צעשויבערטע ווי אַ
מכשפה, בליקט אַרום זיך צערייצט, מיט צעבלישטשעטע אויגן —
און מיט אַמאָל נעמט זי קוויטשן און לאַכן הויך און העכער און
פאַרגייט אין ספּאַזמעס...

## קאַפּיטל 3.

פון געהעלב האָבן זיך געטראָגן פאַרשידענע קולות אויף יידיש און אויף פויליש; טייל האָבן זיך געבייזערט, פאַרוואָס דייער סחורה איז נאָך נישט פאַרפּאַקט, אַנדערע גליקלעכערע האָבן אונטערגעיאָגט די „מענטשן" גיכער צו פאַרענדיקן דאָס פאַרפּאַקן זייער סחורה. ס'האָט זיך געהערט דאָס קלאַפּן נעגל אין די קאַסטנס און געצל קישטיינס גרעגער־קול, בייזערנדיק זיך אויף עמעצן, אַז יענער זאָל זיך אָפּטשעפּען, וואָרים דער קאָפּ טוט אים, געצלען, שוין ווי פון דעם נודען, וואָס מ'נודעט אים נאָכאַנאַנד.

דורכן עס־חדר האָט דורכגעוויילט גאָלדפעלד, אַריינגעפלויגן אין קיך און פון דאָרט — אויפן הויף אַרויס, וווּ עס ליגן שורותווייז טונען הערינג.

נאָך אַ ווײַלע איז אין עס־חדר אַריינגעקומען אַ ייִד מיט אַ שוואַרצלעך־גרויער באָרד אין אַ שבת־פּעלץ און אַ הויכן פּאָקענעם הוט און קאַלאָשן אויף די אויסגעפּוצטע שטיוול — אַ פּראָווינצער קרעמער. דער ייִד האָט זיך אומגעקוקט, קענטיק געזוכט גאָלדפעלדן. נישט געפינענדיק אים אין עס־חדר, איז דער ייִד צו

געגאַנגען צו דער אַ ביסל אָפּשטייענדיקער טיר פון שלאָף־חדר, פאַרזיכ־יק אַהין אַרייַנגעשטעקט דעם קאָפּ מיט אַ פרעג אין דער וועלט אַריין: נישטאָ גאָלדפעלד? נאָר דערבליקנדיק דערינען מאַדאם גאָלדפעלד זיך אָנטון דעם גאָרסעט, האָט דער ייִד, ווי פון אַ שרעקלעכער סכנה אַרויס, צוריקגעכאַפּט דעם קאָפּ, און מאַדאַם גאָלדפעלד האָט מיט כּעס די טיר פאַרהאַקט.

מאַדאַם גאָלדפעלד האָט זיך ווייטער אָנגעטון. זי האָט געהערט, ווי דער מאַן איז צוריק אַרייַנגעקומען פון הויף אין עס־חדר. דער ייִד האָט זיך אויף אים געוואָרפן מיט טענות, פאַרוואָס גאָלדפעלד שיקט אים נישט אַרויס די סחורה... גאָלדפעלד האָט דעם ייִד בעל־דברדיק צוריק געפרעגט: ווער זענט איר, כ׳בעט אייך? איך הייב אייך נישט אָן צו קענען! דער ייִד האָט געסטראַשעט מיט אַ דין־תּורה, דערנאָך מיט געריכט. גאָלדפעלד האָט געענטפערט אומגעדולדיק: טוט, וואָס נאָר איר ווילט און דולט מיר נישט דעם קאָפּ, כ׳האָב נישט קיין צייט צו אייך... מאַדאַם גאָלדפעלד אַן אָנגעטוענע, אַן אָפּגעשמעקטע, איז מאַדאַמיש אַרויס פון שלאָף־חדר און שטייף געגומען דורכשניידן דאָס עס־חדר.

זי איז נאָך ברוגז מיטן מאַן פון יענעם אָוונט נאָכן בריוו. און ווען זי איז ברוגז איז זי פּריווילעגירט: זי קען אַוועקגיין פון דער היים, ווען זי האָט נאָר חשק און צוריקקומען, ווען זי וויל. און דער מאַן — שווייגט. מען איז דאָך ברוגז.

בשעת זי האָט איצט אַדורכגעמאַרשירט דאָס עס־חדר, האָט דער פרעמדער ייִד אין זיין אוממעכטיקייט קעגן גאָלדפעלדן, זיך געווענדט צו איר, אַלס צום סוחרס ווייב נאָך יושר.

— וואָס זאָגן זי צו אַזעלכעס, פּאַני גאָלדפעלד...

זי האָט דעם ייִד געענטפערט ווי געווייַנטלעך, אויף פּויליש.

— איך ווייס גאָרנישט, איך מיש זיך נישט.

און אויפן מאַן, וואָס איז געשטאַנען צו איר מיטן רוקן, האָט זי אַ בליק אָפּגעשטעלט, און דער בליק האָט צום ייִד גערעדט:

— „נישט בלויז קענן קונים איז ער אַזאַ מערדער״...

און מאַדאַם גאָלדפעלד איז אַרויס אין געוועלב, דורכגע־שפּאַנט פאַרביי געצלען, שפּילמאַנען, און טרעגערס, וואָס האָבן זיך געפּאָרעט אַרום קאַסטנס סחורה; קאַלט און שטאָלץ געענטפערט אויף די פאַר איר כבוד וועגן זיך הייבנדיקע היטלעך פון קונים און מעקלערס, וואָס זענען געשטאַנען אין געוועלב, ווו נאָר אַ שפּאַן פרייער פּלאַץ — און איז אַרויס אין גאַס.

די פאַבריקן פייפן פינף. די שקיעה־גרויקייט נעמט זיך ערשט פאַרוואַנדלען אין אָוונט־טונקלקייט, דער פּאַס הימל, וואָס ליגט ווי אַ ברייטע סטענגע צווישן די צוויי רייען הייזער לענגויס דער גאַס — איז ווינטערדיק בלוי און ווייזט ווי־נישט־ווו אַ שטערנדל. מאַדאַם גאָלדפעלד גייט מיטן טראָטואַר אַרויף־גאַס. איר גאַנג איז אַ געקינסטלטער, אַן אויסגעשטודירטער: שטאָלץ, זייער שטאָלץ און פּאַרט זאָרגלאָז „מיידלעריש". אין ראָג גאַס בוקט זיך און בייגט זיך פאַר איר אַ בעטלער מיט אַן אויסגעשטרעקטער האַנט אין וועלכער ער האַלט דאָס היטל, ווי אַן אָפענע טאָרבע. מאַדאַם גאָלדפעלד גיט אים גאָרנישט, זי „זעט" אים בכלל נישט. זי גייט, גייט און פאַרקירעוועט זיך אין דער געגנט, ווו אירע עלטערן וווינען.

מאַדאַם גאָלדפעלדס עלטערן וווינען אין דער זאַמד־גאַס, אין אַן אַלט הויז אויפן ערשטן שטאָק. די דירה באַשטייט פון אַ קיך מיט צוויי חדרים און נאָך אַ קליין שטיבל, וואָס איז אַזוי קליין און זעט אויס, ווי איבעווייניק אין אַן אָמניבוס, וואָס ווערט גע־שלעפּט פון אַ פערד. דאָרט אין לעצטן חדרל שלאָפט דער עלטס־טער זון, דער, וואָס איז נאָך דער מלחמה צוריקגעקומען פון אַמע־ריקע נאָכן אָפּזיין דאָרט קרוב צוואַנציק יאָר און זיך מיטגעבראַכט פון דער גאָלדענער מדינה — אַ געל פּנים און קראַנקע פיס.

זיצט ער, דער אַמעריקאַנער, טעגוויז דאָרט אין לעצטן חדר, רייכערט פּאַפּיראָסן, גודזשעט זיך און קריכט אַרום אויף די פיס, אַזוי נישט זיכער און נעבעכדיק, ווי זיי, די פיס, וואָלטן געווען נישט זיינע אייגענע.

אויוון — באַ דער מאַדאַם גאָלדפעלדס עלטערן אין שטוב — איז אַ „וויעראַשאָווער מעמד". ערשט אייערנעכטן איז אַוועקגעגאַנ־

גען די דינסט. די לעצטע דינסט איז דאָ קוים אויסגעווען אַ חודש און אַוועקגעגאַנגען מיט איר קופערטל זאַכן. פּירט איצט דאָס באַלעבאַטשקייט די ייִנגסטע טאָכטער — פאַננע אידזשאַ.

ווען די מאַמע מייטע איז פריִער אַהיימגעקומען פון קרעמל עסן מיטאָג, האָט דער קראַנקער זיך געבלאָזן און נישט געוואָלט זיך צורירן צום קרופּניק, וואָס אידזשאַ האָט געקאָכט. ער האָט געטענהט, דער קראַנקער, אַז אַ קרופּניק דאַרף זיין ווייס, קלאָר, און דער איז טונקל; שוואַרצער קרופּניק — אַזוינס האָט ער נאָך נישט געזען...

— נישט אַנדערש — האָט ער אויסגעפירט זיין אשערה, און אויף די געלע באַקן האָבן זיך אים צעלייגט טיפע, שוואַרצע קנייטשן, ווי ער וואָלט כּלומרשט געשמייכלט — ס'איז נישט אַנדערש — האָט ער זיך געהאַלטן בא דאָס זייניקע — אידזשאַ האָט אין טאָפּ פאַרגעסן אַ וויעכעטש, האָט זיך דער וויעכעטש אויסגעקאָכט אין קרופּניק...

מייטע האָט אָנגעשטעלט אויפן זונס קראַנקע פּיס און אויף זיינע ש ַאַרף-גרויליקע שפּראָצענדיקע וואָנסעס — אירע קיילעכדיקע אויגן און צעשפּרייט די נאָז-לעכער פון דער שפּיציקער פויגלישער נאָז:

— „אַמעריקאַנער", דאָס עסן געפעלט דיר נישט? — און דער זשוזשעדיקער טאָן אירער איז געווען אַזעלכער, אַז דער קראַנקער האָט שווייגעדיק אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, ווי אַן אַלט אויסגעדינט פערדל, און אַ ביסל שפּעטער זיך צוגעשלעפּט צום טיש און שטיל גענומען זיפּן דעם טונקעלען קרופּניק, ווי אַ נישט באַטעמטע מעדיצין.

שפּעטער, ווען בראָניע — מאַדאַם גאָלדפעלד — איז אויוון געזעסן, האָט דער ייִנגסטער ברודער, דער גימנאַזיסט העניק, אויך נישט געוואָלט עסן אידזשעס געקעכטס. ס'האָט נישט געהאָלפן דער מוטערס באַקלאָגן זיך פאַר בראָניען: „דער ייִנג מאַכט מיר דעם טויט, רק גיב אים געבראָטענע טויבן..." העניק האָט נישט געוואָלט עסן דעם קרופּניק, טענהנדיק: — ר'איז צוגעברענט.

בראָניע האָט זיך דערוועגט עפּעס רעדן אויפן ברודערס

חשבון, האָט העניק אויף איר אָנגעשטעלט די משפּחה-אויגן, וואָס בײַ אים, דעם אכטצען יעריקן בחור, זענען זיי אַרויסגעקומען רונ-דיק און איינקאָליריק-שוואַרץ, ווי בײַ אַ סאָווע — און אַ מויל גע-עפנט:

— ושמעו! דיין שטוב איז דיר צו קליין?... — איז זי שטיל געוואָרן און זיך מער נישט אַריינגעמישט, מורא האָבנדיק, אויב זי וועט זיך אויפרעגן, וועט איר די געזיכט-פאַרב קאַליע ווערן.

העניק לערנט אין גימנאַזיע. ער איז אין דער זעקסטער קלאַס. מאַדאַם גאָלדפעלד קען זיך שוין נישט דערוואַרטן ער זאָל ענדיקן און אַריין אין אוניווערזיטעט, כדי צו קענען שטאָלצירן מיט אַ ברודער אַ סטודענט. העניק ווייסט פון אָט דעם טרוים דער שוועסטערס אין בײַ אַ ליאַדע וואָס, אַז מ'וויל אים עפּעס נישט נאָכגעבן, סטראַשעט ער, אַז מאָרגן וואַרפט ער אַראָפּ דאָס היטל מיטן שטערנדל און הערט אויף צו גיין אין גימנאַזיום.

דער גימנאַזיסט פועלט יאָ אויס. בראָניע גיט אים געלט, ער זאָל גיין אין אַ רעסטאָראַן. די מוטער בעט אים פאַרן אַוועק-גיין: „גיב אַ קוק צום טאַטן אין געוועלב — ר'איז אַליין". ענט-פערט העניק: „כ'וועל נישט גיין אין געוועלב". פרעגט די מוטער: „פאַרוואָס וועסטו נישט גיין?" ענטפערט ער ווידער: „ווייל כ'האָב נישט קיין חשק" — און ער גייט אַרויס מיט אַ ווילערישן פאַר-קלאַפּ די טיר הינטער זיך...

— פאַרוואָס איז די דינסט אַוועקגעגאַנגען? — פרעגט בראָניע.

— איך האָב זי נישט אָפּגעשאַפט — פאַרענטפערט זיך די מוטער — נאָר איז זי שוין יאָ אַוועקגעגאַנגען — זאָל זי זיין פאַר אַ שיינע ריינע כפּרה, דו ווייסט דען, ווי אַן „איינשיט" דאָס האָט? אַ לאַנג ביריש איבערן טאָג, האָט זי אסור געגויג געהאַט.

מאַדאַם גאָלדפעלד דערבליקט אַן אויפגעריסענעם בריוו.

— פון דאָרען — מאַכט איר די מוטער קלאָר.

— וואָס שרייבט זי?

— גאָרנישט, ווי שטענדיק: אַרבעט אין דער ביוראָ און פאַרדינט. וואָס פאַרדינט זי דאָרט? קוים אויף צו לעבן!...

— און זוי, עפעס נייעס, שרייבט זי גאָרנישט? — פרעגט מאַדאַם גאָלדפעלד, ווי פאַר יוצא וועגן.

די מוטער פאַרשטייט אַנדערש איר פרעגן:

— ניין, נייעס שרייבט זי נישט. וואָס מיינסטו, מ׳כאַפּט זי דאָרט שוין אויס? פאַרהאַנען אין וואַרשע גענוג אַזעלכע ווי זי.

מאַדאַם גאָלדפעלד וויל אויסקירעווען דעם שמועס. זי וויל נישט אַרויסקומען פון דער גלייכגילטיקייט. זי וויל נישט, ס׳זאָל קומען צו אויפרעגונג.

— נו, נו, זי וועט נאָך קריגן אַ חתן, דאַרע — טרייסט זי די מוטער, אָבער זי איז שוין אַרויס פון גלייכגעוויכט...

— וואָס דאַכט זיך דיר, צוויי און צוואַנציק יאָר האָט זי?... אַזוי לאַנג זיך אַרומגעשלעפּט מיט לאָקשינסקן — און אויסגעלאָזט זיך אַ בוידעם. דער יונג פאַרדינט היינט שווערע געלד...

איצט גייט איבער די מוטער צום שמועס, ווי אירע קינדער האָרכן זי נישט.

אידזשאַ שרייט אַריין:

— די מאַמע וועט שוין אַמאָל אויפהערן?

מאַדאַם גאָלדפעלד קוקט אויפן זייגערל.

— אידזשאַ, טו זיך גיכער אָן, ס׳איז באַלד זעקס — רעדט זי אַריין אין ערשטן הדר, וווּ די שוועסטער טוט זיך אָן

די מוטער בייגט זיך צו צו דער טאָכטער און שעפּטשעט:

— מיינסט זי האָט אין וואָס אַרויסצוגיין? אין דעם נאַרישן מענטעלע איז אַ בושה זיך אין גאַס צו ווייזן.

מאַדאַם גאָלדפעלד פאַרשטייט דער מוטערס מיין. „מ׳וויל פון מיר" — זידט עס אינסטינקטיוו אין איר אויף, נאָר גלייך באַרויקט זי זיך:

— כ׳האָב דאָך שוין געזאָגט — זאָגט זי גרויסמוטיק און

שטאָלץ, ווי אַ מאַדאַם צו דער מוטער פון אירס אַ דינסט — נאָך די וואָך וועט זי האָבן אויף אַ קאָסטיום.

מייטע, וואָס פאַרלאָזט זיך נישט אויף דער טאָכטערס גוסט, א ילט זיך דערמאַנען:

— שוואַרץ מיט אַ ווייס שטרייפל, איז היינט זייער מאָ־דיש...

דאָס וואָס די מוטער האָט די עצה זיך אויסצוביטן, רעגט אויף די מאַדאַם גאָלדפעלד און זי באַשענקט די מוטער מיט אַ „בליקל" פון אירע „גוטע" אויגן.

אידזשאַ איז די יונגסטע שוועסטער. זי גילט אַלס שיין מיידל. מאַדאַם גאָלדפעלד וויל, אידזשאַ זאָל טון אַזאַ שידוך, וואָס זאָל די גאַנצע שטאָט אויפטרייסלען.

— בראָניע, וועסט אפשר טרינקען טיי? — ווענדט זיך מייטע צו דער טאָכטער, וואָס זיצט נאָך אַלץ אָנגעבלאָזן, ווייל די מוטער האָט איר דיקטירט איר גוסט.

— ניין — זאָגט זיך מאַדאַם גאָלדפעלד אָפּ.

— מיט וואָס דען זאָל איך דיך אויפנעמען?

— מיט גאָרנישט; כ'גיי באַלד.

אידזשאַ קומט אַריין מיט אַ האַנטוך, ווישט זיך דאָס פנים. מייטע ווענדט זיך צו דער טאָכטער וועגן איר שלום־בית.

— ס'זענען נאָך ברוגז?

— יאָ — ענטפערט מאַדאַם גאָלדפעלד קורץ.

— אַ מענטש געוואָרן — שאָקלט מייטע מיטן קאָפּ אויף איר איידעמס חשבון — ליפע שוחטס יונג. אַ געלטס־מענטש; ס'האָט זיך אים כאָטש אַמאָל געחלומט...

דער קראַזקער זון, וואָס זיצט שווייגנדיק און בייז באַם צווייטן עק טיש און האָט נאָך אַ רגע נישט פאַרגעסן, אַז העניקן האָט מען יאָ פאַרגיטיקט פאַרן אומבאַטעמטן קרופּניק, גיט זיך אַ ריס פון אָרט מיט אַ קרענקלעכן כעס:

— און איר — שרייט ער אויס מיט אַ נערוועזן קוויטש, ווי אַ הינט, וועמן מ'טרעט אים אָן אויפן עק — איר האָט זיך יאָ אַמאָל געחלומט אַזוי פיל געלט?! — דאָס געלע פנים שפּיצט זיך

אויס, די אומעטיק טריבע אויגן פינקלען און מיטן ציטערדיקן מאַ־נערן פינגער שפּיזלט ער אויף דער אויסגעפּוצטער, אויסגעפּאַשע־טער שוועסטער — איר האָט מען עס יאָ פאַרן וויגל פאַרגעזונגען?

— וואָס איז דאָס ווידער? — דערהייבט די מוטער די נאָז, וואָס בשעת כּעס בייגט זיך איר דאָס שפּיצל נאָז אַרונטער און ווערט מכשפדיק מענטשנפרעסעריש — „געפונענער" זון! זיי איַ־פּריזן, אַז דו לעבסט און האָסט אַ שטוב.

---

אַראָפּקומענדיק אין גאַס נעמען די שוועסטערן רעדן פרי־ליש. זיי רעדן צווישן זיך העפלעך, מיט פאַרצויגענע פּיסקלעך, נאָר אַנדערש, ווי אינדערהיים. מאַדאַם גאָלדפעלד פרעגט זיך נאָך בײַ דער שוועסטער, צי זי איז נאָך ברוגז מיט העלשטיינען. אי־דזשאַ ענטפערט, אַז יאָ, זי איז נאָך ברוגז. און שוין צום ווילפטן מאָל נעמט זי ווידער איבערחזרן, ווי דאַמאָלס, אויפן „וויעטשאָרעק", האָט העלשטיין זיך דערוועגט איר אַריינצוקוקן אין דעקאָלט פון לייכטן בלוזקעלע, האָט זי אים דערפאַר מכבד געווען מיט אַ ליאַפּ אין באַק, אַזש בלוט האָט אים גענומען לויפן פון דער נאָז.

ביידע לאַכן אַרטיק, ווי ס'פּאַסט אויף דער גאַס.

— און מיט וועמען גייט ער איצט? — פרעגט מאַדאַם גאָלדפעלד זיך נאָך וועגן העלשטיינען.

— דאַכט זיך, מיט קיינעם נישט; מיך גריסט ער און נאָך אַזוי אונטערטעניק. לויט ווי מאַניע גיט מיר איבער, האָרט ער גאָרנישט אויף זי צו בעטן, אַז זי זאָל מיך איבררעדן, כ'זאָל אויפהערן דעם ברוגז.

— ער האָט רעכט, ס'איז שוין טאַקע צייט — עצהט מאַדאַם גאָלדפעלד און אין זינען האָט זי, אַז אַזאַ רייכן בחור טאָר מען נישט צו שטאַרק פון זיך דערווייטערן.

— שוין צייט, זאָגסטו? — פּיעשטשעט זיך אידושאַ. — ניין, ב'מוז אים נאָך אַ ביסל די נשמה אויסציען.

זיי קומען אַרויס אין דער הויפּט-גאַס. דאָ איז אַ באַוועגונג, אויף די טראָטואַרן שטראָמען מענטשן אַהין און צוריק. ס'איז פאַר די חגאות, די געשעפטן ברעכן זיך פון קונים, די באַלויכטענע שוי-פענסטער בלענדן די אויגן. די קרעמער שטייען גאַרנישט נאָכן לייזונג — סחורה האַלט אין שטייגן... זיי קענען זיך שוין נישט דערוואַרטן אויף דער מינוט די קראָמען צו פאַרמאַכן. פון טייל געוועלבער שאַלן אַרויס קולות, סכסוכים צישן קרעמער און קונה... אין אַ געוועלב סטראַשעט אַן אַרבעטער דעם קרעמער מיט דער פויסט און ביידע, דער קונה און קרעמער, זענען גרייט אַריינצורופן אַ פּאָליציאַנט...

מאַדאַם גאָלדפעלד און אידושאַ שפּאַנען שטאָלץ פאַרביי די באַלויכטענע שויפענסטער. מאַדאַם גאָלדפעלד אין נייעם גרויסן קרעט-קאָלנער מיט פּליושענע פראַנזן לויט דער נייעסטער מאָדע, וואָס דער מאַן האָט איר פאַר עטלעכע וואָכן געבראַכט פון דאַנציג. אידושאַ אין מאַנטל מיטן מאַלפּע-קאָלנער — ביידע גייען זיי האַרט צוזאַמען און זיי מאַכן דעם איינדרוק, ווי צוויי אויסגעפּוצטע גרויסע ליאַלקעס — אַ העכערע דיקערע און קלענערע מאָגערע, וואָס רירן אַזוי פאַראַדנע די פיס, אַ דאַנק אַ ריכטיק אָנגעשטעלטן מעכאַניזם.

זיי שפּאַצירן אַזוי עטלעכע מאָל אַדורך דעם טראָטואַר פון איין ראָג צום צווייטן. ס'קומען זיי אַקעגן באַקאַנטע מאַנסבילן און גריסן. יעדן איינער פון די, וואָס גריסן, נעמען זיי גלייך אויף די ציין, פון יעדן אַזעלכן ווייסן זיי סודות: דער לעבט שלעכט מיטן ווייב, יענער האָט זיך אויס אַ „קאָכאַנקע", דער אידער איינער האָט אין צאָפּאָט אַ תל געמאַכט פון פאַרמעגן... וועגן אַנדערע ווייסן זיי קרימינאַל-געריכטן: פאַרפירט אַ מיידל, באַגנבעט אַ שותף... זיי שעפּטשען זיך די סודות, אַזוי מאַדאַמיש שפּאַצירנדיק, און אַזוי לאַנג רעדן זיי פון איינעם, ביז עס גריסט זיי נישט אַ צווייטער.

דערנאָך, אַז דער זייגער אויפן טורעם בײַ די פייערלעשער

ווייזט פונקט זיבן, שפּאַצירן זיי נאָך אַ צען מינוט, גייען צוזאַמען אַראָפּ אין אַ שטילער גאַס. אידזשאַ לאָזט זיך צוריקגיין צו אַ „קאָלעזשאַנקע" און בראָניע, די מאַדאַם גאָלדפעלד — אַרויף צום שטאָט-קוואַרטאַל, וואָס ליגט מיט זיינע שטילע גאַסן באַם ברעג ווייסל, צום דאָרטיקן שוואַך באַלויכטענעם און איצט אין ווינטער-אָוונט קנאַפּ באַזוכטן פּאַרק.

---

ווען מאַדאַם גאָלדפעלד קומט צוריק אַהיים, איז באַלד צען אַ זייגער. אין עס-חדר זיצט גאָלדפעלד מיט עמעצן פּאַרטיפּט אין אַ סוחרישן שמועס. אויף דער סאָפע ליגן די קינדער און שלאָפן אין משונהדיקע פּאָזעס, ווי איינגעוואָרפענע: דאָס עלף יעריקע יינגל ליגט מיטן פּנים אַראָפּ איינגעבאָגן אין פּאָטערס צעוואָרפענעם פעלץ; דאָס פינף יעריקע מיידל — מיט דאָמענפינגער אין אָפענעם מויל באַוועגט די ליפּן: קענטיק זי נאָגט דעם פינגער. אין קיך ליגט די דינסט אין אָנטועכץ אויפן אייזערנעם בעטל צוגעדעקט מיט איר טיך און כראָפּעט.

מאַדאַם גאָלדפעלד וועקט אויף די דינסט מיט אַ געשריי, „וואָס איז דאָס איצט פאַר אַ שלאָפן?!"

דערנאָך גייט זי צוריק, שפּאַנט אַדורך דאָס עס-חדר און גייט אַ־יין אין שלאָף-חדר.

דער, וואָס זיצט איצט דערינען מיט גאָלדפעלדן פּאַרטיפּט אין סוחרישן שמועס הייסט — פינטשעווסקי. הגם ער טראָגט קורצע מלבושים און זיצט אָן היטל, איז ער אַן „אַגודהניק" און ער האָט קאַנדידירט צום סיים אויף דער אָרטאָדאָקסישער ליסטע. ער רעכנט זיך פון די אָנגעזעענסטע גבירים אין שטאָט; נאָך אַ פאַר-מלחמהדיקער עושר. און מאַדאַם גאָלדפעלד רעכנט זיך מיט פינטשעווסקיס פרוי פאַר הייסע געשוועסטער-קינדער. און ווייל די פּערזאָן, וואָס זיצט דערינען אינטערעסירט זי, האָרכט זי זיך צו פון דער אַ ביסל אָפענער טיר, וועגן וואָס זיי רעדן. זיי רעדן

נאָכאַנאַנד עפּעס וועגן ציקאָריע און עס לאָזט זיך פאַרשטיין, אַז פּינטשעווסקי לייגט פאַר גאָלדפעלדן, זיי זאָלן בשותּפות אָפּקויפן אין דער ציקאָריע־פאַבריק „בערנאַרד" דעם גאַנצן קאָנטינגענט אויסאַרבעטונג פון יאָר. — אין בייגייען וואַכט מיטאַמאָל אויף אַ צופרידענער שטאָלץ, וואָס פּינטשעווסקי קומט צו איר אין שטוב וועגן וויכטיקע געשעפטן. און מיטאַמאָל וואַרפט זי פון זיך אַראָפּ דעם סוועטער, טוט זיך אָן אַ ראָזע צעלאָזטע בלוזע און זי נעמט נאָכאַנאַנד גיין אַריין און אַרויס אין עס־חדר. דאָ זוכט זי די היינטיקע צייטונג, דאָ — די פּענסנע, אָדער זי שוועבט גאָר אַדורך וועגן עפּעס אין קיך אַריין און גלייך צוריק אין עס־צימער — ביז פּינטשעווסקי — אַ ייִד מיט אַן עכט שוואַרץ צוגעשוירן בערדל און מיט בולטע, גלאַנציקע, ווי אָפּליאַקירטע אייגן — באַמערקט זי ענדלעך. ער טוט אַ שמייכל צו איר הייכן בוזים, וואָס הינטער דער ראָזער לויזער בלוזע און ווענדט זיך צו איר מיט אַ פאַמיליאַר שמייכעלע און ווי צו אַ מיידעלע:

— פאַרוואָס זאָגט מען נישט גוטנאָוונט? — און ער סטראַשעט גוטמוטיק מיט אַ פינגער באַ דער שפּיץ נאָז.

גאָלדפעלדן צעגיסט זיך פאַר נחת אַ ברייטער שמייכל אויפן פּנים... און בראָניע ענטפערט מיט אומגעהייערן שטאָלץ און נצחון, אין וועלכן ס׳קלינגט אַ היפּשע פּאָרציע ווייבערישע נאַיִשקייט:

— האָט דער קוזין געדאַרפט אויפמערקזאַמער הערן! — און זי פאַרשווינדט אייליק הינטער דער טיר פון שלאָף־חדר.

## קאַפּיטל 4.

דער איצטיקער ברוגז צווישן מאַן און פרוי גאָלדפעלד, ווי אַלע ברוגזן ביז דעם איצטיקן, האָט זיך פאַרצויגן אין אַ לאַנגער גלייכגילטיקייט. אָן חשק פון וועלכן נישט איז צד דעם ברוגז איבערצורייסן. ער, גאָלדפעלד, איז דעם גאַנצן טאָג ביז אַ שטיק אין דער נאַכט באַשעפטיקט, געדענקט אפילו נישט זיך צו זעצן עסן, שפּעט אין אָוונט קומט ער אין שלאָף־חדר אַ פאַרמאַטערטער, אַ מידער, לייגט זיך אין בעט און שלאָפט גלייך איין. פאַרטאָגס, איז ער שוין אויף די פיס און האָוועט ווייטער. זי ווידער, מאַדאַם גאָלדפעלד, שלאָפט ביז שפּעט אין טאָג, בייסט אָן אין בעט, ביז זי טוט זיך אָן איז מיטאָג; נאָכמיטאָג לייגט זי זיך אַ ביסל אויף דער סאָפע — רוט אָפּ. דערנאָך — ביז זי וואַשט זיך, ביז זי פּוצט זיך און שמעקט זיך אָפּ, ברענען שוין די לאָמפּן — טוט זי זיך אָן דאָס פוטער, גייט שפּאַצירן און קומט צוריק שפּעט אין אָוונט.

דער ברוגז האָט נישט געהאַט קיין שום אויסזיכטן איבערגעריסן צו ווערן.

אין איינעם אַ נאָכמיטאָג פון אָט די ברוגז־טעג איז גאָלד־

פעלד פון ערגעץ אַהיימגעגאַנגען, האָט אים אין גאַס, נישט ווייט פון זיין וווינונג אָפּגעשטעלט אַ שטאָטישער „שליח" און אַ רויט היטל מיט אַ מעשן בלעכל, אים איבערגעגעבן אַ פאַרמאַכטן בריוו און ווייטער געגאַנגען.

זייענדיק זיכער, אַז דאָס איז אַ פּראַכט אויף אָנגעקומענער סחורה, אָדער ענלעכס, האָט גאָלדפעלד געעפנט דעם קאָנווערט און אַרויסגעצויגן אַ האַלב בייגעלע פּאַפּיר, געשריבן אין פּויליש מיט בלויליכן טינט און אַ נישט פעסטער האַנטשריפט. אין דאָזיקן בריוו האָט איינער, אָדער איינע, אויפמערקזאַם געמאַכט גאָלדפעלדן אויף זיין פרויס טאָג־טעגלעכע אָוונט־שפּאַצירונגען און אים געעצהט, אַז אויב ער וויל וויסן, וווּ זי גייט און מיט וועמען זי טרעפט זיך, זאָל ער איר אַמאָל נאָכגיין אין פּאַרק אַריין, וואָס ליגט אויפן ברעג ווייסל.

גאָלדפעלד האָט דעם בריוו דורכגעלייענט איינמאָל און נאָכאַמאָל און אַזוי ווי זיין קאָפּ איז פול געווען מיט מסחר־טראַכטונגען, האָט ער נישט באַנומען, וואָס אַזוינס דאָס בריוול וויל פון אים. ערשט אַז ער האָט נאָכאַמאָל איבערגעלייענט מיט קאָפּ און איבערגעטראַכט דאָס געלייענטע, האָט אים מיטאַמאָל אָנגעכאַפּט אַ שרעק. די נאַיווקייט פון אַ קליינשטעטלדיקן, וואָס האָט געקריגן זיין דערציִונג אין דער פרומער, יידישער שטוב באַם קליינשטעטלדיקן שוחט, האָט נאָך הינטערן באַרג אַש געטליִעט אין אים:

„אַן אשת־איש גיט זיך עמעצן אָפּ, וויי" — איז אים אַ קאַלט ווינטל דורכן רוקן אַדורך.

און גלייך דערויף האָט זיך אין אים אַ כעס צעבערעגט:

„וואָס פעלט איר דען מער?... וואָס האָט זי דען מער צו טון"... —

אַזוי איז גאָלדפעלד אַ ווײַלע געשטאַנען נישט ווייט פון זיין וווינונג, געשטאַנען פאַרטראַכט. דאָס געמיט זיינס האָט זיך געוואַקלט צווישן דעם אָנשיין פון דער אָקאָרשט אויפגעכאַפּטער און גלייך פאַרגאַנגענער אשת־איש־שרעק — און כעס, — כעס צו איר, זיין ווייב, וואָס וויל פון גאָרנישט וויסן, נישט פון דער שטוב, נישט פון אַ ביסל צו העלפן אין געשעפט, נאָר ליגן אויף דער סאָפע און

גיין שפּאַצירן. אָבער זיין מסחר און פּאַרדין-גייץ, וואָס האָט גאָלד-פעלדן אַזוי אומרחמנותדיק פעסט אין זיינע נעגל געהאַלטן, האָט געקענט ליידן, ווען גאָלדפעלד זאָל זיך אַ לענגערע ווײַלע אָפּ-געבן אויך מיט אַנדערע נישט סוחרישע טראַכטונגען. ער האָט ווידער אַמאָל אַכאַפּ געטון דאָס אין זיין האַנט צעקנייטשטע בריוול, נאָכאַמאָל אַ לייען אַדורכגעטון מיט נישט צוטרוי און זיך אָפּגע-שטעלט שוין מיט זיכערן אומצוטרוי.

— נישטאָ קיין אונטערשריפט.

גאָלדפעלד איז איצט שוין זיכער געווען, אַז דאָס, וואָס שטייט אין בריוו, איז ליגנט, שקר וכזב, אַ שונא האָט אים דאָס אָפּגעטון (מן הסתם גרינשטיין, וואָס האָט זיך אין דערזעלבער גאַס נישט ווייט געעפנט פּונקט אַזא קאָליאָניאַלן הורט-האַנדל, אָדער עמעץ אַנדערש...), אַ שונא, אָדער בעל קנאה.

אין געוועלב האָט גאָלדפעלד גלייך פאַרגעסן דעם בריוו מיט דער גאַנצער צערודערונג, וואָס דער בריוו האָט אים אָט ערשט פאַרשאַפט.

דאָ האָבן זיך די מסחר-רעדער געדרייט, געיאָגט זיך מיט דער גאַנצער קראַפט, קונים האָבן געוואַרט. די צוויי קראָם-„מענטשן" האָבן זיך נישט געקענט קיין עצה געבן. קישטיין האָט עפּעס נישט אַזוי העפלעך געענטפערט אַ בלאָנדוואָנסיקן איינקויפער פון אַ קריסטלעך נאַציאָנאַלן קאָאָפּעראַטיוו, האָט יענער געהאַלטן אין איין זידלען קישטיינען, אים צוגערעכנט צום „ברגסטן סאָרט זשידעס, וואָס די וועלט פאַרמאָגט נאָר".

גאָלדפעלד האָט קודם גענומען איבערבעטן דעם קאָאָפּעראַ-טיוו-„מענטש", אויסגעזידלט קישטיינען, דעם בלאָנדוואָנסיקן גע-כאַפּט הינטערן אָרעם, אים איינגערוימט עפּעס שמייכלדיקס. די איבעריקע וואַרטנדיקע קונים זענען אָבער אויך געווען אומגע-דולדיק און דאָ, איינער אייבער איז געוואָרן אָפּגעפּאַרטיקט, זע-נען דריי פרישע קונים צוגעקומען... גאָלדפעלד האָט זיך באַלד, געפונען אין סאַמע האַרץ פון אָט דעם מסחר און געלט-געווימל און צלך אַרומיקע צוזאַמען מיט זיינע אייגענע, אַ חוץ מסחר-זאָרגן — פאַרגעסן.

שפעט אינאָווונט נאָכן פאַרמאַכן דאָס געשעפט, ווען גאָלד־פעלד איז געזעסן באַם טיש אין עס־חדר און „געמאַכט קאָסע", האָט ער באַם צוזאַמענשלעפן געלט פון אַלע קעשענעס — פון אַ פעלץ־קעשענע צוזאַמען מיט אַ פאַק צעטנייטשטע, צעקנאָדערטע געלט־פאַפירלעך, אַרויסגעשלעפט דעם בריוו און מיטן גאַנצן פאַק אים אַרויסגעלייגט אויפן טיש. און אַז גאָלדפעלד האָט איצט דעם בריוו נאָכאַמאָל אַדורכגעלייענט, האָט ער מיט אַמאָל פאַרגעסן זיין גאַנצן נאָכמיטאָגדיקן באַשלוס, אַז דער בריוו איז שקר וכזב און איז נישט מער, ווי אַן אונטערגעשטעלט פיסל פון אַ שונא אָדער בעל־קנאה. איצט, זיצנדיק איינער אַליין, אַ ביסל באַפרייט פונם באַטאָגיקן הו־האַ, אין שטילן, פאַרשוויגענעם, בלויז פון איין לאָמפּ באַלויכטענעם חדר, אין אָפּוועזנהייט פון דער פרוי — האָט דער בריוו אים ווידער צערודערט... גאָלדפעלד איז אויפגעשטאַנען פון טיש. נערוועז גענומען שפּאַנען אַרויף און אַראָפּ. ער איז איצט זיכער געווען, אַז דאָס, וואָס עס שטייט אין בריוו, איז אמת. עס האָט זיך אים שוין געטראַכט „און וואָס וועט זיין, אַז כ'וועל זיי טאַקע כאַפּן?...." און האָט מורא געהאַט פאַר אַזאַ פאַל.

ער האָט זיך צוריק געזעצט צום טיש, ווייטער גענומען גלייכסדרן דאָס געלט. אָבער רויִק איז ער מער נישט געווען.

די קינדער זענען, ווי יעדן אָוונט, געלעגן „דערהיים" אין די מלבושים און געשלאָפן אויף דער סאָפע. דאָס פּינפּיעריקע מיידעלע איז יעדע פאָר מינוט אויפגעקומען מיט אַ געוויין. דער פאָטער איז צוגעגאַנגען און געפרעגט, פאַרוואָס זי וויינט. דאָס קינד האָט זיך נאָך העכער צעוויינט און געזאָגט: „ס'הונגערט מיך". גאָלדפעלד האָט מיט אַ בייזן געשריי אַריינגערופן די דינסט, זי געפרעגט, פאַרוואָס זי האָט די קינדער נישט געגעבן צו עסן נאַכט־עסן. די דינסט, אַ פאַרשלאָפענע, האָט זיך פאַרענטפערט.

— וואָס בין איך שולדיק — די פאַני זאָגט מיר נישט, כ'זאָל פאַר די קינדער מאַכן באַזונדער צו עסן.

— אַלזאָ, זאָג איך — האָט ער זיך געכעסט — די קינדער

זאָלן מיר מער נישט ליגן דאָ, נאָר קריגן נאַכטעסן און מ'זאָל זיי ליגן שלאָפן.

אַן אויפגערעגטער, אַזש רויט פאַר כעס, האָט ער די גאַנצע קופּע פּאַפּיר־געלט אַריינגעפּאַקט אין דער אייזערנער שאַנק, געפּאַקט און געשטופּט, ווי אַלטע „שמות", ווי שמאַטעס; צוגעשלאָסן די קאַסע, אַ־ין געכאַפּט אויף זיך דעם פּעלץ, וואָס מיטן העלן אויבערשלאַק און פּיקס־קאָלנער, געמאַכט ברייט און גרויס, געצנוי ווי די פּעלצן, וואָס די אַנדערע סוחרים פון זיין סגאַל טראָגן, און ער איז אַרויס אין גאַס מיטן פעסטן באַשלוס אויפצוזוכן די פרוי.

אין גאַס איז געווען די געוויינטלעכע אָוונט־באַוועגונג. פאַר די באַלויכטענע קינאָ־טעאַטערס זענען געשטאַנען ווייסע חברהניקעס. זיי האָבן באַטראַכט די אויסגעשטעלטע אילוסטראַציעס פון דעם „שטיק", וואָס ווערט איצט דערינען געוויזן — נאָכגעמאַכט די גרימאַסעס און זיך דורכגעוואָרפן מיט נבול־פּה־דיאַלאָגן.

די רויִקייט אויף דער גאַס האָט אויף גאָלדפעלדן גוט געווירקט. ער איז רויִקער געוואָרן און גענומען גיין מיט זיין געוויינטלעכן זעלבסט־צופרידענעם, שטייפן גאַנג צום אין בריוו אָנגעוויזענעם אָרט.

אַזוי ווי עס איז שוין געווען נאָך ניין אַזייגער, איז דער פּאַרק געווען געשלאָסן. גאָלדפעלד האָט אַריינגעקוקט דורך די שטאַכעטן. אויף די אין אַלע זייטן לויפנדיקע שטעגלעך, איז געלעגן ברודיקער שניי — סמנים פון פיס טריט; אויף די נידעריק אַרומגעצוימטע פעלצער, ווו זומער־צייט וואַקסט גראָז, איז געלעגן פאַרשפּרייט אַ דעק ווייסער נישט באַרירטער שניי. און רויִק איז דערינען, אַזוי רויִק און שטיל: די ליידיקע ווינטערדיקע ביימער מיט שטראָם פאַרר סענע צווייגן, די האַלבע לבנה אויפן קלאָרן קאַלטן הימל — אויף אַלעם איז אויסגעגאָסן אַ שטילע רויִקייט — און אַט די אַרומיקע שלווהדיקע שטילקייט האָט גאָלדפעלדן ווי איבערגעצייגט, אַז אַלס, וואָס אין בריוו שטייט, איז שקר, אַ בלבול, אַ מיאוסער בלבול — און מיט דערדאָזיקער זיכערקייט האָט ער רויִק גענומען אַהיימגיין.

אויף דער הויפּט־גאַס האָט גאָלדפעלד באַגעגנט אַ באַקאַנטן, אַ ווײַלע געשמועסט און געוווּיר געוואָרן, אַז סחורה איז היינט געװאַלטיק געשטיגן, און ווען גאָלדפעלד איז דערנאָך ווידער אַליין אַהיימגעגאַנגען, האָט אים באַנג געטון, וואָס ער האָט היינט אַזוי־פיל סחורה אַרויספאַרקויפט אויפן נעכטיקן פּרייז. ער האָט, אָט דאָ איצט, אַזוי גייענדיק, בײַ זיך אָפּגעמאַכט, אַז נאָכאַמאָל, אויב עס וועלן זיך בײַ אים אָנפּאַקן אַזוי פיל קונים, ווי היינט נאָכמיטאָג, איז עס דער בעסטער סימן, אַז סחורה איז געשטיגן. דאַרף ער שוין דאָס אַליין פאַרשטיין און זיך אָפּהאַלטן פון פאַרקויפן, איבערהויפּט נאָך — פרעמדע, נישט שטענדיקע קונים.

צום הויז איז גאָלדפעלד צוגעגאַנגען מיט דעם צופרידענעם טראַכטן וועגן גרויסן טראַנספּאָרט סחורה, וואָס איז אים היינט אָנגעקומען און סחורות, וואָס ליגן נאָך אויף דער באַן — אַלץ געקויפט נאָך אויף יענע־וואָכיקע פּרייזן. און ס'האָט אים שוין נישט אַזוי שטאַרק באַנג געטון די היינטיקע „פאַרוואָרפענע" סחורות.

די פרוי איז שוין געווען אינדערהיים. אויפן רוקן פון אַ שטול איז געלעגן איר אויסגעטון פוטער. אויפן טיש — דער הוט. זי אַליין איז געזעסן אין גוט געהייצטן שלאָף־חדר לעבן שרײַבטיש, געהאַלטן מיט איין האַנט דעם לאָרניאָן פאַר די אויגן און אַרײַנגעקוקט אין היינטיקן „קוריער".

דערבליקנדיק זי זיצן מיט איר געוויינטלעכער עגאָיסטישער חוצפּה: איין פוס פאַרלייגט אויפן אַנדערן, ברייט צעלייגט אין דער בעבעטער שטול, און מיט די געלע אויגן, פון שטאָלצקייט, אַזש שטאַרקוקנדיק אין דער צייטונג און צומאָל זיך נישט אומקוקנדיק בשעת דער מאַן איז אַרײַנגעקומען — האָט זיך אין אים אויפגעוועקט אַ פאַרלאַנג איר עפּעס אָפּצוטון. ער איז נאָך אַלץ געווען זיכער, (הגם איצט שוין ווידער נישט אַזוי פעסט), אַז דער בריוו איז בלויז אַ בילבול, אָבער איר איצטיק באַקוועמע זיצן דאָ אין דער בעבעטער שטול און דאָס נישט באַמערקן אים, דעם מאַן, וואָס האָרעוועט פאַר איר — האָט אין אים אויפגעזאָטן אַ כעס. ער האָט אַרויסגענומען דעם בריוו פון דער פעלץ־קעשענע, אים אויפגעעפנט, צוגעגאַנגען אין דעם בריוו אַוועקגעלייגט סאַמע אונטער איר

נאָז, אויף דער צייטונג און געשטאַנען, געקוקט אויף איר אין געוואַרט.

זי האַט נישט גלייך גענומען דעם בריוו, צום ערשט האָט זי דאָס פּאַפּירל אויפגעשאַרט, דערנאָך ערשט איז זי געוואָרן אויפמערקזאַם, אַדורכגעלייענט דאָס בריוול, עטלעכע רגעס געשוויגן, נאָר באַלד האָט זי זיך אַ הייב געטאָן פון דער שטול, געלייגט די הענט אויף די צוויי באָקעס און גענומען לאַכן.

זי האָט געלאַכט מיט איר הייזעריקלעך קול, געלאַכט הויך, שרייעדיק, ווי פון עפּעס אַזעלכעס קאָמישס, וואָס קאָמישער קען עס שוין נישט זיין. זי האָט געלאַכט אַזוי הויך, אַז דאָס פּינפּיעריקע מיידעלע האָט זיך איבערגעחעקט מיט אַ געוויין. ער האָט געשריגן: „נו, שוין נו, גענוג שוין!" און זי האָט אַלץ נאָך געלאַכט — דערנאָך האָט זי מיטאַמאָל אָפּגעהאַקט דאָס לאַכן, זיך קאַלט צוריקגעזעצט, גענומען דעם לאָרניאָן פאַר די אויגן און נאָך לייכגילטיקער, ווי ביז איצט, זיך פאַרטיפט אין דער צייטונג.

## קאַפּיטל 5.

„אָפּיציעל" האָט דער ברוגז צווישן מאַן און ווייב נאָך אָנ־
געהאַלטן, נאָר געהאַלטן האָט ער זיך איצט בלויז אויף דעם, וואָס
מאַן און ווייב האָבן נישט גערעדט צווישן זיך.

פון באַלד צומאָרגנס נאָך דעם אָוונט, ווען מאַדאַם גאָלד־
פעלד האָט אַזוי ווילד אויסגעלאַכט דעם מאַנס חשד וועגן איר'ע
שפּאַצירונגען — פון באַלד צומאָרגנס, האָט זי אָנגעהויבן אַנדערש
ווערן. זיי זענען, אמת, נאָך געווען ברוגז, נישט גערעדט צו זיך,
נאָר — ביז היינט, אַז גאָלדפעלד איז נישט אַריינגעקומען אין
עס־חדר אין דער צייט פון אָנבייסן — האָט עס אים קיינער נישט
דערמאַנט. איצט, ניין, — איצט פלעגט די פרוי שיקן די דינסט
אין געוועלב פרעגן, צי דער פאַן וועט אַריינגיין עסן אין שטוב,
אָדער אַרויסברענגען אים דאָס אָנבייסן אין געוועלב.

אַזוי אויך דאָס מיטאָג: איצט זענען מער נישט געשטאַנען
טעלער מיט געריכטן לעבן ליידיקן שטול, ווו דער באַלעבאָס
דאַרף זיצן און אַזוי לאַנג געשטאַנען ביז די דינסט האָט זיי נאָכן
מיטאָג, צוזאַמען מיטן ליידיקן געפעס, אַראָפּגערוימט פון טיש אין

קי אריין, און אַז גאָלדפעלדן האָט דער הונגער ענדלעך דער־
מאָנט, אַז ער האָט נאָך היינט נישט געגעסן קיין מיטאָג, איז
פונקט די דינסט נישט געווען אויפצוואַרעמען דאָס עסן. ניין, איצט
איז מער נישט אַזוי געווען. איצט, אַז גאָלדפעלד איז באַם מיטאָג־
עסן נישט געווען אינדערהיים, איז דאָס עסן, אויף דער מאַדאַמס
באַפעל, אריינגעשטעלט געוואָרן אין דער רער פון וואַרעמען קאַכ־
אויוון און אַז גאָלדפעלד איז נאָר אַהיימגעקומען, האָט איס די
דינסט נאָכאַנאַנד דערמאַנט, ער זאָל אַריינגיין עסן.

ס'פלעגט איצט אויך טרעפן: בשעת אַ גרויסן לייז־האַרמידער,
קונים האַלטן אין איין יאָגן, איילן זיך — גיט מאַדאם גאָלדפעלד
פּלוצלינג אַ שטיי אויף פון איר וויך געזעסל אויף דער גוט גע־
בעטער סאָפע און נעמט זיך אויסשרייבן פאַר אַ קונה אַ רעכנונג.
טון טוט זי דאָס אפילו אויף אַזאַ אופן, וואָס רייסט יעדן די אויגן:
„זע איך אַרבעט אויך" — אָבער זי טוט עס פאַרט. און דאָס
פלעגט זי קיינמאָל ביז איצט, סיי בשעתן גוט זיין, סיי בשעת אַ
ברוגז, נישט טון.

און דאָס גיין שפּאַצירן דער מאַדאַם גאָלדפעלדס איז אויך
איצט אַנדערש. זי גייט, אמת, אויך ווייטער אַרויס פון שטוב, אין
דערזעלבער צייט, ווי ביז היינט. אָבער אַהיימקומען נאָך ניין אַ
זייגער פלעגט זי איצט בלויז אַ צוויי דריי מאָל אין דער וואָך. די
אַנדערע אָוונטן זוימט זי זיך אַ שעה. העכסטנס אַנדערטהאַלבן שעה
און קומט אַהיים.

ס'האָט זיך געלאָזט לייכט משער זיין, אַז דאָס אייגנטלעכע
גיין איז באַ איר אין די צוויי דריי אָוונטן, ווען זי קומט שפּעט אַהיים,
און דאָס, וואָס זי גייט אַוועק פון שטוב יעדן תחילת אָוונט, איז
בלויז, כדי נישט אַרויסצורופן דעם מאַנס אויפמערקזאַמקייט אויף
יענע צוויי דריי לענגערע שפּאַצירגענג. אָבער דער פאַרהאַוועטער
גאָלדפעלד האָט זיך אויף גאָרנישט געכאַפּט און געווען צופרידן
מיט דער געענדערטער טאַקטיק פון זיין פרוי. און אַט די אַלע
ענדערונגען צום גוטן אין דער באַציונג פון מאַדאַם גאָלדפעלד
לגבי דעם מאַן, האָבן זיך אָנגעהויבן פון נאָך יענעם אָוונט, ווי זי
האָט אַזוי דרייסט אויסגעלאַכט דעם בריוו, וואָס דער מאַן האָט

אַ ר אונטערגעטראָגן און אין וועלכן עמעץ האָט אים צווויסנגעטו, אַז זיין פרויס טאָג־טעגלעכע אָוונט־שפּאַצירן, זענען איבערגעמאַכן — ראַנדעוווס.

אין ענדלעך האָט דער ברוגז אינגאַנצן אַן עק גענומען.

דאָס איז געווען אין אַ פּרייטיק צונאַכטס. אין קראָם איז, ווי געוויינטלעך, פרייטיק צונאַכטס, נישט געווען אַזוי פיל צו טון. מאַדאַם גאָלדפעלד איז היינט זייער באַצייטנס געקומען פון שפּאַציר און זיך געזעצט אויף איר באַליבט ערטעלע: אויף דער וויי־כער סאָפקע לייענען אַ בוך. אַ זייגער האַלב זיבן, איז אַריינגעקו־מען מאַדאַם גאָלדפעלדס יינגסטע שוועסטער די פאַנגע אידזשאַ, געזאָגט „דאָברי וויעטשור" און דערלאַנגט גאָלדפעלדן אַ לענגלעך פּאַפּיר, ווו ס'איז געווען אויסגעשריבן וואָסערע סחורות זי דאַרף אין אין וואָסערע קוואַנטומס. גאָלדפעלד האָט די רשימה איבער־געגעבן זיינע „מענטשן" און יענע האָבן זיך גלייך אַ נעם געטון צום וועגן אין פּאַקן.

קישטיין און שפּילמאַן האָבן פלייסיק געאַרבעט אַרום אי־דזשעס באַשטעלונג, ווייל פרייטיק־צונאַכטס, אויב עס איז נאָר נישטאָ באַזונדערס נייטיקע אַרבעט, גייען זיי געוויינטלעך אַהיים אַ ביסל פריער, ווי אַן אַנדערן טאָג און קומען צומאָרגנס, שבת אינדע־פרי, אויף אַ שעה צוויי שפּעטער ווי אין אַ וואָכנטאָג.

אין דער צייט, ווען דרינען אין געוועלב איז געוואָרן גע־וויגן און געפּאַקט די סחורה, איז גאָלדפעלד געזעסן אין עס־חדר, עפּעס געחשבונט און אַריינגעטראָגן אין חוב־בוך; מאַדאַם גאָלד־פעלד — אידזשעס שוועסטער — האָט זיך מיטאַמאָל אויפגעהויבן פון דער סאָפע, אַריינגעלייגט מיטן בוך אין ליאַרניאָן אין שלאָפ־חדר און דרינען זיך געזעצט לייענען. אידזשאַ, אַן אויסגעטוענע פון מאַנטל און הוט — בלויז אין אַ נעט געפּאַסט רויט, פיין סוועטערל, האָט זיך דערווייל צוגעזעצט צו דער פּיאַנע — געבאָמ־קעט שטיקלעך נגונים.

די „מענטשן" האָבן אינדרויסן און אין געוועלב פאַרטיק געמאַכט אידזשעס באַשטעלונג. אַריינגעבראַנגט צוריק די רשימה,

כדי גאָלדפעלד זאָל צושרייבן פרייזן און באַרעכענען, געזאָגט אַ „גוטן שבת“ און אַהיימגעגאַנגען קידוש מאַכן.

אידושאַ האָט זיך דערהויבן פון דער פּיאַנע, צוגעגאַנגען צום טיש, ווו גאָלדפעלד זיצט, אים אונטערגעטראָגן איר „רשימה“. גאָלדפעלד האָט גענומען שרייבן פּרייזן. אידושאַ האָט זיך גע־שטעלט האַרט לעבן אים און ווו נאָר איר האָט אויסגעזען, אַז די פּרייזן איז „געפעפערט“, האָט זי מיט אירע שמאָלע פינגערלעך אָנגעכאַפּט דעם שוואַגערס מאַנסבילשע האַנט און נישט געלאָזט שרייבן:

— סטאַש, אַזוי וויל איך נישט — האָט זי געצויגן פּיסק־לעך און אַליין נעפּרוווט אָנשרייבן אַ פּרייז לויט איר ווילן.

דאָסדאָזיקע מיידל, אידושאַ, איז גאָלדפעלדס שוואַכער פּונקט. ווען ער קוקט אויף איר, זעט ער זיין ווייב בראָניען מיט אַכצען יאָר צוריק. דאַמאָלס ווען ער, שלום, האָט אַוועקגעוואָרפן דאָס לערנען זיך שחיטה באַם פאָטער, אָנגעטון זיך אַ קראַגן מיט אַ שניפּס, אָנגעהויבן פאַרדינען געלט און נאָכקוקן מיידלעך; דאַ־מאָלס, ווען זיין איצטיק ווייב האָט געגאָלטן אין שטעטל אַלס פּוי־ליש־רעדערין... האָט זי, לויט זיין השגה, אויסגעזען פּונקט אַזוי, ווי איצט — אידושאַ.

און אָט די אידושאַ אין רויטן געפּאַסטן סוויטער, באַרפֿו־מירט און מיט מאַניקירטע ראָזע נעגל אויף די דינע פינגערלעך, איז דער איינציקער כישוף, וואָס קען דעם שטיינהאַרטן גאָלד־פעלדן אין מינוטן, ווען ער איז נאָר נישט פאַרהאַוועט (דערפאַר קומט זי קויפן סחורה אין פרייערע אָוונטן, ווי פרייטיק צו נאַכטס) קנעטן ווי וואַרעמען וואַקס.

מיטן באַרעכענען פּרייזן איז אידושאַ שוין אַדורכגעקומען, ס'האַלט באַם צאָלן געלט.

— און אַז איך האָב היינט נישט קיין געלט? — פרעגט אידושאַ קאָקעטיש. און שטייט לעבן גאָלדפעלדן מיטן רויטן גע־פּאַסטן סוועטערל, הינטער וועלכן ס'הייבן זיך איר צוויי רונדיקע געטאָקטע ברוסטלעך, און אירע ברוינע אויגן און שיין פנימל קוקן

אים אָן — קען מיר סטאַש עפּעס טון, אַז איך האָב איצט גראָד נישט קיין געלט?

— ס'קען אויך זיין מאָרגן אינדערפרי, ווען דו וועסט נע־מען די סחורה — טוט פאַר איר גאָלדפעלד שוין אַזעלכעס, וואָס אַן אַנדערן קינה, וואָלט ער דאָס בשום אופן נישט נאָכגעגעבן: מאָרגן צו באַצאָלן סחורה אויפן היינטיקן פּרייז...

— ניין — פּיעשטשעט זיך אידזשאַ — מאָרגן וועל איך נאָך אויך נישט האָבן.

— סחורה האַלט אין איין שטייגן, יעדע מינוט, מ'קען היינט נישט באָרגן און נאָך בּאַ אַזעלכע שפּאָט־ביליקע פּרייזן ווי די אָ... — פּרוּווט גאָלדפעלד מיט אַראָפּגעלאָזטע, פאַרברוגזטע אויגן און מיט זיין געוויינטלעכער האַרטקייט זיך אָקעגנשטעלן.

— מ'קען שוין, מ'קען — דערווידערט אידזשאַ חנדלענדיק זיך — אַז מ'וויל נאָר, קען מען...

און ס'האָט אַ פּעולה.

דאָס כיטרע פּנים מיט די גלייכגילטיקע שטריכן ווערט ווייכער, די שפּיציקע קאַלטע אויגן ווערן גלאַנציק און אין גאָלד־פעלדן, וואָס דאָס ווייב דערמאָנט זיך אים בלויז אַמאָל אין אַ נאַכט נאָך אַ שוואַכן האַנדלס טאָג — דערוועקט זי דער מאַנס־ביל.

אידזשאַ שטייט שוין אָבער בּאַם צווייטן עק טיר.

— וואָס — בייזערט זי זיך כּלומרשט אויף גאָלדפעלדן — אַזוי לאַנג איז מען ברוגז מיט אַ ווייב? שעמען מעגט איר זיך, ביידע מעגט איר זיך שעמען.

— פרעג דיין שוועסטער, פאַרוואָס זי איז ברוגז... — זאָגט גאָלדפעלד מיט אַ בחוריש פלעמל אין די אויגן.

— וואָס דאַרף איך זי פרעגן? — ענטפערט אידזשאַ ווויי־לעריש — אַז דער מאַן באַשטייט דערויף, מעג זי ברוגז זיין. נישט אמת, בראָניע?

בראָניע, זיצנדיק דערינען אין שלאָף־חדר, ענטפערט נישט.

אידזשאַ רעדט איצט דערינען אַריין צו בראָניען:

— בראָניע, דיין מאַן איז גאַר קיין מאַן נישט.

פון שלאָף־חדר הערט זיך בראָניעס כלומרשט ערנסט קול:

— אידזשאַ, וועסט אַפּזיצן?

— אידזשאַ, ווילסט שאָקאָלאַד? — ווינקט איר גאָלדפעלד, זי זאָל צוגיין.

— בראָניע הייסט נישט צוגיין, מ'טאָר נישט — מאַכט אי־דזשאַ מיט אַ חנדלדיקן פאַרמרוזשטע די אויגן און טוט דערביי אַ שאָקל דאָס קעפל, בשעת וועלכן די לאָקן פון די מיידליש פאַר־שוירענע ברוינע האָר צעפלאַטערן זיך, ווי אַ מחנה איבערגעשראָ־קענע פייגל.

*

* *

יענע נאַכט נאָך אידזשעס אַוועקגיין איז גאָלדפעלד שלום געוואָרן מיט דער פרוי. זי, בראָניע, איז דאַמאָלס נאָך עטלעכע חאָכן ברוגז זיין צוריק געוואָרן גאָלדפעלדס ווייב — אידזשעס געשטאַלט און דער גראָד אַ ביסל פרייערער קאָפּ אין יענעם טאָג האָבן אים צו דער מאַן־ווייב־נאַכט צוגעגעבן אַ באַזונדערן געשמאַק, און אינדערפרי צומאָרגנס, אַז מאַדאַם גאָלדפעלד איז שוין אַן אי־בערגעביסענע, פאַר האַלבן טאָג אַריינגעקומען אין עס־חדר, איז זי איבערראַשט געוואָרן פון די מתנות, וואָס דער מאַן האָט שוין באַ־וויזן איר צו ברענגען פאַר דער זיס פאַרברענגטער נאָך־ברוגז־נאַכט — אַ גרויסאַרטיקן פוטער־קאָלנער פון בלוי־פוקס און אַ גאָלדן האַנט־זייגערל.

דאָס זייגערל איז איר איבערהויפּט געפעלן — דין, לענג־לעך, מיט פיינע קאַנטן, פאַנטאַסטיש באַזעצט מיט פאַרשידנפאַרבי־קע איידלשטיינער אַרום אַ היפּשלעכן ברילִיאַנט אינדערמיט, און מיט, אין אַ קרומער שורה אויסגעזעצטע, דריי אָפּאַלן אויפן פּירקאַנטיקן אויטאָמאַטישן שלאָס פון די צוויי זיך אויפן פולס צוזאַמענקומענ־דיקע קייטל־בענדער.

מאַדאַם גאָלדפעלד האָט די דינסט אַרויסגעשיקט צו דער מוטער מיט אַ בריוול וועגן דעם צוריקגעשטעלטן שלום־בית און

וועגן די מתנות. און געווען איז זי אין דעם טאָג צום מאַן ווייער, זייער צוגעלאָזן.

נאָכמיטאָג זענען געקומען געסט — מייטע, גאָלדפעלדס שוויגער, מיט צוויי אויסגעצעבענע טעכטער, איינע אַן אַלמנה, וואָס האָט אַ קרעמל און די צווייטע אַ נישט לאַנג צוריק חתונה־געהאַטע מיט אַ טונקל פּנים און שוואַרצע אויגן.

די געסט האָבן זיך געזעצט. פון געזימס פון דער אייזערנער שאַנק, פון אויבן ביז אַראָפּ, ווי אין אַ שוי־פענסטער, האָט ברייט געהאָנגען דער בלוי־פיקס־קאָלנער; פון בראַניעס האַנט האָט אַראָפּגעלויכטן דאָס אַרומגעשלענגלטע זייגערל.

די שוועסטערן האָבן זיך געמאַכט נישט באַמערקן די מתנות. מאַדאַם גאָלדפעלד האָט די געסט מכבד געווען מיט עפּלעך און מיט קאַרמעלקעס.

מייטע האָט געהאַלטן אין איין רעדן פון איר שווער, עליו־השלום, דעם אַמאָליקן דאָזאָר אין יענעם שטעטל, פונוואַנען זי און איר איידעם קומען אַרויס.

זי האָט נאָכאַנאַנד דערמאַנט זיין גרויס קלוגשאַפט, זיין שטרענג פירן די קהלה און זיין תקיפות קעגן די שטעטלדיקע חשובים. און צום איידעם, וואָס האָט זיך געמאַכט דרימלען און גענעצן, פלעגט זי זיך נאָכאַנאַנד ווענדן מיט אַזאַ אימשולדיק פרעגל, געבנדיק כלאחר־יד אָנצוגעהערן, אַז זיין פאָטער איז דאָרט אין טעטל פאָרט נישט מער ווי שוחט:

— שלום, דו דאַרפסט אים נאָך צו געדענקען מיין שווער, דעם דאָזאָר... הע, שלום, האָט ער געפירט אָרדנונג?

מאַדאַם גאָלדפעלד איז היינט געווען זייער אויסגעפוצט, געטראָגן אַ קרעם שטאַרק געפּאַסט זיידן קלייד מיט קורצע אַרבל און טיף דעקאָלטירט. זי איז פון מאָל צו מאָל אונטערגעקומען דעם מאַן זון אין דער מוטערס און שוועסטערס געגנוואַרט מיט אַזאַ טייער פאַרליבט מינעלע אים אַ גלעט געטון איבערן בעקל.

דערנאָך איז אידושאַ געקומען. מ'האָט נאָכאַמאָל צוגעטראָגן צו עפּלעך און אָנגעוויזן מיט אַ ברייטקייט אויפן פלאַכן גלעזערנעם טעלער קאַרמעלקעס. אידושאַ האָט צוויסן געטון: כ'בין

הונגעריק. די מאַמע האָט זיך געבײזערט: האָסט נישט געקענט אַהײמגײן עסן? מאַדאַם גאָלדפעלד אָבער איז הײנט געװען זײער פרײגיביק: זי האָט באַפוילן די דינסט אַרײנגעבן אידזשען אַ גלאָז טײ און פון שלאָף־חדר האָט זי אַלײן אַרײנגעבראַנגט דער שװעס־ טער אַ צײַטערדיק שטיקל קוכן, אַזאַ אָפּגעקאַ׳גט דין שטיקל, װי דאָס װאָלט געװען נישט אַ הײמ׳ש־געבאַקענער קוכן, נאָר עפּעס אַ זעלטן אױסלענדישער נאַש־ביסן, אַ יקר־המציאות.

אין דער טונקל־שעה איז מײטע מיט די טעכטער אַהײמגע־ גאַנגען. מיט גאָלדפעלדן זענען געזעסן צװײ, צוליב מסחר אַרײַנ־ געקומענע, סוחרים. זײ זענען געזעסן אין עס־חדר בײַם טיש און געשמועסט מסחר־שמועסן. נאָך דער מוטערס און שװעסטערס אַװעק־ גײן, האָט מאַדאַם גאָלדפעלד אײליק און געטרײַ אַראָפּגערױמט פון טיש די צװײ טעלער כיבוד — עפּעלעך און קאַרמעלקעס; פאַרשטעקט דעם „כיבוד" אין אַ זיכער אָרט — הינטער „שלאָס און ריגל" אין קרעדענץ, האָט מאַדאַם גאָלדפעלד זיך צוגע־ זעצט לעבן מאַן, אים ליבלעך אין די אױגן געקוקט און פון מאָל צו מאָל אים געגלעט דעם שטערן, אָדער איבער זײנע ראַזירטע באַקן.

אײנעם פון די צװײ איצט בײַם טיש זיצנדיקע, אַ קאָמיס־ יאָנער פון קינסטלעכע פוטער — אַ נידעריקער, מיט אַ פאַרשװירן בערדל, װי געלער טאַבאַק און אַ שיקלדיק אײגל — לעװין — אַ געװעזענער חסיד און רבי־פאָרער — אים האָט דער מאַדאַם גאָלד־ פעלדס צערטלעכקײט לגבי דעם מאַן אַ ביסל צעטומלט, די אױגן האָבן זיך אים פאַרנעפּלט און דאָס שיקלדיקע אײגל איז אים פאַר־ קראָכן אַרױף, קוקנדיק ערגעץ קײן גושן. אים, לעװינען, געפעלן פולע באַלײבטע פרױען און אַ װײב האָט ער אַ גרגרת, אַ שאַרבן — און דאָ, זעענדיק װי יצר הרעדיק דידאָזיקע אַפּעטיטלעכע אשה מיט די באַקעטע הענט גלעט דעם מאַן, האָט עס לעװינען אַזױ צערודערט, אַז ער האָט בעהאַלטן אין אײן װישן זיך מיט טיכע־ לע דעם פּליכעדיקן קאָפּ און אַ רױטקײט איז אים אַרױסגעשלאָגן אַרום די אױגן; דאָס האָבן באַמערקט די גאָלדפעלדס. ער, גאָלד־ פעלד, האָט דערפאַר אַזױ ממזריש די אױגן געמרוזשעט, זי װײ־

דער, מאַדאַם גאָלדפעלד, האָט פּלוצלינג אין געגנוואַרט פון פרעמ־
דע מענטשן, סוחרים, אָפּגעטון עפּעס שוין גאָרנישט פּאַסיקס: זי
האָט לאַנגזאַם און טייבלדיק אויסגעצויגן איר קאָפּ מיט אַ פאַר־
שפּיצט פּיסקל צום מאַן און אים אָנגעקלעבט אַ קוש אין די סאַמע
ליפּן.

ס׳איז לייכט געווען צו דערקענען, אַז דאָס איז פון איר זייט
געטון געוואָרן, כדי נאָך מער צו צערודערן דעם אָרימען לעווינען.
אָבער דער רושם פון אָט דעם ליבע־עפעקט איז, ווער ווייסט פאַר־
וואָס, געווען גאָר אַ קאַפּויערדיקער. לעווין האָט שוין מיט אַ גע־
חיינטלעכן, כמעט לצנותדיקן שמייכל, אָנגעוויזן דעם צווייטן באַם
טיש זיצנדיקן סוחר — סטאַניסלאַוו מאָזעס — אַן עטלעכע און
פערציק יעריקער בחור, אַן אַמאָליקער לעבייונג — אויף דער
מאַדאַם גאָלדפעלד:

— פאַניע מאָזעס, אַזאַ פרוי זוכט אייך!

און דער פון מאָזעס, האָט מיט די מאַטע אויגן אַזוי מביניש
אַ נעם אַדורך געטון די מאַדאַם גאָלדפעלד, און געענטפערט האָט
ער לעווינען אויף זיין עצה, מיט אַ שפּאָטישער באַטאָנונג:

— איך נאָר מיט אַ היפשלעכן נדן...

## קאַפּיטל 6.

הערש חזיר, אַ פאַרמעגלעכער פאַכטער, וואָס אָפּגעהיטענע ייִדן האָבן נישט געוואָלט ניצן זיין מילך — האָט דעם „כלאָפּאַק"־זיינעם, יונהן, צו עלף יאָר אַרויסגענומען פון חדר און אַוועקגעשיקט אין דער גרויסער שטאָט אין אַ „שקאָלע" לערנען שרייבן. הערש חזיר האָט געחלומט, אַז זיין זונדל וועט ענדיקן די קלאסן און ווערן אַ לייט. דער „כלאָפּאַק" יונה האָט אָבער אַזוי פיל חשק געהאַט צום לערנען שרייבן, ווי צו משה אהרן, דרדקי מלמדס חומש: עס האָט אים גאָר געצויגן צו בעל־עגלות און פערד.

היינט איז דער „כלאָפּאַק" יונה — פאַן יאָנאַס קנאַסטער — אַ בחור פון אַ יאָר דרייסיק, אַ רייכער פערדס־הענדלער, רעכנט זיך פון די עלעגאַנטסטע קאַוואַלערן אין שטאָט, גייט ראַזירט ווי אַן אַקטיאָר, טראָגט העלע געפּאַסטע ספּאָרט־הויזן מיט ברייטע בופן, געלע, נעטע כאָלעוועס ווי אַ פריץ און באַוווינט אַ בחורישע וווינונג פון צוויי פיין אויסגעמעבלירטע חדרים אין שטילסטן און בעסטן שטאָט־קוואַרטל, וואָס ליגט בײַם ברעג ווייסל.

מיט מײַדאַם גאָלדפעלד קען זיך דער פאַן יאָנאַס קנאַסטער

שוין באַלד אַ יאָר צייט. פריער נאָך האָט ער זי לאַנג אויפן אויג געהאַט. געפעלן געוואָרן איז אים דער עיקר איר גאַנג און אירע פיס, אויף וואָס ער, אַלס הענדלער פון רייט־פערד, איז אַ באַזונ־דערער מבין... ווען פאַן יאַנאַס קנאַסטער איז אַמאָל געזעסן אין „אימפעריאַל", געטרונקען קאַווע און אַרויסגעקוקט אין גאַס, און אינדרויסן איז גראָד פאַרבייגעגאַנגען מאַדאַם גאָלדפעלד, איז דער קאַוואַליער קנאַסטער אַזוי פאַרכאַפּט געוואָרן פון אירע פּאַראַדנע פיס־טריטלעך, אַז ער איז אַרויס פון „אימפעריאַל" און איר נאָכ־געקוקט אַ שטיק וועג.

פון דאַמאָלס אָן האָט ער זי געהאַט אויפן אויג.

באַקאַנט האָט ער זיך מיט איר דעמזעלבן ווינטער אויפן מאַסקן־באַל. פאַן יאַנאַס קנאַסטער איז דאַמאָלס געווען פאַרקליידט אַלס ציגיינער; מאַדאַם גאָלדפעלד — לויט דער עצה פון איר שוועסטער אידזשאַ — אין אַ הויכגעטורעמטער פריזור, אַרומגע־געכאַפּט מיט אַ גאָלדן רייפל און אין אַ שוואַרץ סאַמעטן קלייד געשטיקט מיט „גאָלד" און אַ מעטר לאַנגן שלעפּ — אַלס „דאַמע פון מיטלאַלטער".

אידזשאַ האָט דעם פּאַראַיאָריקן קאַרנאַוואַל, בשעת זי האָט געווײלט אין וואַרשע בײַ דאָרטן, געזען אויף אַ מאַסקן־פאַרוויילונג איינע — פאַרקליידט אַלס „דאַמע פון מיטלאַלטער" און זי האָט עס רעקאָמענדירט און איבערצייגט די שוועסטער, אַז אַזוי וועט איר קליידן. און הגם מאַדאַם גאָלדפעלד האָט געהאַט אויפן פּנים אַ שוואַרצזיידענע מאַסקע, האָט דער פאַן קנאַסטער זי דערקענט לויט איר שטעלן די פיסלעך און לויטן גענגל. זיי זענען דאַמאָלס באַקאַנט געוואָרן און נאָך דעמזעלבן אָוונט, האָט דער פאַן יאַנאַס קנאַסטער דער „ציגיינער" צוגעפירט די „דאַמע פון מיטלאַלטער" צום בופעט. נאָך דעם אָוונט האָט ער זי שוין געגריסט, אָבער אַלץ נאָך פון ווייטן.

דעם דערנאָכדיקן זומער האָט איינמאָל געטראָפן, אַז זיי זענען צופעליק צוזאַמען געקומען צופאָרן פון טשעכאָטשינעק. ס'איז גראָד געגאַנגען אַ שלאַקס־רעגן. פאַן קנאַסטער האָט פון זיך

אראָפּגענומען דעם רעגנמאַנטל, אים אָנגעטון דער פּאַני גאָלד־פּעלד, גענומען אַ דרינדע און זי אָפּגעפירט אַהיים.

באַם געזעגענען האָט דער פֿאַן קנאָסטער שטאַרק געדריקט און לסוף מיט זיינע דיקע ליפּן אָפּגעפּרעסט אַ קוש דער פּאַני גאָלדפּעלד אין האַנט. דערנאָך איז שוין כּסדר און גלייך, ווי מען שטייגט אויף אַ לייטער, אַלץ מער און מער געשטיגן זייער פריינט־שאַפט, ביז די דאָזיקע פריינטשאַפט האָט היי־יעריקן האַרבסט דער־גרייכט איר העכסטן פּונקט: געהיימע טרעפונגען אין פּאַרק און אירע אָפטע באַזוכן אין זיין באַקוועמער וווינונג, וואָס געפינט זיך אין שטילן קריסטלעכן שטאָט־פערטל.

די טרעפונגען זענען גוט אַוועקגעשטעלט. פאַר דער עפנט־לעכקייט גילטן; פאַן קנאַסטער — פּאַני גאָלדפּעלד — אַלס צוויי ווילד־פרעמדע מענטשן. ער, פאַן יאַנאַס קנאַסטער פּלעגט אַמאָל נאָך אַ „גלעזל", פאַרטרויען פאַר אַ באַנטן: „איך האָב אײנע, איז אַס טיפּ־טאָפּ"! — נאָר אַ וואָרט מער איז וועגן דעם נאָך קיינ־מאָל פון פאַן קנאַסטערס ליפּן נישט אַראָפּ. אים איז אַ חוץ דעם אָנגעשטאַנען, וואָס זי איז די פרוי פון אַ רייכן סוחר, נישט קיין אַלטן און נישט קיין מיאוסן מאַנסביל. ווידער זי, מאַדאַם גאָלד־פּעלד, זי האָט געדאַרפט דעם געזונטן טעמפּעראַמענטפולן פאַן קנאַסטער, ווי אַ קעסט־ייִנגערמאַן, וואָס קריגט נישט זאַט צו עסן בײַ זיך אינדערהיים און מוז זיך היינטן אַ־ום צוקויפן עסן...

## קאַפּיטל 7.

אַ מאָל שוין לאַנג צוריק, נאָך אַלס חתן אין קליינעם שטעטל, איז שלום גאָלדפעלד איין מאָל, אין אַ פאַרנאַכט, אַריינגעקומען צו דער כלה און באַוויזן צו דערבליקן, ווי זי האָט אויף דער גיך, דורך אַ צווייטער טיר, אַרויס משלח געווען איינעם אַ שטעטל־דיקן יונגנמאַן, אויף וועלכן שלום האָט געהאַט אַ חשד, אַז ער לעבט גוט מיט זיין כלה...

באַלד נאָך זייער חתונה, שוין דאָ אין שטאָט, איז אויך עפּעס געווען אַ מעשה, וואָס איז אויפגעדעקט געוואָרן אַ דאַנק אַ בריוו, וואָס איז צופעליק אַריינגעפאַלן אין גאָלדפעלדס האַנט... ס'האָט דאַמאָלס אויסגעבראָכן באַם פּאָרפאָלק אַ גרויסער סקאַנדאַל און ס'האָט שיער געהאַלטן בײַ אַ גט. אָט דאָס אַלץ איז געווען אַמאָל מיט יאָרן צוריק. גאָלדפעלד, דער להוטער סוחר, דער פאַרטאַראַראַמטער האָט שוין דאָס לאַנג נישט געדענקט. נאָר אָט, דער מיט אַ צוויי וואָכן צוריק דערהאַלטענער בריוו וועגן זיין ווייבס „טרעפונגען", האָט צוריק דידאָזיקע אַמאָליקע געשעענישן אַרויפ־

געפֿרענגט פֿון תהום פֿון פֿאַרגעסנקייט און אין אַ רויִקער מינוט דערוועקט זיך אין גאָלדפֿעלדן דער גאַנצער קנויל מעשׂיות ביז אָט דעם, ווייסט דער טייוול פֿון וועמען, צוגעשיקטן בריוו — און עס גריזשעט אַ ביסל. יאָ, עס בייסט, און אָפּטמאָל דערוועקט זיך אַ אַ כּעס, אַ כּעס אויף איר, אויף דערדאָזיקער פֿרוי, וואָס האָט פֿאַרשטאַנען אים, דעם חכם, אַזוי באַ דער נאָז אַרומצופֿירן, אַז ער האָט זי געגומען אָן אַ פּרוטה דן, אַרבעט איצט און פֿאַר־שאַפֿט איר אַ פֿאַרמעגן, און זי — גיט צומאָל נישט אַכטונג אויף דער ווירטשאַפֿט, אפֿילו נישט אויף די קינדער. יאָ, עס קרענקט טאַקע, נאָר צי דאַרף ער עפּעס נאָכקלערן וועגן דעם, וואָס אין בריוו האָט זיך גערעדט? דאַכט זיך — נישט. אָבער רעדן דער־וועגן וואָלט זיך יאָ געוואָלט, כּדי רויִק צו ווערן, כּדי דעם מינדסטן שאָטן פֿון חשד אָפּצוווישן; עס זאָל זיך אים נישט פּלאָנטערן אין די מסחר־טראַכטונגען. — זענען זיי דאָך אָבער ביז איצט געווען ברוגז, נישט גערעדט צו זיך. אין שטוב, ווען ס'איז נישט געווען קיין פֿרעמדער מענטש, איז ער, דער באַלעבאָס, געזעסן ווי אַ שטו־מער, ווי דאָס ווייב, זיין ווייב, וואָלט אים געווען אַ פֿרעמדע אין אַז עס האָט זיך אין אים דערוועקט אַ שאָטן פֿון חשד צוליב דעם דערהאַלטענעם אַנאָנימען בריוו, האָט ער דאָס העכסטנס געקענט אויסדריקן אין אַ באַהאַלטן זיפֿצל, אָדער אין סתּם רעדן צו די קינדער, כּדי צו פֿאַרטרייבן פֿון זיך דאָס נאָגנדיקע חשד־געדאַנקל. איצט אָבער זענען זיי שוין צוריק גוט געוואָרן. ער האָט זי באַ־שאָנקן מיט טייערע מתּנות; אפֿילו אידזשען, אַלס זייער מלאך־השלום, האָט ער געקויפֿט אַ שיין זייגערל — מאַן און ווייב לעבן איצט צווישן זיך זייער גוט און אין אַ שפּעטן אָוונט אין שלאָף־חדר איז אויסגעקומען אַ שמועס וועגן אַנאָנימען בריוו...

— דאָס האָט נישט געטון קיין אַנדערער, ווי דער באַלשעוויק, — זאָגט מאַדאַם גאָלדפֿעלד.

— וואָסערער באַלשעוויק? — פֿרעגט ער פֿאַרוווּנדערט.

— נו, דיין געשוועסטער־קינד. ווי הייסט ער דאָרט דער מעקלער? — עס פּאַסט איר נישט צו וויסן, ווי ער הייסט.

בענדעט?

— יאָ. נאָר ער קען אָפּטאָן אַזעלכעס.

בענדעט איז גאָלדפעלדס אַן אַמאָליקער חבר און קרוב. זייערע מיטערס זענען געווען שוועסטער. בענדעט איז געווען אַ זון פון אַ פאַרמעגלעכן קרעמער. אין די בחור׳ישע יאָרן, אין בית מדרש, האָט שלום געריכערט בענדעטס פּאַפּיראָסן און די בחורי־שע „קערמעשלעך״, וואָס שלום האָט נישט פאַרמאָגט מנטצוואַלטן, זענען אויך געווען פון בענדעטס קעשענע. דערנאָך אָבער האָבן זיך זייערע וועגן צעשייד: שלום האָט זיך, נאָך אַלס בחור, פאַר־לייגט אַ וווכער־עסק, — בענדעט, אַלס גגידישער זון, איז ווי־טער געבליבן אין בית מדרש און אין דער שטיל געלייענט השכלה־ספרים. היינט איז דער אַמאָליקער „שלום דעם שוחטס״ — גאָלד־פעלד!... בענדעט אָבער איז אַן אַלמן, וווינט מיט זיין שוועס־טער — אַן עלטער מיידל מיט אַ הויכער פלייצע — ערגעץ הינ־טער דער שטאָט און פאַרנעמט זיך מיט מעקלעריי.

און אָט אויף אים, בענדעטן, האָט עס מאַדאַם גאָלדפעלד איצט געזאָגט, אַז ער מוז האָבן צוגעשיקט דעם אַנאָנימען בריוו און אים אָנגערופן „באָלשעוויק״.

— בענדעט? — פרעגט גאָלדפעלד איבער — אַ באָלשעוויק איז ער גאָר?

— אוודאי, אַ באָלשעוויק — באַשטעטיקט זי נאָכאַמאָל — יעדער קבצן איז אַ באָלשעוויק — אַ בעלן אויף פרעמד האָב און גוטס...

— און צוליב וואָס, למשל, זאָל ער דאָס האָבן געטאָן — מיט דעם בריוו געשיקט?

— בלויז נאָר אום צו מאַכן אַ בייז לעבן צווישן אונדז, קען ער דאָס אויך האָבן געטאָן.

מאַדאַם גאָלדפעלד קען באַזונדערס נישט ליידן דעם דאָזיקן בענדעטן. זי, מוז זיין, קען אים נישט מוחל, וואָס ער קען זי, די איצטיקע מאַדאַם גאָלדפעלד, נאָך פון שטעטל, פון אַמאָל...

נאָר דער עיקר — ווייל זי איז חושד, אַז הינטער איר וויסן העלפט אים איר מאַן אַמאָל אַרויס מיט קראָם־פּראָדוקטן.

גאָלדפעלד ענטפערט איר גאָרנישט אויף איר חושד זיין בענדעטן; ער נעמט קענטיק אירע רייד נישט ערנסט. ער שווייגט אַ ווײַלע. דערנאָך רופט ער זיך אָן:

— געלט וואָלט איך מיך געלאָזט קאָסטן, כ'זאָל דערגיין, ווער מיר האָט צוגעשיקט דעם בריוו.

— און איך נישט — זאָגט זי מיט אַ גלייכגילטיקן זשעסט — ס'איז מיר גאַנץ גלייכגילטיק.

— פאַרוואָס אַזוי? — פרעגט ער צוריק — האָט דאָס געטון אַ שונא — ווייל איך וויסן, ווער עס האָט זיך אויף מיר אַזוי פאַרמאָסטן, איז ווידער יענער מיינס אַ גוטער פריינט. וואָס וואָרנט מיך — איז עס מיר דאָך אוודאי וויכטיק.

— און אַז עס וואָלט זיך אַזוי באַשטעטיקט? — פרעגט זי אויף צו כלומרשט און לאַכט מיט איר ספּעציפיש געקינצלט געלעכטערל.

— וואָס דאַרף איך רעדן נאַרישקייטן — קוקט ער איר שאַרף אין די אויגן — אַז עס וואָלט זיך באַשטעטיקט — זאָגט ער לאַנגזאַם — וואָלט איך... — און עס גיט זיך אים אַ שטעל פאַר אַ גט־שטימונג: אַ האַרמידער אין שטוב, אַ צערודערונג; צעוואָרפענע זאַכן, צערוקט מעבל, אויפגעפּראַלטע שענק... — און ער ווייסט שוין טאַקע נישט, וואָס ער וואָלט געטון, אויב ס'וואָלט זיך חלילה באַשטעטיקט, וואָס אין בריוו שטייט.

— אויב אַזוי — זאָגט זי מיט אַזאַ געמאַכט פּיסקל און זי שטייט פאַר אים אין איר גאַנצער שטאָלצער גרייס מיטן שיקלעכן האַלב נאַקעטן קערפּער אין מיטן אויסטון זיך, גרייט זיך צו לייגן — מוז איך זיך לײדער מודה זיין...

און אַז ער קוקט זי שטום אָן, צעלאַכט זי זיך ווידער.

— איך ווייס נישט, וואָס דו מיינסט — זאָגט ער ערנסט און גיט דערביי אַזאַ הייב די פּלייצעס און מאַכט אַזאַ אומבאַהאָל־

פענע מינע, ווי זיין פאָטער, דער שוחט, בשעת אַ שווערע „סידכה״ באַ אַ גסה.

— איך מיין — זאָגט זי מיט אַ־מגעהייערער זעלבסט־ווערדע און באַליידיקטער צניעות און זי רעדט דאָס מיט אַ שטים, ווי צו אַ פרעמדן מאַנספאַרשוין — אַז איך גיי אַדורך אַ גאַס, פרעסן מיך מאַנסבילשע בליקן, שפּיזן מיר דורך די קליידער... און וויפיל פון זיי, האָבן מיין געשטאַלט און מיין פּנים פאַר די אויגן דאָרט, ווו זיי געפונען זיך דערנאָך, באַנאַכט...

ער קוקט זי אָן און גאַפט.

— יאָ, יאָ — הייבט זי ווידער אָן — אַ פיינע חברה זענט איר מענער — נאָך גוט כאָטש, וואָס דו דאַרפסט נישט אין זינען האָבן אַן אַנדערע, ווען דו פייניקסט מיך.

— פון וואַנען ביסטו עס אַזוי זיכער? — פרעגט ער מיט אַ שמייכל.

— פון וואַנען? — פרעגט זי איבער — מוזסטו דאָך ערשט אויסגעפינען און אַהערברענגען אַזעלכע, וואָס זאָל קענען מיט מיר... כאָטש זיך גלייך שטעלן...

און מיט אַמאָל נעמט זי דערציילן:

— פאַר עטלעכע טעג טרעפט מיך דאָקטאָר סמאָלינסקי — דווקא איך זאָל זיך מיט אים אַ ביסל איבערגיין. וואָס איז? ער איז געווען באַ עטלעכע פּאַציענטקעס און אַלץ — מיאוסע, מוז ער איצט זיך איבערגיין מיט מיר, כדי דעם הומאָר צוריק צו קריגן. נישט אַנדערש — איך האָב אים געמוזט צוליב טון. — אַנומלטן ווידער טרעפט מיך ראַטמאַן לאָקשינסקי. פּאַני גאָלדפעלד, זאָגט ער, „אויב איר מיט אייער פאַרשטעל און פאַרשטאַנד, וואָלט זיך באַטייליקט אין אונדזער באַוועגונג, וואָלט איר הויך געשטיגן און אויך אונדזער אַרבעטער־זאַך וואָלט דערפון געוואונען...״

די מעשה מיטן דאָקטאָר סמאָלינסקי איז פון איר זייט געווען ריכטיק געצילט און גוט געטראָפן: זיין ווייב שפּאַצירט מיט אַ גויעשן דאָקטאָר!... דערפאַר די צווייטע העלפט, מיט לאָקשינסקין, האָט אויף אים גאָר קיין רושם נישט געמאַכט.

— לאָקשינסקי איז אַ פּלוידערזאַק — זאָגט ער מיט בּטל.
זי רעגט זיך אויף:

— דאָך איז ער אַ ראַטמאַן — נישט דו — זאָגט זי שנייַדיק — און געוויילט — פון די סאָציאַליסטן, אויך נישט גאָר ערליסטע נאַראָנים, דאָך האָבן זיי אים אויסגעוויילט און נישט קיין אַנדערן.

און פונדעסטוועגן מאַכט דאָס אויף גאָלדפעלדן קיין שום רושם נישט.

לאָקשינסקי האָט זיך אַ צייט אַרומגעשלעפּט מיט מאַדאַם גאָלדפעלדס שוועסטער — דאָרע. און שטענדיק איז צווישן זיי אויסגעקומען ברוגזן צוליב רכילות... און דאָס, וואָס לאָקשינסקי איז ראַטמאַן, ווייסט גאָלדפעלד, אַז ער איז נישט מער ווי שטעלפאַרטרעטער פון אַ רעזיגנירטן ראַטמאַן.

זי זעט, אַז מיט לאָקשינסקין האָט זי נישט געטראָפן, אייבט זי צוריק אָן.

— דאָקטאָר סמאָלינסקי געפעלט דיר שוין אפשר אויך נישט?

— נו — זאָגט ער מיט דרך ארץ — סמאָלינסקי — כאָטש אַ מענטש, אַ דאָקטאָר!...

דערנאָך, אַז ער מאַכט ווידער אַ שמועס וועגן דעם אַנאָנימען בריוו, וואַרפט זי דאָס ווידער אויף בענדעטן:

— קיין אַנדערער, ווי ער האָט דאָס נישט געטון.

— וואָס רעדסטו? — מאַכט דער מאַן מיט אַ פּאַראיבל־מינע — איך קען דען נישט בענדעטס כתב?

— האָט ער עס געלאָזט שרייבן עמעצן. ער איז נאָרנישט אַזוי פיל נאַר, אַליין דאָס צו מאַכן.

גאָלדפעלד איז נישט איינשטימיק.

אידזשאַ — וואָס איז די איינציקע, וועמען מאַדאַם גאָלדפעלד האָט פאַרטרויט וועגן דעם אַנאָנימען בריוו — האָט געלאָזט פאַלן אַ וואָרט גאָר אין אַנדערער ריכטונג.

— אפשר האָט מען מיטן בריוו געמיינט דיר אָפּ-

צוטון, נאָר עמעצן אַנדערש... — האָט אידזשאַ גערעדט פאַר־
שטעלט, אָבער מיט אַ קלאָרן מיין.

מאַדאַם גאָלדפעלד שטויסט זיך אָן, וואָס די שוועסטער
מיינט.

## קאַפּיטל 8.

פאַן יאַנאַס קנאַסטער האָט, דערהערנדיק פון בראַניס גאָלד־פעלד וועגן דעם אַנאָנימען בריוו, אפילו געמאַכט אַ זייער איבער־ראַשטע מינע, אָבער דערבליקנדיק די האַנטשריפט (מאַדאַם גאָלד־פעלד האָט דעם בריוו געהאַט באַ זיך) האָט ער שוין קלאָר גע־ווּסט, פון וועמען דער בריוו שטאַמט — און צומאָרגנס אָוונט, האָט פאַן קנאַסטער געלאָזט זיך אין שטאָט טייל, וואָס ליגט מיט זיינע בלאָטיקע נישט ברוקירטע געסלעך, אויף יענער זייט וואָק־זאַל און איז באַוווינט ס׳רוב פון אַרבעטער און נישט פאַרמעגלעכע מענטשן. דאָרט אין אַן אייבערשטיבל וווינט אַלס סובליקאַטאָר, דאָס מיידל, די מאָדיסטקע, וואָס האָט פאַר עטלעכע חדשים אַוועק־געגעבן צו דערציִען אויפן דאָרף איר אין שפּיטאָל געבוירן נישט געזעצלעך קינד...

פאַן יאַנאַס האָט נישט לאַנג געדאַרפט פאָרשן. זי, דאָס מיידל מיט די טונקעלע אויגן און קאַשטאַנען־האָר, האָט זיך גלייך און פראָסט מודה געווען, אַז דאָס האָט זי דעם בריוו געשריבן. — פאַן יאַנאַס האָט איר אויסגעציילט דאָס געלט פאַרן אויסהאַלטן דאָס

קינד אויפן דאַרף, וואָס ער האָט שוין זיבט צוויי חדשים נישט געצאָלט. און אָנגעזאָגט האָט ער איר, אַז אויב זי וועט זיך נאָך אַמאָל לאָזן הערן דורך עפּעס „אַזאַ מין שווייַנערייַ", אי דער בריוו, קען זי זיכער זייַן, אַז זי וועט אים, דעם פאַן קנאַסטער, מער שוין קייַנמאָל פאַר די אויגן נישט זען.

פאַן יאַנאַס קנאַסטער איז אייגנטלעך געווען רויִק, גאָר רויִק. נאָך ניי יאָר קלערט ער זיך איבערצוטראָגן קיין וואַרשע אָדער בידגאָשטש. און דאָס, וואָס ער האָט דערליידיקט מיט דעם מיידל, איר באַצאָלט פאַר אויסהאַלטן דאָס קינד, איז נאָר, ווייל ערשטנס שפּילט בייַ אים דער גראָשן קיין ראָלע נישט. נאָר דער עיקר, האָט ער דעם מיידל דעם פּיסק פאַרשטופּט — ער זאָל קענען די פאָר וואָכן, וואָס ער קלערט נאָך צו פאַרברענגען דאָ אין שטאָט — זיך טרעפן מיט בראָניע גאָלדפעלד און נישט דאַרפן מורא האָבן פאַר נישט אָנגענעמע „סיורפּריזן".

זיי טרעפן זיך נאָך איצט אויך — די פּאַני גאָלדפעלד מיטן פאַן קנאַסטער. נאָר דעם פריִערדיקן טעם האָבן שוין נישט די איצ־טיקע ראַנדעוווּס. — באַלד נאָכן בריוו האָבן זיי געהאַט אינגאַנצן אָפּגעהאַקט די באַגעגענישן, אָבער אין עטלעכע טעג אַרום, איז יעדער פון זיי באַזונדער געגאַנגען אַהין אויפן באַשטימטן אָרט מיט דער האָפענונג, טאָמער טרעפט ער דאָרט דעם צווייטן — און אַזויערנאָך האָבן זיי זיך ווידער באַגעגנט.

דעם פאַן יאַנאַס האָט זיך אייַנגעגעבן מער־ווייניקער צו באַרויִקן די פּאַני גאָלדפעלד. — ס'האָבן זיך באַנייט די אָוונט־טרעפונגען. זיי האָבן איצט אייַנגעאָרדנט די באַגעגענישן נישט, ווי ביז היינט, אין פּאַרק. גאָר דירעקט אין פאַן קנאַסטערס וווינונג און דאָס נאָר אַ צוויי דריי מאָל אין דער וואָך... אָבער די פּאַני גאָלדפעלד איז געווען זייער נערוועז. זי האָט רק חושד געווען, אַז מ'שפּיאָנירט איר נאָך. אָנטרעפנדיק אַמאָל עמעצן אַן אומבאַ־קאַנטן פאַרן הויז, אָדער אויף די טרעפּ, האָט זי בעקריגן האַרץ־קלאַפּונג. איינמאָל האָט זיך איר געדאַכט, אַז זי הערט פון הינטער דער טיר, אָדער וואַנט, אַ געשעפּטש, איז איר שוין דאָס גאַנצע פאַרברענגען מיטן פאַן יאַנאַס נישט באַקומען...

ס'האָט זיך געשאַפן אַזאַ לאַגע, אַז פאַרבערענגענדיק אין פּאַן יאַנאַסעס צימער, האָט זי מיט גרויל געטראַכט פון וועג אַהיים. און אַז זי איז מיט אַן אויסערלעכער רויִקייט, נאָר מיט אַן אינער־לעך צעשטורעמט געמיט אַהיימגעקומען, האָט געדויערט, ביז זי האָט צוריק געקריגן איר נאַטירלעכע האַלטונג, איבערצייגנדיק זיך, אַז אַלץ איז אין אָרדנונג.

דערנאָך איז איינמאָל געשען, ווען מאַדאַם גאָלדפעלד איז אַראָפּגעגאַנגען פון פּאַן יאַנאַס, איז איר אַן אומבאַקאַנטער אַקעגנ־געקומען און געפרעגט, צי זי וווינט אין דעם הויז. זי האָט אָן צו קלערן, ווי איר שטייגער, שטאָלץ געענטפערט: יאָ. האָט יע־נער ווייטער געפרעגט, וווּ דאָ וווינט דער באַוווּסטער אַדוואָקאַט. מאַדאַם גאָלדפעלד האָט נישט געוווּסט צו ענטפערן. יענער, דער פרעגער, האָט זיך כמעט געבייזערט: „טאָ צוואָס דאַרף די פּאַני ליגנט זאָגן". און גערעדט האָט ער אַזוי הויך, אַזש ס'האָבן זיך געעפנט די אַרומיקע טירן און קעפּ האָבן זיך אַרויסגעשטעקט...

און טאַקע עטלעכע אָוונטן שפּעטער, ווען מאַדאַם גאָלדפעלד איז געהאַט צוריקגעקומען פון אַ וויזיט באַם פּאַן קנאַסטער, ווען זי איז שוין געווען אויסגעטון פון פוטער. האָט זי צופעליק דער־בליקט אין גרויסן שפּיגל, אַז הינטן פון קלייד־שפּאַלט, הענגען איר אַרויס צוויי לאַנגע שנורן פון גאָרסעט. זי האָט נישט גע־וווּסט, צי עס האָט ווער אין שטוב באַמערקט, ווי עס ציִען זיך איר נאָך די צוויי לאַנגע גאָרסעט־שנורן פון סטאַן, הינטן אין קלייד־שפּאַלט, ווי צוויי לאַנגע הינערישע קישקעלעך. דאָ גע־ווען אין שטוב איז דאַמאָלס גאָלדפעלדס שוועסטער — קישטיינס ווייב יענטע, די קישטיינען, קוקט איר, בראָניען, אין די אויגן מיט אַ חניפהדיקן דרך ארץ, נאָר ווי זי קוקט אויף איר הינטער די אויגן, פאַרשטייט מאַדאַם גאָלדפעלד אויך. — און אַז די קי־שטיינען האָט באַמערקט די צוויי פון איר קלייד זיך אַרויסשלאַם־פּערדיקע גאָרסעט־שנורן — איז מער ווי זיכער.

מאַדאַם גאָלדפעלד האָט דאַמאָלס אַ גאַנצע נאַכט נישט גע־קענט איינשלאָפן. זי האָט אפילו שוין גרייט געהאַט אַ תירוץ, אַז די בענגלעך האָבן איר אַרויסגעשלאָפּערט, ווייל זי איז געקומען

פון באָדן זיך אין דער נייער מאָדערן־איינגעריכטעטער באָד, דאָרט בשעתן אָנטון זיך האָט זי פאַרגעסן אַריינצומאַכן די בענדלעך. נאָר אינגאַנצן רו‏יק איז זי שוין נישט געווען. זי האָט די נאַכט כמעט קיין אויג נישט צוגעמאַכט. צומאָרגנס איז זי נישט אויפגעשטאַנען פון בעט, דער קאָפּ האָט איר ווייי געטון. און דער מאַן האָט זיך געהאַלטן בא זיינס, אַז זי האָט זיך פאַרקילט אויפן שפּאַציר.

פון דאַמאָלס אָן האָט מאַדאַם גאָלדפעלד אויפגעהערט צו באַזוכן דעם פאַן יאַנאַס קנאַסטער.

## ק אָ פּ י ט ל 9.

מיט עטלעכע יאָר צוריק, ווען די דייטשן האָבן נאָך געבאַ-
לעבאַטעוועט אין פּוילן האָט אַ היימיש-שטעטלדיקער וואַלד-סוחר
פֿאַרגעלייגט גאָלדפֿעלדן צוצוטרעטן אַלס שותּף צו זײַנס אַ שטיק
ערד, וואָס איז אים געבליבן נאָך אַן אויסגעהאַקטן וואַלד און גע-
פֿינט זיך אַ צוויי דריי קילאָמעטער פֿון שטעטל.

דאָס שטיק ערד האָט פֿאַרמאָגט אַן ערך הונדערט צוואַנציק
מאָרגעס מיט אַ שטיק לאָנקע פֿון יענער זייט טראַקט, עטלעכע
געביידעס און אַ יונג ערשט שפּראָצנדיק וועלדל, וואָס וואַקסט פֿון
זיך אַליין...

באַם מאַכן דאָס געשעפֿט איז אָפּגעשמועסט געוואָרן צווישן
די שותּפֿים, אַרײַנצוזעצן אַהין אַ פּויער צו באַלעבאַטעווען און דער
ריוח זאָל גיין אויף אײַנצואָרדנען דאָרט אַ לאַנדווירטשאַפֿט.

עטלעכע יאָר שפּעטער האָט דאָס באַלעבאַטישקייט שוין
פֿאַרמאָגט עטלעכע קי, צוויי פֿערד און אַ היפּש יונג וועלדל, און
דעמאָלס האָט זיך גאָלדפֿעלד מיטאַמאָל אַרומגעקוקט, אַז פֿאַר אים
ליגט נישט צו האָבן אַלס שותּף אַ סוחר, אַ גמרא-קעפּל... גאָלד-

פעלד האָט גענומען אין דער שטיל זוכן און — געפונען טאַקע אויך אין זעלבן שטעטל איינעם — אַן אין דער מלחמה רייכגע־וואָרענעם מאַרק־שניידער — זעליק הערש צימעס. צימעס איז עט־לעכע מאָל בשתיקה געווען אין שטאָט בײַ גאָלדפעלדן, — דערנאָך האָט גאָלדפעלד געגעבן צו וויסן דורך אַ בריוול זײַ, שותף דעם סוחר: אהובי ידידי, מיר לוינט נישט צוהאַלטן דידאָזיקע לאַנדווירט־שאַפט — געלט איז היינט אַן אַרטיקל און עס טראָגט... און דאָ — קוק אויפן זאַמד־אוצר און האָף, אַז אם ירצה השם וועלן אפשר מיינע קינדס־קינדער עפּעס דערפון האָבן. קורץ: ער, גאָלד־פעלד, וויל זיין טייל באַלעבאַטישקייט פאַרקויפן.

טראַכט זיך דער שותף, דער קליינשטעטלדיקער וואָלד־סוחר, אייב שלומקען דעם קאָפּ־שטיק, וואָס זיצט אין כרך, לייענט בלאַט־צייטונגען און ווייסט, וואָס עס טוט זיך — לוינט נישט צו האָבן שטעקן זיין געלט אין דערדאָזיקער נחלה, וועלכע גיט נישט קיין הכנסה, לוינט דאָך מיר — אודאי און אודאי נישט.

בריוולעך זענען דעריבער אַזוי אַ צייט געגאַנגען אַהין און צוריק, פון איין שותף צום צווייטן. לסוף זענען זיך די שותפים איינמאָל צוזאַמענגעקומען. דער שניידער זעליק הערש צימעס האָט געברענגט געלט, מען האָט זיך געהאַמפּערט אַהין, געהאַמפּערט זיך אַהער און לסוף דורכגעקומען (מיטן מקח, — פאַרקויפט. נאָר שלומקע גאָלדפעלד האָט געמאַכט אַזאַ קונצשטיק באַם אָפּשרייבן, אַז דעם שותפס טייל איז טאַקע געוואָרן אָפּגעשריבן אין פאַר־קויפט. דערפאַר אָבער האָט גאָלדפעלד די לעצטע מינוט נישט אָפּגעשריבן, איז זיך ווייטער געבליבן בײַ זיין טייל און נאָך בײַ־באַקומען פון טאַנדייטער מעקל־געלט פון יענעמס פאַרקויפטן טייל.

*

גאָלדפעלד דערהאַלט אָפּט דורך שטעטלדיקע צופאָרנגעקומענע קרעמער פּרעטענציע־בריוו פון זיין נייעם שותף, צימעס. גאָלדפעלד דערקענט שוין צימעסעס אַ בריוו דורך די קרומע בוזעמעס און

שטייפע סלופעס פון זיין האַנטשריפט. ער נעמט אָפּ אַזאַ בריוו מיט אַן איראָניש שמייכעלע צום ברענגער: אַהאַ, פון מיין שותּף — ער האָט נישט קיין צייט, גאָלדפעלד, דורכצולייענען דידאַקטיקע בריוו. עס קאָסט צופּיל מי אַדורכצובראָדזשען דעם וואַלד קרומע בעזעמעס... און וואָס יענער אין בריוו פאַרלאַנגט, וואָסער פּעקל טענות ער האָט צו אים, ווייסט גאָלדפעלד אויסנווייניק. לייגט ער אַוועק דעם בריוו מיט דער דעה, אין אַ וואונט זיך צייט צו נעמען דורכלייענען און עפּעס צוריקשרייבן. וואַלגערט זיך אַרום צימעסעס בריוו אויפן טיש, אָדער אויף דער פּיאַנע, אַ טאָג און נאָך אַ טאָג ביז ער קריגט זיך אַראָפּ אויף דר'ערד און די דינסט קערט אים אַרויס צוזאַמען מיטן מיסט.

סוף-כל-סוף ווערט זעליק הערש צימעסן נמאס די איידעלע מלאכה פון שרייבן צום שותּף אין דער „גרויסער" שטאָט. מאַכט זיך אַ טאָג — זעליק הערש טוט אָן דעם שבתדיקן פעלץ, מיט קודלאַטן דובליגעם קאָלנער, שמירט זיך אויס די שטיוול מיט שוואַקס און פאָרט זיך איבער מיט דער קאָלייקע צום שותּף פון „פּאָלוואַרק".

גאָלדפעלד באַגעגנט דעם שותּף מיט אַ גרויסשטעטישן: „ווילקאָמען, פּאַניע... — און ער בעט אים גיטיקס קומען אינ-אָווענט, ווען ער, גאָלדפעלד, וועט פריי זיין פון געשעפט.

אינאָווענט זיצן מאַן און פרוי גאָלדפעלד אין עס-חדר באַם טיש, זיי קייגנאיבער זיצט זעליק הערש צימעס אין שבתדיקן פעלץ. גאָלדפעלד זיצט איבערן פאַרמאַכטן קראָם-בוך און מיט אַ מינע, ווי מ'וואָלט אים געשטערט די געשעפטס-אַרבעט. מאַדאַם גאָלדפעלד אין שטוב-קלייד מיט שטאַרק קורצע אַרבל זיצט באַם טיש, ווי אַ זייטיקע, האַלט פאַראַדנע מיט איין האַנט דעם לאָרניאָן פאַר די אויגן און קוקט אין אַ בוך.

זעליק הערש מאַכט זיך גלייך די שוואַרצע באָרד, גיט אַ הוסטל, מאַכט קענטיק הכנות אַרויסצופּאַקן זיין פּעקל טענות קעגן שותּף, נאָר נאָך איידער ער הייבט אָן, גיט גאָלדפעלד הויך און פאַראַדנע זיך אַ ווענד צו דער פרוי:

— פאַרוואָס גיט מען נישט אַריין טיי?

מאַדאַם גאָלדפעלד ענטפערט נישט גלייך. ערשט נאָך 8 מינוט, דערהייבט זי די אויגן פון בוך, קוקט דורך די ליאָרניאָן־גלעזער אויף זעליק הערשן און פרעגט מיט אַ צופּלייס צעקאַלע־טשעט יידיש און פוילישן אַקצענט:

— זי, פּאַניע, וועלן טרינקען טיי?

— מממ... — ברימט זעליק הערש אַרויס אין פאַרלעגנ־הייט.

— אוודאי וועט ער טרינקען! — פסקנט גאָלדפעלד אָפּ.

דערנאָך, אַז אויפן טיש שטייט שוין אַן איינציק, פון דער דינסט אַריינגעבראַכט, גלאָז טיי לעבן זעליק הערשן און דערלעבן אַ קלאַש צוקער, גייט גאָלדפעלד אַריין אין דער פינסטערער קראָם, מאַכט דערינען ליכטיק, ער זוכט אויס אין קאַסטן, וווּ עס ליגן אין קאָלירטע פּאַפּירן געפּאַקטע פעקלעך מאַרק־קיכלעך פאַר פויערן צו באַפּוצן דערמיט דעם ניטל־בוים. ער זוכט אויס אַ צעשיט פעקל אַזעלכע קיכלעך, ברענגט דאָס אַריין אין עס־צימער, שיט אויס פאַר זעליק הערשן און זאָגט מיט אַ פאַרגינערישער ברייטקייט:

— טרינקט, עסט און שטערט אייך נישט.

נאָכן אויסטרינקען דאָס גלאָז טיי און אויפעסן עטלעכע קיכלעך, פּאַקט זעליק הערש צימעס אַרויס זיין ערשטע טענה, פאַר־וואָס גאָלדפעלד האָט אַריבערגעשיקט אין דאָרף אַריין זיין שוואָ־גער — קישטיינען — און אָן זיין, זעליק הערשס וויסן, זיך גע־נומען פון דער ערשט געדראָשענער תבואה עטלעכע זעק קאָרן.

— היינט, אַז איך זאָל אַזוי אויך טון — פירט זעליק הערש אויס — טאָ וואָס וועט בלייבן פאַרן פויער, וואָס זיצט דאָרט און וואָס וועט בלייבן פאַר די פערד...

— איר קומט נאָך צו מיר מיט טענות? — חידושט זיך גאָלדפעלד — טענות האָט איר גאָר? און וואָס וואָלט איר אַזוי געזאָגט, פּאַניע צימעס, אַז איך וואָלט אייך דערמאַנט — אויב איר געדענקט שוין נישט — אַז איר האָט אייך אַהין אַרויסגענומען עט־לעכע ציגן אויף ווינטער־פּאַשע.

— צוויי ציגן... האָב איך אייך דאָך פריער געפרעגט! — פאַרענטפערט זיך דער טאַנדייטער.

— גוט, איר האָט געפרעגט. איך, זעט איר, האָב צו אייך נישט קיין טענות. נאָר ווי מיינט איר, פּאַניע צימעס: מיר פעלט געלט אויף צו קויפן ציגן?

— קענט איר טאַקע איינקויפן און אַרויסגעבן אויף ווינטער־פּאַשע...

— אַזוי — פּירט אויס גאָלדפעלד מיט נצחון — אַ שיינעם דאַנק פאַר דער עצה! — מיר האָבן דאָך אַזוי פיל היי פון אונדזער לאָנקע? און אייערע ציגן, למשל, וועל איך די מיילער פאַרשליסן: „דאָס טייל היי אָדער שטרוי איז דיין באַלעבאָס, מעגסטו עסן און דאָס — איז מיין, טאָרסטו נישט עסן"... פּאַניע צימעס ס'וואָלט אייך עפּעס געשמעקט אַזאַ מין „מיין־דיין" שפּיל?

איצט האַלט עס בּאַ דער צווייטער טענה — גאָלדפעלד האָט צוגענומען דעם טאָרף פון דער לאָנקע אַראָפּ...

— וואָס הייסט — שטעלט גאָלדפעלד אויס, שותף אַ פאַריבּל־מינע — טאָר איך שוין דעם אַלטן טאַטן מיינעם נישט פאַרזאָרגן מיט געבּרענעכטס אויפן ווינטער? אַז אייער קהלה גיט אים אָבער דאָך נישט געננג...

— איך רעד נישט פון דעם איינעם וועגעלע טאָרף, וואָס איר האָט אָפּגעשטעלט ר' ליפּען — מאַכט זעליג הערש מיט די הענט, ווי ער וואָלט מורא געהאַט, מ'זאָל אים נישט איבּערשלאָגן אינמיטן — דאָס מיין איך די זעכצען קלאַפטער טאָרף, וואָס איר האָט געלאָזט צופירן אויף דער סטאַציע און פאַרלאָדעווען אויף וואַגאָנען.

— אַנטשולדיקט, פּאַניע צימעס — זאָגט גאָלדפעלד געלאַסן— ערשטנס איז עס נישט געווען זעכצען קלאַפטער, נאָר אַ היפּש ביסל הייניקער, ווי זעכצען. און איצט, פרעג איך אייך, פּאַניע, איר הייסט טאַקע בלויז פון דעם טאָרף, וואָס איך האָב געלאָזט אָפּלייגן דעם טאַטן — צי דאַרף איך טאַקע בּאַ איך מעלדן, אויף מיין איבּעריקע משפּחה, וואָס געפינען זיך אַנדערש־ווו און זיי קענען אויך נישט זיצן ווינטער און פרירן.

צימעס קומט אַרויס פון גליַיכגעוויכט:

— ווו האָט איר נאָך משפחה? און אַז איר האָט יאָ משפחה?... באַ אײַך אין קיך דערינען האָב איך געזען — ברענט מען דעם טאָרף — ער סאַפּעט ביַיז זעליק הערש.

— אַזוי האָט איר געזען? פונקט דעם טאָרף ברענט מען באַ מיר? ס'שטייט אויפגעשריבן אויף די קלעצלעך, פון וועלכער לאָנקע זיי זענען? — און מיטאַמאָל נעמט גאָלדפעלד צופרידן שמייכלען — און אַז איך זאָל אײַך אַזוי דערמאַנען פאַניע צימעס, די קאַרטאָפל, וואָס איר האָט אַהיימגענומען און איך — נישט. וואָס וואָלט איר אַזוי געזאָגט דערויף?

זעליק הערש, וואָס האָט ביז אַהער די גאַנצע צייט יעדעס מאָל ווען גאָלדפעלד פלעגט דערמאַנען דעם נאָמען צימעס — פאַרכמורעט געקנייטשט דעם שטערן, האָלט עס ענדלעך מער נישט אויס.

— וואָס רופט איר מיך עפּעס — „צימעס"? — זאָגט ער מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן — איך הייס דען „צימעס" — די לאָבוסעס, די שקצים רופן מיך אַזוי... — ער קוקט נישט דרייסט פאַרוויטלט צו דער מאַדאַם גאָלדפעלד. זי שמייכלט הינטער דעם פאַרריסענעם נעזל, קיקנדיק אַלץ אין בוך.

גאָלדפעלד שמייכלט אויך.

— איר וועט מיר אַנטשולדיקן, פאַניע, ווי? אָשענטשינסקי? אָבער קיין טענה האָט איר שוין נישט, הע? — זאָגט גאָלדפעלד הייטער.

— כ'האָב יאָ אַ טענה — קומט זעליק הערש שוין אינגאַנצן צוריק צו זיך — ס'איז דאָרט פאַרהאַנען געגנוג באַאַרבעטע ערד, האָט איר זיך אויך געקענט אָפּקלויבן אַ שטיקל און פאַרזעצן קאַרטאָפל. איך און מײַנע קינדער האָבן מיר באַאַרבעט דאָס שטיקל ערד, געזעצט קאַרטאָפל, געפּילעט און אַליין דערנאָך אויסגעקאָפּעט.

— אוודאי, וואָלט איך אויך געקענט — טריומפירט גאָלדפעלד — אָבער שטעלט אײַך נאָר פאָר, פאַניע צים... אָשענטשינסקי, איר וועט זיך מאַכן שבת פאַר זיך, פאַרכאַפּן איין שטיקל

ערד, איך — אַ צווייטס; יעדער וועט כאַפּן פאַר זיך, דער פויער וועט דאָס צוזען, ווייסט ער אויך, וואָס ער דאַרף טון בּאַ אַזאַ געכאַפּערלעכטס — אַ שיינע בּאַלעבּאַטישקייט קען דערפון ווערן.

דערנאָך, אַז עס ווערט שטיל אין דער שותּף זעליק הערש זיצט ווי פאַרטראַכט, פרעגט גאָלדפעלד:

— איר וועט אפשר טרינקען נאָך אַ גלאָז טיי?

און מאַדאַם גאָלדפעלד ענטפערט מיט אַ געבייזער:

— ס'איז שוין מער נישטאָ קיין געקאָכט וואַסער.

אויפן סוף, ווען גאָלדפעלד האָט שוין אָפּגעשלאָגן איינציק־ווייז זיין שותּפס טענות, פאָרט צימעס אַרויס מיט זיין לעצטער און שטאַרקסטער טענה — גאָלדפעלד האָט געלאָזט אויסהאַקן די שענסטע ביימער פון יענגן וואַלד און דאָס האָלץ אָפּגעשיקט מיט דער באַן צו זיך אַהיים.

— אמת — שטימט גאָלדפעלד צו — כ'האָב פאַר מיין געברויך געמויערט אַ שפּייכלער אויף דער שאָסיי־גאַס אין מיין הויז, האָב איך מיר פון מיין וועלדל געבּרענגט עטלעכע דרענגלעך אויף לייסטן. נו, און אַז איר באַנוצט די שותּפותּע פערד אויף צו פאָרן מיט אייער טאַטע דייט אויף יאַר־מערק, צי מיינט איר, אַז איך קען נישט אויך געברויכן די פערד צו פירן סחורות פאַר מיר, נאָר גאָרנישט, איך מאַך נישט דערפון קיין געברויך.

זעליק הערשס פּרעטענזיעס צום שותּף ווערן אַלץ שוואַכער און שוואַכער. מאַדאַם גאָלדפעלד ווענדט זיך מיטאַמאָל צום פאַן צימעס... — ניין, ווי דאַרף מען דאָס זאָגן? — „אָשענטשיניסקי" — פאַרריכט איר דער מאַן.

— אָך, יאָ, פּאַניע אָ־ש־ע־נ־ט־ש־י־נ־ס־קי — זאָגט זי אות בּאַ אות, ווי אויסמיידנדיק אויף אַן אומבּאַוקירט אָרט אַ קאַלוזשע.— זי פרעגט זיך נאָך, וויפיל קינדער ער האָט און צי ער האַלט אַ דינסט אָדער די פרוי אַרבּעט אַליין... ,זעליג הערש צימעס ענטפערט אויף אירע פראַגן — אַרויסגערעדט אין אַ לשון כלומרשט ווי אַ גר יידיש — ער ענטפערט איר אין אַ דעליקאַטן טאָן, ווי צו אַ פריצה. און פאַר אירעטוועגן מישט ער אַריין אין זיין רעדן

אַ סך פּוילישע ווערטער, כּדי זי זאָל בעסער פאַרשטיין, וואָס ער מיינט.

ווען צימעס האַלט זיך שוין באַם געזעגענען אַוועקצוגיין, נעמט גאָלדפעלד רעדן היימיש:

— ר' זעליג הערש, איר האָט צו מיר טענות, איך האָב צו אייך טענות. איך וועל אייך צום רב נישט רופן, אין „סאָנד" — אוודאי נישט. מיר פּאַסט דאָס נישט. נאָר אויף להבא האָב איך אַן עצה — מיר וועלן מאַכן אַ כּתב, אַז נישט איר און נישט איך — קיינער פון אונדז טאָר גאָרנישט רירן איינער אָן צווייטנס וויסן. איר באַשטייט, העי?

— מיר האָבן דאָך ביז איצט אויך געדאַרפט אַזוי טון — זאָגט צימעס מיט אַן אַראָפּגעלאָזטער נאָז.

— אוודאי האָבן מיר געדאַרפט — קריגט גאָלדפעלד צוריק שפּיציקע אויגן — נאָר אַז איר האָט נישט געהאַלטן דעם אָפּמאַך, האָב איך פון מיין זייט שוין ממילא אויך נישט געהאַלטן. איבעריקנס, מוזט איר געדענקען, אַז געקויפט האָט איר אויך נאָר אַ דאַנק מיר. איך האָב זיך מיט יענעם פאַרפיינדט צוליב דעם. און וויפיל קענט איר היינט קריגן ריווח קעגן — ווי איר האָט דאַמאָלס באַצאָלט, באַרעכנט נאָר?

— און וויפיל האָט דאַמאָלס געקאָסט אַ לאָבן ברויט און וויפיל קאָסט היינט — מאַכט צימעס אַוועק דאָס גליק — וויפיל עס קאָסט היינט אַ טוץ אַנצוגן, האָט דאַמאָלס מיין גאַנצע טאַנדייט נישט די ווערט געהאַט.

— אָבער איר — היינט אין איר — אַמאָל — זאָגט גאָלדפעלד קליגעריש מיט אַ ווינק, אַז זעליק הערש איז אַמאָל געווען אַ טאַנדייטער, אַ קבצן...

זעליק הערש געזעגנט זיך מיט גאָלדפעלדן; צו איר — דער מאַדאַם — גיט ער אַ שאָקל מיטן קאָפּ — און ער גייט צו זיין קרוב שלאָפן. אויף דער גאַס גייענדיק איבערטראַכט ער נאָכאַמאָל זיינע טענות און באַשליסט אין זיך מיט דעם כּעס פון אַן אָפּגענאַרטן פויער דורך אַ שטאָטישן פּיפּיקן סוחר — „אַז ס'איז יאָ געבאַפּערלעכטס" קען איך אויך די „כאַפּ-קונץ".

גאָלדפעלד און די פרוי, בלײבנדיק אַלײן נאָך דעם שותפס אװעקגײן, לאַכן שטאַרק. ער זאָגט: אָבער האָסטו געזען, מיטן גלאָז טײ און פױערישע קיכלעך האָב איך אים גלײך אָפּגעסמט און רױק געמאַכט; זי זאָגט: ער האָט געכראָפּטשעט די קיכלעך און גע־קוקט מיט בענקעניש צום לײדיקן גלאָז.

— האָסט נאָך געקענט הײסן אַרײנגעבן אַ גלאָז טײ.

— ס׳איז גענוג געװען אײן גלאָז! — מאַכט זי בײז.

— איך מײן דאָך נאָר... — װיל ער זיך פאַרענטפערן.

— איך װײס אױך — האַקט זי אים שאַרף אָפּ.

שפּעטער דערמאַנט זיך גאָלדפעלד און רעדט װידער װעגן שותף.

— פונדעסטװעגן מוז איך דאָ אַלץ איבערלאָזן און אױף אַ טאָג, צװײ אַהינפאָרן אין דאָרף אַלץ אױפשרײבן, װאָרים דידאָזי־קע שנײדערלעך דאַרף מען אױך קײן פינגער אין מויל נישט שטעקן...

און זי, װי איר שטײגער, אַז גאָרנישט זאָל אַדורכגײן אָן איר באַמערקונג און לעצט װאָרט, גיט צו װיכטיק:

— האָסט דאָס שױן געדאַרפט האָבן געטון ביז הײנט...

## קאַפּיטל 10.

דעם פאַן יאָנאַס קנאַסטער, אַלס גרויסן פערדס-הענדלער, קימט אויס גאָר אָפט צו זיין בײַ דער באַן. צום מיינסטן האָט ער דאָרט זיך צו עוסקן אַרום אָפּגייענדיקע אָדער אָנגעקומענע וואַגאָנעס פערד. טיילמאָל ווידער דאַרף ער אָפּוואַרטן אַ סוחר, אַ פריק... פאַרהאַן וואָכן, וואָס קנאַסטער האָט טאָג-טעגלעך עסקים אויפן וואָקזאַל.

מאַכט זיך איינמאָל, אין אַ האַלברעגנדיקן, האַלבשנייִקן נאָכמיטאָג, אַז קנאַסטער, וועלכער האָט גראָד אויפן פּעראָן פאַרלאָדן אַ וואַגאָן פערד, קומט אַריין אין וואָקזאַל און נעמט, ווי זיין שטייגער, אין דעם קורצן פעלצל און עלעגאַנטע געלע שטיוועלעך, נישט געאיילט אַדורכשפּאַנען דעם וואָקזאַל. אין וואָקזאַל האָבן שוין געברענט לאָמפּן, בײַ דער בילעטן-קאַסע זענען געשטאַנען די פּאַסאַזשירן אויסגעשטעלט אין דער ריי. פּלוצלינג האָט דער פאַן קנאַסטער דערבליקט אַריינקומען גאָלדפעלדן מיט אַ העל-לעדערן רענצל אין האַנט און זיך שטעלן אין דער ריי קויפן אַ בילעט.

זיי זענען נישט באַקאַנט און האָבן זיך נישט געגריסט אָבער פֿאַן קנאַסטער ווייסט, וועמענס מאַן גאָלדפֿעלד איז, און ס'איז אים געווען אינטערעסאַנט צו וויסן, צי גאָלדפֿעלד קלויבט זיך אויף אַ ווייטער נסיעה.

קנאַסטער איז געבליבן וואַרטן אין וואָקזאַל. ווען גאָלדפֿעלד איז צוגעקומען צום פֿענסטערל קויפֿן אַ בילעט, האָט זיך קנאַס-טער געשטעלט לעבן אים אין דער זייט, — אַ שטייגער, ער, פֿאַן קנאַסטער, דאַרף דאָ באַם פֿענסטער, עפּעס דערליידיקן אויף אַ רגע'לע באַם בילעטן-פֿאַרקויפֿער. דער פּאָליציאַנט, וואָס היט די אָרדנונג, ווייזט אויס, קען דעם פֿאַן קנאַסטער און מאַכט אים נישט אויפֿמערקזאַם, אַז מען מוז זיך שטעלן אין דער ריי, — און אויף אַזאַ אופֿן האָט זיך קנאַסטערן איינגעגעבן צו דערוויסן, וווּ אַהין גאָלדפֿעלד קויפֿט אַ בילעט.

דער בילעט איז געווען ביז ע־געץ אַ קליינער סטאַציע, וואָס פֿון דאָרט גייט אַ קליינבאַן אין פֿאַרשידענע ריכטונגען.

דעם פֿאַן יאָנאַס איז קלאָר געוואָרן, אַז גאָלדפֿעלדס נסיעה וועט זיכער געדויערן ווינציקסטנס ביז מאָרגן.

גייענדיק דערנאָך אַהיים פֿון וואָקזאַל, האָט פֿאַן יאָנאַס גע-דענקט, אַז שוין מער ווי צוויי וואָכן, האָט ער זיך נישט געזען מיט בראָניען. ער איז די טעג געווען שטאַרק באַשעפֿטיקט, האָט ער נישט אַזוי שטאַרק געדענקט אָן איר, נאָר טרעפֿנדיק דאָ דעם מאַן אַוועקפֿאָרן און גייענדיק איצט אין דער טונקעלער גאַס אינ-טערן ברודיקן שניי־רעגן, האָט זיך אין אים דערוועקט אַ לעבעדע-ניש זי צו זען.

אינאָוונט איז פֿאַן קנאַסטער געווען אין האָטעל „איירא־פּעי-סקי" באַ אַ פּריץ. נאָכן אָפּשמועסן די פֿאַרשידענע פֿערד־געשעפֿטן: העגן טוישן, צוריקקויפֿן און קויפֿן נייע — האָט מען געטרונ-קען קאָניאַק און פֿאַרביסן. ווען פֿאַן יאָנאַס איז אַראָפּגעגאַנגען פֿון פּריץ איז שוין געווען שפּעטער אָוונט. דאָס ברודיקע וועטער האָט נאָך אָנגעהאַלטן: שניי און רעגן, רעגן און שניי. פֿאַן קנאַסטער מיט די כּוסות קאָניאַק אין קאָפּ איז געווען הייטער, זייער הייטער און נישט טראַכטנדיק קיין סך, האָט ער פֿאַר קירעוועט זיין וועג

צו יענער גאס, ווו גאָלדפעלד וווינט. דאָ איז געווען זייער כוסט און ווי אָפּגערוימט; די שוואַךבאַלויכטענע נישט גאָר פּאַראַדנע גאַס האָט אויסגעזען, ווי זי וואָלט געפּוילט און געיוירן אין דער ברודיקער שניי־קאַשע. פאַן יאַנאַס קנאַסטער איז אַרייגגעגאַנגען אין הויז, וואָס פון דאָרט גייט מען אַריין צו גאָלדפעלדן אין געשעפט; צוגעגאַנגען צו דער טיר, אַרויסגענומען פון קעשענע דאָס עלעק־טרישע לעמפּל, באַלויכט דערמיט די טיר, אַ דריק געטון דאָס קנעפּל פון עלעקטרישן גלעקל און געהערט, ווי דערינען האָט זיך צעקלונגען.

ס'האָט געדויערט אַ ווייל. באַלד האָט זיך געהערט פון אי־נעווייניק עפּענען אַ טיר, טריט האָבן זיך אַהער דערנענטערט. עמעץ האָט אַרויסגערעדט אויף פּויליש: „ס'גערופעלב איז שוין פאַרמאַכט". פאַן יאַנאַס האָט דערויף געענטפערט: „אַן אייגענער". די טריט האָבן זיך צוריק דערווייטערט און באַלד איז ווידער עמעץ צוגע־קומען. מאַדאַם גאָלדפעלדס קול האָט געפרעגט; „ווער איז דאָרט?" פאַן קנאַסטער האָט אַ שמייכל געטון אין דער פינסטער און געענט־פערט: „אַן אייגענער". פון דערינען האָט זיך נאָכאַמאָל דערהערט דאָסזעלבע קול: „אָנרופן אַ נאָמען, אַנדערש עפן איך נישט". פאַן קנאַסטער האָט פוןביידע זייטן צוגעשטעלט די הענט צום מויל און אַריינגערעדט אין שליסל־לאָך: „איך, יאַנאַס".

ס'איז פאַרגאַנגען אַ קורצע ווײַלע. נאָכדעם האָט זיך דער־הערט אַ גרילץ פון אַן איבערגעדרייטן שליסל און דער ריגל פון קלאַפּ־שלאָס האָט זיך אַוועקגעמאַכט. ס'האָט זיך געעפנט די טיר און פאַן יאַנאַס קנאַסטער איז געבליבן שטיין פנים אל פנים מיט מאַדאַם גאָלדפעלד.

יאַנאַס האָט זי שאַרף אָנגעקוקט, וואָסער רושם זיין אַריינ־קומען מאַכט אויף איר; נאָר ער האָט אויף איר גאָרנישט דערקענט. זי האָט גערעדט רויק און גלייכגילטיק, ווי צו אַ קונה:

— זאָל דער פאַן אַריינקומען.

ער איז אַריינגעגאַנגען און הינטער זיך די טיר פאַר־מאַכט.

אין געוועלב איז שוין געווען ליכטיק געמאַכט. יאַנאַס האָט

זיך אַרומגעקוקט. אַ חוץ זיי בּיידע איז קיינער מער ניש גע־
ווען. פאַן יאַנאָס האָט איר דערלאַנגט זיין האַנט און באַקומענדיק
איר האַנט, איר אַ קוש געטון.

— וואָס איז געשען? — האָט זי געפרעגט מיט אַ הילכיק
קול, און איצט האָט זיך אין איר שטימע געפילט אומרויקייט.

— ס'איז גאָרנישט געשען — האָט ער שמייכלענדיק פאַר־
זיכערט און שטילער צוגעגעבן: — איך האָב זיך נאָך דיר פאַרבענקט
און אַהערגעקומען.

— פון וואַגען האָסטו געוווּסט, אַז ער איז אַוועקגעפאָרן?

— כ'האָב אים פאַרנאַכט געטראָפן בּײַ דער באַן...

— האָט מען דיר כאָטש נישט נאָכשפּיאָנירט אַהער? —
האָט זי געפרעגט, אין זינען האָבנדיק דעם דאַמאָלסדיקן אַנאָנימען
בריוו.

— זיי רויק.

— וואַרט דאָ אַ ביסל צו — האָט זי געזאָגט.

זי האָט צוריק פינסטער געמאַכט. אים לייכט אַ שטריך גע־
טון איבער דער באַק, ווי צו באַרויקן אים און זי איז אַריינגע־
גאַנגען אין דער טיר, וואָס צו דער וווינונג. ער איז געבליבן
שטיין אין דער פינסטערער קראָם.

מאַדאַם גאָלדפעלד איז אַריינגעגאַנגען אין עס־חדר מיט דער
דעה פאַרצובּרייטן אידזשען (ווייל די שוועסטער איז הייגט אַליין,
איז אידזשאַ דאָ געקומען שלאָפן.) צום פאַן קנאַסטערס וויזיט, נאָר
שוין דעריבּען האָט זי זיך מיישב געווען: „וואָס דאַרף איך זיך
אַרענטפערן?". און זי האָט אידזשען בלויז געזאָגט:

„מיינס אַ באַקאַנטער איז דעריבּען, ער וועט באַלד אַריינ־
קומען". דאָס איז געזאָגט געוואָרן, כדי אידזשאַ זאָל זיך מכין זיין
צום אַריינקומען פון אַ פרעמדן מענטש. צי אידזשאַ האָט עפּעס
פאַרשטאַנען פון דער שוועסטערס טאָן, ווער און וואָס דער געקו־
מענער איז איר? — אידזשאַ האָט זיך בלויז דערהויבן פון היי־
מישן זיצן אויף דער סאָפע, אויף דער גיך אין אָרדנונג געבּרעגגט
די האָר, גלייכגעמאַכט אויף זיך דעם סוועטער און זיך צוריקגע־
זעצט, גרייט אויפצונעמען דער שוועסטערס באַקאַנטן.

מאַדאַם גאָלדפעלד האָט זיך דערווייל אָנגעטון אין אַן אַנדער קלייד — דאָס געפּאַסטע קרעם-זיידענע מיט די קורצע אַרבל — זיך אָפּגעפּודערט, גלייך געמאַכט די פריזור, צוגעגאַנגען צו דער טיר, געעפנט און מיט אַ שמייכעלע פון אַן עלעגאַנטער באַלעבאָס-טע, געבעטן אַריינקומען:

— פראָשען!

פאַן קנאַסטער איז אַריינגעקומען מיטן הוט אין דער האַנט, קאַוואַלעריש זיך נייגנדיק און בוקנדיק. מאַדאַם גאָלדפעלד האָט אים פאָרגעשטעלט אידזשאַן — ער האָט אָנגענומען אידזשאַס אויס-געשטרעקטע האַנט און זי אַ דריק געטון.

אַ ווײַלע שפּעטער איז אידזשאַ געזעסן בײַ דער פּיאַנע און געשפּילט. און פאַן קנאַסטער האָט ערנסט און וויכטיק זיך צוגע-הערט. זי האָט געשפּילט „באַיאַדעראַ“. דעם פאַן יאַנאַס איז דער-דאָזיקער ניגון באַקאַנט געוועזן פון קינאָ, ווו „באַיאַדעראַ“ באַגלייט די „שטיקעס“ אויף דער לייוונט. אידזשאַ האָט געענדיקט דאָס שפּילן און זיך צוגעזעצט צום טיש.

פאַן יאַנאַס האָט זיך אָנגערופן:

— „באַיאַדעראַ“ איז איצט זייער אין דער מאָדע, נאָך מער ווי „דיבוק“.

— דער פאַן איז געוועזן אויף „דיבוק“? — פרעגט אי-דזשאַ.

— אָ, ניין, — שאָקלט זיך פאַן קנאַסטער אָפּ — איך גיי נישט אין יידישן טעאַטער.

— נישטאָ דאָרט וואָס צו זען — איז אידזשאַ מסכים.

— איך וואָלט גאָרנישט פאַרשטאַנען, וואָס מ'רעדט דאָרט אויף דער סצענע — גיט צו מאַדאַם גאָלדפעלד — אַ שטייגער, פאַר איר איז יידיש אַ ווילד-פרעמד אומפאַרשטענדלעך לשון.

— אויף „וועסאָלאַ ווּדוּוקאַ“ בין איך געוועזן אין וואַרשע אין טעאַטער — זאָגט פאַן קנאַסטער — אַן אינטערעסאַנטע אָפּע-רעטקע.

— כ'בין נישט געוועזן דערויף, נאָר מ'זאָגט, אַז ס'איז נישט קיין שלעכט שטיק — שטימט אידזשאַ צו.

מאַדאַם גאָלדפעלד ברענגט אַריין כיבוד: אַ טעווועלע שאָ־קאָלאַד; טראָגט איטלעכן צו, אָפּצוברעכן אַ שטיקל. איצט קומט דער שמועס אַרויף אויף שאָקאָלאַד, וועלכער סאָרט איז בעסער. ס'ווערט דערביי אַ געהאַמפּעריי: מאַדאַם גאָלדפעלד און אידזשאַ פּאַרטיידיקן איין סאָרט פון אַן אינלענדישע פירמע, ווידער פאַן קנאַסטער שטייט שטאָל און אייזן פאַר אַ סאָרט פון אַ שווייצאַרי־שער פירמע.

שפּעטער אַ ביסל, אַז דער שמועס דרייט זיך אַרום פאַר־שטייענדיקן „סילוועסטער באַל" — נעמט מאַדאַם גאָלדפעלד מיט־אַמאָל לאַנג און אָנגעשטרענגט קוקן צום בעטל, ווי איר יינגל שלאָפט און לסוף רופט זי זיך אָן:

— מיר שטערן באַלעקן דעם שלאָף. דאָס יינגל איז היינט עפּעס בישט גאָר געזונט און צוליב אונדז קען ער נישט שלאָפן — מיר וועלן זיך איבערטראָגן מיט אונדזער גאַסט אין שלאָף־חדר.

— גאַנץ ריכטיק — שטימט פאַן יאָנאַס צו און זיי גייען איבער אין שלאָף־חדר.

דאָ הייבן זיי אָן אַ שמועס וועגן פּוטערס, וועלכע פּוטערס ס'זענען איצט אין דער מאָדע און וועלכע קיין אָנשטענדיקער מענטש נעמט מער נישט אויף זיך...

דערנאָך גייט אַוועק אַ שמועס וועגן בריליאַנטן. פאַן קנאַס־טערס אַן אַמאָליקע באַקאַנטע טראָגט אויפן האַלדז אַ קאָליע, גע־פינט זיך דאָרט אַ בריליאַנט פון אַ גוזמא קאַראַט די פאַני גאָלד־פעלד צעלעכצט זיך פלוצלינג אויך נאָך אַ קאָליע מיט אַזאַ ברי־ליאַנט. פון בריליאַנטן קומט דער שמועס אַרויף אויף... היינט: וואָסערע היינט ס'זענען איצט אין דער מאָדע — פון דער וועל־פישער ראָסע אָדער רייגבלוטיקע כאַרטן; פאַן יאָנאַס ווייזט אויף דעם געביט אַרויס גרויסע בקיאות. אויפן סוף גייט דער שמועס איבער אויף דער ערשט נישט לאַנג פאַרענדיקטער מלחמה מיט די באָלשעוויקעס.

פאַן קנאַסטער דערציילט עפּיזאָדן פון זיינע עטלעכע וואָכן מיליטער־דינסט אויפן פראָנט. אידזשאַ דערמאָנט זייער ברודער,

וואָס איז געפאַלן אין דער מלחמה... דער שמועס הייבט אָן זיי נישט אינטערעסאַנט. דער מאַדאַם גאָלדפעלד ווילט זיך געזעגן, נאָר זי האַלט זיך איין. אידזשאַ גיט מיטאַמאָל צו וויסן דער שוועסטער, אַז זי וועט בשום אופן נישט שלאָפן דאָ אין שלאָף-חדר, וואָרים ס'איז דאָ צו הייס. זי וועט זיך ליבערשט אויסבעטן אין עס-צימער אויף דער סאָפע.

בראָניע שטימט גלייך איין:

— איידער זאָלסט מיר אַ גאַנצע נאַכט סטענקען, אַז דו קענסט נישט שלאָפן...

אידזשאַ טראָגט אַריין אין עס-חדר צוויי קישנס, אַ ליילעך און אַ קאָלדרע. דערנאָך קומט זי צוריק אַריין, זי אַנטשולדיקט זיך פאַרן פאַן קנאַסטער, וואָס זי לאָזט איבער זיין אָנגענעמע געזעלשאַפט און גייט שלאָפן. זי בעט מיט אַ חנדל, ער זאָל זי נישט צורעכענען צו די פאַרשלאָפענע, היינט איז אַן אויסנאַם: זי איז זייער מיד און, דאַכט זיך, אַז דער קאָפּ טוט איר אויך אַ ביסל וויי...

— בראָניאַ — ווענדט זי זיך צו דער שוועסטער — זאָלסט דאָ שטאַרק פאַרענטפערן מיין היינטיקע נישט העפלעכקייט.

זי דערלאַנגט איר הענטל דעם פאַן קנאַסטער צום אָפּשייד. ער כאַפּט זיך אויף פון דער שטול, גלייכט זיך אויס ווי אַ סטרונע, קושט אידזשאַס האַנט און באַדויערט זייער איר היינטיקן קאָפּ-ווייטיק...

אידזשאַ זאָגט „דאָבראַנאָץ", גייט אַרויס און פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר.

ווען פון עס-צימער הערט זיך מער נישט קיין שום געשאָרך, פרעגט זיך מאַדאַם גאָלדפעלד נאָך באַם פאַן יאַנאַס:

— אידזשאַ איז שיין — נישט וואָר?

— זייער שיין, — איז פאַן קנאַסטער מסכים.

— שענער פון מיר? — פרעגט זי ווייטער מיט אַ גראָב מגושמדיק שמייכעלע.

— ניין — רוימט איר פאַן קנאַסטער איין אין אויער — דו ביסט שענער. זי איז נאָך אַ ביסל צו „יאַלאָווע"...

— שווייג דו! — גיט זי אים אַ פּעטשל איבער זיין מויל מיט די דיקע ליפּן.

פון זיינס אַן אומפאַרזיכטיקער באַוועגונג פאַלט אום די שטול, אויף וועלכער אידזשאַ איז געזעסן. פון קלאַפּ קומט אויף פון שלאָף דאָס פינפיעריקע מיידעלע, וואָס איר בעטל שטייט נישט ווייט פון הייסן אויון — און וויינט. מאַדאַם גאָלדפעלד דרייט אַראָפּ די עלעקטרי. ס'ווערט פינסטער, דאָס מיידעלע, אָנשטאָט צו באַרוּיקן זיך, נעמט נאָך העכער וויינען. מאַדאַם גאָלדפעלד גייט צו צום קינד: „שלאָף" — זאָגט זי און שטופּט דעם קינד אַ שטיקל שאָקאָלאַד אין מויל אריין — „שלאָף" — זאָגט זי נאָכאַמאָל שטרענג.

דאָס קינד שלאָפט צוריק איין מיטן שטיקל שאָקאָלאַד אין מויל. מאַדאַם גאָלדפעלד גייט אָפּ פון קינדס בעטל.

אינדערפינסטער באַגעגנט זי זיך מיטן פּאַן יאַנאַס. אַרום איז שטיל און נאַכטיק...

## קאַפּיטל 11.

אָנקומענדיק אינדערפרי מיט דער קליינבאַן אויף דער שטעטלדיקער סטאַציע, איז גאָלדפעלד נישט צוגעגאַנגען אַהײם צום פאָטער דעם דאָרטיקן שוחט, נאָר גלייך, פון דער סטאַציע, גענומען אַ ביטשקע און זיך געהייסן צופירן די עטלעכע וויאָרסט צו זיין פאָלוואַרק.

אויפן פאָלוואַרק האָט גאָלדפעלדן דער דאָרט זיצנדיקער פויער, דער דייטש, מקבל פנים געווען, טאַקע ווי עס קומט אַ שררה, נאָר דער באַריכט, וואָס ער האָט אים אָפּגעגעבן, איז גאָרנישט געווען קיין פרייליכער: ערשט מיט עטלעכע טעג צוריק, איז אַהערגע־קומען פון שטעטל דער שותף, דער שניידער. — ער האָט צוגענו־מען דעם לעצטן טאָרף פון דער שאָפּע אַרויס, געלאָזט אויסהאַקן ביימער פון יינגן וועלדל, דאָס אַלץ אָפּגעשיקט צו זיך אַהיים. דער־נאָך איז ער ווידער געקומען, מיטגעבראַכט מיט זיך אַ פויער און אים געשטעלט אין שייער דרעשן קאָרן.

גאָלדפעלד איז קודם אַריינגעגאַנגען אין שייער — געטון

דעם גרויסן געשריי אויף דעם פרעמדן פויער, ווער עס האָט אים דערלויבט דרעשן זיין, גאָלדפעלדס, קאָרן.

דער פויער, אַ גרויער, מיט צעקרומטע פיס, האָט זיך דער־שראָקן, דערזעענדיק פאַר זיך דעם אמתן „דזעדזשיץ״ און אַוועק־געוואָרפן פון האַנט דעם דרעשער. ער האָט געשטעלט דעם־דאָזיקן פויער אַלס עדות, אַז ער האָט נישט געוואָלט דרעשן, נאָר דער קראַוויעץ זעלע, האָט אים נישט אָפּגעלאָזט, פאַרזיכערנ־דיק, אַז אַלץ דאָ געהער בלויז. אים

דער פויער האָט זיך אָנגעטון די בורקע, דאָס באַראַנקאָווע היטל, גענומען דאָס דרעשער־האָלץ און אַוועקגעגאַנגען אַהיים צו זיך אין דערלעבנדיקן דאָרף.

גאָלדפעלד האָט פאַרשלאָסן דעם שייער, אַריינגעלייגט דעם שליסל צו זיך אין קעשענע און זיך אַ נעם געטון מיט טענות צו זיין פויער, פאַרוואָס ער לאָזט דאָ עפּעס רירן אָן זיין, דעם אמתן באַלעבאָס, וויסן.

דער פויער האָט פאַרצווייפלט געמאַכט מיט די פּליי־צעס:

— יענער, דער שניידער, האָט די זעלבע טענות: פאַרוואָס איך לאָז איך נעמען אָן זיין וויסן...

— אַזוי זאָגט ער? — ווערט גאָלדפעלד אין כעס — נו, ס'וועט שוין פון איצט אָן אַנדערש ווערן.

אַ גאַנצן טאָג האָט גאָלדפעלד פאַרברענגט אין דאָרף, אוי־מעטום נאָכגעקוקט, איבערגעציילט די גרעסערעביימער אין וואַלד און אַלץ איינגעשריבן באַ זיך אין ביכל.

דער פויער האָט געקלאָגט: דער ווינטער הייבט זיך ערשט אָן — און דאָ איז שוין נישטאָ קיין טאָרף, דאָס לעצטע ביסל קאָרן נעמט מען אים אויך צו. ווי אַזוי מיינען די באַלעבאַטים, זאָל ער און די קינדער דאָ קענען לעבן און נאָך האָבן פאַר די בהמות אויך?

גאָלדפעלד האָט דעם פויער באַשאָנקען מיט אַ פּאַפּירענער אַסיגנאַציע, וועלכע ציילט זיך אין די סך טויזנטער, נאָר האָט אַ גאָר קנאַפּן ווערט — אים צוגעזאָגט נאָך אַ סך מער, נאָר ער זאָל

זיין אויף זיין זייט קענען שותף. און וועגן אַלעם, וואָס דער שותף וועט דאָ רירן — צו וויסן טון גאָלדפעלדן דורך אַ בריוו, אָדער נאָך בעסער: אַליין אַהינקומען צו פאָרן. און גאָלדפעלד האָט דעם פויער געמאַכט חשק מיט אַן אָנצוהערעניש, אַז צו אַזאַ נסיעה וועט ער נישט דערלייגן — דער פויער. ניין, ער וועט זיכער נישט אַהיימקומען מיט די ליידיקע הענט...

פאַרנאַכט האָט דער פויער איינגעשפאַנט די פערד, אָפּגעפירט דעם „דזשעדושיק" אין שטעטל און אים אָפּגעשטעלט פאַר דעם הייזל, וווּ עס וווינט זיין פאָטער, דער שוחט.

דער פאָטער איז נאָכנישט געווען אינדערהיים פון דאַווענען מעריב. די שטיפמוטער — מיט אַ קעציש געגגל און מיט גרינע שפּמאַמישע אויגן — האָט, דערזעענדיק אַריינקומען שלומען מיט אַ וואַליזקע, אַזש אַ פּאַטש געטון מיט די הענט פון פריידיקער איבעראַשונג.

— ס'האָט זיך מיר טאַקע אַנומלטן געחלומט, אַז דו ביסט געקומען — האָט זי גערעדט מיט אַ צעשיינט פנים — אָבער אַזוי אומגעריכט — — — ערשט די וואָך געהאַט פון דיר אַ גרוס דורך צימעסן. און וואָס מאַכט בראָניע און די קינדער? אָבער וואָס שטיי איך? וויי, וויי, נישט געקריגן צו מאָל היינט דאָס קווערטל מילך. אַ כלבטע: די גאַנצע מילך דאַרף זי פאַר זיך אויף דער בייזער חגאַ. ביסט דאָך אוודאי הונגעריק, — אַ קלייניקייט: אַזאַ פאַרשוואַרצונג!

ר' ליפּע איז אַהיימגעקומען פון „מעריב". ער האָט דעם זון געגעבן „שלום", אַדורכגעוואָרפן אַ פּאָר ווערטער, ווי סתם פאַר העפלעכקייט וועגן. — געפרעגט דאָס ווייב, וווּ מירל איז, אויף וואָס ער האָט געקריגן אַן ענטפער, אַז נאָכמיטאָג איז זי ערגעץ אַוועקגעגאַנגען און דעריבער האָט זי, די שטיפמוטער, פאַרשפעטיקט היינט די מילך און וועט נישט האָבן צו דער וועטשערע.

ס'נאַכט־עסן איז נאָכנישט געווען פאַרטיק און ר' ליפּע האָט דערווייל גענומען אַריינקוקן אין אַ ספר.

די שטיפמוטער האָט זיך אַלץ נישט געקענט בארויקן:

— כ׳וואָלט כאָטש געהאַט אַ ביסל מילך.

און באַלד געפינט זי אַ טרייסט.

— טיי וועט באַלד זיין.

גאָלדפעלד האָט אַרויסגענומען פון דער וואַליזע די מיטגע־בּרענגטע מתנות: אַ טאָרבעלע צוקער, אַ טאָרבעלע רייז, אַ פּעקע־לע טיי, אַ פּעקל ציקאָריע, אַ ביסל קאַווע... ער האָט די אַלע פּעקלעך אויסגעלייגט אויפן טיש, ברייט, ווי אויף אַ קראָם־פּאָליצע, ס׳זאָל פאַרנעמען אָרט... דערווייל איז פאַרטיק געוואָרן די וועטשערע. ר׳ ליפּע האָט זיך געוואַשן און געזעצט עסן. דער זון האָט זיך אָפּגעזאָגט פון מיטהאַלטן מיטן פאָטער: ער האָט זיך מיטגע־בּרענגט עסן. — ער האָט פאַר זיך אַרויסגענומען פון דער וואַ־ליזע וואורשט, זעמל. דערנאָך האָט ער געעפנט דאָס פאַרן פאָטערס וועגן געבּרענגטע פּעקל טיי, אַריינגעשיט דערפון אַ ביסל אין טשיי־ניקל און געהייסן דער מומען דאָס אויפבּריען.

די מומע האָט אַריינגעבּרענגט אַ גלאָז טיי. זי האָט דער־בּליקט דעם וואורשט און די הענט פאַרבראָכן:

— באַנאַכט וואורשט!... ס׳איז דאָך סם פאַרן מאָגן.

גאָלדפעלד האָט זי באַרויקט, אַז אינדערהיים עסט ער יעדן אָוונט און ס׳שאַדט אים נישט.

ער האָט זיך געזעצט עסן. דער פאָטער האָט דערמאַנט: דער זון האָט אומצופרידן דערהויבן זיך. די שטיפמוטער האָט אים אַריינגעבּרענגט אַ שעפּ וואַסער און אַ שפּיגל־ריין האַנטוך. גאָלד־פעלד האָט זיך געוואַשן, אָפּגעווישט די הענט, צוריקגעקומען צום טיש, אַלץ נאָך מיט דער אומצופרידענער מינע.

ווען גאָלדפעלד האָט געהאַלטן באַם טרינקען די טיי, האָט ער אויפגעפּאַקט דאָס מיטגעבּרענגטע טאָרבעלע צוקער, אַריינ־געשטעקט דאָס טיי־לעפעלע, עטלעכע מאָל אָנגענומען אַ פול לעפע־לע צוקער און אַריינגעשיט צו זיך אין גלאָז טיי אַריין. און דער פאָטער, זיצנדיק באַם צווייטן עק טיש און עסנדיק זיין ברויט מיט קאַווע, האָט זיך באַ זיך אין האַרץ געחידושט, ווי זיין זון איז שוין אויף אַזאַ חזיר, קען טרינקען העלפט טיי, העלפט צוקער —

פֿון גאַרנישט! ער, ר׳ ליפּע, וואָלט אַזאַ קלעפּיקע זיסקייט נישט געקענט אין מויל נעמען.

נאָכן נאַכטעסן איז גאָלדפעלד אַוועק צו זיין פּאָלוואַרק־שותף, צו זעליק הערש צימעסן.

צימעס האָט גאָלדפעלדן קאַלט אויפגענומען. מכּוח פאָרן מאָרגן אין פּאָלוואַרק, האָט ער תּחילת נישט געוואָלט הערן. „מאָרגן — האָט ער געטענהט — איז דער קורצער פרייטיק און פאַר אַ חגא־מאַרק. — ניין, מאָרגן האָט ער נישט קיין צייט". ערשט, אַז די ידיעה האָט אים אַריינגערופן אין צווייטן חדר, וואָס איז פול באַהאָנגען מיט קורטקעס און אַנצוגען — און דערינען אַ ווײַלע מיט אים זיך געסודעט, איז צימעס אַריינגעקומען און מסכּים געווען, צוגעבנדיק דערביי, אַז הגם ער ווייסט נישט צוּוואָס, נאָר אַז דער שותּף האָט זיערוּען הוצאות געמאַכט אין אַהערגעקומען ממש ערב שבת, וועט ער אים צוליב טון און מיט אים אַרויספאָרן מאָרגן, אם ירצה השם באַלד נאָכן דאַווענען.

צומאָרגנס אַ גאַנצן טאָג האָבן די שותּפים פאַרבראַכט אין פּאָלוואַרק. זעליק הערש האָט שווייגנדיק געלאָזט גאָלדפעלדן רעדן, אויפל און וואָס ער האָט נאָר חשק געהאַט. נאָר, אַז ס'איז געקומען צו דעם, אַז גאָלדפעלד וועט נישט לאָזן רירן פון אָרט דעם געדראָשענעם קאָרן, האָט זעליק הערש דעם קאָפּ דערהויבן מיט אַ ברום:

— און איר האָט געמעגט נעמען? ...

— מיר האָבן דאָך אָבער עפּעס אָפּגעמאַכט. און אַ היינט דעם, אייערע ציגן, וואָס געפינען זיך דאָ אויף ווינטער־פּאַשע און די פערד וואָס איר באַנוצט...

— איך ווייס גאָרנישט — האָט זעליק הערש גענומען סאַפּען — אויב איר מעגט נעמען, מעג איך אויך.

זיי זענען לסוף דורכגעקומען וועגן דעם געדראָשענעם קאָרן: ביידע וועלן נעמען — זעליק הערש אַ ביסל מער, גאָלדפעלד — ווייניקער. נאָר אַז ס'האָט געהאַלטן בײַם מאַכן אַ כּתב אויף ווייטער גאָרנישט צו רירן איינער אָן דעם צווייטנס וויסן, האָט זעליק הערש מיט חשד באַטראַכט דאָס אָנגעשריבענע צעטעלע, וואָס

גאָלדפעלד האָט אים איבטערגעטראָגן און נישט קיין חשק געהאַט אונטערצוחתמענען זיין נאָמען.

— כ'מוז פריִער איבערגעדן מיט מיין ייִדענע.

גאָלדפעלד איז פון דאָרף שפּעט אַהיימגעקומען. אין עס־חדר איז שוין געווען שבתדיק. אויפן טיש האָבן געברענט דריי פּאָר לייכטער, אַ חוץ אין די רערן אָנגעפּעסטיקט אָן די ווענט. דער פאָטער איז שוין געווען באַם דאַווענען. די מומע האָט גאָלד־פעלדן אַריינגעגעבן וואַסער צו וואַשן זיך. זי האָט באַדויערט, וואָס ער איז אַזוי שפּעט אַהיימגעקומען. „איצט איז שוין נאָך ליכט־צינדן, מ'טאָר ש־ין נישט עסן פאַר קידוש; פריִער וואָלט ער געגעסן אַ שטיקל פיש מיט אַ קיכל און ס'איז געווען אַ ביסל קאַ־טשענע גריוון".

בשעת גאָלדפעלד האָט זיך אָפּגעוואַשן, האָט זיך פון הינ־טער דער שויבנטיר, וואָס פירט אין אַלקער, געהערט הוסטן. גאָלדפעלד האָט עפּעס פלוצלינג פאַרגעסן זיין פרינציפּ, אַז „פון פרעגן קומט נישט צו אין קעשענע" און געפרעגט:

— ווער הוסט אַזוי דערינען?

— מירל — האָט די שטיפמוטער געענטפערט גלייכגיל־טיק.

— זי ליגט?

— נישט שטענדיק — היינט האָט זי זיך פאַרנאַכט אַ ביסל צוגעלענט.

— זי איז דען עפּעס נישט געזונט? — פרעגט גאָלדפעלד, כלומרשט, ווי ער ווייסט גאָרנישט...

— באַלד נישט געזונט — מאַכט עס די שטיפמוטער ווייך — זי הוסט נאָר אַ ביסל און טיילמאָל שטיקט איר, זאָגט זי, דער אָטעם.

און די מומע האָט גלייך גענומען רעדן מיטן ניגון פון אַ קלאָג־זעמרל:

— מיין זלאַטקעלע נעבעך איז קראַנק, האָט נישט קיין אַפּעטיט צום עסן. דער דאָקטער האַלט אין איין שרייען, כ'זאָל איר

נעבן לובינג, פרעג איך אים, פאַניע דאָקטאָר, פון װאַנען זאָל איך נעמען לובינג, אַז כ'האָב קוים אויף ברויט. . .

און זי װיינט שוין און װישט זיך די אויגן.

בשעת דער פריטיק צונאַכטס-מאָלצייט איז דער קליינער עולם געזעסן אַרום שבתדיק באַלויכטענעם טיש, אויבן אָן — ר' ליפּע מיט דער לאַנגער גרויער באָרד און הויכן סאַמעטענעם היטל. פון איין זייט — דער בן יחיד, דער גאַסט, לעבן אים — מירל, די שוועסטער גאָלדפעלדס; פון דער צווייטער זייט ר' ליפּעס װייב — די שבת-ליכט בענטשערי, לעבן איר דאָס טעכטערל אירס — אַ גרינס, אַ צעװירנס, װעלכעס זי, די מאַמע, האָט זיך מיטגעבראַכט אַהער פון ערשטן מאַן, צוזאַמען מיטן בעטגעוואַנט אין שבתדיק פעלן שייטל. מירל אַ הויך, מאָגער מיידל מיט רויטע פלעקן אויף די איינגעפאַלענע באַקן, האָט אָפט אונטערגעהוסט. דער פאָטער אַפּנים, האָט זיך פאַרשטאַנען אויף דעם מין הוסטן. ער האָט אָלץ דערהויבן די יידיש פאַרעצבותטע טונקעלע אויגן, זי אָנגעקוקט, נאָר קענטיק דערמאַנענדיק זיך, אַז ס'איז שבת, האָט ער מיט כוח דערשטיקט אַ קרעכץ:

— ביינישן — פרעגט זיך דער פאָטער נאָך באַם זון — שיקסטו אין הדר?

— װאָס עפּעס אין חדר? — האָט גאָלדפעלד פאַריבל — אין שול שיק איך אים.

— טראַכסט גאָרנישט — ער זאָל אויסוואַקסן אַ ייד?

— ער װעט שוין זיין אַ ייד.

— פונוואַנען ביסטו דאָס אַזוי זיכער?

ער איז שוין היינט אַ ייד. . . — דערקלערט גאָלדפעלד — ער לייענט העברעיש װי אַ װאַסער און פאַרשטייט. . .

ר' ליפּע קומט שיער אַרויס פון שבתדיקן גלייכגעוויכט.

— איך װייס נישט — קאָכט ער זיך — כ'װייס נישט, װאָס באַ זיי הייסט ייד! ער טראָגט נישט קיין ציצית, דאַוונט נישט, איז מחלל ש.ת, װייסט נישט פון קיין יידישקייט. . . אדרבה, גיב מיר צו פאַרשטיין, װי אַזוי איז מען אַ ייד אָן יידישקייט?

גאָלדפעלד ווייסט נישט דעם פאָטער וואָס צו ענטפערן, פאָרט ער אַרויס מיט דער חוצפּה פון אַן אויפגעקומענעם:

— און וואָס, למשל, האָבן אַנדערע פון זייער ייִדישקייט? קוועלן זיך, מאַטערן זיך אין דחקות ס'גאַנצע לעבן. — און ער קוקט דערביי קאַלט אַן דעם פאָטער.

— און דו אַן ייִדישקייט, הייסט עס, לעבסט דיר בעסער? — פרעגט דער פאָטער געלאַסן.

— ווייס איך — מאַכט דער זון מיט אַ גאוהדיקן זשעסט — זאָג דו מיר, ווי איך לעב, דו ווייסט דאָך אויך.

— וועל איך דיר טאַקע אַמאָל זאָגן, וואָס איך ווייס: — אויב בא דיר אינדערהיים, אין דיין שטוב, אין שטענדיקן יאָרמאַרק און ומאָרדנונג, אָן שבת־ו, אָן עונג יום־טוב, בלויז מיטן גרעסערן שטיק פיש און שטיק פלייש — און גלייך צוריק אַריין אין היהאַ — הייסט „עולם הזה“, האָב איך מער עולם הזה, ווי דו און דיינס גלייכן.

גאָלדפעלד לאָזט אַראָפּ די נאָז. די שטיפמוטער רעדט אויס דעם מאַן:

— מ'האָט שוין אַמאָל שלומען אויף אַ שבת, מאַכט ער איס זויער און ביטער.

שבת־צו־נאַכט נאָך הבדלה איז ווידער געקומען צו אַ העפטיקן שמועס צווישן פאָטער זון.

— און וואָס וועט זיין מיט מירלען? — פרעגט דער פאָטער — זי צאַנקט דאָך ווי אַ ליכט.

— קען איך דען אַלע פאַרזאָרגן — גיט גאָלדפעלד הינטער דער נאָז אַ ברום.

— „אַלע“ — זאָגסטו? און אַז זי איז בא דיר קראַנק געוואָרן?

— וואָס איז — ענטפערט דער זון צוריק האַרט — זי האָט אַ ביסל צוגעהאָלפן אין שטוב? — האָט זי געדאַרפט ליידיק זיצן, װאָלט איר מיין פרוי אונטערגעטראָגן.

— דיין ווייב — איז ר' ליפּע בלאַס געוואָרן און אויסגע-

שריגן — דיין ווייב האָט זיך געלאָזט פון איר באַדינען, ווי פון קיין שום דינסט.

— מיין פרוי — זאָגט גאָלדפעלד גאווהדיק — האָט מיך פאַר אַ מאַן, זי דאַרף גאָרנישט טון.

— אָבער דיין שוועסטער — אין קראָם און אין שטוב, אין שפייכלער און אין קעלער. ווי אַ פערד האָט זי באַ דיר געאַרבעט, ווי אַ שלעפּפערד.

— אַלע ליגט איר נעבעך צו מיר צו — מאַכט גאָלדפעלד פילדייטיק.

דער פאָטער ליגט אַוועק אויפן בעט דעם נאָכנישט איגגאַנצן צונאַמענגעלייגטן טלית.

— האָסט ערשט געזאָגט, אַז מ'לייגט נישט צו צו דיר — חייסטו, מיין זון, פאַרוואָס כ'האָב נישט קיין פּרנסה, פאַרוואָס מ'האָט מיר אַראָפּגעריסן פון דער שחיטה? אָט הער: אומעטום פויקסטו, אַז דו גיסט, אַז דו האַלטסט אויס די משפחה. אַנטמלטן איז זעליק הערש טאַנדייטער געקומען פון דיר אויך מיט אַזאַ פּזמון. זאָגט קהל: אויב דער זון גיט — דאַרפן מיר נישט געבן.

ער קוקט אָן דעם זון, שאָקלט מיטן גרויען קאָפּ און רעדט צעווייטיקט:

— שלום, ביסט מיין זון! אמת, פאַר קיין מענטש מיט הארץ האָב איך דיך קיינמאָל נישט געהאַלטן. נאָך אַלס בחור, אַז דו האָסט נאָר אָנגעהויבן צו פאַרדינען, האָסטו פאַר זיך געקויפט שאָקאָלאַד, נאַשוואַרג, דאָס איינגעשלאָסן באַ זיך אין שופלאָד און די איבעריקע קינדער, דיינע שוועסטערן, וואָס האָבן אַזעלכעס פאַר די אויגן נישט געזען, האָסטו קיינמאָל קיין פיצל נישט געגעבן. די וועש האָבן זיי דיר געלאַטעט, ווי אַ מאַמע איז יעדע באַזונדער צו דיר געווען און דו צו זיי אַ שטיין! ס'איז טאַקע רשעות, אָבער איך האָב געזען דערינען מער נאַרישקייט, ווי שלעכטקייט, האָב איך מיר געטראַכט: ער וועט חתונה האָבן, ווערן אַ מענטש פאַר זיך, וועט ער קריגן בעסערע מידות אויך — און איצט, וואָס זע איך? דיין שוואָגער, דיין שוועסטערס מאַן צווינג-

סטו באַ דיר צו אַרבעטן שבת, ווי אַן עבד כנעני, האַלטסטו אים ווי אַ הונט.

דער זון, וואָס האָט דעם פאָטערס רייד אויסגעהערט מיט אַ רויט פנים און בייזע אויגן, הייבט אָן:

— איך צווינג אים גאָרנישט — רעדט ער קאַלט — בײַ מיר מוז מען אַרבעטן ס'גאַנצע יאָר, יעדן טאָג. אויב ער וויל נישט — אדרבה, קען ער זיך זוכן אַן אַנדערע שטעל, איך וועל קריגן אַ מענטש אַ בעסערן און פאַר ביליקער.

ר' ליפּען גייען איבער די אויגן. ער טרייסט זיך אַזוי:

— אַ זומפּ איז דיין שטוב. אַ תל ווערט דאָרט פון מיין הויז-געזינט.

ער דערהייבט זיינע הענט, ווי צו אַ תפילה און רעדט מער אין זיך ווי צום זון:

— איין בקשה האָב איך צום שוכן שחקים: ער זאָל מיר נאָך ווייזן דיך אַלס אָרימאַן, אַלס אביון, וועל איך קענען רויק פון דער וועלט גיין מיט דער האָפנונג, אַז מיינע אייניקלעך וועלן זיך נישט שמדן.

שפּעט אין אָוונט איז גאָלדפעלד צוריקגעקומען פון שותף מיט אַ צעטעלע אין טאַש, געשריבן אין יידיש און אונטערגע-חתמעט פון ביידע שותפים, אַז קיינער פון זיי טאָר גאָרנישט אַהיימנעמען פון פּאָלוואַרק, נאָר אַז עס טרעפט אַמאָל און איינער נעמט יאָ — מעג דער צווייטער שותף נעמען אויך אַזוי פיל און נישט מער.

ר' ליפּע איז געווען אין שעכט-הויז. די מומע האָט פאַר שלומען געגרייט צום טיש. אַ חלה, אַ שטיקל פיש, פלייש און אַלס סיורפּריז, נאָך אַ ברעקל קוגל איבערגעלאָזט פון מיטאָג.

גאָלדפעלד האָט זיך אָנגעגעסן, נאָכגעטרונקען טיי. דערנאָך האָט ער זיך גרייט געמאַכט דאָס וואַליזקעלע צום אַהיימפאָרן פאַר-טאָגס, און פאַרן אַריינגיין שלאָפן אין אַלקער. האָט ער דער-מאָנט איינגעשטעקט אין האַנט אַ פּאַפּיר-אַסיגנאַציע, וועלכע ציילט קיים עטלעכע טויזנטער וויניקער, ווי דאָס פּאַפּירל, וואָס ער האָט אייערנעכטן געגעבן דעם פויער אויפן פּאָלוואַרק — און געגעבן

האָט ער איר דאָס מיט אַ פּאַראַדנעַר גרויסקייט, אַ שטייגער, ווי ער וואָלט בשעת מעשה אין זינען געהאַט: דאָס איז פאַרן שבת, פאַר זלאַטקעלען אויף לובינג און די רעשט פאַרן קניפּל, וואָס ליגט פאַרשטעקט אין שטרוי־זאַק. די שטיפמוטער אָבער האָט דאָס פּאַפּירל, ווייזט אויס, שטאַרק אַנטוישט. זי האָט הויך אַ זיפץ געטון און אויף שלומס „גוטע נאַכט", האָט זי געענטפערט מיט גאָר אַ קאַלטן שטיפמאַמיש קורצן:

— „גוט יאָר"

## קאַפּיטל 12.

נאָך די חגאות האָט זיך דער האַנדלס־טומל און פאַרדינ־הו־האַ איך אַ ווײַלע אַ ביסל אַ שטעל אָפּ געטון, געבליבן ווי הענ־גען אין דער לופט.

איך דער הויפּט־גאַס, ווו די שוואַרצע בערזע געפינט זיך, איז שטיל און רויק — נישט קיין אָבלאַוועס פון דער פּאָליציי איך אַזעלכע, וואָס האָבן באַ זיך אויסלענדישע וואַליוטע און נישט קיין נאָכשפּיאָנירן פון געהיים־אַגענטן נאָך געלט־הענדלער. די וואַ־ליוטניקעס האָבן איצט טעגווייז פאַרבּרענגט אין „קאַפע־לאָנדאָן" אין הינטער־שטיבל באַ די ביליאַרד־טישן. „געאַרבעט" אָן מאַרי־נאַרקעס אין די הוילע העמד־אַרבל, געזידלט זיך, גלייך צוריק שלום געוואָרן און געהאָפט, אַז אָט־אָט וועט זיך דער האַנדל צו־ריק „אַ ריר" טון...

עלטערע, געזעצטע, זענען געזעסן אין אַ גרוים־ליכטיק פּעדער־חדר, וואָס מיט די אָפענע טירן צו דער גאַס, געשפּילט דאַמקע איך אַ גלאָז' טיי מיט צובּייס און אָפּגעחוזקט פון ישנע,

וואָס זענען געבליבן חמצדיק מיט אַ היפּש פּעקל אַמעריקאַנער „מציאות...“

אינדרויסן פאַר דער קאַוויאַרניע אויף דער ביז איצט שטאַרק באַלעבעטער גאַס זענען וואַליוטניקעס אַרומגעקראָכן איינציקווייז און צו עטלעכע, פאַרגענעצטע, קוים זיך רירנדיקע, ווי פליגן אין האַרבסט.

קריכן זיי אַרום די ערשט מיט אַ צוויי וואָכן צוריק ריזיקווידיקע, פלינקע געלט-הענדלער, קלאַפּן פאַר לאַנגווייל מיט די האַנטשטעקעלעך אָן טראָטואַר, קוקן אויפן טורעם-זייגער, צי ס'איז שוין צייט אַהיימצוגיין מיטאָג עסן, און מיט די זייערע מינעס דערמאָנען זיי אַ חסיד אַ קבצן — צומאָרגנס נאָך שמחת-תורה.

ס'לויפט פון ערגעץ אָן אַ קליינשטעטלדיק שוואַרץ באַוואַקסן יידל. דאָס יידל — אַ דערשראָקענער, וואָס ער טראָגט בײַ זיך אַזאַ טרפה אַרטיקל — דאָלאַרן... — זוכט אַ געלט-הענדלער. ער אײַלט צו צו אַ וואַליוטניק, וואָס שפּאַצירט זיך חול-המועד-מעסיק פוסט און פּאַס, און אין פאַרבײַגיין שטעקט אים דאָס שוואַרץ-באַוואַקסענע יידל אָפּ אַ סוד, געהיימניספול, ווי אַ גאַסנמיידל, ווען זי רופט אַ זכר פון אַ באַלעבעטער גאַס:

— כ'האָב „לאַנגע“...

און דער וואַליוטניק, מיט אַ בלאָנד בערדל און שאַרפקוקנדיקע אויגן, ענטפערט דעם פּראָווינצער יידל אָפּ לצנותדיק מיט דערזעלבער געהיימניספולער מינע:

— האַלט אײַך זיי געזונטערהייט.

— כ'האָב „לאָקשן“ — זאָגט ער שוין דרייסטער.

— באַגיסט אײַך זיי מיט יויך... — קריגט ער אָן ענטפער אויף זײַן אָנבאָט. ביז דאָס יידל טרעפט ענדלעך אָן אַ ריזיקאַנט.

— וויפיל זאָל עס קאָסטן?

— און וויפיל צאָלט איר?

דער וואַליוטניק — אַ בחור אַן אויסגעפּוצטער — באָט אָן אַ שפּאָט פּרייז. דאָס יידל אַנטלויפט נישט. ער באַדויערט בלויז:

— מ'האָט מיר אינדערהיים געוואָלט טײַערער צאָלן.

— טאָ נעמט איך זיי צוריק אַהיים — זאָגט דער קויפער גלייכגילטיק.

זיי קומען לסוף אַדורך. אין אַ טויער ווערט דאָס געשעפט דערליידיקט. דאָס ייִדל לאָזט זיך לויפן צום וואָגן, וואָס וואַרט אויף אים אַהיימצופאָרן, און דער בחור מיט דער איינגעהאַנדלטער „מציאה“ אין קעשענע, גייט אַרויס פון טויער מיט אַ מינע פון „אויך מיר אַ געשעפט“.

נישטאָ וואָס צו טון, קוקט מען נאָך פאַרביישפּאַצירנדיקע פרויען — שפּעקולאַנטן־ווייבער, דיקע, אויסגעפּאַשעטע אין פּאָקמאַנטלען, אין קאַראַקולן — שפּאַנען שטייף, פראַכנדיק, ווי די פעטע גענדז... אָט גייט מאָריץ קרול — אַ בחור אין אַ פוטער מיט אַ סך פאַרהיילטע דראָפּע סמנים אויפן פּנים. מיט אַ זעקס חדשים צוריק, האָט דערדאָזיקער קרול נישט פאַרמאָגט זיין אייגנס קיין גאַנצע פּאָר הויזן, און היינט איז אים געבליבן נאָך דער „האָסע“ אַ היפּש פּעקל „לאָקשן“ — איז ער טאַקע פריילעך און זאָרגלאָז. ער קוקט נאָך אַ „פּאַסקאַרושס“ פרוי — אַ דיקע מיט אַ גוידער, אין אַ פוטער און זאַמש־היט — ער ווינקט אויף איר חשבון מיט אַן אייגל צו די אַרומיקע:

— האָט איר מאַן איצט מאָגערע טעג, האָט ער דערפאַר פעטע נעכט...

---

באַ גאָלדפעלדן אין געשעפט איז שטיל, טויט ווי אין אַ קליינשטעטלדיקן בית מדרש הושענה־רבה נאָכן דאַווענען. גאָלדפעלדן טוט הנאה, וואָס ער איז נישט איינגעגאַנגען מיט פינטשעווסקין אין שותפות מכוח אָפּקויפן אין דער ציקאָריע־פאַבריק דעם גאַנצן קאָנטיגענט אויסאַרבעטונג פון יאָר.

— ער וועט דעם קאָפּ צוליייגן — זאָגט גאָלדפעלד וועגן פינטשעווסקין.

און צו דער פרוי ווענדט זיך גאָלדפעלד מכּוח אַ באַשטע־טיקונג פון זיינע פעאיקייטן:

— בראָניע, דיין מאַן האָט אַ „שמעקער“, הע

זי אָבער וויל אים דעם „שמעקער“ נישט לאָזן באַקוי־מען:

— ס'איז גאָרנישט אַזוי שווער געווען צו פאַרשטיין, אַז פינטשעווסקיס געשעפט טויג נישט — זאָגט זי קאַלט.

קריכן טעג, לאַנגווייליקע פוסטע. אָט איז שוין ווידער שבת. נאָכמיטאָג האָט גאָלדפעלד היינט באַפרייט זיינע „מענטשן“ פון צוריקקומען אין געשעפט. ס'איז פאַרמיטאָג אויך נישט געווען, וואָס צו טאָן. שפּילמאַן, דער צווייטער „מענטש“ האָט געהאַט עטלעכע קלייניקייטן צו דערליידיקן אין גאַס: אין באַנק און בײַ סוחרים; געצל קישטיין אַלס אייגענער, איז געבליבן אין געוועלב. ער האָט געהאָלפן דער דינסט אַרויפברענגען פון קעלער קוילן איינצוהייצן, צוזאַמען געקלאַפּט אַ צעשיטן קאַסטן... נאָכמיטאָג זענען שוין די מענטשן נישט צוריקגעקומען.

אין עס־חדר האָט די דינסט אַראָפּגערוימט פון טיש דאָס געפעס פון מיטאָג עסן און אַוועקגעגאַנגען, מיט די קינדער אַרויף צו דער באָבע מייטע.

פרוי גאָלדפעלד זיצט אין שלאָף־חדר, לייענט אַ בוך, אָדער מאַכט זיך די פריזור. אויף דער סאָפע ליגט גאָלדפעלד אָן רעקל און לייענט די נײַסטיקע, פרייטיקדיקע, יידישע צייטונג; אידזשאַ איז פאַרמיטאָג אַ ביסל דאָ געווען, געשפּילט פּיאַנע, און ווען זי איז אַוועק, האָט זי, ווי איר שטייגער, אָפן געלאָזט דאָס דעקל, וואָס איבער די קלאַווישן, — איז עס נאָך אַלץ אָפן.

די קאַץ, שוין אויסזייענדיק אויף אַלע שענק און טישן, דאַכט זיך איר קענטיק אויס, אַז דאָס פענסטער איז אָפן, האָט זי אָפּגעהערט זיך אַ ביסל אַרויסצוקאַפּן פון שטוב אין שנייִיקן קלאָר־ווייסן דרויסן — שפּרינגט זי זיך אַרויף אויף דער פּיאַנע, וואָס שטייט לעבן פענסטער. לויפט איבער די קלאַווישן און: טים טאָם טאַם טאָם באָם!... לאָזן די קלאַווישן זיך הערן פון אונטער איר קעצישע פיסלעך.

גאָלדפעלד קוקט מיט התמדה אין דער צייטונג. ער לייענט וועגן ארץ ישראל (אַז דער מסחר „ליגט" אַ ביסל, אינטערעסירט אים ארץ ישראל). אין דער צייטונג דערציילט זיך, וואָס דאָרט ווערט אַלץ אויפגעטון... גאָלדפעלד טראַכט: „ס'וואָלט גלייך געווען צו דערוויסן זיך, צי דאָס אַלץ, וואָס די צייטונגען שרייבן איז אמת".

ער דערטראַכט אָט איצט, ליגנדיק דאָ אויף דער פּלושענער סאָפע, אַז אין ארץ־ישראל, ווי אין אַ לאַנד, וואָס האַלט זיך ערשט אין בויען, וווּ עס קומען זיך צוזאַמען יידן פון דער גאַנצער וועלט — און צווישן זיי מן הסתם נישט ווייניק דלפנים — וואָלט גוט געווען זיך איינצואָרדענען אַ ליכווע און וווּכער־עסק אויף קליינע אויסצאָלונגען אין גרעסערע פּראָצענטער. מיט אָט אַזעלכע טראַכטונגען, שלאָפט גאָלדפעלד איין; ווען ער וואַכט אויף, איז שוין אָוונט. די דינסט איז שוין צוריק דאָ, די קינדער אויך. די פרוי איז אַוועק, אָדער האַלט באַם אַוועקגיין שפּאַצירן — גאָלדפעלד איבערבייסט עפּעס, טוט זיך אָן און לאָזט זיך גיין צו אַ באַקאַנטן, וווּ עס קומט זיך צוזאַמען אַ חברותא פּאסקאָזשעס שפּילן אין קאָרטן.

## קאַפּיטל 13.

בענדעט — גאָלדפעלדס געשוויסטערקינד, וואָס פאַרנעמט זיך מיט מעקלערײַ — וווינט אין עק שטאָט אין אַ הײַזל, געדיכט באַזעצט מיט אָרימע אײַנוווינער.

אָט דאָ, אין עק שטאָט, וואָס אין אַ פינסטערן אָחנט דערגרייכט נישט אַהער קיין איין שטראַל פון די באַלויכטענע שטאָט-גאַסן — וווינען יענע, וועמען די מלחמה און שפעקולאַציע-צײַט האָט געטראָפן מיט איר נאַקעטער גרויזאַמקייט, מיט איר טעמפּ-אכזריותדיקער זייט...

זיי וווינען דאָ צונויפגעשטיקט, צונויפגעקוועטשט; מיט פאַר-ביטערטע פּנימער, מיט אויסגעלאָשענע, אָדער בייז-פינקלדיקע אויגן זיצן זיי, די אָרימע הייזל-אײַנוווינער אַרום די אָפּגעקילטע אייזעלעך און שמועסן פאַרדאגהט, אַז ברויט איז ווידער טײַערער געוואָרן און, אַז דאָ, עק-שטאָט, אַז דו האָסט שוין יאָ אַמאָל דאָס געלט אויף אַ „פערטל“ קאַרטאָפל, וויל גאָרנישט דער צעבאַלעוועס-טער פויער אָפּשטעלן דעם וואָגן — עס לוינט אים נישט. — און זיי האָבן נאָר איין לעכצעניש, אַז מאָרגן אינדערפרי, ווען זיי

װעלן זיך פאַרגנבענען אין װאַלד קלױבן האָלץ, זאָל זי דער „באַ-ראָװע", דער רוצח, נישט כאַפּן...

בענדעט געהערט צו יענעם אומגליקלעכן טײל מענטשן, פאַר װעמען די מלחמה-צײַט איז נישט נאָר נישט געװען קײן שמאָלץ-גרוב, נאָר פּונקט דער היפּוך דערפֿון...

זײַן פֿאָטער — דער פֿאַרמלחמהדיקער רײַכסטער קרעמער אין שטעטל — האָט נישט געקענט זיך צופּאַסן צום װוילינגע-רישן מלחמה-האַנדל, האָט ער אַזױ אײַנציקװײַז, אין משך פֿון די עטלעכע יאָר, אָנגעװוירן די קראָם סחורה און אַלץ איבעריקע און געבליבן קוים באַם הײַזל, װאָס איז הײַנט באַװוינט פֿון פֿרעמדע אײַנװוינער, און ער אַלײן, דער פֿאַרמלחמהדיקער עושר און שטאָט-באַלעבאָס — װוינט אין אַ שטיבל, װאָס איז אַמאָל געװען אַ קאַ-מער; זיצט טעגװײַז אין בית-מדרש און עסט שבתים באַ באַלע-באַטים געװעזענע גוטע פֿרײַנט.

יאָ, בענדעטס פֿאָטער, דער זיבעציקיעריקער זקן, דער אײַנ-זאַמער, מוז שױן באַשטײן זײַנע לעצטע טעג אַזױ צו דערציִען. אָבער בענדעט — שװער פֿאַר אַן עטלעכע און דרײַסיק יעריקן ייִנגנמאַן שלום צו מאַכן מיטן געדאַנק, אַז: פֿאַרפֿאַלן! דו גע-הערסט נישט צו יענע, פֿאַר װעמענס װעגן מען פֿרעגלט און מ'באַקט אין די קאָנדיטערײַען; װען עס װערן אױסגעסטרױעט און רײַך פֿאַרפּוצט שױפֿענסטער — מײנט מען דערמיט נישט דיך און נישט דײַנס גלײַכן; דו קענסט זיך בלױז אין זײערע שױבן שפּיגלען, זיך דאָרט דערבליקן אין דײַן אָרימקײט...

ס'איז אָבער טײלמאָל נאָך שװערער אַזאַ בענדעטן צוצו-קוקן, װי זײַן שװעסטער, דעם עלטערן מײדל, װערן די אױגן פֿון טאָג צו טאָג אומעטיקער; שװײַגנדיק גײט זי מיט דער פּלאַכטע, װי אַ פֿױערטע, אין װאַלד קלױבן שפּענדלעך צום ברענען אין קעכל; שװײַגנדיק טוט זי אין שטוב אַלע אַרבעטן, װײַל זי איז פֿון דער הײם נישט געװוינט צו טון און אױך אַזױ שװײַגנדיק זינקט איר דער קאָפּ צװישן די אַלץ העכער װערנדיקע אַקסלען און די שװאַרצע האָר אױף די שלײפֿן װערן איר אַלץ מער גרױ, מער און מער.

חנה, בענדעטס שוועסטער, איז געבוירן געוואָרן בא די עלטערן אין די שפּעטע מיטל יאָרן, און די מאַמע אירע, די רייכע שטעטלדיקע באַלעבאָסטע, איז תּמיד אַרומגעגאַנגען מיט איין זאָרג: דאָס קינד איז קערפּערלעך נישט אַזוי געראָטן — מיט אַ הויכער פּלייצע — און מען מוז דערפאַר איר אָנגרייטן אַ גרעסערן נדן, עולמעס קעסט. לסוף, איז גאָר אָט די מאַמע אַוועקגעשטאָרבן, און דערנאָך איז דער פּאָטער אין די מלחמה־יאָרן איינגעזיקווייז בדיל הדל געוואָרן, ביז ער איז געקומען צו דער איצטיקער כמעט בעטל־מדרגה. אָבער בא חנהן, וואָס איז שוין לאַנג נישט יינג — זעט מען קיינמאָל נישט אָן אויפן פּנים יענע זויערע פאַרביטערטקייט, וואָס ס׳פאַרמאָגן געוויינטלעך עלטערע מיידלעך; פון אירע ליפּן הערט זיך קיינמאָל נישט קיין קרעכץ, אָדער אַ שאַרף וואָרט. אָבער דאָס האַרץ אירס טיף, טיף, מוז געוויס יאָמערן און בלוטיקן און דערפאַר, מוז זיין, קוקט פון אירע טונקעלע — אַמאָל שיין געוועזענע — אויגן אַזאַ צער, אַזאַ טיפער צער.

בענדעט, האָט צו עטלעכע און צוואַנציק יאָר חתונה געהאַט מיט אַ נגידישער טאָכטער און געלעבט אַלס קעסט־איידעם באַם שווער אין שטוב, ווו ער פלעגט אָפטמאָל אומגעשטערט צוזיצן אויף איבער וועלטלעכע ביכער. דאָס קינד זיינס, דאָס מיידעלע, וואָס איז אים פאַרבליבן פון פאַרשטאָרבענעם ווייב, ווערט נאָך עד־היום געהאַלטן אין שטעטל באַם רייכן זיידן; ער, בענדעט, איז ערשט אין דריטן מלחמה־יאָר געוואָרן אַן אַלמן און געבליבן הילפלאָז, ווי אַ פלעגווע פאַרן ווינט — ביז ער האָט זיך צוזאַמען מיט דער שוועסטער באַזעצט דאָ, עק שטאָט, אין אָרעמען הייזל און זיך אָנגעהויבן פאַרנעמען מיט מעקלעריי. אָבער בענדעט איז ווייניק מסוגל צו דערדאָזיקער פּראָפעסיע; ער פאַרמאָגט נישט די צוואַנעקייט און געשיקטקייט פון די אַנדערע שטאָטישע מעקלערס. ער קען זיך קיינמאָל נישט פאַרגלייכן, אַ שטייגער, מיט דעם יידל מיט די לויפנדיקע אייגעלעך און פּיסקל אויפשרייפלעך, חיים־איציקל לעבעדיקער, וואָס קען צוזאַמענברענגען אַ וואַנט מיט אַ וואַנט, אָדער צו דעם צווייטן מעקלער מיט די קורצזיכטיקע אויגן און יום־טובדיק רויטע בעקלעך, יונה גאַנדז,

וואָס פאַלט אַזוי אַריין פלוצלינג אין מיטן דערינען צום ערשטן בעסטן „באַקאַנטן“ הורט־קרעמער מאָגען „אַן אַלטן חוב, אַ פּאַר־געסענעם“...

בענדעט קען דאָס אַלץ נישט און דערפאַר מוז ער טיף באַ זיך אין האַרצן באַגראָבן אַלע מענטשלעכע פאַרלאַנגען און צוקוקן, ווי זיין איינציקע שוועסטער טרוקנט און וועלקט ווי אַ בלאַט אין יעשען...

— פאַרהאַנען אפשר עפעס צו עסן? — פרעגט בענדעט שעמעוודיק, נאָכן אָהיימקומען פאַרנאַכט פון שטאָט אַ מידער, אַ הונגעריקער.

— פאַרוואָס זאָל דען נישט זיין? — וווּנדערט זיך חנה און זי דערלאַנגט צום טיש אַ מיטאָג, אַ מענטשלעך מיטאָג.

חידושט זיך בענדעט: פונוואַנען? ס'איז דאָך שוין געווען לאַנג, ווי ער האָט נישט אַהיימגעבראַכט קיין פּרוטה פאַרדינסט.

— יאָ, חנה גנבעט נישט, חלילה, באַ קיינעם, חס וחלילה! אָבער פאַרקויפן פון שטוב אַרויס אַ שטיקל וועש אָדער אַ קליידל — דאָס טוט זי יאָ...

און עסן? בענדעט, האָט נאָך דאַכט זיך נישט געזען חנהן עסן.

— עס — זאָגט זי — איך האָב שוין געגעסן
און ער קען זיך מער נישט איינהאַלטן
— חנה, דו האָסט דאָך נישט געגעסן!

ברענגט זי אַריין אַ טעלער, וואָס איז אינעווייניק מיט סמנים פון געקעכטס — און זי ווייזט אים דעם טעלער.

— דאָ האָב איך געגעסן.

און אַז בענדעט קלויבט זיך צוריקצוגיין אין שטאָט עפעס פאַרדינען, זאָרגט זי:

— דרייסט זיך אַרום אויף דער קעלט און שניי, עס רינט דיר אוודאי אַריין אין די שיך?

— און דו האָסט גאַנצע שיך? — ווערט בענדעט פאַר זיין שמבּאַהאַלפנקייט אַזש בייז.

— מיר רינט נישט אַריין — זאָגט זי הייטער — זעסט

לאַטשן האָב איך מיר געלאָזט מאַכן — ווייזט זי אים אַ פּאָר לאַטשן, געמאַכט פון אַלטע מלבושים־סחורה — אינדערהיים אַרומצוגיין װעגען זיי גוט און אין דרויסן — גיי איך ווייניק אַרויס.

— און אין וואַלד, אַז דו גייסט קלויבן שפּענער?

— אין וואַלד — האָט זי געריט אַ תירוץ — אין וואַלד איז נישט נאַס, צווישן די ביימער איז גאָר טרוקן...

אַזוי ענטפערט זי, חנה, בענדעטס איינציקע שוועסטער, דאָס עלטערע מיידל מיטן הויכן רוקן און אַלץ גרויער ווערנדיקע האָר — אין בענדעט, פאַר בושה, ער זאָל זיך נישט ווייבעריש בײַטער צעכליפּן, טוט ער זיך גיך אָן דעם אויבעררשאָק און לאָזט זיך גיין צוריק אין דער שטאָט אַריין.

## קאַפּיטל 14.

דער שטעטלדיקער דאָקטאָר האָט אויסגעפונען, אַז מירלס הוסטן און אָטעם־שטיקונג איז נישט „לונגען", נאָר עפּעס אַנדערש, האָט ער געראַטן דעם פאָטער, ר׳ ליפּען, זיין טאָכטער זאָל אָנ־הייבן טרינקען עפּעס אַ קינס־טלעך מינעראַל־וואַסער געמישט מיט מילך — און מירל איז צוליב דערדאָזיקער רפואה געצוווּנגען געווען צוריקצופאָרן צום ברודער, אין דער גרעסערער שטאָט צו גאָלדפעלדן.

מאַדאַם גאָלדפעלד איז דאַמאָלס גראָד געווען אָן אַ דינסט און קריגן אַ דינסט איז דער פאַני גאָלדפעלד נישט גאָר לייכט...

דער לעצטער דינסטס אַוועקגיין איז כּלל נישט געווען אויף אַ פריינטלעכן אופן. מאַדאַם גאָלדפעלד האָט דער דינסט, לכּבוד דעם ניתל־יום־טוב, געשענקט שטאָף אויף אַ קלייד. די דינסט האָט זיך אָבער באַלד פאַרזינדיקט: זי איז אָפּגעלאָזט געוואָרן אַהיים אין דאָרף אויף איין מעת־לעת און געזוימט האָט זי זיך — צוויי. האָט די פאַני צוריק אַרויסגענומען פון דער דינסטס נישט צוגעשלאָסן

קאַפּיטל די מתּנה, דאָס שטיקל שטאָף אויף אַ קלייד. די דינסט האָט דערפאַר אָפּגעזאָגט די שטעל, אויסגעוועזן ביזן חודש און אַוועק ברוגז.

מאַדאַם גאָלדפעלד איז אָן אַ דינסט: מיטאָג לאָזט זי ברענגען פון רעסטאָראַן. צום אָנבייסן אינדערפרי, אויב די „מענטשן" זענען פאַרנומען אין געוועלב, איז נישטאָ ווער עס זאָל פייער מאַכן אין קיך...

עטלעכע אָוונטן פריער, איידער מירל איז געקומען, האָט גאָלדפעלד די פרוי פּאַרזיכטיק פאָרגעברייט, אַז זיין שוועסטער וועט אפשר אַהערקומען אויף אַ פּאָר וואָכן צוליבן טרינקען „וואַסער". ער האָט זיך אפילו געאיילט צוצוגעבן: „האָסט דאָך איצט קיינעם נישט, וועט דיר אַ ביסל לייכטער זיין".

זי האָט אָבער דעם „זאָג" זיינעם נישט קיין חשק געהאַט אדורכצולאָזן.

— אַ דינסט קען איך יעדע מינוט קריגן — האָט זי אָפּגעשלאָגן זיין אָנצוהערעניש — אָבער איך זוך מיר אַ גוטע דינסט און מאָרגן איבערמאָרגן וועל איך שוין האָבן.

נאָר דייטלעך קעגן מירלס קומען האָט זי גאָרנישט געזאָגט. זי האָט גרויסמוטיק געשוויגן און — שוין.

דער מסחר-ראָד האָט זיך דאַמאָלס — נאָכן קורצן שטילשווייגן איבער דער „בעסט" — שוין ווידער געדרייט, דאָלאַרן זענען געפלויגן אין דער הייך — נישט צו דעריאָגן...

גאָלדפעלדס שכן, דער וואַליוטניק אין האַרטן קאַפּעליוש, איז נאָכאַנאַנד געקומען צו לויפן פון גאַס אויפן הויף און אַרויפגעשריגן צו זיינע פענסטער צום זון:

— יויזיפ „האַרטע „דבר אחרס" מיט צען פונקטן אַרויף...

אַוועקגעלאָפן און באַלד געקומען ווידער.

— יויזיפ, „גרינע" — מיט אַכצען פונקטן אַרויף.

און אַ ווײַלע שפּעטער מיט אַ פאַרשאַרצטן קאַפּעלוש און פאַרביסענע ליפּן:

— יויזיפ, צוריקהאַלטן פון פאַרקויפן — אַלץ פליט!

און יויזיפ, דער זון, וואָס דערליידיקט די וואַליוטע-עסקים

אינדערהיים, ענטפערט דעם פאָטער אויף אַלע בשורות מיט איין און דעמזעלבן:

— פאַפאַ, כ׳הער... גוט...

בײַ גאָלדפעלדן ברענט דער יאַריד אין געוועלב און אין אַלע חדרים; אומעטום זענען פול קונים, מ׳פרעגט גאָרנישט קיין פריין, מ׳בעט זיך, מ׳חלשט וועגן סחורה, מ׳קוקט די סחורה גאָרנישט אָן: מ׳ציילט געלט, מ׳לייגט צו נאָך אין מיטן באַצאָלן; מ׳איז גליק־לעך, אַז מ׳קריגט כאָטש.

די קונים באַפאַלן גאָלדפעלדן ווי די היישעריקן:

— פאַניע גאָלדפעלד, שוועבעלעך...

— זייף, כ׳בעט אייך.

— צוקער, כאָטש איין זאַק.

און גאָלדפעלד האָט פאַר אַלע איין ענטפער:

— דערווייל — גאָרנישטאָ.

נאָר פאַר יחידי סגולה (וואָס ווייסן, אַז היינט צאָלט די מי־נוט...) האָט ער אַ באַזונדערן ווונק, גאָלדפעלד; דידאָזיקע פאַר־שטייען שוין, אַז דאָס הייסט, זיי זאָלן אַריינקומען אַ ביסל שפּע־טער, אינאָוונט, גייען זיי אַרויס לפנים אויף אומצופרידן, מיט ליי־דיקע הענט...

און גאָלדפעלד קען זיך נישט קיין עצה געבן: ער און די „מענטשן" — אַלע אַרבעטן, אַלע שוויצן; נישטאָ קיין צייט אָפּצו־עטעמען.

און אָט אין דערדאָזיקער „יאַריד־צייט" איז מירל צוריקגע־קומען צום ברודער, כדי דאָ אין שטאָט, לויט דער עצה פון שטעטל־דיקן דאָקטאָר, צו טרינקען קינסטלעך מינעראַל־וואַסער געמישט מיט מילך.

דער טאָג איז געווען אַ געוויינלעכער פּראָסטיקער. מירל איז גע־קומען נאָך האַלבן טאָג. בײַ גאָלדפעלדן איז שוין געווען נאָכן מיטאָג־עסן. מירל איז אַריינגעקומען אין עס־חדר, אָפּגעקושט אַלע איר קערבל און גענומען אַראָפּציִען די לייכטע הענטשקעס פון די געפּרווירענע פינגער.

די קינדער זענען זי באַפאַלן מיט נישט אַרטיקע רייסע־

רייזן: „וואָס האָסטו אונדז מיטגעבּרענגט?“ מירל איז געשטאַנען געפּלעפּט, נישט געהאַט די קינדער וואָס צו געבּן. מאַדאַם גאָלד־פעלד האָט געעפנט די טיר פון שלאָף־חדר, איר קאָפּ האָט זיך באַוויזן אין דער טיר־עפענונג, פרעמד און בייסיק באַטראַכט דעם מאַנס שוועסטער, איר נישט איבעריק עלעגאַנטן הילוך — צוריק־גענומען דעם קאָפּ און גאַרנישט רעדנדיק די טיר פאַרמאַכט.

גאָלדפעלד איז אַריינגעקומען אין עס־חדר:

— אַ, וואָס מאַכסטו, וואָס מאַכט דער טאַטע? — האָט ער דער שוועסטער צוגעוואָרפן. ער איז אַריינגעגאַנגען אין שלאָף־חדר צו דער פרוי.

— מירל איז געקומען — האָט ער דער פרוי נישט דרייסט צווישן געטון — זי איז אוודאי הונגעריק... מ'וואָלט אפשר גע־דאַרפט...

זי האָט דערהויבן די אויגן פון בוך און הויך גערעדט:

— איך שטער דיר דען אַריינצוגיין אין קיך קאָכן!...

ער איז שטיל אַרויסגעגאַנגען פון שלאָף־חדר, אַריין אין געוועלב, געבעטן קישטיינען מאַכן פייער אין קיך און אַרויפשטעלן צו קאָכן טיי פאַר מירלס וועגן.

*

צומאָרגנס, איבערמאָרגנס און ווייטער איז מאַדאַם גאָלדפעלד געלעגן אין בעט. גאָלדפעלד האָט פאַרשטאַנען, אַז איר איצטיק ליגן אין בעט איז כּדי מירלען צוצוגעוויינען צו דער קיך־אַרבעט. גאָלדפעלדן האָט דאָס אַ ביסל פאַרדראָסן און אַלס פּראָטעסט האָט ער דער שוועסטער אָפּט אונטערגעשטופּט אַ שטיקל שאָקאָלאַד.

מירל האָט געטריי באַדינט די אין בעט־ליגנדיקע שוועגערין, איר צוגעטראָגן יעדער מינוט עפּעס אַנדערש ס הערצל צו דער־כאַפּן... יענע, די אויסגעפּוילטע, געזונטע, איז געלעגן אין בעט, און מירל — מיט די פיבערדיק־רויטע פלעקן אויף די איינגעפאַלענע געלבלעכע באַקן האָט זי באַדינט.

איצט האָט קישטיין מער נישט געבּרענגט מיטאָג פון רעס־טאָראַן — מירל האָט געקאָכט און דעם טאָפּ פלייש געטראָגן דער

שוועגערין צום בעט, זי זאָל, לויט איר איינזען, איינטיילן איך די טעלער און פון בעט האָט מירל די טעלער דערלאַנגט צום טיש.

אידזשאַ איז אַרייַנגעקומען מבקר חולה זיין די „קראַנקע" שוועסטער. די מאַמע מייטע איז אַרייַנגעקומען זיך דערוויסן, ווי די טאָכטער פילט זיך היינט. מייטע האָט אַ זאָג געטון צו מירלען:

— נישקשה, די איינגעפאַלענע באַקן וועלן דאַ שוין פעט ווערן פון דער אַנדערער פּאַשע... און געזאָגט האָט זי דאָס מיט איר ספּעציעל טענדל, אַז מירלען איז דער ביסן געבליבן שטעקן אין האַלדז. מייטע האָט באַדויערלעך געשאָקלט דעם קאָפּ און אונטערגעזיפצט:

— מיט־עסערס האָט מיין טאָכטער...

ווען מייטע איז אַהיימגעגאַנגען, האָט זי אין געוועלב די סאָוויס אויגן אָנגעשטעלט אויפן איידעם מיט ביטערע פּרעטענזיעס:

— אַ ווייב ליגט שוין אַזוי פיל טעג צו בעט... וואָלט דאָס כאָטש געשיקט נאָך אַ דאָקטאָר!

גאָלדפעלד איז רויט געוואָרן. ער האָט גרויס חשק געהאַט מייטען צו ענטפערן. „ס'איז איר גאַרנישט!" — אָבער געענטפערט האָט ער נישט אַזוי. אדרבא, גאָר ווייך האָט ער זי געבעטן:

— איך האָב דאָך אַזוי קיין צייט נישט. אפשר וויל די שוויגער אַזוי גוט זיין, אָפּטרעטן אינאייגוועגס באַם דאָקטאָר?

## קאַפּיטל 15.

שבת נאָכמיטאָג איז מירל אַוועק צו בענדעטס שוועסטער, צו חנהן.

אינדרויסן, אין שפּעטן ווינטער־נאָכמיטאָג, האָט דער ווינט זיך צעשפּילט, דורך אַנישט דורכאויס פאַרפרוירן שייבל האָט זיך געזען דער ווייטלעך ליגנדיקער וואַלד. די הויכע סאָסנעס האָבן אײנער צום צווייטן די אייביק גרינע קעפּ צוגעבויגן, געשאָקלט און גע־הוידעט די נאָדל־צווייגלעך לויטן בלאָז פון ווינט.

זיי זענען געזעסן באַם פענסטער און שטיל געשמועסט צווישן זיך, אָפּגערעדט אַ ביסל פון הארץ. חנה האָט מער געשוויגן און אויסגעהערט מירלען.

מירל האָט גערעדט מיט ווייטיק; זי האָט זיך באַקלאָגט אויף דער שוועגערין, שלום גאָלדפעלדס ווייב:

— חנה, קענסט דיר דאָס גאָרנישט פאָרשטעלן! ווי אַ „ליו־באָווניצע", ווי אַ „נאַ וויאַראַניצע" (וואָס ווינט מיטן מאַן אָן חופּה־קדושין...) דרייט זי זיך אַרום: נאָר זיך און זיך האָט זי אין זינען; אפילו די קינדער גייען זי נישט אָן...

אין שטיבל ווערט אַלץ טונקעלער און טונקעלער, אין איי־

זערנעם אייוועלע איז דאָס פייער שוין אויסגעגאַנגען, דער פּראָס-
טיקער ווינט פון דרויסן פילט זיך שוין אין שטיבל אויך. בענדעט
זיצט באַם טישל מיט אַ צייטונג. צי ער לייענט, צי ער זיצט גלאַט
פאַרטראַכט? און אין דער גרויער שטילקייט, טריפט מירלס אוי-
מעטיק קול.

— אַזוי נעבעך איז אונדז באַשערט: דער טאַטע אינדער-
היים האָט איינע, שלום — די צווייטע; איינע אַזעלכע אין דער
משפחה, וואָלטן מיר ווייניק געהאַט?

נאָר גלייך באַזינט זיך מירל, אַז ס'איז פאַרט נאָך אַ שטיקל
חילוק צווישן דער שטיפמוטער און דער שוועגערין.

— יענע האָט כאָטש אַמאָל מורא, אַז זי וועט זיך פאַרזינ-
דיקן. אָבער זי דאָ הי. . . — און אַ זיפץ רייסט זיך איר פון האַרץ
אַרויס.

עס קומט אַריין אַ פרוי אַ קריסטין:

— אפשר קען מיר די שכנטע באָרגן אַ שוועבעלע, נאָך זונ-
טיק וועל איך אָפּגעבן.

די אַריינגעקומענע בעט דאָס מיט אַ נישט זיכערן טאָן;
קענטיק, אַז זי האָט מורא, טאָמער איז אויך דאָ נישטאָ.

— אינגאַנצן הויז קען איך נישט קריגן קיין שוועבעלע —
באַקלאָגט זי זיך — און דער קרעמער האָט מיר נישט געוואָלט
שיקן אָן געלט, כאָטש כ'בין אים איצט גאָרנישט שולדיק.

די שכנטע קריגט אַ פּאָר שוועבעלעך און גייט אַרויס.

מירל קען זיך נאָך נישט באַרויקן פון דער שוועגערינס
להכעיסדיקער שלעכטקייט.

— חנה קרוין, קענסט דען איר געמיינקייט גאָר באַנעמען? ...

אין שטוב איז שוין גאָר טונקל. חנה צינדט אָן דאָס לעמפּל.
בענדעט דערהייבט זיך פון טיש, לאָזט צו די שוועסטער אוועק-
שטעלן דאָס אָנגעצונדענע לעמפּל. מירל מאַכט זיך גרייט אַהיים-
צוגיין.

— אַזוי ליב, ווי ס'איז די רשעים דאָס צוריקגיין אין גיהנום,
איז מיר דאָס אַהיימגיין צו זיי.

און אַז מירל איז שוין אָנגעטון אַהיימצוגיין, ווענדט זי זיך צו בענדעטן:

— פאַרדינסט עפּעס די צייטן?

— צו ביסלעך — כאַפּט אונטער חנה און ס'איז קענטיק, אַז זי וויל נישט דערפון רעדן.

— וועסט באַגלייטן מירלען — דערמאַנט חנה דעם ברודער.

— דאַרפסט מיך ערשט דערמאַנען — האָט בענדעט פאַריבל.

ער טוט זיך אָן דעם אויבערראָק, וועלכער געדענקט נאָך בענדעטן פון די גוטע צייטן, אַלס נגידישן קעסט-איידעם. אויף די שויבן גלאַנצט דער פראָסט, ווי געשליפן גלאָז... חנה זוכט צו-זאַמען שפּענדלעך, פייער צו מאַכן אין אייזערנעם קיכל. מירל גע-זעגנט זיך מיט חנהן, זאָגט צו דעם צווייטן שבת נאָכמיטאָג ווידער צו קומען.

ווען מירל און בענדעט קומען אַרויס, גיט זיי דער פראָס-טיקער ווינט ווילד אַ כאַפּ אַרום. ערשט, אַז זיי ווערן שוין אַ ביסל צוגעוווינט צום בייז-בייסיקן ווינט און זיי גייען אין דער אָוונט-טונקלקייט, איבער די געפרוירענע בלאָטעס, דערנענטערנדיק זיך צו די שטאָטישע גאַסן, זאָגט מירל:

— אוי, בענדעט, ווי דאָס „רעדל", האָט זיך דיר געבעך אַ דריי געטון...

## קאַפּיטל 16.

בענדעט באַ זײַן מעקלערײ־פּרנסה, קען זיך נאַטירלעך נישט דערכענען מיט זײַן פּערזענלעך געפּיל. ער מוז אַ שטייגער אַרײַנקומען — און טײלמאָל אָפּט — צו גאָלדפּעלדן, הגם ער גייט פון דאָרט אַרויס מיט אַן עקל אין האַרץ און שטענדיק, אפילו ווען ער האָט דאָרט גאָרנישט צו דערלײדיקן — פילט ער זיך באַלײדיקט און באַשפּיגן.

*

תחילת אָוונט איז בענדעט אַרײַנגעקומען צו גאָלדפּעלדן אָפּנעמען אַ פּאַרדינסט, וואָס אים איז געקומען פון אַ מעקלערײ; אין געוועלב זענען געשטאַנען די צוויי „מענטשן" קישטיין און שפּילמאַן, געפּאַקט פּעקלעך סחורה און געשמועסט צווישן זיך.

אין עס־חדר האָט מירל געדעקט אַ שטיקל טיש, געגרייט פאַר ברודער צום עסן און אים באַדויערט:

— טאָג בא טאָג אין אָונט עסן מיטאָג; סאַראַ טעם קען דאָס איצט האָבן.

— אַ, בענדעט! וואָס זעט מען דיך עפּעס נישט? — פרעגט גאָלדפעלד מיט זיין געוויינטלעכן נוסח פון גלאַט אַזוי פרעגן.

מירל איז אַריינגעגאַנגען אין קיך זען, צי דאָס עסן האָט זיך שוין צוגעוואַרעמט. גאָלדפעלד איז צוגעגאַנגען צום קרעדענס, געעפנט אַ טירל, אַרויסגעשלעפּט אַ פלאַש ליקער, אָנגעגאָסן זיך אַ היפּש גלעזל און דאָ, שטייענדיק מיטן קאָפּ אין אָפענעם קרעדענס־טירל, אויסגעטרונקען, נאָכגעביסן עפּעס און זיך אָפּגעווישט דאָס מויל.

— זעסט, בענדעט — ווייזט גאָלדפעלד אַרויס פון קרעדענס אַ פלאַש משקה — דאָס איז פאַרן אַלטן מיינעם, פאַרן טאַטן אין אַ כּאַר הויזן שיק איך אים אויך; נאָך גוטע הויזן אָן איין ריסל...

— און וויפיל שטייט היינט? ... — פרעגט זיך גאָלדפעלד נאָך בא בענדעטן דעם פּרייז פון אַ קראָם־אַרטיקל.

בענדעט רופט אָן אַ פּרייז.

— ביסט אַ מאַכער! — זאָגט גאָלדפעלד מיט ביטול — נאָך אייערנעכטן איז עס אַזוי פיל געשטאַנען...

נאָר אַז בענדעט האָט דערמאָנט דעם צוועק פון זיין איצטיקן קומען, אַז דאָס קומט ער, בכדי גאָלדפעלד זאָל אים באַצאָלן דאָס פאַרדינסט פון אַנומלטדיקן טראַנספּאָרט סחורה, וואָס ער האָט אים צוגעמעקלט, האָט גאָלדפעלד אָנגענומען אַ ברוגזע מינע.

— קומסט אַזוי דרייסט מאָנען געלט — רעדט גאָלדפעלד נישט ניחאדיק — האָסט דערביי שטאַרק געאַרבעט? איך האָב עס דיר געגעבן אויסצופירן, ביסטו אַ בריה!

— קומט מיר גאָרנישט? — פרעגט בענדעט און סטאַרעט זיך צו זיין רויק.

— איך זאָג דען, אַז ס'קומט דיר גאָרנישט? האָסט נאָר נישט געדאַרפט אַזוי דרייסט צו מאָנען, וואָלט איך דיר אַליין געזאָגט. —

— וואָס וואָלסטו מיר געזאָגט? — פרעגט בענדעט.

— איך וואָלט דיר געזאָגט: בענדעט, האָסט מיר געטאָן אַ שטיקל געפעליקייט, איך פאַרלאַנג דאָס נישט אומזיסט — אַ פעקל ציקאָריע, אַ ביסל קאַווע...

און, מן הסתם, באַזינענדיק זיך, אַז ער האָט אַ ביסל איבערגעכאַפּט די מאָס, מיטן וועלן באַצאָלן מעקל־געלט פון אַזאַ היפּשער קניה מיט אַ פעקל ציקאָריע און אַ ביסל קאַווע — איילט ער זיך צוצוגעבן:

— און אפשר אַ טאָרבעלע צוקער אויך. עס גייט דאָך צו פּורים, וואָלט עס שוין אײנגעוועגס געווען שלח־מנות...

— ניין — זאָגט בענדעט פעסט און ער האַלט זיך איין צו בלייבן רויק. — אָדער מיר קומט געלט, אָדער מיר קומט נישט — גאָרנישט... דיינע פעקלעך וויל איך גישט.

— זיי נישט אַזוי גרויס, אַזוי „האָגאָראָווע" — מאַכט גאָלדפעלד מיט אַ פאַרקנייטשטן שטערן — די „גאָלדענע צויטלען" שלעפן זיך דיר נאָך נישט נאָך. ביסט דער אייגענער יחסן, וואָס יעדער אַנדערער אָרימאַן; הם, ער בראָקט זיך נאָך...

בענדעט — אַ בלאַסער מיט ציטערדיקע ליפּן דערהייבט זיך פון שטול:

— גענוג! מיר קומט פון דיר גאָרנישט... רעד מער נישט...

די טיר צום שלאָף־חדר עפנט זיך. מאַדאַם גאָלדפעלד באַווייזט זיך און מיט אַ זיס גיפטיק מינעלע און בלישטשען אין די אויגן ווענדט זי זיך „ווייך" צום מאַן:

— סטאַש, האָסט טאַקע נייטיק געדאַרפט דעם מאַן צוצוטראָגן אַ שליחותל? שוין נישטאָ אין שטאָט קיין אַ־דערע מעקלערס? און די איצטיקע באַליידיקונגען (?) (מיט אַ זייטיק בליק אין בענדעטס זייט) וואָלסטו דיר אויך פאַרשפּאָרט.

אָפּגעזאָגט דאָס, איז זי זיך שטיל מאַדאַמיש צוריק אַריין אין שלאָף־חדר. איבערלאָזנדיק בענדעטן אַ צעטומלטן.

* * *

בענדעט איז אַרויסגעגאַנגען פון גאָלדפעלדן.

ער איז געגאַנגען איבער די נאַכטיק באַלויכטענע גאַסן און געטראַכט נאָר איינס, אַז ער האָט איצט נישט קיין פּרוטה באַ דער נשמה און אָן כאָטש עפּעס געלט קען ער נישט אַהיים־גיין.

ווען ער איז פריִער אַריינגעגאַנגען צו גאָלדפעלדן און זי, „די מאַדאַם", נישט געפונען אין עס־חדר, האָט בענדעט געגלייבט, אַז איצט וועט אים אפשר פאַרט געלינגען אַרויסצוקריגן פון גאָלד־פעלדן דאָס פאַרדינסט, וואָס אים קומט שוין אַ לענגערע צייט פון געקויפטן טראַנספּאָרט סחורה.

און ווען זי וואָלט זיך נישט אַריינגעמישט, וואָלט נישט אַריינגעקומען פון איר חדרל, וואָלט ער אפשר אַרויסגעקריגן פון גאָלדפעלדן. מער ווייניקער, עפּעס וואָלט ער פאַרט אַרויסגע־קריגן.

ס'איז געווען אַ פעלער פון בענדעטס זייט. ער האָט גע־דאַרפט זיך פריִער גענוי איבערצייגן, צי „זי" איז נישט אינדער־היים — אַנדערש האָט ער אינגאַנצן נישט גענדאַרפט צו דערמאָ־נען, ווענן וואָס ער איז געקומען...

ער האָט לאַנג געטראַכט, בענדעט, וועגן דעם, אַז ער מוז זיך שאַפן עפּעס געלט — און לסוף האָט ער פאַרקירעוועט אין אַ גאַס אַריין, פון דער גאַס אין אַ צווייטער, ביז ער איז אַריינגעקו־מען אין אַ הויז און דורך פינסטערע געדרייטע טרעפּ אַראָפּגעגאַנ־גען אין אַ קעלער.

אין דעם קעלער וווינט אַ פויער, אַ קוילנטרעגער, קריגט דערדאָזיקער פויער אָפט געשיקט געלט פון אַמעריקע און בענדעט טוישט פאַר אים דאָס אַמעריקאַנער געלט אויף אינלענ־דישס.

אונטן אין קעלער איז וואַרעם און ציכטיק. מאַן און ווייב זיצן באַם טיש באַ דער שיין פון אַ לעמפל — עסן נאַכטעסן: אַ קאַרטאָפל־געריכט — פון איין שיסל; די דריי קינדער אויסגע־זעצט אויף דר'ערד — עסן פון דער צווייטער שיסל; אויף די

ווענט הענגען הייליקע בילדער, באַפּוצט מיט פּאַפּירענע בלומען. דער קופערט, אַ געמאָלטער אין פאַרשידענע פאַרבן, שטייט בא דער וואַנט, דאָס איינציקע בעט, פאַרבעט און מיט אַ ווייס ריין לײַלעך באַציגן — און דער פּראָסטער נחת שמעקט פון יעדן ווינקל.

די גויה האָט זיך דערהויבן, אונטערגעטראָגן בענדעטן די איינציקע שטול, און אַז בענדעט האָט געזאָגט, וועגן וואָס ער קומט, האָט דער פויער, דער קוילנטרעגער, זיך אָפּגעווישט די אָראָפּ-הענגענדיקע, אין עסן פאַרנעצטע וואָנסעס און אַרויסגענומען פון קופערט אַ צען-דאָלאַר פּאַפּירל, וואָס איז דאָרט געלעגן באַהאַלטן צווישן די בלעטער פון אַ ביבל.

— דאָס האָב איך ערשט געקריגן, געשיקט פון מיין ברודער אין אַמעריקע.

בענדעט האָט געזאָגט דעם פּרייז, וואָס דאָלאַרן שטייען היינט. ער האָט דערמאָנט, אַז ער נעמט עס נישט פאַר זיך, נאָר צו פאַרקויפן, כדי אויך עפּעס צו פאַרדינען דערביי.

דער פויער האָט מיט אַ לייכט האַרץ אָפּגעגעבן בענדעטן דאָס צען-דאָלאַר פּאַפּירל, ער זאָל עס טוישן און מאָרגן אַריינברענגען דאָס געלט.

— און דו, גייסט נישט מיט? — פרעגט די גויה מיט אַ ביסל חשד, וואָס קוקט איר אַרויס פון די גרוי-בלויע אויגן.

— מ'דאַרף נישט מיטגיין — ענטפערט דער מאַן געלאַסן — ער וועט מיך נישט גענאַרן.

— יידן זענען שווינדלער — וואָרנט די גויה ערנסט און ענדיקט כלומרשט קאַטאָוועסדיק: —

— אַ ייד וועט זיך נישט זעצן עסן, סיידן ער האָט פריער עמעצן באַשווינדלט.

— דו ווייסט נישט, וואָס דו פּלאַפּלסט — ווערט דער פויער בייזלעך — רייכע זענען שווינדלער — אַלציינס ייד אָדער קריסט...

בענדעט מיט דעם צען-דאָלאַר פּאַפּירל אין דער וועסטלקעשענע, איז צוריקגעגאַנגען אין גאַס אַריין. אויף דער הויפּט-

גאַס, אויף דער שוואַרצער בערזע, איז איצט, אין שפּעטן אָוונט, געווען פּוסט און ליידיק, אַן איינציקער פּאָליציאַנט האָט זיך שלעפּעריק געדרייט אַרויף און אַראָפּ, פּאַר לאַנגווייל געגענעצט אין דער נאַכט אַריין. — אין „קאַפּע־לאָנדאָן" איז געווען פול, פון ביליאַרד־חדר האָבן אַרויסגעשאַלט אין גאַס קולות ווי פון אַ פּיערישער קרעטשמע... דערינען, אין פּאַראַדנעם־פּעדער־חדר, הינטער די ברייטע פענצטער, זענען געזעסן באַ די טישלעך וואַליוטניקעס, געמיטלעך געטרונקען טיי, געררייכערט פּאַפּיראָסן און איבערגעשמועסט פאַרדינסט אָדער היזק־עפּיזאָדן פון פאַרגאַנגענעם טאָג און געפּרוווט זאָגן „נביאות" וועגן די אָנקומענדיקע טעג...

בענדעט איז געווען אויף איין „אָרט" אין אַ ווינקל באַ אַ געלט־הענדלער און נישט געקענט דאָרט פאַרקויפן דאָס צען־דאָלאַר פּאַפּירל. אויפן צווייטן אָרט — אויך נישט. אַזוי איז ער געווען אויף עטלעכע ערטער און זיך אַלץ נישט געקענט פאַרטראָגן וועגן פּרייז.

לסוף, שוין גאָר שפּעט אין אָוונט, איז בענדעט אַרויסגעקומען צו יענעם הויפּט־וואַליוטניק, דער מיטן בלאָנדן בערדל און שאַרפע גרויע, שטעכיקע אויגן.

— ווי טייער צאָלט איר? — פרעגט בענדעט.

— ס'ווענדט זיך, וואָס איר ווילט: קויפן אָדער פאַרקויפן?

— קויפן!

— איז אַזוי און אַזוי...

— פאַרקויפן —

— איז גאָר אַן אַנדערער שמועס — האָט איר באַלד געדרפט זאָגן: איך האָב צו פאַרקויפן — נישט סתם בעבען ווי אַ יינגל.

דער וואַליוטניק מיט די שטעכיקע גרויע אייגעלעך, איז זיכער געווען, אַז ווייל בענדעט איז נישט גלייך געגאַנגען מיטן „אמת", נאָר מיט אַ שפּיצל: כלומרשט, אַז ער וויל קויפן — וועט שוין פון עסק איצט גאָרנישט ווערן. און ער האָט זיין ספק הויך

ארויסגעזאָגט, אָבער דאָס מאָל האָט אים זיין חוש פאַר אַזעלכע זאַכן געגאַרט: בענדעט האָט דאָ דאָס צען־דאָלאַר פּאַפּירל יאָ פאַרקויפט און ער האָט אַהיימגעאיילט צו זיך אין עק־שטאָט קוואַרטאַל מיט אַ גאַנצן האַלבן דאָלאַר ריינעם ריווח אין קעשענע.

## קאַפּיטל .יז

אין אַן אָוונט, בשעת די הערשאַפט גאָלדפעלד זענען געזעסן אַרום טיש אין ס־חדר באַם נאַכט עסן, האָט זיך דעם עלף־יע־ריקן יונגל — באָלעקן — עפּעס בלוצלינג פאַרגלוסט פרעגן די מוטער, פון וואַנען עס נעמט זיך אין די זומער אָוונטן אויף די פעלדער דער טוי; אפשר האָט דאָס יינגל דאָס געדאַרפט וויסן מאָרגן אין שול? און אפשר האָט ער היינט געהאַט אַ שמועס מיט אַ שול־חבר וועגן נאַטורוויסנשאַפט און יעדער פון זיי האָט געזאָגט אַן אַנדערע סברה, האָט באָלעק געוואָלט, אַז די מוטער זאָל אים דאָס קלאָר מאַכן. ער זעט דאָך אַזוי אָפט די מוטער לייענען ביכער!...

אָבער אַפּנים, אַז אין די ביכער, וואָס מאַדאַם גאָלדפעלד לייענט, רעדט זיך נישט פון אַזעלכע זאַכן, ווי „פון וואַנען נעמט זיך טוי..." אין דער „שעה פון ליידנשאַפט" — אוודאי נישט. אין יענע ביכער דערציילט זיך גאָר פון אַזעלכע ענינימלעך, פון וועלכע ס'איז אָנגענעם צו טראַכטן, ווען דער פולער, זאַטער גוף ליגט זיך צעלייגט אויפן סאָפעקעלע. די מוטער האָט נישט געוווסט

צו ענטפערן אויף דעם עלף־יעריקן יונגלס „וויסנשאַפטלעכער" פראַ־
גע, האָט עס זי פאַרדראָסן, פאַרוואָס זי ווייסט נישט און נאָכ־
מער — וואָס דאָס איז געפרעגט געוואָרן אין דעם מאַנס קעגנוואַרט, האָט זי אים דאָס „פאַרענטפערט" אויף איר שטייגער: זי האָט דעם יונגל אָפּגעשטעקט אַ נישט גאָר גרויס פּעטשל מיט אַ מאַמי־שער באַמערקונג צו: „איצט זאָלסטו עסן, נישט רעדן" — דאָס יונגל האָט אָנגעהויבן צו וויינען און נישט געוואָלט מער עסן. גאָלדפעלד האָט איר אויסגערעדט:

— האָסט דאָך געקענט דאָס איינע מאָל אים ענטפערן און אָנזאָגן נאָכאַמאָל נישט צו פרעגן אין מיטן עסן.

דאָס האָט זי נאָכמער צערייצט. דעם מאַן האָט זי אָפּגע־ענטפערט אויף זיין באַמערקונג — מיטן אויסגעשטעלטן שפּיץ פון איר פאַריסענעם נעזל, פונקט ווי דער דישל פון אַ וואָגן, אָדער ווי די לופט פון אַן אָנגעשטעלטער געלאָדענער ביקס:

— דו לערנסט מיך שוין אויך, ווי איך דאַרף טון!?

און דעם יונגל האָט זי אויפסניי אַ קניקער געטון אין רוקן:

— עסן, זאָג איך! נישט שמאָלן!

האָט דאָס יונגל נאָך דעם בויקערל ערשט דעם רעכטן חיין ארויס געגעבן און אוועקגעלאָפן פון טיש צו דער סאָפע. מאַן און ווייב האָבן פאַרענדיקט דאָס נאַכט־עסן שווייגנדיק ברוגזלעך און מירל, גאָלדפעלדס שוועסטער — האָט שוין מורא געהאַט די אויגן צו דערהייבן, אַ ביסן אין מויל צו נעמען: ס'זאָל אַמאָל אירס אַ באַוועגונג נישט גורם זיין אויפצורייסן די אָנגעשטרענגטע, עלעק־טריזירטע לופט.

דערנאָך נאָכן אויסטרינקען די צווייטע שאָל קאַקאַאָ, האָט זיך מאַדאַם גאָלדפעלד דערהויבן פון טיש, פרעמד, ווי אין אַ רעסטאָראַן, צומאָל נישט אוועקגערוקט פון ראַנד טיש די ליידיקע שאָל, פון וועלכער זי האָט געטרונקען — אַריינגעגאַנגען אין שלאָף־חדר, זיך אָנגעטון צום שפּאַצירן. און זי איז אַרויפגעגאַנגען צו די עלטערן.

אידזשאַ איז נישט אינדערהיים געווען. אין הינטער־שטיבל

האָט געקרעכצט דער קראַנקער ברודער. מאַדאַם גאָלדפעלד האָט פּאַר יוצא ווּעגן אַ ביסל זיך צוגעזעצט. די מוטער האָט איר געגעבן צו לייענען דעם לעצטן בריוו, וואָס איז אָנגעקומען פון דער שוועסטער וואָס איז אויף אַ פּאָסטן אין דער רעזידענץ־שטאָט. אין בריוו טוט דאַרע צו וויסן דער מוטער, אַז זי האָט שוין כמעט אַ התן — אַ יונגערמאַן, אַ „געזעלשאַפטלעכער־טוער". ער איז אויף אַ פּאַרטיי־פּאָסטן און פאַרדינט נישקשה...

— נו, וואָס זאָגסטו? — פרעגט די מוטער.

— וואָס ווייס איך — ענטפערט מאַדאַם גאָלדפעלד — דאָדע ווייסט דאָך געוויס, וואָס זי טוט.

— „זי ווייסט" — שאָקלט די מוטער שמערצלעך מיטן קאָפּ — שלעפּט זיך אַרום מיט אַ „פּאַרטיי־מאַן"; קענסט שוין זיבער זיין, אַז ער פאַרמאָגט נישט זיין אייגנס קיין פּאָר גאַנצע שיך; אַנדערש וואָלט זי זיך אים נישט אָפּגעקליבן.

בראָניע ווייסט גראָד, אַז די שוועסטער דאָרע איז יאָ פּראַקטיש אין התן־ענינים. נאָר דאָס צו פאַרשטיין צו געבן דער מוטער ווילט זיך איר איצט נישט. פּשוט, זי איז צו פויל זיך אַריינצולאָזן מיט דער מוטער אין אַ געשפּרעך. די מוטער אָבער האָט יאָ חשק צום רעדן.

— לאָקשנבסקין — זשווּשעט זי — האָט זי אַוועקגעוואָרפן, אַ יונג אַ פאַרדינער, אין דאָרט, עפּעס איינעם, זיך אָפּגעקליבן. זי וועט נאָך מעגן אויף אים אַרבעטן... מיינע קינדער ווילן מיך נישט האָרכן...

און דער קראַנקער זון פון הינטער־שטיבל בעט זיך:

— מאַמע, אַ וואַרעמע שטאַרק... די פיס ציען מיך... אוי!...

— צו מיינע שונאימס קעפּ! — עפנט מייטע די שוואַרץ־בלויע ליפּן — אַלע מינוט גיב אים עפּעס אַנדערש! — און זי שרייט אַריין מיט אַ ירגזון:

— נישטאָ קיין וואַרעמע שטאַרצן. לאָמיך געמאַך.

מאַדאַם גאָלדפעלד איז אַראָפּגעגאַנגען פון דער מוטער, זיך

פאַרקירעוועט צום צענטער שטאָט און גענומען שפּאַצירן אין דער הויפּט־גאַס.

אין דער לויפט האָט זיך שוין געפילט דער אָנקומענדיקער פרילינג.

פון ביידע זייטן גאַס, די טראָטואַרן, זענען געווען פול מיט שפּאַצירנדיקע. מאַדאַם גאָלדפעלד איז געגאַנגען איינע אַליין, ווי איר שטייגער, שטייף און פול זעלבסט־ווירדע. פאַרבייגייער האָבן צו איר געגריסט. זי האָט אָפּגעענטפערט פאַרשידן לויט דעם ווערט פון באַגריסער — טייל מיט אַ שטאַרקערן און טייל מיט אַ שוואַכערן קאָפּ־שאָקל.

פאַן יאַנאַס קאַנאַסטער וווינט שוין ערגעץ אין אַן אַנדערער שטאָט און איצט צום אָנקומען פון פרילינג האָט ער דער מאַדאַם גאָלדפעלד אָנגעהויבן צו פעלן. ס'האָט זיך איר טיילמאָל שטאַרק פאַרבענקט צו אים. איר האַרץ איז נאָך אים געבליבן פוסט, ווי אַ שטייגל, פונוואַנען דער פויגל איז אַרויסגעפלויגן און אַן אַנדערן, מיט וועמען צו דערפילן איר האַרץ־פוסטקייט, האָט זי נאָך דערווייל נישט געפונען.

אויף איצט, שפּאַצירנדיק אַזוי פאַראַדנע איבערן טראָטואַר, האָט זי געטראַכט פון פאַן יאַנאַס. דאַמאָלס, ווען ער האָט זי באַזוכט בשעת איר מאַנס נישט הי זיין, איז שוין געווען דאָס לעצטע מאָל פון זייער זען זיך, ער איז באַלד דערנאָך איבערגעפאָרן אין אַן אַנדערער שטאָט, אומגעזעגנט אפילו, צומאָל איר נישט צו וויסן געטון, אַז ער האַלט באַ אַוועקפאָרן פון שטאָט; ערשט שפּעטער, איז זי דאָס געוואויר געוואָרן פון אַנדערשט, וועלכע האָט זיך דערוווּסט אויף אַ טאַנץ־אָוונט, ווו דעם פאַן קאַנאַסטערס נישט זיין האָט זיך באַלד געגעבן צו פילן, ווייל ער האָט געגאָלטן אַלס איינער פון די בעסטע טענצער.

און פונדעסטוועגן וואָלט איר מאַדאַם גאָלדפעלד שוין מוחל געווען זיין אָפּפאָרן אומגעזעגנט. זי וואָלט אים נאָך מערער מוחל געווען, אַבי ער זאָל זיך צוריק באַווייזן און איר דאָס פוסט געבליבענע האַרץ דערפרייען.

מאַדאַם גאָלדפעלד האָט אַזוי עטלעכע מאָל אַדורכגעשפּאַנט

דעם טראָטואַר לענגאויס, דערנאָך איז זי אַריבערגעגאַנגען אויפֿן צווייטן טראָטואַר און גענומען דאָ שפּאַצירן.

אין שיין פון גאַס־לאַמטערן איז איר אַקעגנגעקומען אַ געפֿאַרעמטע פּאָרל. דער „ער" האָט זי בעגריסט. מאַדאַם גאָלדפעלד האָט אַ בליק געוואָרפן און דערקענט אין אים אירס אַ באַקאַנטן. אַ לערער פון דער שול, ווו באַלעק לערנט. מאַדאַם גאָלדפעלד האָט זיך מיט אים באַקענט פאַר צוויי יאָר זומער, בשעתן שול־אויספלוג אויף דער ווייסל, און ווען זי האָט אָנטייל גענומען, אַלס מוטער פון אַ שילער. דערנאָך האָט זי אים איינמאָל באַזוכט אין זיין בחורישער וווינונג — צוליב איר יונגנלס אַ שול־אַנגעלעגנהייט. ער האָט זי דאַמאָלס זייער ליבלעך אויפגענומען. זי איז זיך דאָרט היפשלעך פאַרזעסן און האָט זיך גוט געפילט אין זיין נעזעלשאַפט, אויג אויף אויג, מיט דעם בחור, דעם לערער, מיט די טונקעלע לעבעדיקע אויגן און שוואַרצן קאָפּ האָר. ס'איז דאַמאָלס צווישן זיי דערגאַנגען אַזש צו אַ לייכטן פלירט.

ווען מאַדאַם גאָלדפעלד האָט באַלד ווידער באַגעגנט דאָס געפֿאַרעמטע פּאָרל, האָט זי אין דעם לערערס דאַמע דערקענט די טאָכטער פון אַ רייכן האָלץ־סוחר, וואָס וווינט אין דער זעלבער גאַס, וואָס זי — עטלעכע הייזער ווייטער. אין אַ רגע איז איר קלאָר געוואָרן, אַז דאָס מוז זיין אַ שידוך און שוין האָט זי אים באַוווּסטזיניק נגעהויבן באַ זיך אויסצוזוכן חסרונות פון יענערס געשטאַלט און גאַנג. . .

מאַדאַם גאָלדפעלד האָט נאָך עטלעכע מאָל געשפּאַצירט אַרויף און אַראָפּ איבערן געדיכט באַפעלקערטן טראָטואַר. ס'האָט איר אָנגעהויבן ווערן לאַנגווייליק דאָס שפּאַנען איינע אַליין, אָבער אַהיימגיין האָט זיך איר נאָכנישט געוואָלט. זי האָט זיך די אויגן אויסגעקוקט צו דערזען אַ באַקאַנטן, מיט וועמען זי זאָל זיך קענען אַ ביסל איבערשפּאַצירן. נאָר קיין פּאַסיקן האָט זי אַלץ נישט באַגעגנט. — ענדלעך האָט זי דערזען, דעם סאָציאַליסטישן ראַטמאַן לאָקשינסקי — דער שוועסטער דאָרעס געוועזענעם „פריינט".

מאַדאַם גאָלדפעלד איז צופרידן געווען כאָטש פון דעם באַגעגעניש (אַ מאַנסביל איז עס דאָך פאָרט). לאָקשינסקי — נאָכ־

ער. און נאָך אַ קורצן איבערשפּאַצירן זיך אויפן טראָטואַר, וואָס האָט שוין געגומען ווערן פוסטער — ווען ער האָט פּאַרגעלייגט זיין דאַמע אַ קליינעם שפּאַציר לענגאויס דעם ברעג ווייסל, האָט זי דעם פאָרשלאַג נישט אָפּגעוואָרפן.

לאַקשינסקי מיט זיין ווייבעריש פלוידער־מויל, דער גוף און לאַנגע הענט, וועלכע האַלטן זיך אין איין באַוועגן, ווי די שמיגעס פון אַ ווינט־מיל בשעת אַ נישט נאָרמאַלן ווינט — האָט זיך אַלע מי געגעבן גוט צו ווײַלן זיין דאַמע. ער האָט גערעדט פאַר פייער און פאַר וואַסער, פון אַלץ אין דער וועלט אָן שום צוזאַמענהאַנג, געשפּרונגען פון איין געשפּרעך צום צווייטן, חעגן סאָציאַליזם בכלל און אויף זיין באַליבטער טעמע — זיינע גייסטרייכע רעדעס אין שטאָט־ראַט — בפרט. נאָר אַריינקומענדיק אין דער אַלעע אויפן ברעג ווייסל, איז לאַקשינסקי מיטאַמאָל פאַרשוויגן געוואָרן — פונקט ווי אַ „שיקאַווקע“, ווען זי הערט אויף צו שפּריצן פון זיך וואַסער, — פון צייט־צו־צייט נאָר געחלומט, געטרוימט אַ ביסל.

— אַך, דער פרילינג — רעדט מאַדאַם גאָלדפעלד אַרויס דאָס וואָרט „פרילינג“ מיט אַ באַדייטונג, ווי אַן אַקטיאָרקע אין אַ סענטימענטאַלער ראָלע, קוקנדיק דערביי אין דער לינדער נאַכט, וואָס הענגט איבער די שטיל־פליסנדיקע ווייסל־כוואַליעס.

— יאַ, דער פרילינג — באַשטעטיקט לאַקשינסקי מיט פּאַטאָס — „דער אַלטער, אייביק יונגער פרילינג“ — דעקלאַמירט לאַקשינסקי...

געגוג זיך אָנגעטיילט איינס ס'אַנדערע מיט זייער באַגייסטערונג פון פרילינג „דעם אייביק יונגען פרילינג“ — דערציילט לאַקשינסקי דער מאַדאַם גאָלדפעלד, אַז אין מאַגיסטראַט האָט מען איר מאַן געהאַט אויפן טיש — מ'האַלט אים פאַר איינעם פון די רייכסטע אין שטאָט און מ'האָט אים געוואָלט אַריינהאַקן שטייערן... נאָר ער, לאַקשינסקי, אַלס ראַטמאַן, האָט לאַנג און שטאַרק געאַרבעט פאַר גאָלדפעלדן, האָט מען אים די שטייערן פאַרקלענערט, אַ סך פאַרקלענערט, כמעט אויף אַ דריטל.

— וואָס קען מיך דאָס אינטערעסירן — זאָגט מאַדאַם גאָלד־

פעלד מיט דער גלייכגילטיקייט פון אַ דאַמע, וואָס דעם מאַנס געלט אינטערעסירט זי לחלוטין גאָר נישט.

לאָקשינסקי בלייבט אין פאַרלעגנהייט.

— געוויס — מורמלט ער — דער בירגערלעכער קלאַס, די בורזשואזיע...

ער קראַצט אַפּנים אין קאָפּ אויס, וואָס נאָך צו זאָגן און ביבעט לסוף נאָך אַרויס: מיר סאָציאַליסטן... — און שוין! מער רעדט ער דערוועגן קיין וואָרט נישט. ער האָט קענטיק דאָ, אין שפּאַציר, שוין זיין גאַנצן רעדנער־טאַלענט אַרויסגעבאַקט, אויסגעמאָלקן דעם מוח זיינעם ביז דעם לעצטן טראָפּן.

און נאָכן שפּאַציר, ווען לאָקשינסקי שטעלט אָפּ די פּאַני גאָלדפעלד פאַר איר וווינונג און געזעגנט זיך מיט איר דורך אַן עלעגאַנטן קוש אין איר געקאַכלט הענטל, גייט זי אַריין אין שטוב שוין אַ סך הייטערער, ווי זי איז תחילת אַוונט פון דאָרט אַרויסגעגאַנגען.

## קאַפּיטל 18.

פרילינג. דער אין די שטאָטישע גאַסן — געפּלאַסטערטער און ענג פאַרבויטער — נעבעכדיקער פרילינג, באַווייזט דאָ, עק־שטאָט, זיין גאַנצע פּראַכט און דערפרישנדיקע לייטזעליקייט.

ווייט און ברייט האָט דער גאַנצער עק־שטאָט קוואַרטל מיט זיינע אַלטע הילצערנע הייזלעך, אַרומגעצוימטע און אָפענע פלעצער, דאַנקבאַר געשמייכלט אין דער יונגער זון.

די איינוווינער, בלאַסע, אויסגעמאָגערטע פון לאַנגן ביזן ווינ־טער און געמיינער דערנערונג, זענען אַרויסגעקראָכן פון זייערע שטיבלעך, ווי אָפּגעשוואַכטע פליגן נאָך קאַלטע רעגן־טעג און זיך אויסגעזעצט אויפן לאַנגן קלאָץ, וואָס ליגט, ווער ווייסט ווי לאַנג שוין, אויפן אָפענעם פלאַץ קעגנאיבער דעם הויז, וווּ בענדעט וווינט.

זיי האָבן גוטמוטיק געשמייכלט די אָרימע הייזל־איינוווינער, אָט די גלעטנדיקע, ליכטיקע וואַרעמקייט האָט זיי אַ ביסל פאַרגי־טיקט פאַרן אומענדלעך לאַנגן און שווערן קוים איבערגעקומענעם ווינטער. אפילו דעם טויערערס טאָכטער, די שווינדזיכטיקע, איז

היינט נישט אַזוי בייז און צעריייצט, ווי געוויינטלעך. אירע געלע, פּמעט דורכזיכטיקע באַקן האָבן אין דער שטיפעריש ייִנגער זון עפּעס אַ באַזונדער קינדיש חן געקריגן. און אַז אַ זעגעדיקער הוסט האָט זיך איר פון דער ברוסט געריסן, האָט זי אים פאַרהאַלטן, ווי זי וואָלט געשעמט זיך מיט איר פאַרצערונגס-קרענק אין דערדאָזי-קער ליכטיק גלעטנדיקער, בלישטשענדיקער פרילינג-זון.

אַרויף צו דעם וועג, וואָס ציט זיך לענגויס דעם וואַלד, האָבן פויערן, נאָך אין די ווינטערדיקע קוטשמעס אויף די קעפּ, גע-פּאָרעט זיך מיט שפּאַדלעס אין די הענט אַרום די אַ גאַנצן ווינ-טער פאַרשלאָסענע און מיט ברעטער פאַר'האַקטע ווילעס — זו-מער-וווינונגען פאַר יענעם טייל מלחמה-גליקלעכע, וואָס, אַזוי דער ווינטער, ווי דער זומער עקזיסטירן נאָר, כדי זיי דאָס לעבן אָנ-גענעם צו מאַכן.

אפילו דער קרעמער פאַן מיקאָלייטשיק — מיט די שטייף-אַרויפגעדרייטע פּוילישע וואָנסעס און שוואַרצע, שפּיציק גלאַנצי-קע שטשור-אייגעלעך — דער מלאך-המוות פון די אַרומיקע איינ-וווינער, איז היינט ווייכער ווי תמיד: דער איינגעהויקערטער גויע, דער מוי-רערין, האָט ער היינט געגעבן אַ פונט זאַלץ אויף באָרג, הגם עס קומט אים נאָך פון פריִער פאַר אַ פּעקל שוועבע-לעך. און איצט שטייט ער אין די ברייט צעעפנטע קראָם-טירן, קוקט צום וועג, וווּ די פויערן אַרבעטן שוין אַרום די זומער-וווי-נונגען: באַלד וועלן זיך ברענגען צוציִען די אמתע קונים — און דאָס פּנים זיינס דריקט אויס אַזוי פיל פרייד, אַז אײן לשער.

אין בענדעטס וווינונג איז פראַל אָפן דאָס פענסטערל. חנה, בענדעטס שוועסטער, מאַכט דערינען אָרדנונג: אַ סך שטויב האָט זיך אָנגעזאַמלט דורכן ווינטער, ווען ס'איז נישט מעגלעך געווען צו עפענען דאָס האַלב צעפוילטע צוגעפרוירענע פענסטער; אויף דער וואַנט, קעגנאיבער דעם פענסטער, רוט און רירט זיך קוים אַ שטיק זון — אַ גאָלדענער פיר-עק; חנה אין אַ קאָפּ-טיכל, כדי נישט איינצושטויבן די האָר, אַרבעט מיט אַ באַרשט און מיט אַ שמאַטע און די אַרבעט איז איר ליב: איבערגעקומען אַ ווינטער.

— צום אָפענעם פענסטער קומט צו די נייע ייִדישע שכנטע

אַן עלטערע פרוי אַן אלמנה — וואָס האָט זיך דאָ אַריינגעצויגן אין וווינט מיט איר טאָכטער אין דעם שטיבל, ווי מיט עטלעכע חדשים צוריק איז געשטאָרבן דער גאַסן־בעטלער.

— אַ גאָט העלף אייך — באַגריסט זי חנהן — גיט נאָר אַ קוק, שכנטע, אַ געצירטן טאָג, דער אין הימל האָט אונדז היינט אַראָפּגעשיקט.

— און ווי פילט זיך היינט אייער טאָכטער, פרוי פינקל ? — פרעגט זיך חנה נאָך בײַ דער אלמנה.

— מיין טאָכטער ? — שאָקלט די פרוי פרוי פינקל סקעפּ־טיש דעם קאָפּ און אירע טונקעלע, אויסגעלאָשענע אויגן און דאָס גע־פאַלדעוועטע פּנים, וואָס איז אַמאָל, קענטיק, שיין געווען און האָט נאָך איצט אויך נישט פאַרלוירן די רעגלמעסיקע שטריכן — דריקן אויס פאַרצווייפלונג. — איר מיינט, איך ווייס נישט, וואָס מיין קינד פעלט ? זי איז נעבעך נישט געוווינט צום דאָזיקן לעבן, מיין מינעלע. אין די קינדער־יאָרן — דער פאַרמעגלעכער טאַטע, דער טייערער ברודער, דער איינציקער, וואָס האָט נישט דער־לאָזט, אַז איר זאָל עפּעס פעלן... און איצט, דאָ, דאָס הינטישע לעבן אין דער „פיינער“ דירה — אָט וואָס מיין קינד פעלט !

און זי גייט אָפּ פון פענסטער מיט אַ טריב פּנים אין דער יאַנגער פרילינג־זון.

---

## קאַפּיטל 19.

אָנהייב חודש ניסן פאַלט אויס די יאָר-צייט פון בענדעטס פאַרשטאָרבענע פרוי.

דעם יאָר-צייט טאָג האַלט בענדעט אָפּ אין שטעטל בײַ די געוועזענע שווער און שוויגער. דאָרט באַזוכט ער דעם יונגפאַר-שטאָרבענעם ווייבס קבר און זעט זיך מיט זיין קינד, דעם מיידע-לע, וואָס ווערט דערצויגן בײַ דער פאַרשטאָרבענער מוטערס על-טערן.

בענדעטן שטייט נישט אָן, אַז דאָרט אין שטעטל, ווו מען געדענקט אים נאָך אַלס נגידישן יונגנמאַן, זאָל מען וויסן, אַז אום נישט אויסצוגעבן דעם לעצטן נייטיקן גראָשן, מאַכט ער אַדורך דעם מהלך צום שטעטל צו פוס. רעכנט ער אויס, בענדעט, אַז דאָס גיין זאָל אים אויסקומען דער עיקר באַנאַכט (פאַר באַנדיטן-אָנפאַלן, דאַרף ער נישט מורא האָבן...) און אין שטעטל דאָרט זאָל ער זיך באַווייזן - אינדערפרי, ווי יעדער אַנדערער צופאָרנגע-קומענער.

אין דעם אַמאָליק שטילן רויִקן שטעטל, קומט איצט פאָר דער זע ביקער האַנדל־וואַנדל־גאַלאָפּ, ווי אין די גרעסערע שטעט: דער האַנדלט וואַליוטע, יענער פּאַסקוועט, שפּעקולירט און אַ דריט שאַצט מען שוין אַזוי הויך, אַז עס שווינדלט פאַר די אויגן פון דער לאַנגער שורה נולן, מיט וועלכע מען שטעלט פאָר, ווי־פיל זיין פאַרמעגן באַטרעפט שוין.

דאָ אין קליינעם שטעטל, גייט דער נישט כשרער מסחר־גאַלאָפּ פראַנק און פריי, אין סאַמע מאַרק; אין פולן ווינט יאָגן אין דרייען זיך די וואַליוטע און שפּעקולאַציע מיט־עדער... עס ווימלט דער שטעטלדיקער מאַרק פון צעטראָגענע סוחרים — קויפער און פאַרקויפער, אָדער ביידע גלייכצייטיק... עס באַשאַפן זיך רעדלעך, בינטלעך סוחרים קומען זיך צוזאַמען, טענהן עפּעס, היצן זיך און מאַכן מיט די הענט, און ווי זייפנבלאָזן אין אַ באַ־ליע — צעפּאַלן זיי זיך, וואַקסן אויס אין אַ צווייטן ווינקל מאַרק, צעפּאַלן זיך ווידער און וואַקסן גלייך אויס אַנדערש־וווּ...

בענדעטן איז עטלעכע מאָל אויסגעקומען אַדורכצוגיין דעם מאַרק. קיינער האָט זיך אויף אים נישט אומגעקוקט, אים נישט באַמערקט. דער עולם דאָ (כמעט דאָס גאַנצע שטעטל) איז פאַר־האַוועט. פאַריאָגט; נישטאָ קיין צייט: יעדער רגע איז געלט... ווי אין שיכּרות, מיט צעבערענטע, געלט־גייציקע אויגן, לויפט מען אַרום, ווי די צערייצטע חיות... אָט באַווייזט זיך אַ פויער מיט פון אַמעריקע באַקומענע דאָלאַרן, — עס ווערט אַ צוזאַמענגעלויף פון דעם גאַנצן מאַרק־סוחרים, מ'באַפאַלט דעם פויער פון אַלע זייטן; יעדער בינטל שותפים שלעפּט אים צו זיך, מ'דרייסט זיך ווי אַ כאַפּטע הינט אַרום אַ געפונענעם ביין...

בא בענדעטס געוועזענעם שווער אין הויז האָט זיך אַלץ גע־פירט, ווי אַמאָל. דער שווער, שטאַרק פאַרעלטערט, האָט זיך שוין ווייניק געמישט אין האַנדל. דער זון, וואָס בשעת בענדעטס אַוועק־גיין פון שווערס הויז, איז ער נאָך געווען בחור, האָט שוין חתונה געהאַט: ער איז איצט דער גאַנצער געוועלב־פירער און וווינט אין דעם זעלבן הויז, אין פריש אַרויפגעצויגענעם גאָרן.

דאָס קינד בענדעטס — אַ מיידעלע פון אַ יאָר פינף, מיט
טונקעלע אויגן און בלאָנדע האָר — האָט צום פלוצלינג זיך באַ־
וויזענעם פאָטער זיך באַצויגן פרעמד, אומווילליק. ווען בענדעט
איז מיט דעם מיידעלע געגאַנגען באַזוכן דער מוטערס קבר, האָט
ער געפרוּווט מיט זיין קינד פאַרפירן אַ געשפרעך. זי אָבער האָט
אים קורץ געענטפערט אויף זיינע פראַגן „יאָ, ניין". און אים
האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דאָס קינד האָט פאַר אים מורא און קוקט
אויף אים, ווי אויף עפּעס אַן אַרימאַן, אַן אורח...

בענדעט איז, ווי יעדעס יאָר, געבליבן דאָ צום מיטאָג. דער
שוויגער, שוין גאָר מאַט און שוואַך, מיט אַ פון אַלטקייט ציטער־
דיקן קאָפּ, האָט אויסגעוויינטע אויגן. דער שווער איז געזעסן באַם
טיש שטום, ווי אַ שטיין. און בענדעטן איז אויך געווען אומעטיק
אויפן געמיט: יעדער קער אין שטוב און יעדעס שטיקל מעבל דאָ
האָט פאַר אים געהאַט זכרונות.

קלאָר, ווי עס וואָלט ערשט נעכטן געשען, האָט זיך אים
געדענקט יענער פרימאָרגן: — זי איז שוין כמעט געזונט געווען
פון דער נאָך קימפּעט־קרענק. מ'האָט זיך בעטרייסט, וואָס דאָס
קינד (דאָס צווייטע — אַ יינגעלע) לעבט נישט, אָבי די מוטער איז
שוין געזונט פון דער לאַנג־דויערנדיקער קרענק, נאָר צומאָרגנס,
נאָך דעם טאָג, וואָס זי איז דאָס ערשטע מאָל אַרויסגעגאַנגען
פון בעט — איז די דינסט געקומען אַראָפּצולויפן אין געוועלב
אַריין מיט אַ געוואַלט, און אַז בענדעט איז גלייך געקומען
אַרויפצולויפן, האָט ער זי געפונען זיצן אויפן ראַנד בעט, צוגע־
שפּאַרט צו דער וואַנט אינמיטן אָנטון אַ זאָק מיט פאַרגלייזטע
אויגן — טויט.

און אַזוי קלאָר און בולט געדענקט זיך אים יענער טאָג אין
דער צומאָרגנסדיקער מיט אַלע נישט באַדייטנדע איינצלהייטן —
העלע, זוניקע פרילינגס־טעג, אַלץ האָט געגלאַנצט און געבליש־
טשעט. נאָר פאַר אים זענען יענע צוויי טעג געווען די שרעק־
לעכסטע, די פינסטערסטע אין זיין לעבן. אַ האַרבסטיק פאַרכמאַ־
רעטער בלייערנער הימל האָט זיך דאַמאָלס אויף זיין געמיט

אַראָפּגעלאָזט און זיין קאָפּ און זיין רוקן טיף צו דער ערד גע-בויגן.

פאַרנאַכט האָט בענדעט זיך געזעגנט אין שווערס שטוב און אין אָוונט צופיס צוריק געמאַכט דעם וועג צו זיין איצטיקער היים.

ער איז געווען מיד און צעבראָכן פון דער שוין צווייטער נאַכט וואָגלען אויף די בלאָטיקע וועגן און דאָס געמיט זיינס און די מחשבות אין קאָפּ זענען מאַטערנדיק שווערע, פונקט ווי די מי-דעקייט פון זיין גוף.

ער האָט געטראַכט פון זיין קינד, וואָס איז צו אים חילד-פרעמד, דעם קינדס דערציִונג אין דעם פאַרמעגלעכן הויז בײַ אַלטע יוסטע באַלעבאַטים ברענגט ממילא דערצו, אַז דאָס קינד זאָל צו אים, דעם אָרים געקליידטן, פילן אַ פרעמדקייט. און סוף כּל סוף וועט זיין קינד אים איגגאַנצן פרעמד ווערן.

נעכט, גייענדיק מיט דעם מיידעלע אויפן בית עלמין צו דער מוטערס קבר, האָט זי אַלץ נאָכאַנאַנד אַרויסגעצויגן איר הענטל פון זיין האַנט און געגאַנגען פון אים אָפּגערוקט. ער האָט גוט געפילט, אַז זיין געזעלשאַפט איז דעם קינד נישט ניחא; אפילו דאָס טיטולירן אים „טאַטע" איז איר שווער.

„אָט וואָס געלט קען!..."

און אַזוי גייענדיק אַלץ ווייטער און ווייטער אין דער נאַכ-טיק איינזאַמער פעלד-און וואַלד-שטילקייט, איינער אַליין, האָט ער מיטאַמאָל דערגרונטעוועט מיט זיין מוח דאָס, וואָס איז אים נאָך קיינמאָל ביז איצט אַזוי אָפן נישט קלאָר געווען: — דעם אומגעהייערן תהום, וואָס די פאַרשידנהייט פון דער מאַטעריע-לער לאַגע שטעלט אַוועק, נישט בלויז אויסערלעך צווישן מענטש און מענטש, נאָר אפילו אין מוח, אין דענקען, צווישן די סאַמע נאָנטסטע מענטשן, ווען זיי געפינען זיך נאָר אויף פאַרשידענע שטאַפּלען פון מאַטעריעלן ווילשטאַנד.

עס האָט בענדעטן נישט באַנג געטון דאָס — מיט עפּעס מער ווי צוויי יאָר — אָנגעוווירענע באַקוועמע לעבן אין שטעטל, באַם רייכן שווער; יענץ לעבן, וואָס קען פאַרגליכן ווערן צו אַ

גוט א יסגעבעט, ווייך בעט: דו שלאָפסט דיר אָפּ דיין גאַנץ לעבן, נישט הייס און נישט קאַלט, ווי לויע מילך. און מיט־אַמאָל קוקסט דו דיך אַרום: הע, איך בין דאָך שוין אַ זקן! ווו און ווען זענען מיר די יאָרן אַוועק? — צי האָט אים דען געקענט באַנג טון דאָס אָנגעוווירענע קליינשטעטלדיקע באַלעבאַ־טישע לעבן, וואָס בלייזלט זיך אין שימל, ווי דאָס שטייענדיקע וואַסער אין מקווה נאָך דעם פרייטיק־האַרמידער? . . . עס האָט זיך אָבער נאָך ווייניקער נחת פאַרשאַפט זיין איצטיק לעבן, דאָס געפייניקטע לעבן, אין וועלכן ער פאַרזינקט אַלץ מער איצט — דאָ אין עק שטאָט קוואַרטאַל, פאַרנעמענדיק זיך מיט מעקלע־ריי.

אָט אין אַזעלכע רעיונות, מיט אַ שווער צעבראָכן געמיט, אַ פיזיש און גייסטיק אויסגעפייניקטער, איז בענדעט צומאָרגנס אינדערפרי צוריקגעקומען צו זיך אַהיים.

*

די טעג האָבן זיך צוריקגעשטעלט קאַלטע און רעגנדיקע. אפנים, דער פרילינג האָט זיך מישב געווען, אַז ס'איז נאָך צו פרי פאַר אים די וועלט צו דערפרייען, האָט ער זיין אָרט אָפּ־געטרעטן פאַר ווינטן און שניי־רעגנס. די הייזל־איינוווינער זענען צוריק איינגעשרומפן געוואָרן. דעם מויערערס ניינצעניעריקע שווינדזיכטיקע טאָכטער איז ווידער כּסדר געלעגן. אין קאַלטן שטיבל באַ בענדעטן האָט מען דורך דער וואַנט געהערט אירע הייזעריקע, רייסנדיקע הוסטן. און אַלץ איז צוריק געוואָרן ווינ־טערדיק.

אין אָוונט איז די אַלמנה פינקל מיט איר טאָכטער גע־ווען באַ בענדעטס שוועסטער. אין פענסטער האָט געפּאַטשט אַ ליאַפּעדיקער רעגן. דאָס מיידל — מיט ברוינע לענגלעכע אויגן און ווי געשניצטע פּנים־שטריכן — אַ בלאַסע און שוואַכע פון אַן ערשט דורכגעמאַכטער קרענק, איז געזעסן שווייגנדיק. חנה האָט זיי מכבד געווען מיט טיי און ברויט. די מוטער האָט געהאַלטן אין האַנט אַ פאָטאָגראַפיע פון איר אומגעקומענעם זון — אַ בחור מיט

אָפּענע אויגן און ענערגישן פּנים. דערדאָזיקער בחור איז סוף 1918, בשעת די דייטשנס אָפּטרעטן, געהרגעט געוואָרן פון כוליגאַנעס עראגעץ אין אַ ווייטלעכער שטאָט. די מוטער האָט ווײמוטיק געקוקט אויפן זונס בילד און גערעדט צו אים:

— חיימל מײנער, דײַנע יונגע יאָרן נעבעך, די אָפּגעהאַקטע. . .

# קאַפּיטל 20.

מאַדאַם גאָלדפעלדס שוועסטער, דאָרע, די וואָס איז אין דער רעזידענץ־שטאָט אויף א פּאָסטן — האָט אַהיים געשריבן צו די עלטערן, אַז אויף פּסח וועט זי זיך אַהיים מיטברענגען איר כמעט חתן, דעם „חבר“ אַדאָלף.

די מאַמע מייטע איז נישט איבעריק צופרידן געווען פון דער טאָכטערס ידיעה:

— ווער קען מיר דאָס פאַרזיכערן, אַז מיט דעם איצטיקן ווערט עס שוין טאַקע — האָט זי זיך דאָס האַרץ אָפּגערעדט פאַר דער טאָכטער, די אלמנה — זי קען נאָך אַזוי דורכוואַרפן זעקס; אין וואַרשע איז פאַרהאַנען געבוי דאָס מין — און יעדן איינעם זיך אַ ביסל אַהיימברענגען אויף אַ יום־טוב, מ'זאָל אים דאָ אום־זיסט פאַרלירן...

פאַרשטאַנען, אַז עס האָט שוין געהאַלטן גאָר נאָענט פאַר פּסח האָט די מאַמע מייטע זיך געזעגנט וועגן דעמאָזיקן ענין מיט דער טאָכטער בראָניע און מיט דער צווייטער טאָכטער. וואָס האָט דאָס פאַבריקע יאָר חתונה געהאַט און וואָס דער מאַן איר ער מאַכט

נישט קיין שלעכטע געשעפטן — און ס'איז געבליבן, אַז דאָרעס כּמעט-חתן וועט שלאָפן בײַ די גאָלדפעלדס אין עס-חדר אויף דער סאָפע (מירל, גאָלדפעלדס שוועסטער, וועט מוזן דורך דער צייט זיך באַהעלפן מיטן שלאָפן בײַ די שוועסטער, די קישטיינען) אָנ-בײַסן עסן וועט דער כּמעט-חתן אויף דאָרעס, ווי ער וועט שלאָפן — בײַ די גאָלדפעלדס; אַחוץ דעם וועט נאָך בײַ די גאָלדפעלדס איין מאָל געגעבן ווערן אַ מיטאָג, אויף וועלכן עס וועט פאַרבעטן ווערן דער כּמעט-חתן צוזאַמען מיט דאָרען (מייטע האָט פאַר-לאַנגט: צוויי מיטאָגס, דעם ערשטן טאָג און דעם לעצטן טאָג פאַרן אַוועקפאָרן. נאָר דאָס צווייטע מיטאָג האָט די גאָלדפעלדן אָפּגעהאַנדלט...) ווידער יענע טאָכטער, די ערשטע התונה געהאַ-טע, וועט דאָס פּאָרל פאַרבעטן אויף צוויי אָוונטברויטס — דעם צומאָרגנסדיקן טאָג נאָכן קומען און דעם לעצטן אָוונט פאַרן אַוועק-פאָרן.

אינדעם טאָג איידער דאָרע איז געקומען צופאָרן, איז שוין אַלץ געווען איינגעאָרדנט און באַשטימט, און מייטעס מאַן, דאָרעס פאָ-טער, מיטן איינגעגאָסענעם נאָמען „קרעפּל", האָט דעם טאָג, אַ טאָג פאַר ערב פּסח, אויף דעם ווייבס באַפעל געמוזט זיך לאָזן אָפּשערן, פאַרפּוצן דאָס גרויע בערדל, אָנטון דאָס בע-סערע איבער-מלבוש און פאַרנאַכט איז בערל, אָן אויסגעפּוצטער, שוין גרייט געווען צום באַגעגענען די טאָכטער מיט איר כּמעט-חתן.

מיטן אָוונט-צוג איז דאָס פּאָרל געקומען צו פאָרן.

בײַם נאַכטעסן, ווען אַלע זענען געזעסן אַרום באַטישטיכטן טיש, האָט בערל אַלץ געזוכט, מיט וואָס דעם כּמעט-חתן ניצלעך צו זיין, צי ער דאַרף נישט אַ ביסלו אַלץ, אָדער אַ מעסער... און אַז ס'האָט וואָס אויסגעפעלט, איז ער, דער באַלעבאָס, אַליין געלאָפן דערוועגן אין קיך. און געקוקט האָט ער דעם כּמעט-חתן אַזוי בעטנדיק און אונטערטעניק אין די אויגן, ווי ער וואָלט אים אויף שטום לשון געבעטן:

— דערבאַרעם דיך און באַפריי מיך פון מיין בגרות...

מייטע האָט די גאַנצע צייט באַמערקט איר מאַנס צעקראַכנ-

קייט לגבי דעם כמעט־חתן. נאָר זי האָט דאָס כּסדר געדריקט אין זיך און געשוויגן, שאָקלענדיק בלויז פאַרוויייטיקט מיטן קאָפּ אויף איר מאַן דעם לעקיש, נאָר אַז בערל האָט באַם טרינקען טיי נישט אָפּגעלאָזט דעם כמעט־חתן, נאָר ער זאָל זיך אין טיי אַריינלייגן דווקא נאָך אַ קלעצל צוקער, האָט עס מייטע מער נישט געקענט אויסהאַלטן און זי האָט אונטערן טיש אַזוי שטיפּלינקע מכבד געווען דעם מאַן מיט אַ קניפּ אין דיקן פלייש. איז דאָס געווען אַ קניפּ, אַז די אויגן זענען אַזש דעם אָרימען בערלען איבערגעגאַנגען. ער האָט אָבער נישט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס מייטעטשיסקע האָט אים אַזוי אומבאַהמנותדיק מקיים פּסק געווען. ער האָט אויף איר אַ קוק געטון: זי איז זיך געזעסן די כלבטע, ווי קיינמאָל גאָרנישט, און אַ שמייכעלע האָט איר אויף די דינע ליפּן געשפּילט; בערל האָט נעבעך בלויז שטיל אַ זיפץ געטון און מער שוין גאָרנישט גערעדט.

שפּעט אינאָוונט האָט דאָרע אָפּגעפירט איר כמעט־חתן צו דער שוועסטער בראָניע גאָלדפעלד. דאָרט האָט זי אים פאָרגעשטעלט קורץ: מיין באַקאַנטער, אַדאָלף. בײַ די גאָלדפעלדס איז דאָס פּאָרל לאַנג געזעסן. אויפן ווייסגעדעקטן טיש, אינדערמיט פון טיש, ווי אַן איינציקער בוים אויף אַ שניי־פעלד, איז געשטאַנען אַ קלאָש קאַרמעלקעס און שאָקאָלאַדעס. חבר אַדאָלף האָט פון דער ערשטער מינוט נושא חן געווען בײַ מאַדאַם גאָלדפעלד. זי איז געזעסן אים קעגנאיבער, געשמייעלט און נאָכאַנאַנד באַטראַכט זיין שיין פּנים, בלויע אויגן און קורצע אויף ענגלישן אַרט פאַרשוירענע בלאָנדע וואָנסעלעך. און דאָס, וואָס ער איז אַ קאָמוניסט און נישט סתּם עפּעס אַ קאָמוניסטל, נאָר טאַקע פון די „קעפּ!...“ דאָס מאַכט אים אין אירע אויגן נאָך אינטערעסאַנטער און זי איז מיט פאַרגעניגן געזעסן און געפלוידערט.

גאָלדפעלד האָט נישט אויסגעהאַלטן שטאַט און איינגעדרעמלט באַם טיש. אין אָנהייב האָט ער נאָך יעדע פּאָר שלימער זיך צוריק אויפגעכאַפּט און אָנגעקוקט די געסט אין אויך זיין אייגן ווייב מיט אַ פאַרשולדיקטער מינע. דאָס אויפכאַפּן איז אָבער

אַלץ זעלטענער געוואָרן און לסוף איז פון דעם דרימל געוואָרן — אַ שלאָף, אַן אמתער שלאָף מיט כראָפּען און פּייפן.

מאַדאַם גאָלדפעלד האָט דעם באַם טיש איינגעשלאָפענעם מאַן נישט אויפגעוועקט. זי האָט מיט אַ מין ביטול, געמישט מיט רחמנות צו זיך, וואָס זי מוז נעבעך מיט אַזאַ איינעם צוזאַמענזיין, געוואָרפן בליקן אויפן שלאָפנדיק מאַן און געסטרעט האָט זי זיך, אַז איר מינע זאָל אויסדריקן אַ חוץ ביטול צום מאַן און רחמנות צו זיך, אויך פאַרשעמטקייט: זי שעמט זיך מיטן מאַנס נישט לייטישער אויפפירונג.

מאַדאַם גאָלדפעלד האָט מיט אַ פאַרצויגן פּיסקל גערעדט מיטן לשון פון סאַלאָן-ראָמאַנען פון „ענגע האָריזאָנט" פון „אונטערגעבראָכענע פליגלען..." פאַר שידענע רמזימלעך אַזעלכע וועגן איר נישט צופרידנגעשטעלט לעבן דאָ אין דער „אויף-מיר-שטאָט", באַם מאַן, דעם סוחר. חבר אַדאָלף האָט זיך אַ כוח אָנגעטון זי ערנסט אויסצוהערן. און וויפיל די פיציקע דאָרע האָט זיך נישט באַמיט אַראָפּצופירן די שוועסטער פון דידאָזיקע „הויכע" שמועסן, איז עס איר נישט געלונגען.

דאָס געלעגער אויף דער סאָפע איז געווען נישקשהדיק, דאָך איז חבר אַדאָלף נישט באַלד איינגעשלאָפן. ער האָט געהערט, ווי דערינען, אין שלאָף-חדר, שושקען זיך עפּעס מאַן און ווייב, און ס'האָט אים אָנגעכאַפּט אַ חשק צו דערגיין, וועגן וואָס זיי שושקען זיך.

דאָס אָנגעהערן פונם חבר אַדאָלף צו דער אומלעגאַלער פאַרטיי האָט אין אים ביסלעכוויין אַנטוויקלט אַ שאַרפע, איבערגעטריבענע נייגעריקייט און פאָרזיכטיקייט. און איצט, הערנדיק די שושקעריי פון שלאָפצימער, איז ער פון געוווינהייט אויך אומרויִק געוואָרן און נישט ווילנדיק זיך גענומען איינהאָרכן... אָבער ענדלעך איז דער גאַסט איינגעשלאָפן אויף זיין גייעם געלעגער און איז אַן איבערגעריסן איבערגעשלאָפן די גאַנצע נאַכט.

ס'איז געוואָרן אינדערפרי. מאַדאַם גאָלדפעלד איז היינט אויפגעשטאַנען אַ ביסל פריער ווי געוויינטלעך. חבר אַדאָלף איז געזעסן אין עס-חדר. מאַדאַם גאָלדפעלד האָט נאָכאַנאַנד פאַרגייגע-

שוועבט זיין אין צוריק. זי איז געווען אָנגעטון אין נייעם העל־בלויען מאַרגנקלייד, וואָס איז טיף דעקאָלטירט און מיט ברייטע לויזע אַרבל. און אַז מאַדאַם גאָלדפעלד האָט אויפגעהויבן אַ האַנט, כלומרשט צו פאַרריכטן זיך די צעשאָטענע האָר, איז איר דער ברייטער אַרבל אַזוי אַריבערגעפאַלן, אַז עס האָט זיך אַזש באַוויזן דאָס באַהאַלטענע ביגל האָר פון הינטער דעם אָרעם. און דער חבר אַדאָלף, אַ פרישער נאָך דער אויסגעשלאָפענער נאַכט, האָט, קוקנדיק אויף דער מאַדאַם גאָלדפעלדס היפשן קערפּער און פולע הענט, אויף אַ ווײַלע פאַרגעסן זיין קאָנספּיראַטיוו לעבן און אַנדערע דאגות — און ער האָט הינטער ווײַלעכטס מיט גרויס חשק געוואָרפן בליקן אויף דער מאַדאַם גאָלדפעלדס פאַרביישוועבנ־דיקער פיגור...

ס'זענען געגאַנגען שיינע טעג — פרייע שפּאַציר־טעג: יום־טוב ייִדישער און קריסטלעכער. שפּאַצירנדיק מיטן חבר אַדאָלף, האָט זיך דאָרע באַגעגנט מיט איר אַמאָליקן „באַקאַנטן", מיט לאָק־שינסקין. דאָרע האָט געזאָגט: „באַקאַנט אייך". די צוויי מאַנסלייט האָבן זיך פאַרגעשטעלט. לאָקשינסקי איז מיט זיי אַ שטיקל וועג מיטגעגאַנגען. און באַם אַוועקגיין האָט ער געמוזט צוזאָגן, אַז ער וועט זיי באַזוכן.

צומאָרגנס האָט ער דאָס פּאָרל באַזוכט באַ גאָלדפעלדן אין שטוב. זיי זענען געזעסן אין עס־חדר היימיש צעזעצט: דאָס פּאָרל אויף דער סאָפע, לאָקשינסקי קעגנאיבער אויף אַ שטול. חבר אַדאָלף האָט געטראָגן אַ שוואַרצן אַנצוג. דער אַנצוג האָט אים זייער גע־קליידט צו די בלויע אויגן און בלאָנדע האָר, און מיט די קורץ־גערשוירענע ענגלישע וואָנסעלעך האָט ער אויסגעזען זייער פיין.

דאָרע האָט געטראָגן אַ קלייד פון אַ קאָליר, ווי פּסחדיקער רויטער באָרשטש, דאָס קלייד איז געווען שטאַרק טאַמבאָרירט אין פאַרשידענע קאָלירן און דעקאָלטירט איז עס אויך געווען. און דער דעקאָלט האָט געוויזן אַ ביינערדיק ט נקל האַרץ־ברעטל, ווי פון אַ ווינט צעאַקערט זאַמד־פעלד.

דאָסדאָזיקע קלייד האָט געזאָלט זיין צוגעפּאַסט צו דאָרעס

ציגיינער־פנים. דאָס וואָלט אפשר ריכטיק געווען מיט אַ צען יאָר צוריק. איצט האָט דערדאָזיקער קאָליר, טונקל רויט, ווי אָנגע־שטעלטער צוויקל־באַרשטש, דאָרעס אָפּגעלעבט פּנים נאָך טריבער געמאַכט און זי האָט דערין אויסגעזען, ווי אַן אַמאָל שיין־געוועזענע, אָבער היינט שוין גאָר פאַרוועלקטע ציגיינערין.

— זעסט מיר עפּעס נישט גוט אויס, דאָרע — פּלאַפּלט לאָקשינסקי דער פּלוידערזאַק, וואָס קען נישט אַ רגע דאָס מויל צוהאַלטן.

— און וואָס מיינסטו — ענטפערט דאָרע פריי — איך בין שוין נישט קיין היינטיקע, אַ מיידל אין די יאָרן — און זי גיט דערביי אַ פינקל מיט די צוויי שוואַרצע אויגן, וואָס זיי, די אויגן, גיבן אָנ־צוגעהערן, אַז נישקשה, דידאָזיקע דאָרע פאַרמאָגט נאָך אין זיך גענוג פון יענע זאַכן, די מיידלשע.

און לאָקשינסקי, דערכאַפּנדיק דעם צויבער־פינקל פון די־דאָזיקע אויגן, וואָס זענען אַמאָל אים אַזוי נאָנט געווען, האָט ער זיך דערמאָנט אַלטס פאַרגאַנגגס צווישן אים און דעם מיידל און אַ בענקעניש האָט זיך אים אין האַרץ באַזעצט.

דער שמועס צווישן די צוויי מאַנסלייט סאָציאַליסטן, איז איצט געגאַנגען וועגן צווייטן און דריטן אינטערנאַציאָנאַל. לאָק־שינסקיס פּאַרטיי געהער צום צווייטן אינטערנאַציאָנאַל. חבר אַדאָלף לאַכט פשוט אויס דעם צווייטן אינטערנאַציאָנאַל. „בטלנים" טיטו־לירט ער זיינע אָנטיילנעמער. „בורזשואַזנע משרתימלעך"... לאָק־שינסקי אָבער לאָזט זיך אויך נישט שפּייען אין דער קאַשע. דרך אגב דערמאַנט ער דאָ עטלעכע פון זיינע רעדעס אין שטאָט־ראַט. דידאָזיקע רעדעס האָט ער געזאָלט האַלטן אין שטאָט־ראַט, נאָר מחמת געוויסע סיבות, האָט ער זיי נישט געהאַלטן... און קעגן דריטן אינטערנאַציאָנאַל, וועלכן חבר אַדאָלף רופט אָן: „אמת פּראָ־לעטאַרישן" האָט לאָקשינסקי אַרויסצופּאַקן אַ גאַנצן באַרג טענות.. די „דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט", רופט לאָקשינסקי אָן: אומ־זין... און גאָלדפעלד, זיצנדיק דאָ דערלעבן און צוהערנדיק די אים נישט גאָר פאַרשטענדלעכע באַלשעוויסטישע שמועסן, האָט אַזש פאַר שרעק דערפילט לייב־שניידונג און ער האָט איצט גע־

האָט נאָר איין לעכצעניש, דערדאָזיקער חבר אַדאָלף זאָל ווי צום
גיכסטן זיך פֿאַרפּאַקן זיין פּעקל און אַוועקפֿאָרן. וואָרים אַפֿילו
נאָר בלויז צו לאָזן שלאָפֿן בײַ זיך אין שטוב אַזאַ פֿאַרשוין,
שוין אויך גענוג געפֿערלעך.

## קאַפּיטל 21.

די מאַמע מייטע האָט געפּלאַנעוועט, אַז אַזוי ווי דאָס פּאָרל איז איצט הי, און אַז דאָרע שטאַמט נישט פון באַרג מיסט אַראָפּ, זעט ער דאָך חבר אַדאָלף — וועט איר אַלס מוטער נישט שווער אָנקומען אויסצופירלן, זיי זאָלן מוצאי־יום־טוב שטעלן איינס־צוויי אַ חופּה און פאַרטיק אַן עסק: אַראָפּגעפּטרט אַ מויד פון קאָפּ, און דאָס פּאָרל וועט זיך צוריקפאָרן אַלס מאַן און ווייב.

מייטע האָט דעם פּלאַן אירן עטלעכע מאָל געגעבן אָנצוזאָגע־הערן אין געשפּרעכן מיט איר טאָכטער דאָרע, מיט איר כמעט־חתן דעם חבר אַדאָלף און אויך בשעתן שמועסן מיט ביידע צו־זאַמען.

קיין ענטפער אויף איר פאָרשלאַג האָט זי נישט באַקומען נישט אָפן און נישט אין אַ פאַרשטעלטער פאָרם און זי האָט אַלץ נישט געוווּסט, ווי זי האַלט מיט זיי.

דאָרע האָט געוווּסט, אַז איר חבר אַדאָלף האָט ערגעץ אין אַ שטעטל, אויף די קרעסן, אַ ווייב מיט צוויי קינדער, מיט וועל־כער ער לעבט שוין נישט איייניקע יאָר. אָבער אין איר באַגטקייט

מיט אַדאָלפֿן האָט זי זיך נישט גערעכנט מיט קיין „מאָרגן", הגם אין זיך האָט זי געהאָפֿט, אַז סוף כּל סוף וועט ער זיך באַפֿרייען פֿון זיין „יענטע" און זיי וועלן קענען ווערן אָפֿיציעלע מאַן און ווייב, ווי ס'פּאַסט פֿאַר וועלטסלעכע פּאַרטיי־חברים. זי האָט דעריבער דערווייל זיך געמאַכט נישט פֿאַרשטיין דער מוטערס אָנצוהערעניש. דעם חבר אַדאָלף האָבן תּחילת יאָ געאַרט דער אַלטערס רמזים, אָבער ער האָט געוווּסט, אַז דאָרען איז באַקאַנט זיין „הויקער מיט די הויקערלעך", דאָרט אין ווייטלעכן שטעטל אויף די קרעסן — און ער האָט אויך שפּעטער זיך נישט וויסנדיק געמאַכט פֿון דער אַלטערס רייד.

איינמאָל — דעם צווייטן טאָג פּסח איז עס געווען נאָכן מיטאָג, האָט מייטע אויפֿגעפּאַסט אַליין צו בלייבן מיט דעם פּאָרל און דורך ייטיקע שמועסלעך אַרויפֿגעקומען אויף אַ ברייטן אָפּענעם שמועס, וועגן שטעלן אַ חופּה.

זי האָט דאָס כּלומרשט נישט דירעקט און פּראָסט פֿאָרגעלייגט, נאָר דורך אַזעלכע באַקאַנטע הינטער־ענגלעך: היינטיקע צייטן... היינטיקע יינגעלייט... קיין גרויסע זיבן זאַכן דאַרף מען נישט; קענען קען מען זיך איינס ס'אַנדערע; קיין שדכן, ווי אונדזערע עלטערן אַמאָל, דאַרף מען נישט, מ'שטיינס געזאָגט — — — און זי האָט קלאָר, בלויז צוגעדעקט ווי מיט אַ דינעטשקע פּליס־פּאַפּירל, פֿאָרגעלייגט זיי זאָלן ווי צום גיכסטן שטעלן אַ חופּה.

דערויף האָט דער חבר אַדאָלף אויך אַזוי ייטיק צו פֿאַרשטיין געגעבן, אַז היינטיקע יינגעלייט, בפּרט די, וואָס געהערן צו אַ געוויסער פּאָליטישער ריכטונג, האַלטן נישט און ווילן נישט מיטמאַכן קיין רעליגיעזע חופּה און קיין שום אַנדערע ריטועלע נאַרישקייטן.

— וואָס דען? — פֿרעגט די מאַמע מייטע און די סאָדע אויגן ווערן איר מענטשן־פֿרעסעריש, און דאָס ווייכע נעזל לאָזט זיך איר אַראָפּ און פֿאַרבייגט זיך, ווי אַ האַטשיקל — נישט שטעלן קיין חופּה? נישט מקדש זיין? נאָר וווינען „נאַ וויאַרע", ווי דער שגץ מיט דער שיקסע.

— די מאַמע פאַרשטייט דאָס נישט — פּרוּווט זי דאָרע איינ־
שטילן — אַדאָלף רעדט דאָ פון בירגערלעכע חתונות.
מייטע אָבער הוידזשעט שוין אינגאַנצן:
— וואָסער אָנשיקעניש ווידער? פון וואָסערע חתונות רעדט
עך דען?
— אין די גרויסע שטעט — גיט דאָרע דער מוטער צו פאַר־
שטיין מיט אַ לייכט שמייכעלע און ווינקט איר, זי זאָל זיך איינ־
שטילן, וואָרים עס פּאַסט נישט — אין די גרויסע שטעט זענען היינט
בירגערלעכע חתונות קיין נייעס נישט.
— אַזוי? — צעגיפּטשעט זיך מייטע, אַז אַרום די קיילעכ־
דיקע, צעבראָכענע שלעכטע אויגן ווערט איר אַזש רויט־בלויע רע־
דער — „ס'איז איצט דאָס אין דער מאָדע?" מן הסתּם אין די
באָרדעלן אָדער הינטער די קאַזאַרמעס!... אין אונדזער שטאַנד
איז נישט אַזוינס אין דער מאָדע און וועט נישט זיין אין דער
מאָדע!...
דאָרע דערקענט אין דער מוטערס צעפּלאַמט פּנימל און אָנ־
געצונדענע אייגעלעך, אַז זי וועט זיך איצט נישט אַזוי גיך באַרויִקן —
כאַפּט זי דעם חבר אַדאָלף און לאָזט זיך מיט אים אַראָפּ אין גאַס
שפּאַצירן.
שפּעטער אַ ביסל איז מייטע געזעסן בײַ גאָלדפעלדן אין
עס־חדר און אַריינגערעדט אין דער טאָכטער בראָניע:
— ס'איז אַן אָנשיקעניש פון זיין ליבן נאָמען, אַן אמת אָנ־
שיקעניש: אַהערגעבראַגגט זיך עפּעס אַ יונג, גיט מען אים צו עסן
און צו שלאָפן, מ'האָלט אים אויס מיט אַלעם גרייטן. געמיינט, אַז
אָט בעמען זיי זיך, און ערשט, נאַדיר אַ נייע שיינע כּפּרה: פון
חופּה האַלט ער נישט. אַזוי זיך אַלס „קאָכאַנקע" אויף אַ פּאָר
וואָכן און דערנאָך איבערלאָזן, וואָלט ער שוין באַלד באַשטאַ־
טאַנען.
מאַדאַם גאָלדפעלד האָט געלאָזט די מוטער רעדן, וויפיל זי
האָט נאָר חשק געהאַט. די מאַדאַם גאָלדפעלד וואָלט אויך צו־
פרידן געווען, אַז דער חבר אַדאָלף זאָל שוין אַמאָל אַוועקפאָרן.
ער איז טאַקע אַ שיינער יונג, אָבער ער פאַרשאַפט איר אומ־

שטענדן... — דערנאָך געהערט ער דאָך עפּעס צו דער אמתער חברה און דער מאַן לעכערט איר דעם קאָפּ, אַז ער שלאָפט נישט גאנצע נעכט פאַר שרעק, פּאָליציי זאָל נישט באַפאַלן זיין תּוינוּנג אַרעסטירן דעם באָלשעוויק, און בלויז פאַר באַהאַלטן באַ זיך אין שטוב אַזאַ איינעם קומט תּפיסה, זי האָט דעריבער נישט דערווי־דערט דער מוטער אויף אירע רייד. זי האָט בלויז איינמאָל אַריינ־געוואָרפן אַ וואָרט וועגן דער שוועסטער דאָרע:

— מן הסתּם ווייסט זי דאָך, וואָס זי טוט.

און אַז באַ דער מוטער האָבן זיך נאָך אָט דעם פּאַרוועגעם זאָג אירן פריש צעציטערט די אויגן און די שוואַרץ־בלויע ליפּן האָבן זיך צעלאָזט אין אַ מענה־לשון מיט אַ קוויטשל, אַ מענה לשון מיט אַזאַ זינגענדיקן אָנהייב:

— און אַז זי וועט האָבן אַ ממזר, וועט זי אויך תּיסן, וואָס זי האָט צו טון? — האָט שוין מאַדאַם גאָלדפעלד גאָרנישט גע־רעדט. זי איז געזעסן, צוגעהערט, וואָס די מוטער רעדט און — געשוויגן.

צומאָרגנס מיטן מיטאָג־צוג איז חבר אַדאָלף אַוועקגעפאָרן. דאָרע האָט נאָך זיין אָפּפאָרן אָפּגעהאלטן אַ מחלוקה מיט דער מוטער. קיינער פון זיי האָט נישט געקענט אַריבער איינער דעם צווייטן. די מוטער האָט געקוויטשעט: „איך וויל נישט, דו זאָלסט מיר אַהערברענגען יינגען פון אַלדי שוואַרצע יאָר...‟ דאָרע האָט אויך געהאַט וואָס צו ענטפערן... ביידע האָבן געקוויטשעט און געמאַכט יעלות... אידזשאַ, די יינגערע שוועסטער, האָט זיך נישט אַריינגעמישט אין דער מחלוקה; העניעק, דער גימנאַזיסט, האָט קענטיק די מחלוקה באַטראַכט, ווי עפּעס, וואָס האָט נישט צו אים דעם מינדסטן שייכות. ער האָט זיך צוגעקוקט צום ספּעק־טאַקל, געהאָרכט און געשמייכלט מיט די קיילעכדיקע משפּחה־אויגן; דער קראַנקער ברודער האָט געהאַט צו קרעכצן פאַר זיך, פון זיינע יסורים אין די פיס. און די מוטער מיט די טאָכטער האָבן זיך געקריגט, געקוויטשעט און געשריגן לאַנג, לאַנג, דאָס קראַנקע משפּחה־בלוט האָט זיך אַלץ מער צערייצט און צעזאָדן. זיי האָבן זיך געקריגט און געשריגן און געקוויטשעט און געהע־

שעט ביזן בלייבן אָן כוחות, — ביז דער מוטערס עטלעכע און זעכציק יעריקער חרובער גוף, איז אַוועקגעפאַלן אַ פאַרחלשטער: און ווען זי איז ווידער אויפגעשטאַנען, איז זי געווען הייזעריק, פאַרכריפּעט — נישט ס'מויל צו עפענען... אַזויערנאָך איז די מחלוקה איינגעשטילט געוואָרן און די איבעריקע עטלעכע טעג ביז דאָרעס אַוועקפאָרן זענען שוין אַריבער אין אַ שטילן פאַרביסענעם ברוגז.

## קאַפּיטל 22.

דער לעצטער טאָג פּסח האָט זיך אָנגעהויבן מיט אַ רעגן־וועטער. ערשט נאָך מיטאָג האָט זיך דער הימל ווידער אויס־געלייטערט און ס'איז צוריק געוואָרן ליכטיק און העל.

פאַר זון־פאַרגאַנג איז מיר געווען בײַ בענדעטס שוועסטער, בײַ חנהן. אין דרייען — מירל, חנה און מינע פּינקל — דער נײַער שכנטעס, דער אלמנהס טאָכטער — האָבן זיי געשפּאַצירט בײַם ברעג וואַלד.

די אלמנה פּינקל איז געזעסן אין איר שטיבל בײַם פענ־סטער, די ברילן אויף דער נאָז און עפּעס געלייענט מיט אַ ניגון פון טייטש־חומש. זי האָט נאָכגעקוקט פון איבער די ברילן די שפּאַצירנדיקע מיידלעך און, דערבליקנדיק איר טאָכטער אין שוואַרצן קליידל, שלאַנק און באַחנט, מיט די טונקעלע האָר צוזאַמענגענומען אויפן נאַקן, האָט זיך איר אַ פריידיק־טרויעריקער זיפץ פון האַרצן אַרויסגעריסן...

צו די דריי שפּאַצירנדיקע מיידלעך איז צוגעגאַנגען בענדעט.
ער האָט זיי דערווישט זייער אויפגערעגטע פון מירלס נאָר װאָס
פאַרענדיקטן דערציילן, אפּנים, װעגן דער מאַדאַם גאָלדפּעלדס
שטוב. ווען בענדעט האָט זיך דערנעענטערט צו זיי, האָט ער גע-
הערט מינע פינקלס שוואַך, נאָר זייער אָנגענעם מיידליש קול,
וואָס האָט זיך אפּנים באַצויגן צו מירלס ערשט פאַרענדיקטער
דערציילונג.

— איך טראַכט אָפט, צי געלט מאַכט אַ מענטש געמיין, אָדער
פשוט: געמיינע מענטשן האָבן געלט...

און לויט דער שמערצלעכער סטרונע, וואָס האָט געקלונגען
אין דעם טאָן, מיטן וועלכן דאָס איז געזאָגט געוואָרן, האָט זיך
געלאָזט משער זיין, אַז אָט דאָס יונגע מיידל האָט אין איר יונג
לעבן זיך היפּשלעך אָנגעזען מענטשלעכע שלעכטקייט.

קיינער האָט איר נישט געענטפערט. אַלע האָבן געשוויגן,
יעדער פאַרזונקען אין זיך, אין אייגענעם אומעט

באַם ראַנד-וואַלד האָבן שוין געשפּראָצט בלימלעך, ערשטע
בלימלעך, בלויע, ווייסע און געלע, האָבן זיך געשאָקלט און גע-
בויגן צו די נאָך נידעריקע יונגע גרעזלעך, היפּנדיק, כּלומרשט,
ווי קליינע קינדער באַ עמעצן אויף די הענט.

דאָס מיידל דער שכנטעס, האָט איצט שוין אַ ביסל בעסער
אויסגעזען: אין די בלאַסע באַקן האָט איר געשפּילט אַ ראָזע פאַרב,
אין די לענגלעך ברוינע אויגן — אַ יונגער גלאַנץ, און דאָס
שוואַרצע קלייד האָט אַזוי שלאַנק און באַחנט איר דינעם
קערפּער אַריינגעכאַפּט, אַז עס האָט אַ פרייד אין האַרץ גע-
וועקט.

און אָט — אפשר אַ דאַנק דעם זוניקן פרילינג-פאַר-
נאַכט און אַרומיקער גרינער וואַלד-הערלעכקייט — האָבן די שטענ-
דיק פאַרטרויערטע, פאַרזאָרגטע מיידלעך, זיך אַ ביסל צעשטיפט:
געזונגען און געפּרוווט זיך יאָגן אין וואַלד. און בענדעט —
אפשר ווייל לעבן אים איז געגאַנגען אַזאַ איידל, באַחנט מיידל —

האָט מיט מיטאַמאָל דערפילט אין זיך אַ הייטערקייט: ס'איז פרילינג; אַרום איז וואַלד און זון. און דער עיקר, אַרום און אַרום איז ער סך הכל קוים אַלט — זעקס און דרייסיק יאָר...

---

שמעון האָראָנטשיק

# ז ו מ פ

צווייטער טייל

פארלאג „קולטור-ליגע“, ווארשע

## קאַפּיטל 1.

נאָכן האַלבן מאַי האָבן זיך אָנגעהויבן היצן.

פון די מיטאָג־שעה האָט די זון געברענט און געבראָטן, ס'האָבן געגליט דעכער, אַראָפּשיקנדיק די פאַרבייגייער אַן אָנגע־ברענטן סמאָלע־ריח, די ברוק־שטיינער האָבן געבריט די טריט, ווי בשעתן צולייגן ווינטערצייט אַ האַנט צו אַ שטאַרק אָנגעהייצטן אויוון.

אין די ענגע געסלעך, וואָס פירן פון דער ווייסל — פון אַלטע הייזער און שטאַרק באַזעצטע — האָבן זיך אין די פאַרמיטאָג־שעהן געטראָגן פון די אָפענע פענסטער פאַרשידענע נישט באַ־טעמטע ריחות פון געקעכצן; ריחות פון אַלט פלייש, פון גע־רייסטע ציבעלעס אויף נישט פריש געשמילץ. פאַר די טירן זע־נען געזעסן שווער באַלייבטע ווייבער מיט צעפּראַלטע יאַקעס און געלעכצט נאָך אַ שטיקל ווינטל, וואָס זאָל זיי די פאַרשוויצטע לייבער קילן.

אין דער הויפּט־גאַס — פאַרגאָסן דורכויס פון דער הייסער זון — איז שטיל און טויט; די שטאָרן זענען אַ ראָפּגעלאָזט איבער

די שויפענסטער; נאָר זעלטן באַטרעט אַ קונה די שוועל פון אַ
געוועלב. די סוביעקטן פאַרשלאָפענע, פאַרגעגעצטע באַוועגן זיך
שווער, רירן זיך קוים און קוקנדיק אויף זייערע פנימער, קען זיך
דאַכטן, אַז אָט־אָט שלאָפן זיי איין אין מיטן פּאַקן די סחורה —
און אַן עק!

אויך בײַ גאָלדפעלדן אין קאָלאָניאַל־געוועלב האָט איצט נישט
אַנדערש אויסגעזען. אויך דאָרט זענען נאָר פון צײַט צו צײַט
אַרײַנגעקומען איינצעלנע קונים, וועלכע זענען נישט געאײַלט דער־
לײדיקט געוואָרן דורך די מידע, שלעפעריקע „מענטשן“.

בײַ די מאַן און ווײַב גאָלדפעלד האָט זיך שוין אָנגעהויבן
דער געוויינטלעכער סעזאָן־ברוגז, וועלכן מ'וואָלט געקענט אָנרופן
„זומער־וווינונג־ברוגז“ — איבער זײַן איבערחזרן זיך יעדן זומער
פונוועגן אַ זומערוווינונג.

יעדעס יאָר קומט פאָר צוליב דער זומער־וווינונג צווישן
מאַן און ווײַב אַ מחלוקה. מאַדאַם גאָלדפעלד וויל אַרויספאָרן אויף
זומער־וווינונג קיין צאַפּאַט, און ער וויל דווקא אַ זומער־וווינונג
נישט ווײַט פון שטאָט, כדי זי זאָל דאָרט וווינען צוזאַמען מיט די
קינדער. הײַיאָר האָט זי נאָך לאַנגע האַמפּערײַען ענדלעך אײַנגע־
שטימט, אַז ער זאָל דינגען אַ זומער־וווינונג נישט ווײַט פונדע־
היים, אָבער אויף עטלעכע טעג מוז זי אַרויספאָרן קיין צאָ־
פּאָט...

נאָך עטלעכע פאַרנאַכטן, וואָס גאָלדפעלד האָט אָוועקגע־
געבן אויף זוכן אַ זומער־וווינונג הינטער דער שטאָט, אין דע־
וואַלד־געגנט, איז אים לסוף געלונגען צו דינגען אַ זומער־וווינונג
אין איינער פון די ווילעס, וועלכע ציִען זיך פאַרבײַ בענדעטס־
וווינונג, אַראָפּצו בײַם שאָסיי, לעבן ראַנדוואַלד.

און ווען די זומער־וווינונג איז שוין געווען געדונגען, איז מאַדאַם
גאָלדפעלד אויף עטלעכע טעג אָוועקגעפאָרן נאָך צאַפּאָט מיטהאַלטן
דאָרט די זומער־פאַרגעניגנס מיט די פרויען פון די גאַר הויכע
שפּעקולאַנטן־ספערן. דערווײַל האָט מען אַנדערהיים געפּאַקט פּעק,
געלאָדנט פורן און אין דער באַגלייטונג פון די צוויי קראָם־„מענטשן“
קישטיין און שפּילמאַן, אָפּגעשיקט אויף דער זומער־וווינונג. אַלץ

איז שוין דאָרט געווען צעפּאַקט און צעשטעלט, האָט גאָלדפּעלד אַהין אַרויסגעשיקט די דינסט אויפֿרוימען, און אַז מאַדאַם גאָלד-פּעלד איז צוריקגעקומען פֿון פֿאַרברענגען אין צאָפּאָט, איז זי גלייך פֿון וואָקזאַל צוגעפֿאָרן אויף זומער-וווינונג, ווי צו זיך אין דער איינגעזעסענער היים. דאָ איז שוין אַלץ געווען אין אָרדנונג געבראַכט (די קינדער זענען נאָכנישט געווען — געוואַרט אויף דער מוטערס צוריקקומען) מאַדאַם גאָלדפּעלד האָט זיך אַ ביסל צע-גערוט פֿון דער נסיעה, עפּעס געגעסן און אין אַ שעה שפּעטער איז שוין מאַדאַם גאָלדפּעלד גרייט געווען זיך צו באַווייזן אין וואַלד; נאָר אַזוי ווי די דערלויבניש צו מעגן זיצן אין וואַלד, איז נאָכ-נישט געווען אויסגעקויפֿט, האָט מאַדאַם גאָלדפּעלד זיך געלייגט אויף דער „פּאָליאַנקע" הינטערן-באַרנע-בוים, דעם קאָפּ צוגעדעקט מיט אַ שאַל ביז איבער די פּלייצעס, דאָס פּעסלדיקע געזעס אינדער-הייך, און ליגנדיק אַזוי מיט אַ פּלעד הינטער זיך און דאָס פּנים אַראָפּ, האָט זי געקוקט אין אַ בוך.

אַרום, אַלע ווילעס און זומערוווינונגען זענען שוין באַ-זעצט, באַוווינט פֿון לאָקאַטאָרן און סובלאָקאַטאָרן. פֿאַרביי דעם אָרט וווּ מאַדאַם גאָלדפּעלד ליגט אין שאָטן הינטערן באַרנעבוים, גייען פֿאַרביי פֿרויען און מיידלעך, היימישע און פֿרעמדע. טייל גריסן זי. מאַדאַם גאָלדפּעלד ענטפֿערט אויף די גרוסן שטאָלץ, קאַלט, קוים אַ ריר טוענדיק מיטן קאָפּ, ווי איר שטייגער.

ס'גייט אַוועק אַ שעה צייט און נאָך מער, און די דינסט דערמאַנט זיך נישט אַרויסצוברענגען עפּעס צום געניסן. לסוף דער-הייבט זיך מאַדאַם גאָלדפּעלד אַריינצוגיין אין שטוב מיט טענות צו דער דינסט, פֿאַרוואָס זי האָט נישט אַרויסגעבראַכט אויף דער „פּאָלאַנקע" עפּעס צום איבערבייסן, ווי זי האָט איר אָנגעזאָגט באַם אַרויסגיין. זי דערבליקט זיצן פֿרויען אויפֿן בערגל אין דער גרעס-טער זון מיט נאַקעטע הערצער — אָפּצוברענען זיך די דעקאָלטעס. מאַדאַם גאָלדפּעלד פֿאַרבייסט אַ שמייכל: זי האָט זיך מיטגעבראַכט אַ נייעס פֿון צאָפּאָט, אַז אָפּגעברענטע דעקאָלטעס זענען הייאָר נישט מער מאָדיש. און ס'טוט איר הנאה, וואָס די אַלע פֿרויען און מיידלעך דאָ, פֿירן זיך נאָך דער פֿאַריאָריקער מאָדע.

אויך ווייטער אַריין, ווען מאַדאַם גאָלדפעלד וועט שוין מער באַקאַנט מיט אירע שכנטעס פון די זומערוווינונגען און יענע ברעגען זיך נאָך אַלץ די הערצער — דערציילט זי זיי נישט, אַז דאָס איז שוין מער נישט מאָדיש. עס פאַרשאַפט איר פאַרגעניגן, וואָס זיי ווייסן דאָס נישט. אַ שטייגער, ווי ווען זי הערט אַמאָל דעם מאַן אירן נישט ריכטיק רעדן פויליש, פאַרבעסערט זי אים נישט. ווייל אַזעלכע זאַכן, ווי ריכטיק רעדן פויליש, געהערן נאָר צו איר, בלויז צו איר. דאָס איז איר איבערגעוויכט איבערן מאַן — און טאַקע צוליב אַזאַ ענלעכן טעם, דערציילט זי נישט אירע שכנטעס, אַז אָפּברענען זיך די דעקאָלטס איז הייאָר מער נישט אין דער מאָדע. און זאָלן זיי דאָס טאַקע נישט וויסן.

## אַ פּ י ט ל 2.

לאַקשינסקי, דער בחור מיטן מיידליש פּנימל, דער סאָציאַליסטי־ שער ראַטמאַן, האָט זיך אויף די זומער חדשים אויך איבערגע־ צויגן אַהער אין דער וואַלד־געגנט.

לאַ שינסקיס וווינונג געפינט זיך נאָך אַלע ווילעס אין אַ פּויעריש הייזל, דאָרט האָט ער אַ „שטשיט“: אַ שטיבל, וווּ ווינטער־ צייט האַלט דער באַלעבאָס, דער פּויער, היי פאַר די בהמות און צו וועלכן דער אַרויפגאַנג איז דורך אַ מין טרעפּ, ווי אַ ליי־ טער.

דאָס שטיבל גופא איז אַן אויסטערלישס: בלויז די פּאָד־ לאָגע איז ווי אין אַלע אַנדערע שטובן — גראָד. די ווענט און באַלקן זענען לענגלעך־רונדיק, ווי אַן איי דורכגעשניטן אין דער לענג. און אַז מ׳געפינט זיך דערינען אין שטיבל, וואָס איז נאָך אָן פענסטער, בלויז מיט אַ שויב אין דער טיר, וועלכע געפינט זיך אין סאַמע עק — קען זיך אַמאָל אויסדאַכטן, אַז מ׳געפינט זיך אין אַ מין טרומנע, וועלכע איז אויסגעבויט געוואָרן אַריינצולייגן אין איר, נישט איין בר־מינן, נאָר עטלעכע מיטאַמאָל; וואָרים

בלויז פאַר איין טויטן, איז אָט די „טרומבע" אַ ביסל צו גרויס און אַ ביסל צו לאַנג.

אַ זייגער האַלב דריי נאָכן האַלבן טאָג פאַרענדיקט לאַקשינ-סקי זיין ביורא-אַרבעט אין שטאָט און אַ מידער, אַ פאַרשוויצטער פון ווייט וועג, קומט ער אַהיים צו זיך אויף דער זומער-וווינונג. די באַלעבאָסטע ברענגט אים אַרויף מיטאָג. נאָכן אויפעסן דאָס מיטאָג, גייט לאַקשינסקי אַראָפּ אין סאָד אָפּרוען. דאָ פאַרברענגט ער אַ ביסל מיט דער באַלעבאָסטע, וואָס זעט אויס מיטן פלאַ-טשיקן און שוואַרצן פנים, ווי אַ קאַלמיק. ער פראַוועט איר קאָמ-פלימענטן, באַוווּנדערט איר גאָרטן-אַרבעט. טיילמאָל גיט ער איר אַ גלעט איבערן שוואַרצן איינגעדאַרטן פנים, וואָס דאָס איז בײַ דער פויערטע געוואַלטיק אָנגעלייגט. זי גיט אים דערפאַר צום נאָכט-עסן פריש געמאָלקענע וואַרעמע מילך, וואָס דאָס איז גאָרנישט אויסגערעדט געוואָרן בײַם דינגען די וווינונג. אָפּגעפּאַרטיקט זיך מיט דער באַלעבאָסטע, לאָזט זיך לאַקשינסקי אויף זיין כמעט טאָג-טעגלעכן שפּאַציר צו זיין גאַנץ-באַקאַנטער — מאַדאַם גאָלד-פעלד.

---

היינט איז פרייטיק, די באַלעבאָסטע, די פרומע קאַטאָליקין האָט היינט, אלס „פאָסט"-טאָג, נישט געקאָכט קיין פלייש, איז טאַ-קע דאָס מיטאָג, ווי געוויינטלעך, אַ צרהדיקס. דערפאַר, אַז לאַק-שינסקי איז נאָכן מיטאָג-עסן אַראָפּגעקומען אָפּרוען אין גאָרטן, האָט אים די באַלעבאָסטע באַשאָנקען מיט אַ שיינער, ערשט אָפּגעריסענער רויז — די ערשטע רויז. און אַז לאַקשינסקי האָט דער בליקט די רויז, האָט ער מיטאַמאָל פאַרגעסן דאָס היינטיקע „שוואַכע מיטאָג" און מיט דער רויז אין דער האַנט, האַלטנדיק זי בײַם דינעם שטעכיקן שטענגל, זיך געלאָזט צו מאַדאַם גאָלדפעלדס זומער-וווינונג.

מאַדאַם גאָלדפעלד האָט נישט קיין חשק איצט צו מאַכן אַ

שפאַציר אין וואַלד. זי האָט בכלל שיער פאַריבל אויף לאָקשינ־סקין, אַז מיט זיין האַסטיקן צוקומען צום פענסטער, האָט ער זי איבערגעוועקט פון שלאָף און ס'דאַכט זיך איר, אַז זי האָט שוין קאָפּ ווייטיק.

לאָקשינסקי האָט דער פּאַני קודם כל קאָוואַלצריש אונטער־געטראָגן די רויטע רויז. דערנאָך האָט ער גערעדט אַהין, גערעדט אַהער און אַרויפגעקומען אויף דעם, אַז אין וואַלד, גאָרנישט ווייט פון דאַנעט, ווייסט ער אַן אָרט, וווּ ס'וואַקסן „פּאָזשאָמקעס", רויטע „פּאָזשאָמקעס" אַזעלכע גרויסע, ווי קרעלן.

— נישט אמת — זאָגט מאַדאַם גאָלדפעלד — נישטאָ נאָך קיין פּאָזשאָמקעס...

— וואָס? — שטעלט לאָקשינסקי אָן אַ באַליידיקטע מינע — „יאַק באָגאַ קאָכאַם!" רויטע פּאָזשאָמקעס, דאָ גאָרנישט ווייט אין וואַלד.

— אָבער איך גלייב נישט — זאָגט שוין די פּאַני גאָלד־פעלד מיט אַ טאָן פון „שטופּ מיך, כ'גיי גערן" — און זי איז גרייט זיך צו דערהייבן פון וויג־שטול.

און סוף כל סוף באַשליסט זי, אַז אויף „טשעקאַוואָסטש" וועט זי צוגיין אין וואַלד, זיך איבערצייגן, צי לאָקשינסקי איז נישט קיין ליגנער.

דאָס פינפיעריקע מיידעלע, וואָס ליגט נאָך ואין בעט, פון נאָכמיטאָג־שלאָף, וויינט: זי וויל אויך מיטגיין אין וואַלד קלייבן יאַגדעס. די מוטער מאַכט זי שטיל מיט כוח „עס זאָל זיך איר נישט אַלצדינג פּאַרוועלן". אין דרויסן טשעפּעט זיך צו דאָס יינגל — בעלעק. ער האָט אויך חשק מיט־וגיין אין וואַלד. די מוטער וועט אים פטור מיט אַ צוזאָג, אַז זי וועט פּאַר אים לאָזן ברענגען אַ באַלעם. באָלעק גלייבט איר און ער לויפט צוריק צו די חברים אויף דער „פּאָלאַנקע" מיט דער בשורה, אַז מ רגן וועט ער האָבן אַ באַלעם און מ'וועט שוין קענען שפּילן פוטבאָל...

מאַדאַם גאָלדפעלד און לאָקשינסקי גייען אין וואַלד. לאָק־שינסקי טראָגט אויף איין אָרעם זיין גומי־מאַנטל און אין האַנט

דער מאַדאַם גאָלדפעלדס אַ טעפעלע אַריינצוקלויבן „פּאַזשאַמ־קעס".

קומענדיק טיפער אין וואַלד צווישן די ביימער, דערזעעט זיך ערשט לאַקשינסקי זי צו נעמען אונטערן אָרעם.

— נו, איז דאָ נישט גוט? — פרעגט לאַקשינסקי, קוקנדיק אַרום זיך אין וואַלד — די שטילקייט, די גרינקייט. אַך! מיין גאַנץ לעבן וואָלט איך געוואָלט פאַרברענגען איינער אַליין אין וואַלד אין אַ שטיבעלע פון צווייגן...

אַזוי באַגייסטערט איז לאַקשינסקי פון וואַלד.

— איינגאַנצן אַליין? — פרעגט איבער מאַדאַם גאָלד־פעלד.

— יאָ, איינגאַנצן אַליין — פאַרזיכערט לאַקשינסקי.

— און ס'וואָלט זיך אייך דאָ קיינמאָל גאָרנישט פאַר־בענקט? — פרעגט זי מיט אַ קאָקעטיש שמייכעלע און זי קוקט דערביי אַראָפּ אויף איר אייגענעם קערפּער, ווי זי וואָלט געמיינט צו דערענדיקן: „און דאָס וואָלט דיר דאָרט גאָרנישט גע־פעלט..."

לאַקשינסקי שטויסט זיך אָן, וואָס זי מיינט.

— נישט איינגאַנצן אַליין — כאַפּט ער צוריק — צו־זאַמען מיט דיר וואָלט איך געוואָלט — שושקעט ער איר אין אויער.

— זינט ווען זענט איר דאָס מיט מיר אויף דו? — וווּנ־דערט זי זיך.

אויף דערויף ענטפערט איר לאַקשינסקי נישט מיט קיין ווערטער, נאָר ער בייגט צו זיין קאָפּ צו אירן און גיט איר אַ קוש אין דער באַק, וואָס איז פוכקע און אויסגעפילט ווי אַ „פּאַמ־פּושקע".

— איר זענט משוגע? — שטויסט זי אים אָפּ — ס'קען נאָך עמעץ דערזען. דאָ געפינען זיך שטענדיק מענטשן...

לאַקשינסקי קוקט זיך אַרום דערשראָקן. ער קוקט אין אַלע

וואַלד־טיפעניש, אומעטום... און אַז ער איבערצייגט זיך, אַז ס'איז נישט צו זען קיין שום לעבעדיק באַשעפעניש, זאָגט ער מוטיק:

— איך ווייס אַליין, ווען מ'דאַרף זיין פאָרזיכטיק.

נאָר אַז לאַקשינסקי דערהערט גלייך דערויף הינטער זיך אַ געזומס צווישן די צווייגן, דערשרעקט ער זיך אויף אַן אמת. עס כאַפּט אים אַרום אַ פּחד. אים שטעלט זיך אין דער רגע פאָר, אַז איר מאַן קען, ווער ווייסט ווי אַרום, האָבן געזען, ווי ער האָט זי געקושט און איצט לויפט ער אָן, אים, לאַקשינסקין, דורכן. און אַן אויף טויט דערשראָקענער קוקט לאַקשינסקי דאָ און דאָרט און ער דערבליקט, ענדלעך, אַז דעם געזומס האָט פאַרשאַפט... אַ וויעוויורקע. אָ, דאָרט אויבן היפּט זי פון צווייג צו צווייג.

— אָ, נאַ! — ווייזט ער אָן זיין באַגלייטערין אַרויף צו דער וויעוויורקע — פוי! — שרייט ער אַרויף מיט אַ קול, וואָס מאַכט נאָך אַ ביקס־שאָס.

און פאַר הייטערקייט, וואָס זיין שרעק איז געווען אַן אומזיסטע, נעמט לאַקשינסקי דערציילן פאַר זיין דאַמע עפּיזאָדן פון זיין אומדערשראָקנקייט. צווישן די עפּיזאָדן פאַרנעמט דאָס הויפּט אָרט אַ מעשה, ווי אַזוי ער האָט זיך מיט די בלויזע הענט אפילו אָן אַ שטעקן — אָפּגעוואָרט פון אַ בייזן הינט, וואָס איז אויף אים אָנגעפאַלן אַנומלטן, ווען לאַקשינסקי איז שפּעט אינדערנאַכט, איינער אַליין געגאַנגען אַהיים שלאָפן און דער הונט, שוין אַן אָפּגעלאָזטער פון דער קייט אויף באַנאַכט, איז אַרומגעלאָפן איבערן שאָסיי ווי אַ לייב.

— כ'האָב אים אַ כאַפּ געטון מיט מיינע הענט אַרום דעם גאָרגל, ווי מיט צוואַנגען — דערציילט לאַקשינסקי זיין בריהשקייט.

— און איר האָט גאָרנישט מורא געהאַט? — פרעגט מאַדאַם גאָלדפעלד איראָניש, אין זינען האָבנדיק די סצענע דאַמאָלס מיט אַ צוויי וואָכן צוריק, ווען זי איז דאָס ערשטע מאָל געגאַנגען מיט לאַקשינסקין שפּאַצירן אין וואַלד, און ער, דער „העלד",

דערזעענדיק אָנקומען דעם „באַראָוועס" הונט, האָט ער אָנגעהויבן לויפן. דער הונט האָט אים געטומען נאָכיאָגן און ביז דער „באַ-ראָווע" האָט דעם הונט צוריקגערופן, האָט ער דערוויַיל באַוויזן לאָקשינסקין אומצוואַרפן און אים אַראָפּצורייסן אַ שטיק הויז. . .

— מורא? — פרעגט לאָקשינסקי איבער באַליידיקט — אַ ייִנגל בין איך, כ'זאָל מורא האָבן פאַר אַ הונט?

זי אָבער שמייכלט שוין שפּאָטיש. איר שטעלט זיך איצט אַזוי קלאָר פאַר: לאָקשינסקי דערהייבט זיך פון דר'ערד אַ טויט-בלאַסער מיט אַן אַראָפּגעריסענער „נאָגאַוויצע" ביז דער נאַקעטער קני. ער ציטערט אינגאַנצן און סאַפּעט. . .

— וואָס לאַכט איר? — פרעגט לאָקשינסקי כמעט האַרט.

זי אָבער וויל איצט פון אים נישט אָפּלאַכן. דאָ אויף דער זומער-וווינונג איז ער דער איינציקער קאַוואַליער, מיט וועלכן זי איז אינטים — פרעגט זי בלויז:

— ווער האָט אייך דאַמאָלס צוגענייט די אָפּגעריסענע הויזן?

פאַרשטייט לאָקשינסקי שוין קלאָר, אַז איצט טראַכט זי פון זיין דאַמאָלסטיקער „העלדישקייט", ענטפערט ער פריִער אויף דעם, וואָס זי האָט אין זינען:

— דאַמאָלס איז דער הונט מיך באַפאַלן פון הינטן, אומ-געריכט. . .

און אַז זי לאָזט אים די ליגנט באַקומען, ענטפערט ער אויף איר פראַגע:

— צוגעצירעוועט דאָס צעריסענע, האָט מיר מיין באַ-לעבאָסטע, אָבער זי האָט דאָס פיין געמאַכט. ס'איז גאָרנישט צו דערקענען.

און ער ווייזט איר:

— נו, וואָלט דאָס אַ שניידער בעסער געמאַכט?

— געוויס איז עס גוט פאַרצירעוועט — איז זי מסכים און גיט אים אַ גלעט איבער דער באַהויזטער קני.

הינטערן בערגל קומט זיי אַקעגן דער „בּאָראָװע", ער דער־קענט אין דער מאַדאַם גאָלדפעלד אַ זומער־װױנערין, װאָס האָט אויסגעקויפט אַ בּילעט צו מעג שפּאַצירן אין װאַלד — גריסט ער איר דער פויער אין גרינעם היטל מיט דער טראָמבּקע בּאַ דער זייט און מיטן גראָבּן שטעקן אין האַנט.

— פּאַרװאָס, פּאַניע, גייסטו שוין נישט מיטן הינט? — פרעגט לאָקשינסקי.

— הם — קוקט אים דער פויער אויף דער פּאַרצירעװע־טער קני און שמייכלט קוים — מ'קען נישט: ער איבּערשרעקט די שפּאַצירער אין װאַלד.

דער „בּאָראָװע" נעמט בּאַכאַמאָל אַראָפּ דאָס היטל צום אָפּ־שייד און גייט זיך אַװעק אין אַ צװייטער זייט װאַלד. מאַדאַם גאָלדפעלד און לאָקשינסקי גייען אויך אַװעק.

זיי זענען איצט אין מיטן װאַלד.

— לאָמיר זיך דאָ אַ בּיסל אָפּרוען — עצהט לאָקשינסקי און ער װאַרפט זיך אויפן מאָגערן װאַלד־גראָז.

מאַדאַם גאָלדפעלד איז נישט איינשטימיק: צום ערשט מוז מען אָנקלויבּן „פּאָזשאָמקעס" — און זי גיט גלייך צו:

— איבּערהויפּט מוז איך אייך אויפמערקזאַם מאַכן, איר זאָלט מיך היינט צורו לאָזן — דער קאָפּ טוט מיר װיי.

— מיר װעלן טאַקע צוגיין צו די פּאָזשאָמקעס — איז לאָקשינסקי איינשטימיק' ער דערהייבּט זיך פון גראָז, נעמט זי צו־ריק הינטערן אָרעם און גייט מיט איר ט פער אין װאַלד. און דאָס װאָס זי האָט אים ערשט געזאָגט, אַז היינט זאָל ער זי צורו לאָזן, װייסט ער, אַז דאָס מיינט זי נישט ערנסט. שטענדיק זאָגט זי אַזוי.

אַ בּיסל שפּעטער, װען זיי קימען צו אין אַ געדיכטער װאַלד־טיפעניש, װו עס װאַקסן שיינע שװאַרצע יאַגדעס, האַלט זיך שוין מאַדאַם גאָלדפעלד נישט בּאַ איר בּאַשלוס, אַז היינט זאָל ער די צורו לאָזן. און אַז לאָקשינסקי װייזט איר אַלץ הייסער אַרויס זיין ליבּע, בּארוזקט זי אים מיט אַ האַלבּן צוזאָג:

— קלויבט מיר נאָר פריִער אָן אַ טעפּל יאַגדעס, כ'בין דורשטיק.

זי לייגט זיך באַכלעסיק הינטער אַ קושאַק, אונטערלייגנדיק דינטער זיך לאַקשינסקיס גומי־מאַנטל און לאַקשינסקי נעמט אומגע־דולדיק אַריינקלויבן יאַגדעס אין טעפּל אַריין.

## קאַפּיטל 3.

פרייטיק פאַרנאַכט באַ זון־פאַרגאַנג, איז מאַדאַם גאָלדפעלד געזעסן אויף דער „פּאָליאַנקע“ מיט איר שכנטע פון דער זעלבער ווילע, מאַדאַם פיעקאַרסקאַ — איין שטול לעבן דער צווייטער.

מאַדאַם פיעקאַרסקאַ רעכנט זיך פאַר די אָנגעזעענסטע אַריסטאָק־אַטקע פון די אַרומיקע ווילעס. זי, די פּאַני פיעקאַרסקאָ, שטאָלצירט אַ חוץ מיט איר מאַנס גוטע געשעפטן, אויך מיט איר עכט פוילישן פאַמיליען־נאָמען, די קינדער אירע האָט די פּאַני פיעקאַרסקאַ שטרענג פאַרבאָטן נישט צו חברן זיך מיט די קינדער פון „כאַלאַטשאַזשעס...“ דאָס יינגל האָט זיך געפונען חברים צווישן די שקצים, וואָס פּאַשן קי אויף דער לאָנקע לעבן וואַלד, דאָס פינפצען יעריקע מיידל קען זיך אָבער נישט געפונען קיין קריסטלעכע חברטאָרנס, און מיט יידישע דערלויבט נישט די מוטער, נודזשעט זי זיך אויף דער זומער־וווינונג, בלאָנדזשעט אַרום אײנע אַליין און איז מקנא די איבעריקע יידישע מיידלעך, וואָס פאַרברענגען צוזאַמען.

זיצן זיי, די צוויי פּאַניעס, אויף דער „פּאָליאַנקע" אין שטול לעבן דער צווייטער און שמועסן... די פּאַני פּיעקאַרסקאַ דערציילט באַשיידן, אַז איר איז גאָרנישט שווער אָנגעקומען, מ'זאָל אירע קינדער אַריינגעמען אין רעגירונגס־גימנאַזיום... דורך אַגב פּאַרטרויט זי, אַז אירע קינדער האָט זי באַלד פון געבוירן געלאָזט איינשרייבן מיט קריסטלעכע נעמען...

— און ס'איז דער פּאַני געלונגען? — וווּנדערט זיך מאַדאַם גאָלדפעלד.

— ס'האָט טאַקע געקאָסט געלט און מי — רעדט פּאַני פּיעקאַרסקאַ מיט אַ באַשיידענעם, געלאַסענעם טאָן — אָבער מיר איז עס געגאַנגען אין לעבן. איך האָב נישט געקענט דערלאָזן מיינע קינדער זאָלן זיך אַרומטראָגן מיט אַזעלכע נעמען ווי ריווקאַ, מאָרדכאַ...

און טאַקע, איז דען נישט שענער באַרבאַראַ און מאַריאַן, ווי רבקה און מרדכי?

מאַדאַם גאָלדפעלד נעמט אויף דעם זעלבן טאָן, וואָס די פּיעפּיעקאַרסקין:

— מיין מאַן — זאָגט מאַדאַם גאָלדפעלד — סטאַרעט זיך אויך, מ'זאָל אונדזערע קינדערס נעמען איבערשרייבן אין דער "קשענגאַ לודנאָשטשי" אויף ריין קריסטלעכע נעמען...

אין אַזוי פּלאַפּלענדיק טוט זי צו וויסן, אַז פּאַקטיש רופן זיך אירע קינדער סיי ווי מיט פּוילישע נעמען: באָלעק און דאַרע, נישט מער — אָפיציעל אַזוי איינצושרייבן איז דאַמאָלס שווער געווען...

ס'ווערט טונקל. פון חסידישן שכנס פענסטער ווינקען אַרויס די אָנגעצונדענע שבת־ליכט. מאַדאַם גאָלדפעלד ווייזט אָן מיט די אויגן איר מיטשפּרעכערין אויף די אָנגעצונדענע שבת־ליכט זי שמייכלט דערביי, כלומרשט באַדויערנדיק:

— אַך, דער פאַנאַטיזם, די „טשעמנאָטע"...

די פּאַני פּיעקאַרסקאַ וואַרפט אויף אַ בליק אַהין צו דעם פענסטער מיט די שבת־ליכט. נאָר זי זאָגט גאָרנישט. איר פּאַסט שוין אפילו נישט, אַז זי זאָל גאָר „וויסן", אַז איצט איז שבת און,

אַז פּרייטיק צונאַכטס צינדן ייִדן ליכט. — שווייגט זי די פּאַני פּיע־קאַרסקאַ און פֿאַרקירעוועט אויף אַ שמועס, ווי שווער עס איז קינ־דער אָפּצוהיטן פֿון נישט פּאַסיקע חברים...

גאָלדפעלד קומט פֿון שטאָט אַ מידער, אַ פֿאַרמאַטערטער, אָנגעלאָדנט מיט פּעק און פּעקלעך. ער לייגט אָפּ די פּעקלעך און פֿרעגט די דינסט, ווו די פּאַני איז.

- די מאַמע — ענטפֿערט באַלעק — זיצט אויף דער פּאַ־ליאַנקע מיט דער פּאַני פּיעקאַרסקאַ.

— אַזוי? — מאַכט גאָלדפעלד צופֿרידן. עס טוט אים הנאה, וואָס די פּאַני פּיעקאַרסקאַ חברט זיך מיט זיין פֿרוי.

ער גייט צו צום פֿענסטער, קוקט אַרויס און אַז ער דער־בליקט זיי ביידן, ציט ער דעם הוט, בייגט זיך און נייגט זיך אַהין... אַזוי אָבער ווי זיי, די צוויי פּאַניעס, באַמערקן אים נישט, „אַרבעט״ ער אַזוי לאַנג מיטן הוט, פֿאָכעט מיט אים בייגט זיך און נויגט זיך, ביז ער איבערצייגט זיך אַליין, אַז בחנם: זיי וועלן אים שוין נישט באַמערקן.

— אַריינרופֿן די מאַמען? — פֿרעגט באָלעק און ער איז שוין גרייט אַרויסצולויפֿן.

— ניין! — דערשרעקט זיך דער פֿאָטער — מ׳דאַרף נישט אַריינרופֿן, זי וועט שוין אַליין אַריינקומען.

און אַזוי ווי ער איז שטאַרק מיד, וואַרפֿט ער פֿון זיך אַראָפּ הוט און רעקל, זעצט זיך בײַם טיש אין די הוילע העמד־אַרבל און דרימלט באַלד איין.

אַז מאַדאַם גאָלדפעלד קומט דערנאָך אַריין, געפֿינט זי דעם מאַן ליגן און סגעלייגט איבער אַ האַלבן טיש און פּעסט כראָפּען, נעמט זי אים וועקן מיט אַ פֿינגער אויף זיין פּלייצע, ער זאָל נאָך עמעצן אויף צולאָזן צום טיש, בעט ער זיך פֿאַרשלאָפֿן אויף ייִדיש:

— אוי, כ׳בעט דיך, לאָז מיך... נאָך אַ מינוטקעלע...

נעמט זי אָן אַן אָפֿיציעל מאַדאַמישן טאָן, קוקנדיק צו די אָפֿענע פֿענסטער:

— סטאַש! וואָס איז מידער? וואָסערע רייד הער איך?

אין אַז איר שטרענג קול דרינגט נאָר אַריין אין זיינע אויערן, ניכטערט ער זיך גלייך אויס פון שלאָף און אַזוי ווי ער מיינט, אַז זי וויל זיך שוין זעצן צום טיש עסן, גייט ער אַריין אין קיך, וואַשט זיך אָפּ דאָס נאָך שלאָף לעכצנדיקע פּנים, קומט צוריק אַריין און זעצט זיך געהאָרכזאַם צום טיש, צום נאַכטעסן.

## 4. קאַפּיטל

אין די גרויסע היצן איז די מאַמע מייטע געוואָרן עפּעס לאַ עליכמדיק, נישט מיט אַלעמען. דעם דאָקטאָר, צו וועלכן זי איז געגאַנגען אין באַגלייטונג פון איר טאָכטער אידזשאַ, כּדי צו לאָזן זיך אונטערזוכן, האָט זי פאַרגעשטעלט איר שלאַפקייט מיט: נישט קיין אַפּעטיט צום עסן, נישט קענען שלאָפן און נאָך... און זי האָט אים געפרעגט, צי ס'וואָלט נישט גלייך געווען, זי זאָל אויף אַ פּאָר וואָכן אַרויספאָרן אויף אַ זומער-וווינונג.

— געוויס וואָלט גלייך געווען — איז דער דאָקטאָר מסכּים, און אום צו ווייזן, אַז דאָס „פּאַפּירל“, וואָס מייטע וועט אים באַלד דערלאַנגען פאַר דער „וויזיט“ האָט ער זיך כּשר פאַרדינט, איז בערהזרט ער מיט אַ טאָן פון אַ באַפעל:

— דורכויס אַרויספאָרן אויף אַ זומער-וווינונג און וואָס גיכער!...

— יאָ, אויף אַ זומער-וווינונג — קרעכצט די מאַמע מייטע, צוריקגייענדיק פון דאָקטאָר אָנגעלענט אָן אידזשעס אָרעם — עס איז אים גרינג צו זאָגן „אַרויספאָרן אויף אַ זומער-וווינונג...“

אידזשען און דעם מאַן בעל קרעפּל האָט מייטע אויף „עקסטרע" אַרויסגעשיקט צו בראָניען מיט דעם דאָקטאָרס דריב־גענדן באַפעל — און דעם צווייטן, אָדער דריטן טאָג איז די מאַמע מייטע, אָכצנדיק און קרעכצנדיק אַרויסגעפאָרן צו דער טאָכטער בראָניע גאָלדפעלד אויף דער זומער־וווינונג — „אויף דער־ווײַל", ביז עס וועט זיך מאַכן צו דיגע, אַ שטיקל דירה לעבן וואַלד.

מאַדאַם גאָלדפעלד, איז נאַטירלעך נישט אַנטציקט פון דער מוטערס אַרײַנפאַקן זיך צו איר. זי האָט גלייך חושד געווען, אַז דער מוטערס כוונה איז נישט בלויז דאָס געניס זומער־לופט. ס'האָט זיך איר דערמאַנט, אַז דאָס פאַריקע יאָר, האָט די מוטער עפּעס אויך חשק געהאַט אַ ביסל אַריבערצופאָרן צו איר אויף דער זומער־וווינונג און פאַר צוויי יאָר, אַז זי, די טאָכטער, איז צוריק־געקומען פון דער זומער־וווינונג אין טשעכאָטשינעק, האָט זיך די מוטער געהאַלטן אין איין באַקלאָגן פאַר איר, אַז אָן איר, בראָניען, פּילט זי זיך עלנד, ווי אַ שטיין... און אַז מאַדאַם גאָלדפעלד האָט דאָס אַלץ אַדורכגעטראַכט, איז זי שוין זיכער געווען, אַז דאָס מאַמעלע האָט זיך אַהער אַרײַנגעפּאַקט, כּדי עס זאָל זיך דאָ אַ פּאָר וואָכן אומזיסט גוט פּיטערן און זי, די טאָכטער, צו ביסלעך אונטערמעלקן...

„זייער מעלק־קיעלע" — אַזוי רופט זיך מאַדאַם גאָלדפעלד אין געדאַנק, דערפאַר, וואָס זי העלפט אַמאָל אויס דער מוטער אָדער דער שוועסטער, דער אַלמנה, מיט קראָם־פּראָדוקטן, אָדער ביסלעך געלט.

גאָלדפעלדן האָט גאָר אָרנטלעך פאַרדראָסן דער שוויגערס אַרײַנפּאַקן זיך צו אים אויף דער זומער־וווינונג, אויף זיין קאַרק אַרויף, נאָר אַזוי ווי פּראָטעסטירן אויפן קול, האָט ער נישט דעם מוט געהאַט, האָט ער זיין פּראָטעסט אויסגעדריקט אויף אַן אַנדערן אופן. ביז דער שוויגערס קומען, אַז די פרוי האָט געשיקט די דינסט ברענגען געברויכט־אַרטיקלען פון דער קראָם, האָט גאָלדפעלד געשיקט אַלץ, וויפיל די פרוי פאַרלאַנגט, איצט — נישט. איצט שיקט ער נישט גענוי, וויפיל די פרוי פאַרלאַנגט אין

דער „רשימה": דריי פונט צוקער — שיקט ער צוויי און אַ האַלבס;
אַ האַלב פונט קאַווע — שיקט ער איין פערטל און אַזוי אַלץ אי-
בעריקע.. דאָסדאָזיקע בכּיוונדיקע נישט נאָכקומען געווי, האָט
געדאַרפט דינען דער פרוי אַלס דעם מאַנס שטימער פאַרוואורף:
„עפּעס געפעלט מיר דאָרט נישט" און זי זאָל זיך שוין אָנשטויסן,
וואָס אים געפעלט נישט...

אויף דער זומער-וווינונג האָט זיך אַלץ געפירט ווי פריִער.
לאַקשינסקי קומט יעדן טאָג ווי געוויינטלעך אַרום 5 — 4 נאָכמי-
טאָג. מאַדאַם גאָלדפעלד ווערט אָפט מיט אים פאַרפאַלן אין
וואַלד — און גאַרנישט. עס אַרט זי נישט, וואָס דאָס מאַמעלע
קוקט דאָס צו, וואָרים וואָס שייך אַזוינע עסקים, איז מאַדאַם
גאָלדפעלד גאַנץ זיכער, אַז איר סוד, איז אויך דער מוטערס
סוד.

דער מוטערס דאָ זיין, איז איר נישט צום האַרץ, סתּם
„פאַרוואָס עפּעס פונקט בײַ מיר"? זי וואָלט געוואָלט די מוטער
זאָל זיך אַ ביסל אַריינפּאַקן צו דער צווייטער שוועסטער, וואָס
זיצט אויך אויף זומער-וווינונג... דער מוטערס דאָ זיין איז איר
נישט ניחא אויך איבער אַנדערע טעמים. מאַדאַם גאָלדפעלד קען
נישט פאַרטראָגן, וואָס די מוטער ווערט בײַ איר אין שטוב אַלץ
היימישער, אַז עס קען שוין באַלד אויסזען, אַז די אמתע באַלע-
באָסטע איז דאָ די מוטער, נישט מאַדאַם גאָלדפעלד.

עס קען איר אויך נישט געפעלן, וואָס מ'שיקט דער מוטער
שוין גאַרנישט, אפילו נישט דאָס, וואָס זאָל לפּנים אויסזען, אַז
מ'שיקט איר עפּעס פון דער היים.

דרייט זיך מייטע דאָ אַרום, אומעטום שטעקט זי אַריין איר
נאָז, די אייניקלעך און אפילו די דינסט האָבן נישט פאַר איר קיין
פּיצל דרך ארץ. און ס'האָט שוין געטראָפן, אַז די דינסט האָט זיך
געפּרוּווט איינעקשנען, אַז זי וויל נישט דער אַלטערס בעט פאַר-
בעטן.

אָט די מייטע מיטן געפאַלדעוועטן פּנים און האַטשיק-נעזל
וויל אַפּנים זיך גאַרנישט רעכענען דערמיט, אַז דאָ איז זי פאָרט
נישט בײַ זיך אינדערהיים. עסט באַלעק אָן איי, קוקט זי דערויף

ביט שלעכטע, נישט פאַרגינערישע אויגן, אַ שטייגער ווי ער וואָלט דאָס איי איר, דער באָבען, פון האַלדז אַרויסגעריסן. „כ׳מוז דיר זאָגן" — מאַכט זי צו דער טאָכטער — „אַז אייער ווערן היינט גאָר צו פיל פאַרברויכט"... וויל זאָשע פון דער מוטער אַ שטיקל שאָקאָלאַד, מישט זיך מייטע אַריין מיט איר כריפּעדיק קול: „מען טאָר נישט קינדער לין נאָכגעבן"..

און נאָך עפּעס: איר, דער מאַדאַם גאָלדפעלד, בא איר גאַנצן שט רק אַנטוויקלטן עגאָיזם, וואָלכער וויל פון גאָרנישט וויסן, ווי פון באַקוועמליכקייטן און הנאה פאַרן אייגענעם גוף, בא איר גאַנצער נישט איבעריק וואַרעמער ליבע צו די קינדער, קען בא איר פאָרט נישט אויסנעמען דער מוטערס לשון ווען איר עלפּי־יעריק ייִנגל און פינפיעריקע מיידעלע.

— דער ייִנג איז אַ געמיינער ייִנג און די מויד טויג אויך נישט.

מאַדאַם גאָלדפעלד ענטפערט דערויף גאָרנישט. זי שווייגט און גייט ארום אָנגעבלאָזן. מוטער און טאָכטער גייען זיך יעדע פאַר זיך און רעדן נאָר צווישן זיך, ווען די מוטער דאַרף עפּעס פון דער טאָכטער.

## 5. קאַפּיטל

ס'איז געווען שוין אין רעכטן מיטן זומער. אין שטאָט האָט
זיך ווייטער גערודערט, ס'איז געגאַנגען אַ גרויסע האַסט. אויסלענ-
דישע וואַליוטעס זענען געגאַנגען אַרויף, אַרויף מיט ריזן-טריט...
סחורה, כּלערליי סחורות האָבן געברענט, געפלאַמט — באַ גאָלד-
פעלדן אין געשעפט איז געווען אַ סך צו טון. מירל האָט אויך
צו ביסלעך צוגעהאָלפן אין געשעפט. מירל האָט איצט, אַ חוץ
נײַן די באַלעבאַטישקייט פאַרן ברודער, געהאַט נאָך אַן אַרבעט,
וועלכע מאַדאַם גאָלדפעלד האָט לעצטנס איינגעפירט: צו באַקן
ווייס געבעקס און אַרויסשיקן דער מאַדאַם גאָלדפעלד אויף דער
זומער-וווינונג.

מירל האָט שווער געאַרבעט און שלעכט אויסגעזען, היי-
מישע קרעמערס, וואָס האָבן באַ גאָלדפעלדן געקויפט סחורה, האָבן
אינדערהיים דערציילט דעם פאָטער, אַז מירל זעט שלעכט אויס
און ר' ליפע האָט געשריבן אַ בריוול צום „אוהבֿי-בני“ מיט פאָ-
טערלעכע פּרעטענזיעס, ווי אַזוי ער שלום. קען דאָס צו זען...

דאָך אַהיימגעפֿאָדערט די טאָכטער האָט דער פֿאָטער ג שט. וואָרים אינדערהיים איז אַ חוץ נישט צופֿיל פּרנסה, פֿאַרהאַנען אַ שטיפֿמוטער.

דאָנערשטיק קומט געוויינטלעך די דינסט וועגן שפּייז פּראָדוקטן פֿאַר די זומער-וווינער.

— וואָס הערט זיך דאָרט? — פֿרעגט זיך גאָלדפֿעלד בײַ איר נאָך — וואָס מאַכט די פּאַני, די קינדער?

— די פּאַני — דערציילט די דינסט — ליגט היינט אין בעט.

— אין בעט? — דערשרעקט זיך אַ ביסל גאָלדפֿעלד — אויף וואָס באַקלאָגט זי זיך?

— האָט געבראָכן און איצט האָט זי קאָפּ-ווייטיק.

די דינסט, וואָס רעכנט, אַז דאָס איז דער פּאַני געקומען פֿון אָנעסן זיך און ליגן אויף דער פֿאָליאַנקע אונטער דער זון, האָט נישט די העזה אַרויסצוזאָגן איר סברה, און זי שווײַגט דערי ריבער, מאַכט נאָר דערבײַ אַ רויק-גלײַכגילטיקע מינע, ווי נאָר זאָגן „ס'איז גאָרנישט".

מירל האָט אַרײַנגעסדרט פּעקלעך אין קויבער.

— הערסט מירל — ווענדט זיך צו איר דער ברודער בראָניע איז עפּעס נישט געזונט, זי ליגט.

— וואָס פֿעלט איר? — פֿרעגט מירל.

— זי ליידט קאָפּווייטיק און געבראָכן האָט די אויך זאָגט גאָלדפֿעלד פֿאַרזאָרגט.

מירל האָט דערויף גאָרנישט געענטפֿערט. זי איז בעוו באַשעפֿטיקט מיטן אַרײַנפּאַקן אַלץ אין דעם קויבער — נאָר געצ קישטיין, וואָס איז געשטאַנען איבער אַן אָפֿענעם קאַסטן סחו און צוגעפּאַסט ברעטלעך פֿאַר אַ דעקל, האָט שוין געהאַט עפּע צו זאָגן:

— ס'איז איצט — האָט ער צו וויסן געטון — אַזאַ אומ טערגאַנג, וואָס הייבט זיך אָן מיט מייקענען און קאָכווייטיק.

נאָכמיטאָג איז געוועזן אַ סך צו טון. גאָלדפֿעל ווי אויך אלע אין שטוב זענען געווען פֿאַרנומען אין געוועלב. צומאָרגנס, פֿריי-

מיק, ווען די דינסט איז ווידער געקומען וועגן פיש און ווייס גע-
בעקס, האָט זי דערציילט, אַז די פּאַני איז היינט איפגעשטאַנע
פו בעט און אַרויסגעגאַנגען זיצן אין וואַלד. אינגאַנצן ריכטיק איז
דאָס אָבער נישט געווען. מאַדאַם גאָלדפעלד איז טאַקע געהאַט
אויפגעשטאַנען און איז אַרויסגעגאַנגען אין וואַלד, נאָר אַ ביסל
שפּעטער איז זי צוריקגעקומען אין שטוב אַריין און מודיע געווען
דער מוטער, אַז אַ ביסל פילט זי נאָך קאַפּוויטיק. האָט איר די
מוטער געעצהט זיך צוריקצולייגן אויף איבערן טאָג אין בעט אַריין.
זי דאַרף דאָס טון אַ חוץ אַלעם דערפאַר, וואָס דער מאַן איז נעכטן
נישט געקומען אַ קוק טון, וואָס זי מאַכט...

— דו פאַרשאַף אים נאָר נישט אַזאַ לייכט לעבן, זאָל זיך
אים נאָר נישט דאַכטן, אַז זיין ווייב איז עפּעס אַ געזונטע פּויערטע...

מאַדאַם גאָלדפעלד האָט, משמעות, איינגעזען, אַז די מוטער
האָט טאַקע רעכט און זי האָט זיך צוריקגעלייגט אין בעט אַריין.

פאַרנאַכט איז גאָלדפעלד געקומען אויף דער זומער-וווינונג,
ווי יעדן פרייטיק, ער האָט אָפּגעלייגט די פאַרשידענע פּעקלעך,
מיט וועלכע ער איז געווען באַהאַנגען, אויסגעטון דעם הוט, זיך
געווישט דעם פאַרשוויצטן שטערן. און נאָך איידער ער האָט צייט
געהאַט צו פרעגן, וואָס דער פרוי איז און צי ס'דראָט איר נישט
חלילה אַ געפאַר — האָט דאָס שוויגערל אַן עפן געטון איר מויל-
ווערק:

— הע, האָסט דיך שוין אָנגעפרעסן מיט מיין טאָכטער,
ביסט שוין מיט איר זאַט? — — — נישט געקומען אַ קוק טון,
וואָס די פרוי מאַכט, צומאָל קיין דאָקטאָר נישט אַהערגעשיקט!—
אַזאַ מאַן איז דער הונט אויף דער גאַס אויף — — — אָנצופרעסן
זיך, אָנצולייגן דעם וואַמפּ, קומט ער, איז ער דאָ! — בראָניע,
פאַרוואָס האָסטו נישט אים אַריינגעגעבן דאָס גרויסע שטיק פיש,
דאָס פעטע קאַטשקעלע? ער האָט זיך אפשר נישט פאַרדינט דער
מ—אַ—ן משטיי—נס געזאָגט? — —

און אַז מייטע האָט שוין יאָ געעפנט דאָס מויל, האָט זי
שוין אינאיינרעדנס פאַרגעוואָרפן דעם איידעם גאַנצע צעטלען חטאים
קעגן זיין ווייב און קעגן איר משפחה, חטאים און עוולות פון דער

יאָר און יעדעם יאָר און נאָך פריער... געגאַנגען אויפן איידעם
גאַנצע טייכן בלאָטע... זי האָט געזשוושעט און געכריפּעט, אַזש
אַ שוים האָט געשפּריצט פון דעם מויל אירן — מאַדאַם גאָלדפעלד,
האָט אמת גאָרנישט גערעדט, אפילו נישט דאָס מויל געעפנט. זי
האָט בלויז געקוקט אויפן מאַן, אָבער דער בליק פון אירע ביי֯ז
צעצונדענע אויגן איז געווען אַזעלכער, אַז דעם מאַן איז אַדורך
עפּעס קאַלטס איבערן חוט-השדרה. פון איין זייט די שוויגער מיט
איר הודזשעדיק מוילווערק, פון דער צווייטער, דאָרט אין בעט —
בראָניע מיט איר גיפטיק צעצונדענע מאַן-פרעסערישע אויגן. און
ער, גאָלדפעלד, דער פּיפּיקער, האַרט-לייביקער סוחר, וועמען קיי-
נער קען אין מסחר נישט גובר זיין, איז דאָ געשטאַנען צווישן
זיי, ווי איינער פאַרכאַפּט אין מיטן פעלד פון אַ שטורעם-רעגן מיט
דונערן און בליצן. ער האָט דעם קאָפּ אַראָפּגעבויגן, טאַקע ווי
אונטער אַ פלוצלינגן שלאַקס-רעגן — און ווי איינער, וואָס אַנט-
לויפט ערגעץ-ווו אונטער אַן אָפּדעכל זיך ראַטעווען פון אַ שטו-
רעם — האָט ער געכאַפּט דעם הוט און אַרויסגעלאָפן פון שטוב.

## קאַפּיטל 6.

גאָלדפעלד איז געגאַנגען צוריק אין שטאָט. ער איז געגאַנ־
גען פאַרביי די ווילּיעס. פון טייל אָפענע פענסטער האָבן אַרויסגע־
פינקלט אָנגעצונדענע שבת־ליכט און ס'האָט זיך געהערט זינגען
זמירות; פון אַנדערע — האָבן אַרויסגעקלונגען היימליכע משפחה־
שמועסן. די מילדע וואַרעמע זומער־נאַכט האָט מיט פאַרשלאָפענע
ווינטלעך געוועקט די פאַרדרימלטע, פאַרחלומטע ביימער, שאָר־
כענדיק מיט די בלעטלעך און צווייגלעך, אויף אַ וואַרענדע באַ־
לויכטן פון ליכט, איז אַרום אַ טיש געזעסן אַ קליינער עולם אָן
היט און אין די בלוזע העמד־אַרבל, געשפּילט קאָרטן און געשיט
מיט ווערטלעך... גאָלדפעלד איז געווען שטאַרק הונגעריק; צו
דער שטאָט איז ווייט — איז ער אַריינגעגאַנגען אין אַ געבעקס־
געוועלב און געהייסן זיך געבן זעמל.

ער איז נאָך אַלץ געגאַנגען פאַרביי ווילּיעס, זומער־וווינונגען,
ער האָט זיך דערפילט פאַרמאַטערט, מיד, און ווו זיך צו צו־
זעצן אָפּרוען איז נישט געווען (ער וועט זיך דאָך נישט זעצן
אויף עמעצנס וואַרענדע...) און דאָ איז ער גראָד צוגעקומען צום

הייזל, ווו בענדעט וווינט. ער האָט דערזען, אַז דערינען איז נאָך ליכטיק און איז אומבעטראַכט אַריינגעגאַנגען אַהין זיך אַ ביסל אָפּ־צורוען.

בענדעט און די שוועסטער זענען געזעסן בײַם נאַכטעסן. גאָלדפעלד האָט דערכאַפּט, ווי באַמערקנדיק אים, איז גיך אַראָפּ־געגומען געוואָרן פון טיש דאָס לעבל שוואַרץ ברויט און אײַליק צוגעטרונקען געוואָרן די לעצטע שליק „קאַווע". גאָלדפעלד האָט אין איין רגע צוריקגעקריגן זײַן געוויינטלעכע חוצפּהדיקע האַל־טונג פון אַ רײַכן ספּעקולאַנט, בשעת ער פאַרבײַגט זײַן גרויסן כבוד און קומט אַרײַן — אמת, צו נישט אַ פרעמדן — נאָר פאָרט אָרימען מעקלער. ער האָט געזאָגט „דאָברי וויעטשור". אַראָפּגע־נומען דעם הוט, אויסגעשטרעקט די האַנט צו חנהן, פאַר יוצא וועגן אויך צו בענדעטן און זיך צוגעזעצט אויף דער פאַר אים צוגערוק־טער שטול.

אַצינד, ווען ער איז שוין געזעסן, איז ער אַ ביסל געקומען אין אַ פאַרלעגנהייט אין נישט געוווּסט פון וואָס אָנצוהייבן רעדן. זײַן אויג האָט דערבליקט ליגן אויפן שענקל דאָס נאָר וואָס אַראָפּ־גערוימטע לעבל ברויט, און דאָס מויל זײַנס האָט אָנגעהויבן רעדן, סתּם אָן אפילו צו איבערטראַכטן, וואָס ער רעדט.

— ברויט — האָט גאָלדפעלד אָנגעהויבן — שוואַרץ ברויט איז דען שלעכט? ווער עס איז דערצו געוווינט — שמעקט עס אים ווי לעקעך; יעדן פאַרגלוסט זיך אַמאָל אַ שטיקל שוואַרץ ברויט. וואָס דאַרף מען מער: איך, איך אַליין זאָג מיך טײלמאָל אָפּ פון דעם בעסטן קוכן און הייס מיר ברענגען אַ שטיקל ראַזאָווע ברויט, און גוט אָנגעשמירט מיט פּוטער און מיט קאַווע, איז עס טאַקע גאָר נישט שלעכט.

ער האָט גערעדט און וואָס ווײַטער — אַלץ מער האָט ער געפילט, אַז ער רעדט סאַמע נאַרישקייטן. נאָר עס האָט אים נישט געאַרט: דאָס אָרימע שטיבל, די נישט ווילקע מענטשן, וואָס ער האָט געהאַט פאַר זיך: דאָס עלטערע מיידל מיטן הויקער, בענדעט מיטן פאַרהונגערטן פּנים — דאַרף ער זיך

דען קרעמפירן פאר זיי, ער, גאָלדפעלד?! ס'ווילט זיך אים רעדן — רעדט ער!

אין אָנהייב פון „ברוים"-שמועס, איז חנה רויט און בלאַס געוואָרן. נאָר וואָס לענגער גאָלדפעלד האָט גערעדט, אַלץ גלייכ-גילטיקער איז חנהס פנים געוואָרן; אויף אירע ליפּן האָט זיך אפילו באַוויזן ווי אַ שאָטן פון אַ שמייכל; בענדעט האָט אויך גע-שוויגן, געקוקט גאָלדפעלדן אין מויל און געשוויגן — אפשר גאָר נישט געהערט, וואָס גאָלדפעלד פּלוידערט, געטראַכט פון עפּעס אַנדערש.

מינע פּינקל איז אַריינגעקומען. זי האָט זיך געזעצט לעבן חנהן אויפן ראַנד בעט. גאָלדפעלד האָט אַריינגעטון די האַנט אין דער טאַש פון רעקל, עפּעס דאָרט זיך געפּאָרעט אין דער טאַש, אַרויסגענומען אַן אָפּגעבראָכן שטיקל שאָקאָלאַדע, דאָס צעבראָכן אויף דריי שטיקלעך און יעדן דערלאַנגט אַ ברעקל.

קיינער האָט זיין שטיקל שאָקאָלאַד נישט גענומען אין מויל. מינע פּינקל איז געזעסן לעבן חנהן, צוגעהערט זיך צו גאָלדפעלדס שמועס מיט בענדעטן וועגן שפּעקולאַציע, רווחים, פּרייזן פון הייזער, פּלעצער, סיכסוכים מיט סוחרים... זי האָט געקוקט אויף גאָלדפעלדס האַרטן פּנים, אַ ביסל אַרויסשטאַרצנדיקע באַקנביינער און קאַלט גלאַנציקע, שפּיציקע, טונקל-גרויע אויגן. און ס'איז געווען צו דערקענען, אַז זי, דאָס מיידל, קוקט אויף גאָלדפעלדן, ווי אויף איינעם פון די, וואָס זענען דירעקט שולדיק אין אַלע צרות פון דער איצטיקער וויסטער נאָך מלחמה-נויט.

— ווער איז זי? — פאַרט גאָלדפעלד אָפּ אַ רגע, ווען די צוויי מיידלעך זענען פאַרשמועסט און פרעגט דאָס בענדעטן מיטן מיטן ווינק, ווי מיטן מויל.

— אַ שכנטע — ענטפערט בענדעט קורץ.

ער גיט אַ קנייטש מיט די אויגן:

— ערשטער סאָרט, פּרימע... — און, ווער ווייסט, פאַרוואָס גאָלדפעלד איז דער ניי רויט געוואָר.

גאָלדפעלד האָט זיך דערהויבן פון שטול. ווידער יעדן באַזונדער דערלאַנגט די האַנט. דער פרייליין פּינקל האָט ער נאָך

צוגעלייגט אַ „דאַוודזשעניאַ". פאַרן אוועקגיין, האָט גאָלדפעלד גע־פונען פאַר נייטיק קלאָר צו מאַכן זיין פלוצלינגדיקן וויזיט דאָ: אַזוי ווי זיין פרוי פילט זיך אַ ביסל „אומוואָהל" און די שוויגערטע־טער שלאָפט דאָרט, גייט ער איצט אַהיים אין שטאָט שלאָפן...

בענדעט האָט אים אַ ביסל אַרויסבאַגלייט און גאָלדפעלד איז אוועק. ווען בענדעט איז צוריק אַרייַנגעקומען אין שטוב, האָט מינע פינקל, מיט אַ צעפלאַמט און אויפגערעגט פנים, געזאָגט:

— דערויף האָבן עס מיליאָנען מענטשן מיטן לעבן באַצאָלט אין דער בלוטיקער וועלט־מלחמה, אַז אַזעלכע גאָלדפעלדס זאָלן זיך קענען צעבלִיען.

---

שפעט אין דער נאַכט האָט גאָלדפעלד אָנגעקלונגען בײַ זיך אין דער היים. מירל האָט זיך אויפגעכאַפּט דערשראָקן פון שלאָף און ס'האָט געדויערט ביז זי האָט דערקענט דעם ברודערס קול. זי האָט אייליק געעפנט די טיר און געפרעגט:

— וואָס איז געשען?

— גאָרנישט — ענטפערט גאָלדפעלד רויִק — בראָניע איז אַ ביסל נישט געזונט, די שוויגער און אידזשאַ געכטיקן דאָרט...

נאָך דערנאָך, ווען גאָלדפעלד איז שוין געלעגן אין בעט און נאָכנישט געקענט איינשלאָפן, האָט זיך אים, אָן זיין ווילן, דורכגעטראַכט אין קאָפּ וועגן זיך, וועגן זיין שווער בערל קרעפּל — „דעם ווייבס פּאַנטאָפּל"... און אַזוי לאַנגזאַם איז ער אַרויפגעקומען אויף זיין לעבן נאָך דער חתונה און פאַרענדיקט מיט דעם היינטיקן „אויפשפּיל" דער שוויגערס אויף דער זומער־וווינונג. און ער האָט אומבאַוווּסט, הויך אַרויסגערעדט:

— די אַלטע מכשפה, אַלץ איז זי שולדיק!

און מירל, וועלכע איז געשלאָפן אין אוודאי פונקט געהאַלטן

אינמיטן איינשלאָפן, האָט געמיינט, אַז דער ברודער רעדט עפּעס צו איר, האָט זי פאַרשלאָפן אָפּגעפרעגט:

— וואָס, וואָס? ...

האָט גאָלדפעלד זיך געכאפּט אין מורא געהאַט, אַז ער האָט שוין ווער ווייסט וואָס אַרויסגערעדט, האָט ער שוין גאָרנישט געוואָלט מער טראַכטן, נישט צולאָזן זיך מער קיין שום מחשבה אין קאָפּ

## 7. קאַפּיטל

גאָלדפעלד איז מער נישט געגאַנגען איף דער זומער־ווױ־
נונג, נישט דעם קומענדיק שבת און נישט דעם דערנאָכדיק,
נישט שבת און נישט זונטיק.

איצט אַז גאָלדפעלד האָט שוין געפירט אַן אָפענעם ברוגז,
האָט ער פאַר דער זומער־וווינונג ווידער געשיקט פּראָדוקטן גענוי
אַזוי פיל, ווי די פרוי פאַרלאַנגט אין דער רשימה: דריי פונט —
שיקט ער דריי פונט, פיר פונט — שיקט ער פיר פונט. איצט
איז אים שוין מער נישט נייטיק געווען דער אָנצוהערעניש: „איך
בין פון עפעס נישט צופרידן". איצט איז געווען אַן אָפענער
ברוגז — און שוין!

ס'קען אויך זיין, אַז גאָלדפעלד האָט דערפאַר איצט אַזוי
מדקדק געווען צו שיקן דער פרוי אַלץ געניי, וויפיל זי פאַרלאַנגט,
כדי די פרוי צו איבערצייגן, אַז הגם ער איז אָפיציעל ברוגז, פונ־
דעסטוועגן מאַן און פאָטער און אפילו אײדעם איז ער פאָרט און
אַז די שטוב זאָל זיך קוועלן וויל ער נישט. א פאַקט איז, אַז פון
ברוגז אָן האָט גאָלדפעלד ווידער אָפגעהיט צו שיקן אויף דער

זומער־וווינונג קראָם־פּראָדוקטן און געלט גענוי, וויפיל די פרוי פאַרלאַנגט.

מירל האָט אַלץ ערגער אויסגעזען. זי האָט ווידער אָנגע־הויבן הוסטן און אויף די באַקן האָבן איר „געבליט" די רויטע פלאַמען. און — עפּעס גאָרנישט ווי געוויינטלעך — אין אַ שיי־נעם פאַרמיטאָג, האָט גאָלדפעלד אַרויסגעשיקט די שוועסטער הינ־טער דער שטאָט צו בענדעטן. אַז זי זאָל דאָרט זיצן אויף זיינע קאַסטן און אַ פּאָר וואָכן געניסן פרישע לופט.

מירל האָט אויף דער פרישער לופט אין עק שטאָט קוואַר־טאַל, נישט ווייט פון וואַלד, אויפגעלעבט, ווי אַ פלאַנץ אין בלו־מענטאָפּ, ווען זי ווערט אַרויסגעשטעלט אין גאָרטן. און גאָלד־פעלד האָט געהאַלטן וואָרט: צוגעשיקט פאַר איר פּראָדוקטן און צו ביסלעך געלט, געזען, דער שוועסטער זאָל נישט פעלן.

גאָלדפעלד איז, פון זינט דעם ברוגז אויף דער זומער־ווויי־נונג, בכלל אַ ביסל אַנדערש געוואָרן צו די זייניקע. זעלדע — די קישטיינען — האָט איצט ווייניקער זיך באַקלאָגט אויפן ברודער. און קישטיין, אַז עס איז אַמאָל נישטאָ קיין צייט, אַז ער זאָל אַהיימגיין עסן מיטאָג, גיט אים גאָלדפעלד אַראָפּ פון זיין מיטאָג, וואָס ער לאָזט זיך ברענגען פון רעסטאָראַן. — און אַזעלכעס עפּעס צו טון, איז פאַר גאָלדפעלדן גאָר אויסערגעוויינטלעך, וואָ־רים ביז איצט, אַז אין קראָם איז געווען צו טון, האָט ער זיך קיינמאָל נישט דערמאַנט, אַז קישטיין דאַרף אויך עסן. קישטיין פלעגט זיצן אין געוועלב, אַרבעטן מיט צעבורטשעטע געדערעם און אַז ער קומט ענדלעך אַ פאַרהונגערטער אַהיים עסן, שפּילט ער דעם ווייב אויף, האַקט אין טיש און קאָכט:

— דיין „ברודערל"!...

גאָלדפעלדס געשעפטן גייען אויסגעצייכנט. אין קראָם איז דאָ צו טון, פון פאַרטאָג ביז שפּעט אינאָווענט. ער האָט פאַרגע־לייגט בענדעטן, אַז ער זאָל אים אַ ביסל צוהעלפן אין געשעפט. קומט בענדעט יעדן טאָג אויף אַ פּאָר שעה אין געוועלב. צו גאָלד־פעלדן קומען נאָכאַנאַנד מעקלערס; דער מיט אַ הויז, וואָס איז צו קויפן אויף לייכטע באַדינגונגען, אַ צווייטער מיט אַ פּלאַץ...

גאָלדפעלד שמועסט זיך וועגן דעם אַדורך מיט בענדעטן. ער פאַר־זיכערט אים, אַז אויב ס'וועט האַלטן אויף אַ דרך, וועט ער אים, בענדעטן, אַריינרוקן אַלס מעקלער.

די דינסט קומט, ווי געוויינטלעך, צוויי, דריי מאָל אַ וואָך וועגן איינקויפונגען און אין קראָם נאָך פּראָדוקטן.

— וואָס הערט זיך דאָרט? — פרעגט גאָלדפעלד.

— נישטאָ קיין נייעס — ענטפערט די יונגע גויע.

אַן אַנדערש מאָל פרעגט זי מיט אַ טאָן פון אַ היימישער דינסט.

— פאַרוואָס קומט דער פאַן גאַרנישט אַהין?

— די פאַני האָט געהייסן פרעגן?

— ניין, אַזוי זיך.

— נישטאָ קיין צייט — ענטפערט דער פאַן און ער מאַכט דערביי אַ מינע, ווי ער באַדויערט זייער, וואָס ער האָט נישט קיין צייט אַמאָל אַ קוק אַרויס צו טון אויף דער זומער־וווינונג.

אַז אין דער גאַנץ איז נישטאָ קיין היימישער, פרעגט ער נאָך:

— און וואָס נאָך הערט זיך דאָרט?

— גאָרנישט — ענטפערט די דינסט און שמייכלט קוים.

— די אַלטע פאַני איז נאָך דאָ?

— יאָ, זי איז נאָך דאָ.

— נו?

— נו, גאָרנישט. דרייט זיך אַרום, שטעקט אומעטום איר נאָז און „דעכעט"...

גאָלדפעלד זעט איין, אַז ער האָט שוין איבערגעכאַפּט די מאָס מיט זיינע פראַגן, קירעוועט ער אַוועק דאָס געשפּרעך.

— או, נעכטן ווער איז דאָרט געווען?

— דער, וואָס יעדן טאָג.

— ווער?

— דער, מיט די קרומלעכע פיס... פאַן מאָריץ.

— וואָסערער פאַן?

— נו, דער. דער פאַן קען אים דאָך.

— לאָקשינסקי? — העלפט איר גאָלדפעלד אַרויס.

— יאָ.

— אָפט קומט ער?

— יעדן טאָג אַרום פינף נאָכמיטאָג.

— נו, וואָס?... — ציט גאָלדפעלד כּלומרשט נאָכלעסיק, אַ שטייגער לאָקשינסקיס אַהינקומען איז מיט זיין ידיעה.

— נו, גאָרנישט.

גאָלדפעלד וויל שוין אָפּהאַקן דאָס געשפּרעך מיט דער דינסט. און ס'איז שוין טאַקע די העכסטע צייט אָפּצוהאַקן. דאָך קען ער זיך נישט צוריקהאַלטן און גיט נאָך איין פּ״עג:

— קומט עס, הייסט עס, דער פּאַן לאָקשינסקי. פאַרברענגט ער דאָרט לאַנג?

— וועד ווייסט אים דאָרט! — ענטפערט די דינסט דיפּלאָמאַטיש.

די קישטיינען פּאַסט אָפּ אַ רגע און כאַפּט זיך צו דער דינסט:

— זיי זענען ברוגז? — פרעגט זי פאַרסודעט.

— יאָ! — ענטפערט די דינסט מיט די אויגן.

— פאַרוואָס? — חלשט שיִער די קישטיינען פון נייגעריקייט.

— די אַלטע... — הייבט די דינסט אָן און קען נישט ווייטער רעדן, ווייל גאָלדפעלד קומט גראָד צוריק צום טיש. נאָר פון די צוויי ווערטער „די אַלטע" שפּינט זיך שוין בּאַ דער קישטיינען אין קאָפּ אַ גאַנץ געוועב... „די אַלטע", — מסתּמא פאַרלאַנגט זי, אַז שלום זאָל זי אָפּגילטן און ער, איר ברודער, וויל נאָך דערווייל נישט. און פאַרוואָס, אַ שטייגער, זאָל ער דאָס יאָ וועלן? — גייט די קישטיינען פאַרביי בּענדעטן און וואַרפט אים צו אַ שעפּטשע, פאַרבאַגייענדיק, אויפן חשבון פון דעם, וואָס זי האָט געהערט פון דער דינסט:

וויִ געפעלט דיר מייטעש?...

*

די היצן ווילן גאָרנישט קלענער ווערן. זעלטן פאַרוואָלקנט

זיך דער הימל, פאַרגייט די זון צופרי, ווילט זיך גלייבן, אַז באַ־
נאַכט וועט רעגנענען און מאָרגן וועט שוין זיין אַ ביסל קילער. באַ־
נאַכט איז דושנע, באַ גאָלדפעלדן אין שלאָף־חדר איז שטיקנדיק
הייס, ווי אין אַ בעקערײַ, פאַרטאָג בייסן די פליגן; אויסטערליש
פּאַשען זיך דאָ די פליגן, פון זייערס אַ ביס וואַרפט זיך דער
שלאָפנדיקער... שפּעטער גייט אויף די זון און לאָזט נישט שלאָפן
און דערנאָך באַטאָג איז נאָך הייסער, נאָך ברענעדיקער, ווי
נעכטן.

ר' ליפע, גאָלדפעלדס פאָטער, דער קלײנשטעטלדיקער
שוחט, איז געפאָרן צום רבין, וועלכער געפינט זיך הייאָר, ווי
יעדן זומער, אין נישט ווייטן קור־אָרט. פאַרבייפאָרנדיק די שטאָט,
האָט זיך דער פאָטער אָפּגעשטעלט אויף אַ פּאָר שעה באַם זון.
גאָלדפעלד, האָט לכבוד דעם פאָטער געלאָזט ברענגען פון רעס־
טאָראַן אַ בעסער מיטאָג מיט משקה און קישטײַגען אויף פאַרבעטן
צום מיטאָג. צוריקפאָרנדיק, האָט זיך ר' ליפע ווידער אָפּגעשטעלט
באַם זון, אים דערציילט, אַז „ער זאָל לעבן" הייסט נישט מאַכן קיין
שהיות און מירלען מאַכן פאַר אַ כלה. גאָלדפעלד האָט מיטן פאָטער
גערעדט מיט מירלע, ווי אַ פארמעגלעכער זון, נישט קיין קמצן:

— דערווייל קען זי דאָ זיין באַ מיר, גיין אַרײַן און אַרויס,
עסן און טרינקען. דער פאָטער זאָל זוכן אַ שידוך, אַן אָרנטלעכן
שידוך, מירל קען דאָ זיין ביז דער סאַמער חתונה, וועלכע וועט
פאָרקומען טאַקע דאָ אין שטוב. ער, שלום גאָלדפעלד, וועט געבן
נדן, מאַכן אַ אויסשטייער און אפילו נאָך דער חתונה, וועט ער
דאָס פאָרפאָלק אויף נישט פאַרלאָזן אויף הפקר.

— דו, טאַטע, האָסט נאָר איינס צו טון: זוכן אַ חתן און
טאַקע אַ לייטישן חתן.

ר' ליפע איז אַהיימגעפאָרן באַרויִקט אין מן הסתם האָט ער
אינדערהיים געלאָזט פאַלן אַ וואָרט פאַר ווייב, אַז שלומען איז
דאָס האַרץ איבערגעקערט געוואָרן צום גוט... האָט דעריבער
גאָרנישט לאַנג געדויערט, ווי די שטיפמוטער איז אַ ביסל גע־
קומען צו פאָרן. זי איז אַרויסגעגאַנגען אויף דער זומער־ווויִ־
נונג באַזוכן די „שנור" בראַניען... אַז זי איז צוריקגעקומען צום

„זון", האָט זי נישט אויפגעהערט צו רימען זיינע קינדער, ווי קלוג זיי זענען, קיין עין הרע זאָל זיי נישט שאַטן, און בראַוויע אַליין...

— ווער צום לעבעדיקן גאָט האָפט און שרייט — ווונטש איך אַזאַ טייערע שנור!..

דערנאָך האָט זי זיך מיט גאָלדפעלדן פאַרמאַכט אין שטוב, אים אַראָפּדערציילט איר בײנטל צרות... אַז זי איז צוריק אַרויס־געקומען, האָט זי געהאַט רויטע אויגן פון וויינען און אַ רויטע נאָז פון אומאויפהערלעכן שנייצן.

אין אָוונט האָט די שטיף־מוטער געזאָלט אַוועקפאָרן. זי האָט לאַנג געוואַרט אויף גאָלדפעלדס צוריקקומען פון גאַס. גע־זעסן אויף דער סאָפע מיטן פעקל לעבן זיך. זי האָט אַלץ גע־שראָקן זיך, צי זי וועט נישט חלילה פאַרשפעטיקן דעם צוג און וויפיל קישטיין האָט זי נישט בארויקט, איז זי אַלץ געווען אומ־רויק און מורא געהאַט, אַז זי וועט פאָרט פאַרשפעטיקן.

ענדלעך איז גאָלדפעלד געקומען, ער האָט דער מומען אַריינ־געשטעקט עטלעכע פאַפירלעך פוילישע מאַרקן... זי האָט דאָס אויף בלינד אַדורכגעטאַפּט, וויפיל אַן ערך פאַפירעלעך עס געפינען זיך אין פעקעלע און ווי גרויס זיי זענען — מיט אַ שווערן זיפץ דאָס פאַרשטעקט בײַ זיך אין בוזעם און אין באַגלייטונג פון קישטיי־נען, זיך געלאָזט גיין צום וואָקזאַל.

## קאַפּיטל 8.

טעג זענען זיך געגאַנגען געזעגנען ... גענצע צייט,
בלויז מיט דער איינער ענדערונג, וואָס גאָלדפעלד האָט זיך מער
נישט געלאָזט ברענגען מיטאָג פון רעסטאָראַן, נאָר זעלדע, די קי-
שטיינען, האָט געקאָכט דאָ, בײַ גאָלדפעלדן אין קיך. טיילמאָל,
אַז ס'איז פאַרהאַן אין געוועלב גרויסע צייט, עסט בענדעט אויך
דאָ מיטאָג. ווי אַ משפּחה זיצן אַלע אַרום טיש בײַ גאָלדפעלדן
אין עס-חדר. זעלדע האַלט אין איין נאָכפרעגן זיך בײַם ברו-
דער:

— שלום, שמעקט דיר דאָס מיטאָג?

און דער מאַן איר, געצל מיטן נאַרישן קמץ-בערדל, האָט
נאָכאַנאַנד פאַר איר איין און דעמזעלבן ענטפער הינטער גאָלד-
פעלדס פּלייצעס:

— זע נאָר, ווי ס'קושעט זי — אַ מעדאַל וואָלט זי געוואָלט
פאַר קאָכן מיטאָג.

נאָכן עסן. אינדרויסן איז אַ חמימה, אין קראָם איז נישטאָ

קיין קונה — זיצט מען נאָך און מ׳שמועסט פריינטלעך, כּשפּחהדיק. גייט אַ שטייגער דער שמועס וועגן מירלען.
גאָלדפעלד איבערחזרט, וואָס ער האָט צוגעזאָגט דעם פאָטער און ער ענדיקט:
— איך וועל זיי נאָך דער חתונה אויך נישט פאַרלאָזן. . .
זעט די קישטיינען, אַז ס׳איז איצט אַ שעת־הכּושר, נעמט זי רעדן וועגן אַ הוספה פאַר איר מאַן.
— ס׳איז נישט מעגלעך אַדורכצוקומען, דאָס יקרות וואַקסט מיט דער שעה. . .
גאָלדפעלד מאַכט אַן אומצופרידענע מינע.
— דערווייל עסט עך דאָך דאָ מיטאָג, ברענגט איר דאָך זיך שוין איין.
— ס׳ברענגט מיר גאָרנישט איין — פּראָטעסטירט די קישטיינען — די קינדער אינדערהיים קאָכן זיך אויך מיטאָג. . .
רעדט זי און רעדט, אַלץ אַרום דער פאַרלאַנגטער הוספה. . . גאָלדפעלד מאַכט זיך דרימלען; קישטיין גלאָצט אין פענסטער; בענדעט קוקט אין דער צייטונג, וואָס ליגט אויף דעם טיש, די קישטיינען, מיט פאַרלייגטע אַרויפגעשאַרצטע הענט, ווי אַן אָפּגעאַרבעטע באַלעבאָסטע, האַלט אַלץ אין איין רעדן פון יקרות. זי רעדט סתם אין דער וועלט אַריין, צו די ווענט, צום באַלקן און פאַרשטויבטער פיאַנע. זי חשבונט: ברויט. . . קאַרטאָפל. . . מעל מוז מען אויך קויפן און אָן אַ שטיקל פלייש קען מען זיך אויך נישט באַגיין און מילך און דאָס שטיקל פוטער פאַר די קינדער, כאָטש בלויז לפנים צום ברויט. . . גאָלדפעלד וואַכט אַלע מינוט אויף פון דרימל. ער דערכאַפּט, אַז די שוועסטער רעדט נאָך אַלץ וועגן דעם, וואָס ער וויל נישט הערן, דרימלט ער ווייטער איין. . . פון דער גאַס דערהערט זיך מיטאַמאָל אין דער נאָכמיטאָג־היץ צופאָרן און זיך אָפּשטעלן אַ דראָזשקע — און נאָך איידער מ׳קוקט זיך אַרום, קומט אַריין דורכן געוועלב — מאַדאַם גאָלדפעלד. איר אַ ייִנגמאַן מאַכט דעם איינדרוק, ווי זי וואָלט אַריינגעקומען אַ קוק טון, צי מ׳האָט איר האָב און גוטס, איר שווערע פּראַצע — נאָכנישט איינגאַנצן צעטראָגן, צי מ׳האָט איר נאָך עפּעס איבערגע־

לאָזט... מיט אַ הויך אויפגעהויבענעם קאָפּ און מיטן שאַרף פּאַ־
ריסענעם נעזל קומט זי אַריין, װאַרפנדיק בשעתן גיין בליקן דאָ
און דאָרט, אין אַלע װינקלען פון געװעלב, אויף די פּאָליצעס און
אָנגעשטעלטע סחורות. דערהערנדיק אירע טריט, כאַפּט זיך גאָלד־
פעלד אויף פון דרימל. ער דערבליקט זי פּונקט, בשעת זי קומט
אַריין פון געװעלב אין שטוב אַריין. ער װערט בלאַס און גאַפט
אויף איר מיט אויפגעריסענע אויגן. זי נעמט אַרום די אַלע, װאָס
געפינען זיך דאָ אין שטוב, מיט איין בליק אַזעלכן, אַ בליק פון
אירע איצט סם־המותדיקע געלע אויגן, און שפּאַנט זיך אַריין אין
שלאָף־חדר, נישט אויסרעדנדיק צו קיינעם קיין װאָרט, צומאָל נישט
גריסנדיק.

קישטיין שאַרט זיך ארויס אין געװעלב, די קישטיינען רוקט
זיך אויף אַרויס פון שטוב. גאָלדפעלד אַ פאַרלוירענער װייסט אַליין
נישט װאָס מיט זיך צו טון: נאָכאַנאַנד הייבט ער זיך און זעצט
זיך צוריק. פון שלאָף־חדר הערט זיך בייז און אַרויספּאָדערנדיק
פאַרשליסן די טיר. בענדעט זיצט בײַם טיש און קוקט רויק אין
דער צייטונג.

דאָס שלאָס דערינען דרייט זיך װידער איבער. די טיר פון
שלאָף־חדר גיט זיך צוריק אָן עפן. מאַדאַם גאָלדפעלדס קאָפּ באַ־
װייזט זיך מיט אַ גיפטיק שמייכעלע, באַלד — זי איננאַנצן; מיטן
שטאָלץ־דערהויבענעם קאָפּ גייט זי צוריק אַרויס, שפּאַנט אַדורך
דאָס עס־חדר, אַריין אין קראָם, פון דאָרט װייטער אַרויס און באַלד
הערט זיך אָנפּאָרן די דראָזשקע. און נאָך לאַנג נאָך איר אָפּפאָרן,
שװעבט אין שטוב אַ שװערע, דריקנדיקע שװייג־שטימונג.

## קאַפּיטל

צו גאָלדפעלדן איז אָנגעקומען אַ טעלעגראַמע פון שטעטל מיט דער אונטערשריפט פון גאָלדפעלדס פאָטער, דעם דאָרטיקן שוחט ר׳ ליפע, אַז בענדעט זאָל גלייך קומען אַהינצופאָרן. און ווען בענדעט איז צומאָרגנס צען אַ זייגער איבערפרי אָנגעקומען אין שטעטל, האָט ער געטראָפן צום פאָטערס לוויה.

טרויעריק האָט ער פאַרברענגט זיינע לעצטע יאָרן, דער אַמאָליקער רייכער קרעמער און סאָלידער סוחר. ער האָט זיך בשום אופן נישט געקענט צופּאַסן צום גזלנישן מלחמה־מסחר. טרויעריק האָט ער פאַרברענגט זיין עלטער און עלנט איז ער געשטאָרבן אין זיין אייגן הייזל — אין דער געבויטער סוכּה; לעצטנס האָט ער דאָרט געהאַט זיין וווינונג, ווייל דאָס הייזל האָט ער פאַרדונגען, כּדי צו קענען לעבן פון דירה־געלט.

בענדעט האָט זיך אַרומגעקוקט אין דעם פאַרשטאָרבענעם פאָטערס „וווינונג״ — אַ בעט מיט אַ ביסל צעריבן שטרוי און אַ צעדריוולטער קאָלדרע; אַ קאַסטן, אָנשטאָט אַ טיש, דערויף אַ שטיק פאַרטרוקנט ליים מיט אַ לאָך אינמיטן און דערינען אַ שטיקל אָפּ־

געבערענט ליכט. מסתמא זענען דאָ עטלעכע כפרים אויך געלעגן און זיי זענען צעשלעפּט געוואָרן פון די מתעסקים. אַזוי האָט ער דאָ, אין דער סוכּה געלעבט, און אַזוי איז ער געשטאָרבן — דער פאַרמלחמהדיקער רייכער באַלעבאָס; פּונקט ווי ס'שטאַרבן אין שטעטל די איבעריקע אַמאָליקע באַלעבאַטים, פאַרמעגלעכע קרע-מערס, וואָס זייער גאַנץ עשירות, האַלט זיך אויף הינערישע פיס-לעך, אויפן ביסל סחורה. אין קראָם און אויף די פּאָר באַקאַנטע קויערן, די קונים. . .

בענדעט איז עטלעכע טעג געבליבן אין שטעטל. דאָס יידל, וואָס באַוווינט איצט דאָס הייזל און האַלט די קראָם, וואָס אים גייט איצט אַפּנים נישקשהדיק, איז אַריינגעקומען מנחם אָבל זיין. ער האָט געמרוזשעט די קורצזיכטיקע אויגן, געשאָקלט חסידיש דאָס קליינע קעפּל, פּלאַטערנדיק דערביי מיט די צעפּלאַשטשעטע פּיאות און דורך אַגב געגעבן אָנצוהערן, אַז: כ'וויס... אפשר... נו, יאָ... במקח וואָלט ער זיך אַ קוועל געטון, גענומען געלט אויף צינזן (היינט צינזן!...) און ער וואָלט געקויפט דאָס הייזל.

דאָס יידל האָט חשק געהאַט קויפן, בענדעט — פאַרקויפן. און מ'איז אַדורכגעקומען. בענדעט האָט געקריגן האַנט-געלט און אַוועקגעפאָרן; דערנאָך איז ער צוריקגעקומען מיט די שוועסטער, מ'איז אַוועק צום רב. בענדעט און חנה האָבן אָפּגעשריבן און זענען אַהיימגעפאָרן מיט דער סומע. דאָס הייזל איז געווען פאַר-קויפט.

די באַקומענע סומע פאַרן הייזל איז געווען נישט גרויס, פונדעסטוועגן מער ווייניקער גענוג, אים זיך צונעמען צום דעם איינציקן מיטל, פון וועלכן מ'קען איצט לעבן — צום מסחר. און בענדעט האָט באַשלאָסן, מיט דער הסכמה פון זיין שוועסטער, צו-נעמען זיך צום האַנדל.

— אפשר וואָלסטו מיר דערלויבט אַריינצולייגן אין דיינס אַ שפּייכלער אַ ביסל סחורה? — ווענדט זיך בענדעט צו גאָלד-פעלדן.

— בא מיר אין שפּייכלער איז ענג — מאַכט גאָלדפעלד

מיט אַ אויסגעפּרידענער מינע, — קענסט דיר דאָך נעמען די סחורה צו זיך אַהיים.

נעמען יעדעס מאָל די געקויפטע סחורה צו זיך אַהיים אין ווייטן עקשטאָט, אין קליינעם שטיבל, איז אוממעגלעך איבער אַ סך טעמים. — גאָלדפעלד אַליין פאַרשטייט דאָס אויך.

— כ׳קען דיר נישט צוזאָגן — פאַרענדיקט גאָלדפעלד דעם שמועס — הײַנט, מאָרגן, דאַרף איך קריגן עטלעכע וואַגאָנעס סחורה, וועט פאַר מיין סחורה אויך נישט זיין געננג אָרט.

אָבער שוין צוזאַמענגעגאַנגען אינדערפרי האָט גאָלדפעלד פאָרגע־לייגט בענדעטן אַ פּלאַן : דאַנדלען שותפות.

גאָלדפעלד האָט נישט פּראָסט פּשוט פאָרגעלייגט בענדעטן צו האַנדלען שותפות. וואָרים ערשטנס, פּאַסט עס נישט. גאָלדפעלד, דער גרויסער סוחר — און בענדעט, וואָס וווינט אין עק שטאָט אין דלות־שטיבל, און גייט אין צעריסענע שיך — שותפים! און צווייטנס... מסתמא האָט גאָלדפעלד דערביי געהאַט אויך אַ צווייטן און אפשר נאָך אַ דריטן טעם אויך — גאָלדפעלד האָט זיין פאָר־שלאָג פאָרגעלייגט בענדעטן דיפּלאָמאַטיש.

— כ׳וועל דיר אָפּטרעטן אַ שפּייכלער אַריינצולייגן סחורה, גאָלט וועל איך אויך אַריינשטעקן, וועסטו קענען האַנדלען גרעסער און איך וועל אויך עפּעס האָבן דערפון.

ס׳האָט בענדעטן גאָרנישט געשמעקט אַריינצולאָזן זיך מיט גאָלדפעלדן אין שותפות. ער האָט אָבער נישט געהאַט קיין אַנדע־רע ברירה. איבעריקנס האָט בענדעט די לעצטע צייט אַ ביסל גע־ביטן זיין מיינונג וועגן גאָלדפעלדן צום גוטן — די לעצטע פיר וואָכן האָט זיך גאָלדפעלד אַ ביסל מענטשלעכער געוויזן.

בענדעט האָט נישט געטאָרט לאַנג וואַרטן מיטן קויפן סחורה: די סומע זיינע, אין דער דערוווייליקער וואַליוטע — פּוילישע מאַרקן — איז געגאַנגען אַראָפּ, געוואָרן איינגעשרומפּן, ווי שניי אונטער דער זון; יעדע שעה, יעדע האַלבע שעה איז זיין געלט ווייניקער געווארן, דערקעגן — סחורה איז געגאַנגען אַרויף און אַרויף, געשטיגן מיט דער שעה, מיט דער מינוט...

דער ערשטער „קויף“ איז געמאַכט געוואָרן. ס׳איז געווען אַ

גרעסערער טראַנספּאָרט קאַסטנס שוועבעלעך, זעק רייז און קעסט־לעך טיי. גאָלדפּעלד האָט אין דעם טראַנספּאָרט אויך געהאַט אַריינ־געשטעקט געלט. די סחורה איז אָפּגעלייגט געוואָרן אין גאָלדפּעלדס שפּייכלער. באַלד איז אַ טייל דערפון פאַרקויפט געוואָרן. און, נאַ־טירלעך, ווי אַ זאַך, וואָס מ׳דאַרף דערוועגן גאָרנישט קיין טראַכט טון, וואָס עס קען גאָר אַנדערש נישט געמאָלט זיין — איז גאָלד־פּעלד געוואָרן קאַסיר איבערן אָפּגעלייזטן געלט. בענדעטן האָט גאָלדפּעלד אַראָפּגעגעבן אַ ביסל געלט אויף צו לעבן.

אַזוי איז דער מסחר געגאַנגען: צוגעקויפט, אָפּגעלייזט און ווידער צוגעקויפט, ווי עס דאַרף צו זיין.

פון חנהס פּנים איז אַ ביסל אַראָפּ די גרויע זאָרג. זי האָט זיך אויפגענייט אַ קלייד, אַ ביליק קרעטאָנען קליידל, האָט אָפּטער זיך פאַרגינען אַ ביסל צו שפּאַצירן פאַרביי די ווילעס און די אָנ־קומענדיקע טעג האָט זי דערוואַרט אָן גרויל.

מינע פינקל האָט זיך געמאַכט אָנצוגעמען אַ פּאָסטן, אַלס קאַ־סירקע אין אַ געשעפט פון שרייב־מאַטעריאַלן. אַלץ איז געווען גוט נאָר דער שעף דאָרט, האָט פאַרלאַנגט זי זאָל איינלייגן אַ ביסל געלט, אַלס קויציע פאַר דעם שופלאָד־געלט, וואָס ווערט איר אָנ־פאַרטרויט. זי, נאַטירלעך, האָט נישט געהאַט איינצולייגן. נאָר אַזוי ווי דאָס מיידל האָט פון אָנבליק אויסגענומען באַם שעף, איז ער באַשטאַנען, עס זאָל אַן אָנגעזעענער סוחר פאַר איר גוט זאָגן.

בענדעט האָט וועגן דעם גערעדט מיט גאָלדפּעלדן...

— וואָס? ! — גיט זיך גאָלדפּעלד אַ כאַפּ, אַ שטייגער, ווי בענדעט וואָלט דאָ פאַרלאַנגט פון אים עפּעס אַזוינס, וואָס איז שוין איבער מענטשנס יכולת — איך קען זי דען? איך האָב זי איינמאָל געזען באַ דיר אין שטוב, ווייטער — איך ווייס דען וואָס אַזעלכע קען אַלץ זיין!

— אַן אָרים מיידל איז זי — זאָגט בענדעט אַ ביסל צע־טומלט פון גאָלדפּעלדס טאָן.

— „אַן אָרים מיידל" — דאָס ווייס איך! — טריומפירט גאָלדפּעלד — און דערפאַר טאַקע וויל איך נישט פאַר איר גוט זאָגן, אָרים איז נישט פון די פיינע מעלות...

נאָר אַז בענדעט האָט גאָלדפעלדן געזאָגט, אַז ער איז פאַר דעם מיידל ערב מיט זיי גאַנץ פאַרמעגן, וואָס געפינט זיך אין גאָלדפעלדס הענט, איז גאָלדפעלד איבערגעגאַנגען אין אַ גוטמוטיקן לצנות-טאָן:

— דו זאָרגסט מיר עפּעס צו פיל פאַר דעם מיידל, דאָס איז נישט אומזיסט, הע, בענדעט, זאָג מיר דעם אמת?...

און ער גיט צו ברייטהאַרציק:

— גוט, איך וועל דיר צוליב טון: כ'וועל מיך זען מיט יע-נעם דאָרט פון פאַפיר-געשעפט.

## קאַפּיטל 10.

— די פֿאַני האָט געהייסן בעטן, אַז דער פֿאַן זאָל היינט אַ ביסל פֿריִער קומען אויף דער זומער־ווויניגג.

דאָס איז געווען פֿרייטיק אַרום האַלבן טאָג. אין געוועלב איז געווען פֿול מענטשן. די מיטאָג־זון האָט אַריינגעשיינט דורך אַלע פֿענסטער. ס'איז געווען אומדערטרעגלעך הייס. גאָלדפֿעלד איז געשטאַנען הינטערן קראָם־טיש, קונים, פֿרעמד־שטעטלדיקע יידן, האָבן זיך געדריקט, געשטופּט איינער דעם אַנדערן; יעדער האָט געוואָלט וואָס פֿריִער זיך אָפּפּאַרטיקן און אַהיימפֿאָרן — איז אין מיטן דאָזיקן יריד, אַריינגעקומען די דינסט אין ווייסן קאָפּטיכל און ליידיקן קאָרב אין האַנט, זיך צוגעשטופּט צום פֿאַן, אים איבערגעגעבן די רשימה, וועלכע געברויכס אַרטיקלען די פֿאַני פֿאַרלאַנגט היינט און בשעת די דינסט איז אַ ביסל שפּעטער ווידער אַריינגעקומען אין געוועלב נעמען דעם פֿיל געפּאַקטן קאָרב, האָט זי זיך צוגעשטופּט צום מיט קונים פֿאַרנומענעם באַלעבאָס און אים געזאָגט, אַז:

— די פּאַני האָט געהייסן בעטן, דער פּאַן זאָל היינט אַ ביסל פריִער קומען אויף דער זומער־וווינונג.

גאָלדפעלד האָט געוואָלט די דינסט עפּעס פרעגן, עפּעס זיך קלאָר מאַן, נאָר נאָך איידער ער האָט געקענט פון צווישן דעם קונים־געווימל צוריקרופן די דינסט, איז זי שוין נישט געווען.

איצט נאָך דעמדאָזיקן „קלין", וואָס די דינסט האָט אַזוי פּלוצלינג אַ האַק אַריינגעטון גאָלדפעלדן אין קאָפּ, איז אים שוין אַלץ געפאַלן פון די הענט. ער האָט געקנייטשט דעם שטערן, זיך באַמיט צו פאַרשטיין, וואָס מ'רעדט צו אים — קישטיין האָט אַהער־געשריגן אויף קול קולות:

— ווען דאַרף איך אַרויסגעבן דעם הויכן קאַסטן, וואָס שטייט בײַ דער טיר?

גאָלדפעלד האָט זיך פאַרלייגט די האַנט איבער אויער, ווי אַ דעכל, כדי ער זאָל בעסער הערן און צוריקגעשריגן:

— וואָס?... וואָס ווילסטו?... — קישטיין האָט ווידער דאָס אייגענע צוגעשריגן. די קונים האָבן אויף יעדער עפּעס געוואָלט, גערעדט, פאַרלאַנגט, געפילדערט... גאָלדפעלד האָט מיט ביידע אויערן געהאָרכט, וואָס מ'רעדט צו אים. דאָס איז אָבער בלויז געווען אויסערלעך, אינעווייניק אין קאָפּ, האָט אים אַרומגע־פּלאָטערט דער דינסטס:

— די פּאַני האָט געהייסן בעטן... — און קיין שום אַנדערס נישט געוואָלט צולאָזן אין קאָפּ אַריין.

שפּעטער איז אַ ביסל רויִקער געוואָרן אין געוועלב און וואָס רויִקער ס'איז געוואָרן, וואָס ווייניקער די קונים האָבן אין גאָלדפעלדן אַריינגערעדט, אַלץ פאַרטראַכטער איז ער געוואָרן. גאָלדפעלד איז פאַרזונקען געווען אין דערטראַכטן עטלעכע רעטענישן: וואָס קען „זי" פון אים וועלן? צי איז די אַלטע נאָך דאָרט? און, בכלל, וואָס זאָל דאָס באַדייטן, וואָס בראָניע האָט געשיקט אים בעטן אַרויסצוקומען — אַזעלכעס, וואָס האָט נאָך קיינמאָל נישט פּאַסירט. זי זאָל גאָר אים איבערבעטן? ביין, דאָס איז עפּעס גאָר נייעס!

פאַרנאַכט בײַ זון־פאַרגאַנג איז גאָלדפעלד צוריקגעקומען פון

דינזירער, זיך איבערגעטון אין בעסערע מלבושים, צוגעשלאָסן די קראַם, איבערלאָזנדיק זיינע צוויי „מענטשן" אין עס־חדר. ער האָט אָנגעזאָגט דאָ צו צוואַרטן ביז עלף אינאָווענט, אויב ער וועט ביז עלף נישט צוריקקומען, זאָלן זיי דאָ שלאָפן — נאָך אַמאָל אַ קוק געטון, צי אַלצ שענקן און טירן זענען פאַרשלאָסן, זיך אויפגעזעצט אויף דער דראָזשקע, וועלכע שמילמאַן האָט אים געבראַכט פאַרן הויז און נאָך אַ הפסקה פון פינף וואָכן, געפאָרן צום ווייב אויף דער זומער־וווינונג.

פאָרנדיק דורך די שטאָטישע גאַסן און אַרויסקומענדיק צום עק־שטאָט־קוואַרטאַל, איז ער אַלץ רויִקער געוואָרן. ער האָט זיך מיטאַמאָל איבערגעלייגט, אַז עס איז נישט פאַר אים צו קומען צו פאָרן אויף אַ דראָזשקע; ער דאַרף דאָס אויף קיין פאַל נישט צו טון, נישט פאַר די דאָרטיקע שכנים, וואָס ווייסן מסתמא פון זיין ברוגז און פאַר וואָס ער איז ברוגז געוואָרן. און קעגן „איר" דאַרף ער דאָס אויך נישט צו טון: זאָל זי נישט מיינען, אַז מיטן הייסן אַרויסקומען, האָט זי אים גליקלעך געמאַכט. גאָלדפעלד האָט נישט לאַנג געטראַכט, אָפגעשטעלט די דראָזשקע, באַצאָלט דעם דראָזשקאָזש און גענומען גיין צו פיס.

גאָלדפעלד איז איצט שוין געווען אין זיין געוויינטלעכער רויִקער גלייכגילטיקייט. דאָס באַלד זיין בײַ דער פרוי, האָט ער איצט גאַנץ ניכטער דערוואַרט. און דאָס, וואָס זי האָט אים היינט איבערראַשט מיט דעם פאַרבעטן אים דורך דער דינסט, איז איצט בײַ אים אויסגעקומען שוין גאָרנישט אַזוי אויסטערליש. עפּעס ערגעץ פון אַ ווינקל מוח האָט אים אויפגעטויכט אין זכרון פון אַמאָל, דאַמאָלס נאָך אין קליינעם שטעטל, איידער ער איז מיט איר אַ חתן געוואָרן, דאַמאָלס ווען זי האָט זיך נאָך מיט אים כלומרשט געקרעקט — איז זי איינמאָל פון דער היים ערגעץ אַוועקגעפאָרן, געזוימט זיך אַ היפּשע פאָר וואָכן. פלעגט זי זיך דאַמאָלס קעגן אים אַזוי פירן: האָט ער איר געשריבן בריוו איינעם נאָכן אַנדערן — האָט זי אים גאָרנישט געענטפערט, העכסטנס אַ פאָר שורות אין אַ קאַרטל, האָט ער זיך אָבער צוריקגעהאַלטן און איר

אַ חאָך צייט גאָרנישט געשריבן — האָט זי גענומען האָלטן מיט בריוו, מיט אָנפראַגן, פאַרוואָס ער שרייבט גאָרנישט.

אָט דער לאַנג שוין פאַרגעסענער עפּיזאָד פון זיין „ליבע־צייט", האָט זיך אים איצט פלוצלינג דערמאָנט און באַלד האָט ער אין זיך דערטראַכט:

„איר אַלטע קונץ"!

פאַרבייגייענדיק, איז גאָלדפעלד אַ ביסל אַריינגעגאַנגען צו בענדעטן, זע, וואָס מירל מאַכט און אַז ער איז פון דאָרט צוריק אַרויסגעקומען און גענומען גיין צו דער פרויס זומער־וווינונג, איז שוין געווען טונקל.

*

* *

די שוויגער מייטע איז מער נישט געווען, די קינדער, דאָס עלף־יעריקע יינגל און פינף־יעריקע מיידעלע זענען שוין געשלאָפן, צוזאַמען אין קינדער־בעטל. איר, בראָגיעס, בעט איז געווען צע־בעט, נאָר זיך דערין אַריינצולייגן. באַם טיש זענען געזעסן מאַן און ווייב. זי איז געווען אָנגעטון אין אַ ראָזער גלאַנציקער בלוזע, די פולע נאַקעטע הענט — אַרויס. און אַז מ'רירט זיי אָן דעם פולן אָרעם, מאַכט זיך אויף דעם אָרט אַזאַ אַריינגעדריקט גריבל, וואָס פאַרלויפט גלייך ווידער, ווי אַז מ'טוט אַריין אַ פינגער אין אַ גוט צעקנעטענעם טייג. ער איז געזעסן שווייגנדיק, עפּעס ווי נישט דרייסט. זי האָט אויך געשוויגן. מאַן און ווייב האָבן גע־ענדיקט עסן די פיש.

מאַדאַם גאָלדפעלד, האָט מיט איר גאַנצער מאַדאַמישקייט אַריינבאַפוילן אין קיך, די דינסט זאָל ברענגען טיי. און אַליין האָט זי זיך דערהויבן פון זיץ, קאָקעטיש פאַרבייגעטענצלט דעם מאַן, צוגעגאַנגען צום קרעדענץ ברענגען אויפן טיש דעם קוכן.

אָפּגעגעסן, אָפּגעטרונקען טיי, האָט מאַדאַם גאָלדפעלד זיך אַ גלעט געטון די פריזור, זיך געזעצט קעגנאיבער דעם מאַן, אָנגע־שטעלט אויף דעם מאַן, דאָס געפּודערטע און באַראָזטע פּנים, אַ ווײַלע אים שווייגנדיק אָנגעקוקט און גענומען רעדן...

אינדרויסן, הינטער די מיט לעדן פאַרשטעלטע פענסטער, איז געהאָנגען אַ טונקעלע נאַכט, איינע פון יענע זומער־נעכט, וואָס זענען, דאַכט זיך, אי וואַרעם, אי ווייך און דאָך דערמאַנען זיי מיט זיך, אַז דער זומער האַלט שוין נישט ווייט פון סוף און אַז די ווינטן און רעגן־טעג זענען נאָנט. נאָכן נאַכט־עסן זענען פון די שטובן אַרויסגעקומען פאַרלעך מיידלעך מיט בחורים, ווייבער מיט מענער, זיך צעלאָזט שפּאַצירן, ווער אין וואַלד און ווער לענגויס די ווילייעס. די פאַני פּיעקאַרסקאַ מיטן מאַן זענען אויך אַרויסגעקומען איבערגיין זיך נאָך דער „קאָלאַציע״. — ער — אַ הויכער, אַ ברוגעטער, זי — אַ פולע, אַ שאַטינקע, האָבן זיי אַ ביסל געשפּאַצירט אַרויף און אַראָפּ פאַר דער טיר.

פון מאַדאַם גאָלדפעלדס פענסטער, האָט זיך געהערט רעדן, שאַרף און ווייבעריש. פאַני פּיעקאַ־סקאַ ווייסט, אַז די גאָלדפעלדן איז ברוגז מיטן מאַן און אַז ער קומט שוין נישט אַהער זינט עטלעכע וואָכן; און אַז די מוטער האָט די פאַני גאָלדפעלדן היינט אינדערפרי אַוועק משלח געווען, דאָס ווייסט אויך די פאַני פּיעקאַרסקאַ — איז איר אינטערעסאַנט צו וויסן, מיט וועמען זי טענהט זיך דאָס איצט דערינען אויס מיט אַזאַ טאָן. האָבן ווייב און מאַן פּיעקאַרסקאַ זיך פריער גוט אַרומגעקוקט, און נישט זעענדיק קיינעם הינטער זיך און נישט פאַר זיך, זענען זיי שטילינקערהייט געגאַנגען האַרט הינטערן פענסטער און גענומען אַריינקוקן דורך אַ שפּאַלט פון לאָדן.

לאַנג האָבן זיי געקירעוועט די אויגן אַזויערנאָך און אַזויערנאָך, ביז ס׳איז זיי געלונגען קוים עטוואָס צו זען:

גאָלדפעלד זיצט בײַם טיש דעם קאָפּ צווישן די אויפגעשטעלטע הענט, זי — קעגניבער אים, דאָס שטיקל פּנים אירס, וואָס האָט זיך געזען דורכן לאָדן־שפּאַלט, איז געווען: די צעגלאַנצטע פינקלדיקע אויגן, דאָס איצט בצרהדיק רויטע פּאַריסענע נעזל און דאָס צעווירבלטע מויל. גערעדט האָט זי מיט איר הייזעריקלעך זינגענדיקן קול מיט אַ טאָן, ווי איבערצוצייגן דעם צוהערער אין דעם רעדנערס ווערט; גערעדט — פּראָסט יידיש.

— . . . י — אָ! איך ווייס: דיין שוועסטער האַלטסטו אויס אויף דער זומער־וווינונג — מיין מאַמע דאָ האָט זיך אַליין אויס־געהאַלטן — שיקסט איר פעקלעך און געלט שיקסטו איר אויך. . .

— — — און צו וואָס איז דיין טאַטע בא דיר הי געווען, ווייס איך אויך. . . און די מומע — איך ווייס אַלץ, נאָר גאָר־נישט!

— — — גנבים זענען איצט געוואָרן די ניע שטוב־מענטשן. צעוואַליען זיך אויף מיינע שטולן, אויף מיין אָטאָמאַנע. און יענער דאָרט, דער באַלשעוויק מיט די גזלנישע אויגן — דארף שוין גאָר־נישט איצט טון, דו פאַרזאָרגסט אים שוין מיט אַלעם. זיין שוועס־טער, דער הויקער, האַלט זיך אין איין אויסקליידן און פאַר ווע־מעס געלט איז עס, העז זעסט, איך ווייס דאָס אויך, איך ווייס נאָך, אַלץ ווייס איך, נאָר איך רעד נישט. . .

און אויפן חשבון פון איר איידלקייט, וואָס ווייסט נאָר פון איין שווייגן, שטיקן אין זיך און „שווייגן”, גיט זי צו:

— יאָ, אַזאַ פרוי האָסטו! . . .

ס'האָ בן זיך דערהערט עמעצענס אָנקומענדע טריט. די פּאַ־ני פּיפּקאַרסקאַ האָט אַ ציי געטון דעם מאַן באַם אַרבל. זיי זענען אָפּגעגאַנגען פון הינטערן פענסטער. ער האָט זי גענומען אונטערן אָרעם, אָנגעהויבן שפּאַצירן, שמועסנדיק פון די גאָלדפעלדס. . .

אין דערינען, הינטער די פאַרמאַכטע לאָדן, האָט מאַדאַם גאָלדפעלד נאָך לאַנג גערעדט, זינגענדיק, און אַלץ ווידער אויס־געוויזן באַשיינפּערלעך איר איידעלע ווערדע:

— אַזאַ פרוי האָסטו! . . .

גאָלדפעלד איז געזעסן איר קעגניבער, דעם קאָפּ צווישן די אויפגעשטעלטע הענט: אויף די שפּיצבאַקן און אַרום די אויגן איז אים געלעגן אַן אַרויסגעשלאָגענע רויטקייט. אירע רייד זענען געפאַלן אויף אים, ווי אַ האָגל: דאָ קלאַפּנדיק, שטעכעדיק און דאָ סתם פאַרטומלענדיק. ער האָט איר געהאַט צו זאָגן, אַ סך פאַר־צוהאַלטן. אויפן וועג אַהער האָט ער זיך אין קאָפּ אַ גאַנצן צעטל אָנגעגרייט. נאָר איצט איז ער אַזוי צעטומלט געווען, אַז ער האָט

נישט געהאַט וואָס צו זאָגן; אַפּילו פֿון לאָקשינסקיס צו אָפּטע באַזוכן איז נישט.

די פּיעקאַרסקיס האָבן זיך אויף זייער שפּאַציר אָפּגעשטעלט אין דער ווילע פֿון זייערס אַ באַקאַנטער פֿאַמיליע, דאָרט פֿאַרבראַכט ביז אַ שעה אַנדערטהאַלבן, דערנאָך, ווען זיי זענען אַהיימגעגאַנגען פֿאַרבײַגעגאַנגען גאָלדפֿעלדס פֿענסטער, איז שוין הינטער די לאָדן געווען שטאָק פֿינסטער. גאָלדפֿעלד איז איצט דערינען געלעגן און פֿעסט געשלאָפֿן. נאָך דעם לאַנגן ביטערן אויסרעדן זיך, האָט אים דאָס ווײַב דערנאָך אויף געגעבן צו געניסן פֿון איר „האָניק"...

איצט איז אין שטוב געווען נאַכטיק פֿינסטער, דעמפּיק הייס און ס'האָט זיך געטראָגן אַ כראָפּע, פֿון פֿאַרשידענע נעז, אַלטע און יונגע... אין קיך איז די דינסט, די יונגע אַלמנה, געזעסן מיט איר חתן — אַ בענדלדיקער זעלנער. זיי האָבן צווישן זיך גערעדט פֿון זייערע אינטערעסן; ווען דער נאָנטער חתונה. און אַז זיי האָבן זיך געהאַט שוין זאַט אָנגעשמועסט פֿון דאָס זייעריקע און זענען אויף אַ ווײַלע שטיל געבליבן, האָט זיך אין דער שטילקייט דערטראָגן פֿון אינעווייניק דאָס כראָפּען פֿון די שלאָפֿנדיקע; האָט די יונגע גויע מיט אַ פֿאַרמרודשע דאָס אויג, אַ ווינק געטאָן אַריין אין דער שטוב, וועלכע געפֿינט זיך הינטער דער פֿאַרשלאָסענער טיר.

— ער דערינען, האָט הײַנט געהאַט אַ גאַנץ חופּה נאַכט — פֿיר וואָכן נישט געווען בײַם ווײַב.

— אַזוי? — גיט זיך דער זעלנער אויפֿגעלעבט אַ ריר — האָט „זי" זיך דאָך הײַנט מחיה געווען.

— „זי?" — זאָגט די יונגע גויע און ציט צוזאַמען דעם שטערן — זי איז נישט אויסגעהונגערט. ערשט נעכטן איז זי געווען מיט איר „גאַנף" אין וואַלד, טיף.

— נו וואָס? — פֿרעגט דער זעלנער און רוקט זיך נענטער צו דער כּלה.

— נו גאָרנישט — זאָגט די קריסטין און וויל שוין מער דערפֿון נישט רעדן. זי וויל נישט איר חתן צערייצן מיט אַזעלכע שמועסן. זי ווייסט, אַז די דאָזיקע זעלנערלעך, אויב דו הילסט,

אז זיי זאָלן מיט דיר טאַקע חתונה האָבן פאַר גאָט און לייט, סאַרסטו זיי פריער צו נאָנט צו זיך נישט צולאָזן.

---

צומאָרגנס נאָכן אָנבייסן, צען אַ זייגער, איז גאָלדפעלד געגאַנגען אין שטאָט אַ קוק טון, וואָס אינדערהיים הערט זיך, דערליידיקן עטלעכע געשעפטן און צוריקגעקומען אַהער אויף מיטאָג.

ווען ער איז פאַרבייגעגאַנגען בענדעטס פענסטער, האָט מען אים פון דערינען באַמערקט און אַ ביסל נאָכגעקוקט. גאָלדפעלד איז איצטיקעס מאָל נישט אַריינגעגאַנגען, ווי געוויינטלעך, די לעצטע צייט, וואָס מירל געפינט זיך דאָ. — ער איז געגאַנגען שטייף, מיט זיין געוויינטלעכן גאַנג און דאָך נישט דרייסט זיך פאַרבייגעגנבעט. דאָס פנים איז אים געווען אַ ביסל אָנגעשטרענגט, אַ שטייגער, ער איילט זיך ערגעץ. ער האָט צומאָל נישט איין קוק געטון אַהין אין פענסטערל און פאַ ט האָט ער זייטיק נאָכגעשפירט מיטן אויג, צי מען באַמערקט אים נישט פון דערינען.

בענדעטן איז געווען אַ חידוש גאָלדפעלדס מאָדנע פאַרבייַשלייכן זיך:

— וואָס איז דאָס היינט מיט אים? — האָט בענדעט אַרויסגערעדט זיין חידוש אויפן קול.

און מירל האָט אים געענטפערט, נאָכקוקנדיק פאַראומערט דעם ברודער:

— דאָס מוז ער שוין האָבן מיט „איר” שלום געוואָרן...

און זי האָט געגומען דערציילן, אַז שטענדיק, ווען דאָס דאָס ווייב בלאָטיקט פאַר אים זיין משפחה, ווערט ער דערנאָך צווי קעגן די ווייניקע: אָנגעברוגזט און פאַרט עפעס נישט דרייסט זיי צו קוקן אין די אויגן.

## קאַפּיטל 11.

מאַדאַם גאָלדפעלד האָט געזאָלט אין קורצן צוריקקומען אַהיים פון דער זומער־וווינונג. די וווינונג אין שטאָט האָט געדאַרפט ווערן אויפגעפרישט, און דאָ האָט זיך נאָך גאָרנישט אָנגעהויבן; אַלע חדרים זענען געווען פאַרלייגט און אָנגעשטעלט מיט סחורות, נישט אַדורכצוקריכן זיך.

---

שפּעט אינאָוונט. גאָלדפעלד איז איינער אַליין אין דער וווינונג. אַלע פענסטער זענען פאַרשטעלט מיט לאָדן. אין עס־חדר איבער דער גאַנצער לענג, שטייען עטלעכע רייען באַלאַנען עסיק־עסענץ. די צווייטע העלפט חדר איז הויך פאַרלייגט מיט זעק צוקער און זעק רייז. גאָלדפעלד, מיט אַן אָנגעצונדן ליכט אין האַנט, פאָרעט זיך אַרום די באַלאָנען עסיק עסענץ: ער רוקט זיי אַרויס, ריקט אָפּ איינעם פון אַנדערן, ס'זאָל לייכט זיין צו זיי צוצוגיין.

פון דער קאַמער, וואָס געפינט זיך לעבן דער קיך, ברענגט גאָלדפעלד אַריין ליידיקע באַלאָנען פאַרזעצטע אין געפלאָכטענע קערב און אַרומגעבעט מיט שטרוי. פונקט אַזעלכע ווי די, וואָס שטייען דאָ פולע. פאַר יעדע דריי שטעלט ער אַנידער איינעם אַ ליידיקן, אַן אָפענעם. ער עפנט איינעם נאָך איינעם די פאַרקאָרקעוועטע, מיט ליאַק פאַרשמירטע און פאַרחתמעטע באַלאָנען, ציט אַרויס די היפשע טראָפּנס, לאָזט אַריין אין אָפענעם העלזל אַ פלימפל, אַזאַ קליינס, ווי אַ שפילצייג פאַר קינדער... פלימפט אָפּ עספענץ פון יעדן פולן באַלאָן, פון דריי — אין אַ פערטן ליידיקן אַריין. אָפּגעפאַרטיקט זיך מיטן אָפּלימפן, נעמט ער זיך אָנצופילן דעם חסר: — פון דער זעלבער קאַמער ברענגט ער אַריין גרויסע בייכיקע פלאַשן דיסטילירט זאַלץ־וואַסער, גיסט דערפון צו אין יעדן באַלאָן דעם אָפּגעפלומפטן חסר, מישט אַדורך מיט אַ לאַנגער דראָט, פאַרהאַלטנדיק זיך דערביי די נאָז און אויגן... און ערשט הייבט זיך אָן די אמתע געהיימע אַרבעט. גאָלדפעלד ברענגט פון ערגעץ אַריינצוטראָגן אַ פלאַטשיק פיין־פּאָלירט קעסטעלע. אין אָט דעם קעסטעלע ליגן סאַמע אַפטייק מכשירים: אַ „פּראָווער", אָפענע לאַנגע גלעזלעך מיט איינגעקאַרבטע שטריכעלעך און ציפערס... צום ערשט פּרוּווט גאָלדפעלד די שטאַרקייט, פון די דערגאָסענע באַלאָנען, ער בלייבט צופרידן גאָלדפעלד, „זאַלץ וואַסער גענאַרט קיינמאָל נישט מיט דער שטאַרקייט, עס האַלט... אַזוי ווי דער ריינער". איצט גיסט ער אָפּ אַ ביסל פון דעם געמישטן עספענץ מיט זאַלץ־וואַסער אין אַ לענגלעך גלעזל, לאָזט ער דערין אַריין פון אַ פלעשעלע אַ ווייס וואַסער, ווערט עס רויט, גיסט ער אין באַלאָן צו נאָך זאַלצוואַסער און „פּרוּווט" ווידער אין גלעזל. אַזוי ביז נאָכן אַריינעפן, נעמט עס ווערן העלער — ראָזי־קאָליריק. דאָס איז אַ סימן, אַז — גענוג!

אָפּגעפאַרטיקט זיך מיטן עסיק: פון דריי באַלאָנען — געמאַכט פיר, פאַרקאָרקעוועט ער צוריק, באַשמירט מיט סדיוואַקס, זוכט אויס פון הינטער אַ שאַנק אַ מעשן שטעמפעלע, פאַרחתמעט די באַלאָנען און אויף די חתימות שיט ער אַרויף אַ ביסל שטויב און ווישט עס לייכט אָפּ, ס׳זאָל אויסזען אַלט.

איצט נעמט זיך גאָלדפעלד פאַר אַ צווייטער אַרבעט: אין
איין האַנט אַן אָפּענעם ליידיקן זאַק און אין דער צווייטער — אַ „שטע־
כער״, נעמט ער זיך עוסקן בײַ די זעק צוקער. דעם „שטעכער״
(אַזאַ מין שטאָלערנע כּלי, ענלעך אויף אַ ליעק, נאָר מיט אַ שאַרפן
שפּיץ און אַ ביסל פאַרן שפּיץ אַן עפענונג, וועלכע לויפט איבער
דער גאַנצער לענג, ווי אַ רינע און גייט וואָס אַמאָל ברייטער. —
סוחרים ניצן אַזאַ „שטעכער״ צו דערגיין, צי די תּבֿואה אָדער צו־
קער אין זאַק איז שיין) דעם דאָזיקן שטעכער גיט גאָלדפעלד האַס־
טיק אַ שיפּן זעץ אַרײַן אין פולן זאַק, מיט דער ברייטער עפע־
נונג אַראָפּ — נעמט גלײַך אײַליק לויפן אַ שנירעלע צוקער, לויפט
אַזוי אָפּ אַ געוויסער סכום צוקער אין ליידיקן אונטערגעהאַלטע־
נעם זאַק אַרײַן. און אַז גאָלדפעלד באַמערקט, אַז אויבן, וווּ דער זאַק
איז פאַרנייט און פאַרפלאָמבירט, נעמט אײַנפאַלן, שלאַבעריק ווערן,
ווי דער בויך בײַ איינעם, וואָס שטייט אויף נאָך אַ קרענק — גיט
ער גיך אַ ציִ אַרויס דעם „שטעכער״ און מיט דעם שאַרפן שפּיץ
אַ פאָר אַ הין און אַ פאָר אַהער איבער דעם לעכל אין זאַק. פאַר־
ציט זיך די זאַק־לײַוונט, דער זאַק איז ווידער אַ פאַרמאַכטער און
גאַנצער. גאָלדפעלד „אַרבעט״ שוין בײַם צווייטן זאַק. אַראָפּגע־
נומען „מעשׂר״ פון צוקער און רייז, טראָגט גאָלדפעלד אויף
די אייגענע פּלייצעס די זעקלעך מיטן „מעשׂר״ אין געוועלב, לאָזט
זיי שטיין אָפּן, אַראָפּצופאַרקויפן קלענערע קוואַנטומס. דערנאָך לייגט
זיך גאָלדפעלד שלאָפן, שלאָפט פעסט און זיכער. אינדערפרי קו־
מען די „מענטשן״ מאַכן אַ ביסל אָרדענונג אין געוועלב: קערן אויס
און שטעלן אַוועק פון וועג. קונים הייבן אָן זיך ווײַזן און אַ ביי־
זער האַנדלס־און פאַרדינסט־טאָג הייבט זיך אָן.

## קאַפּיטל 12.

פון אינדערפרי האָט זיך געקליבן אויף רעגן. די זון האָט זיך געטיקט, אונטערגעגאַנגען, צוריק אויפגעשטאַנען און באַלד ווידער פאַרקראָכן הינטער אַ וואָלקן.

נאָנט פאַר האַלבן טאָג האָט בענדעט אַ דורכגעאיילט דאָס שטיקל גאַס און אַריינגעגאַנגען צו גאָלדפעלדן.

גאָלדפעלד איז געזעסן אין מיט סחורות פאַרלייגטן עס־חדר און עפּעס אַרויסגעשריבן פון חוב־בוך.

— וואָס הערט זיך? — פרעגט גאָלדפעלד בענדעטן באַלד נאָכן „גוט מאָרגן", נישט דערהייבנדיק דערביי די אויגן פון שרייבן.

— כ'האָב געקויפט סחורה — זאָגט בענדעט.

— וואָס, סאַראַ סחורה?

בענדעט רעכנט אים אויס די סחורה.

— בײַ וועמען האָסטו געקויפט? — וויל גאָלדפעלד וויסן.

— בײַ אַבראַמזאָנען.

— באַ דעם גנב — מאַכט גאָלדפעלד אַן אומצופרידענע מינע.

— וואָס קען ער מיך דאָ באַגנבענען — זאָגט בענדעט — ס'איז אַלץ אין אָריגינאַל-פּאַקינג און דער צוקער — מיט דער פאַבריק-פלאָמבע.

— איז וואָס די ראיה? — פרעגט גאָלדפעלד אין דעם זעלבן טאָן.

— אַז ס'איז נישט אַראָפּגענומען — ענטפערט בענדעט באַזיח.

— ביסט אַ בטלן — זאָגט גאָלדפעלד איראָניש.

איצט האַלט עס, אַז גאָלדפעלד זאָל געבן געלט. (ער איז קאַסירער פון שותפות-געלט) בענדעט האָט דאָרט געגעבן האַנט-געלט און זיך מתחייב געווען ביז אַ זייגער צוועלף מיטאָג צו צאָלן.

— געלט — זאָגט גאָלדפעלד — האָב איך נישט אויף דער מינוט. כ'דאַרף באַלד זיין אין גאַס, כ'האָב צו קריגן געלט, וועל איך אַריינגעבן אַבראַמזאָנען.

באַלד הערט זיך, ווי די פאַבריקן פייפן צוועלף.

— מ'טאָר דאָס נישט אָפּלייגן — זאָגט בענדעט — ביז צוועלף האָב איך אויסגערעדט, אַנדערש וועל איך נאָך אָנווערן דאָס האַנט-געלט אויך.

גאָלדפעלד שרייבט ווייטער דאָס זייניקע פון חוב-בוך און שווייגט.

— גיב מיר דערווייל פון דעם געלט, וואָס דו האָסט ליגן — זאָגט בענדעט.

— ניין, — שאָקלט גאָלדפעלד דעם קאָפּ אין דער בריים — דאָס געלט דאַרף איך אויך צו צאָלן וועקסלען.

און אַזוי איז עס געבליבן.

צוויי שעה שפּעטער קומט בענדעט ווידער אַריין.

— כ'האָב אים שוין דערליידיקט דיין אַבראַמזאָנען — זאָגט גאָלדפעלד — פונדעסטוועגן וואָלט איך דיר געראָטן איצט נישט

צו ברענגען די סחורה: אַ ליאַדע מינוט קען אַראָפּפאַלן אַ רעגן, די סחורה וועט נאַס ווערן.

קיין רעגן איז נישט אַראָפּגעפאַלן. די זון האָט זיך צוריק אויסגעפּיקט און געגומען ברענען נישט ערגער, ווי נעכטן און אייערנעכטן. בענדעט איז מיט אַ וואָגן פאַרפאָרן צו אַבראַמזאָנען ווּעגן אַהיימנעמען די סחורה און געמוזט צוריקפאָרן ליידיק: גאָלדפעלד האָט גאָרנישט אַריינגעגעבן ס׳געלט.

— וואָס הייסט, כ׳האָב נישט געגעבן? — הייבט גאָלדפעלד, אָן מיט קוראַזש און לאָזט באַלד אַראָפּ דעם טאָן, אַז אַריינגעגעבן דאָס געלט — האָט ער טאַקע נאָכנישט, נאָר ער האָט דאָרט געזאָגט, אַז מ׳קען בענדעטן די סחורה אַרויסגעבן, ער, גאָלדפעלד גאַראַנטירט...

דעם טאָג איז שוין גאָרנישט געוואָרן. דעם צווייטן טאָג פאַרמיטאָג איז בענדעט ווידער אַהין פאַרפאָרן אַהיימנעמען די נעכטן געקויפטע סחורה.

אַבראַמזאָן אין געלע שטיוול און אין אַ לעדערן רעקל, ווי יאָנאַס קנאַסטער, מיט גנבישע שוואַרצע פאַרשווירענע וואָנסעלעך און מיט ווייסע גייציקע אויגן, האָט אָנגעקוקט בענדעטן, ווי איינעם, וועמען מ׳דאַרף אָפּפירן אין אַ משוגעים-הויז:

— נישט אַנדערש — שטעלט ער אויף בענדעטן אויס די ווייסע אומרויִק לויפנדיקע אויגן — אייער בעל-דבר, דער גאָלדפעלד מאַכט פון אייך לצנות, אָדער, פשוט, ער מאַכט זיך אַזעלכע חכמהלעך, ווייל ער איז פאַרוקט פון ווילטאָג.

און אין אמתן — איז עס נישט אַ לייטיש געלעכטער: — נעכטן צוועלף אַ זייגער מיטאָג, האָט זיך געענדיקט בענדעטס זכות אויף דער סחורה — דערמאָנט ער זיך צוקומען איצט — און דערצו נאָך אָן געלט.

און ווען בענדעט קומט ווידער צו גאָלדפעלדן, שמייכלט ער מיט אַזאַ אומשולדיק שמייכעלע:

— כ׳האָב נעכטן נישט געהאַט קיין געלט, אַ סך וועקסלען געהאַט צו צאָלן, היינט וועט דאָס שוין זיכער דערליידיקט ווערן.

און דאָס וואָס ער האָט היינט בענדעטן ווידער בחנם מטריח געווען אַ הין מיט אַ וואָגן, האָט גאָלדפעלד דערויף אויך אַ הלצהלע.

— ס'איז דאָך נישט ווינטער, פרעסט, האָסטו זיך איינגעראַטעמט אַ ביסל איבערגעשפּאַצירט, וואָס אַרט עס דיך?

און ער גייט זיך רוקן אַריין אין געוועלב אויפנעמען קונים.

יענעם טאָג, פאַרנאַכט, ווען בײַ גאָלדפעלדן איז קיין שום זײַטיקער מענטש נישט געווען, אַ חוץ גאָלדפעלדן און בענדעטן, איז צווישן זיי געקומען צו אַן אויפגערעגט געשפּרעך. גאָלדפעלד, מיט אַ רויט פּנים און בייזע אויגן, האָט בענדעטן דערמאָנט, וואָס ער האָט אַלץ פאַר אים געטון: אָפּגעגעבן אַ שפּייכלער, צוגעבאָרגט געלט... און בענדעט אַליין וועט דאָך אויך נישט ערנסט נעמען, אַז ער, גאָלדפעלד, טוט דאָס צוליב אייגננוץ, אַז סך הכל האָט ער נאָך גאַרנישט אַרויסגענומען; אפילו די צינזן פון זיין אַריינגעלייגט געלט נעמט ער אויך נישט אַרויס, נאָר ער פאַרשרייבט דאָס בײַ זיך אין בוך...

און פאַרענדיקט האָט גאָלדפעלד זיין מוסר־רעדע מיט אַ פאַריבל:

— איך זע שוין טאַקע, צו וואָסער סאָרט מענטשן דו געהערסט, ווי דו ביסט מיר דאַנקבאַר!

בענדעט ווידער, הגם ער האָט געהאַט גאָלדפעלדן אַזוי פיל צו זאָגן, אַזוי פיל ביטערניש אַרויסצווואַרפן פון זיך וועגן דעם מין „שותפות", ווו דער אמתער און פאַקטישער באַלעבאָס אַזוי איבערן געלט, ווי איבער דער סחורה איז גאָלדפעלד און טאַקע נאָר גאָלדפעלד — האָט פונדעסטוועגן גאָרנישט דערוועגן דערמאָנט (צוואָס ניצט דען דאָס טענהן מיט גאָלדפעלדן) — נאָר עקשנותדיק געפאָדערט צוצערייבן דאָס שותפות, אויף וואָס גאָלדפעלד האָט מיט אַ לייכט האַרץ איינגעשטימט:

— גוט, מאָרגן וועט מען אַלץ נעמען אויפן פּאַפּיר און מאַכן אַן עק.

נאָר צומאָרגנס, אַז בענדעט איז וועגן דעם געקומען צו

גאָלדפעלדן, האָט אים יענער זייער פריינדלעך אויפגענומען. ער האָט בענדעטן אַ וויין געטון דורכן פענסטער אין הויף אַרויס, וווּ דער וואָגן סחורה פון אַבראַמאָוויטשן איז געשטאַנען נאָכנישט אָפּגע-לאָדנט און געוואַרט — מן הסתם, אַז בענדעט זאָל אים אָנקוקן.

— מיר האָט ער שוין יאָ אַרויסגעגעבן — מאַכט גאָלד-פעלד ברייהש — זעסט שוין, מ'דאַרף זיך נאָר טויגן.

און דאָס שותפות זייערס האָט זיך ווייטער געצויגן, גע-שלעפּט זיך ווי אַ וואָגן אין אַ האַרבסטיקער בלאָטע.

## קאַפּיטל 13.

ס'איז נאָך געווען פּעליקער זומער, ווען די גאָלדפעלדס זע-
ען אַוועק פון דער זומער-וווינונג.

און ס'איז שוין טאַקע געווען די העכסטע צייט, אַז מאַדאַם
אָ דפעלד זאָל זיך אַרויסקלויבן פון דער ווילע. צופיל שוין האָבן
יך די שכנים געשושקעט וועגן דער גאָלדפעלדן און לאָקשינסקין.
וועגן זייער אָפט פאַרפאַלן ווערן אין וואַלד האָבן קורסירט גאַנצע
מעשהלעך און אַנעקדאָטן... עפּעס איינע אַ גויע, וואָס קלויבט
אין וואלד שפּענער, האָט אין די קיכן באַ אירע קונים, אָפּגע-
שטעקט „סודות" וועגן דעם פּאָרל — די גאָלדפעלדן און לאָקשינ-
ס ין, וועלכע זי האָט שוין מער ווי יינמאָל דערווישט אין די
דיכטע וואַלד-טיפענישן... און דער „באַראָנוע", האָט מען זיך
איבערגעגעבן, טשאַטעוועט אויף דעם פּאָרל, ווי אויף אַ חיה מיט
טייער פעלעכל. ער ריכט זיך, דער „באַראָנוע", אַז ער וועט באַ
יי כאַפּן אַן אָרנטל „לא-יחרץ"וגעלט, ווייל אין וואַלד טאָר מען
נישט!...

ס'איז שוין געווען די זעכסטע צייט, אַז מאַדאַם גאָלדפעלד זאָל צוריק פאָרן אין שטאָט און זי האָט ענדלעך אַזוי געטון.

נאָך איינעם אַ שיינעם נאָכמיטאָג, ווען ס'זענען איר, בשעתן שפּאַציר אין וואַלד מיט לאָקשינסקין, אַקעגנגעקומען פּויערטעס מיט בּינטלעך צווייגן — און די באָרוויסע פּויערטעס האָבן זיי אָנגעקוקט און געלאָזט פאַלן פּעטע ווערטלעך, אָנצוהערעניש ווענן דער אינצימער בּיזיע, אין וועלכער זיי האָבן געזען דאָס פּאָרל, — האָט זי בּאַלד צומאָרגנס נאָכן אָנבייסן געשיקט די דינסט ברענגען אַ דראָזשקע. ווען די דראָזשקע האָט זיך אָפּגעשטעלט פאַר דער וואַרענדע, האָט מאַדאַם גאָלדפעלד געלאָזט אַרויסטראָגן און אַריינ־שטעלן אין דער דראָזשקע, דאָס, וואָס מ'קען נישט אָנטרויען קיי־נעם: קאָנפיטורן, די רעשט ווייסן צוקער־קוכן, אַ האַלב קלעצל טרוקענעם ווורשט... אין אַז דאָס אַלץ איז דורך דער דינסט שוין געווען אַרויסגעטראָגן, איז די פאַני גאָלדפעלד אַרויסגעגאַנגען, זיך אַריינגעזעצט אין דער דראָזשקע און אַהיימגעפאָרן. פון דער היים האָט זי אַרויסגעשיקט אירע „מענטשן" מיט אַ פלאַטפאָרם, אַלץ פאַרפּאַקן און אַהיימברענגען.

טעג זענען נאָך געגאַנגען שיינע, נאָר אָפּטער קילבלעכע פרימאָרגנס און אָוונטן. אידזשאַ האָט שוין געטראָגן איר נייעם האַרבסט־קאָסטיום פון שוואַרצן שטאָף מיט אַ דין ווייס שטרייפל.

דער קאָסטיום איז געווען אַ מתנה פון דער שוועסטער בראָ־ניע גאָלדפעלד, געניית באַם בעסטן שטאָטישן דאַמען שניידער, לויט די לעצטע פּאַריזער מאָדע־זשורנאַלן: ספּאָרט מיט אַ פּאַסיק, געפּאַסט נעט און מיט אַרויפגענייטע טאַשן.

די דאָזיקע מתנה — שטאָף אויף אַ קאָסטיום — (געניית שוין פאַר דער מאַמע מייטעס געלט...) האָט מאַדאַם גאָלדפעלד געשענקט דער שוועסטער אידזשאַ, ווייל זי איז צוריק שלום גע־וואָרן מיט יענעם רייכן בחור, וועמען זי האָט מיט אַ יאָר צוריק מכבד געווען מיט אַ פּאַטש, ווייל ער האָט זיך דערוועגט איר אַריינצוקוקן אין דעקאָלט. איצט זענען זיי צוריק שלום געוואָרן. מייטעס שטוב האָט געגלייבט, אַז אויב אידזשאַ וועט זיך נאָר מי געבן און וועט פאָלגן דער מוטער און שוועסטער בראָניע, וועט

װערן א שידוך. און מאַדאַם גאָלדפעלד האָט דערהערט דעם ערשטן שריט געמאַכט: געקויפט דער שװעסטער שטאָף אויף אָן אָנשטענ־דיקן קאָסטיום.

אידזשאַ איז טעגלעך אַרײַנגעקומען צו דער שװעסטער בראָניע. יענע האָט אַלץ נישט אויפגעהערט רעדן פֿון קאָסטיום, נאָך געזאָגט געטאַפּט מיט די פֿינגער די סחורה: פֿײַנער „באָסטאָן־קאָסט טאַקע געװיס טײַער, נאָר כ'האָב זיך נישט געגאַרט. — איז אָבער דער מאַן גראָד דערבײַ געװען, איז דער מאַדאַם גאָלדפעלדס נוסח געגאַנגען אַנדערש: „װעסט, סטאַש, מײַן מאַמע האָט זיך צע־הילטאַיעט, געלאָזט אויפנײען דער טאָכטער אַזאַ טײַערן קאָסט־יום...“ און גלײַך געגומען דעם מאַן אויפװײַזן, אַז זי האָט שוין נישט, אין װאָס זיך צו װײַזן אין גאַס און אַז אים ליגט גאָרנישט אין זינען, אַז זי, זײַן פֿרוי, דאַרף קודם כּל אַ קאָסטיום.

מאַדאַם גאָלדפעלד איז זיך נאָך אַ ביסל געפֿאָרן אויף אַ „נאָך־קור“ אין צאָפּאָט, דאָרט האָט זי נאָך באַװיזן מיטצוהאַלטן צװײ װאָכן פּליאַזשע אויפֿן שטראַנד און אַז זי איז צוריקגעקומען אַהיים איז מײַל שוין צוריק געװען פֿון בעבדיטן פֿון דער זומער־לופֿט. ס'איז שוין געװען עטלעכע טעג צו ראש השנה.

---

אַ טאָג פֿאַר ערב ראש השנה, האָט גאָלדפעלד דערמאָנט קישטײן, אַז זײַן װײַב װעלט זאָל נישט הײַיאָר אַזוי טון װי פֿאַר יאָר, נאָר זאָל מאָרגן פֿאַרנאַכט אַרײַנקומען װינטשן...

נעצל קישטײן האָט אינדערהײם איבערגעגעבן דעם װײַב זײַנעם דעם שװאָגערס און שפּעס באַפֿעל. די קישטײנען האָט אויפ־געזאָגט:

— אָבער הערטס נאָר! גײן װינטשן דער מאַדאַם, מײַטעס טאָכטער — אַ מכּה!

און זי האָט צוגעגעבן מיט האַרץ:

— ס'זאָל איר, רבונו של עולם אָנגיין, וואָס זי חינטש אונדז. . .

— ס'איז נישט וואָר — גרעגערט קישטיין מיט אַ צו להכעיס — אַלץ ער זיין ברודער, דער קעשענע גנב.

— לעבן זאָלסטו אַזוי! — קען זיך די קישטיינען נישט צוריקהאַלטן פון מכבד צו זיין דעם מאַן מיט אַ קללה אין דער סאַמע „זכור ברית״־נאַכט, און ווייל עס קרענקט זי, וואָס זי מוז צוליב מייטעס טאָכטער שעלטן דעם מאַן היינט אין אַזאַ פאַרכ־טיקן אָוונט — ווערט זי פאַרביטערט און נעמט זידלען די שווע־גערין, נישט שפּאָרנדיק דערביי אויך אים, געצלען.

געצל האָט אָבער אויך נישט ליב צו פאַרשווייגן, ברעכט אויס, ווי געוויינטלעך, אַ מחלוקה צווישן מאַן און ווייב.

זעלדע איז טאַקע נישט געגאַנגען ווינטשן. ערב ראש־השנה פאַרנאַכט, ווען קישטיין האָט זיך אָנגעטון דעם אויבערראָק אַהיימ־צוגיין, האָט גאָלדפעלד כלאחר־יד אים אַ פרעג געטון, צי זעלדע וועט קומען. קישטיין האָט דערויף געענטפערט הויך און קלאָר און מיט אַ טאָן, ווי ער וויל דערמיט איבערצייגן גאָלדפעלדן, אַז זיין שוועסטער איז גאָרנישט קיין לייט:

— זי וויל נישט קומען — האָט קישטיין ראַפּאָרטירט — בשום אופן וויל זי נישט. כ'האָב זי גענוג געבעטן, האָט זי נאָך געשאָלטן זיך און דיך און אַלע. . .

און גאָלדפעלד איז דערביי רויט געוואָרן און געוווּנקען צו קישטיינען מיט אַ פינגער פאַרביסן צווישן די ציין, ער זאָל שוין אויפהערן צו רעדן, וואָרים בראָניע, וואָס איז איצט דערינען אין שלאָף־צימער, קען נאָך דאָס דערהערן. נאָר קישטיין האָט אַפּנים געוואָלט, אַז בראָניע זאָל עס דווקא יאָ הערן. ער האָט בשום אופן אָפּגעבן דעם „ראַפּאָרט״ געהאַלטן אין איין קוקן צו דער שלאָף־שטוב צו בראָניען און אַז ער האָט שוין געהאַט דאָס זייניקע אָפּ־געזאָגט, פאַרמסרט דאָס ווייב, נישט געהאַט מער גאָרנישט צוצו־געבן און בראָניע דערינען האָט עס פאָרט נישט געהערט, האָט עס קישטיינען „עגמת־נפש״ געטאַרט, וואָס זייערע רייד זענען געגאַנגען לאיבוד און אויף זיין פנים האָט זיך צעלייגט אַן אומצופרידנקייט.

קישטיין האָט יאָ געווינטשן דעם שוואָגער — געגעבן די האַנט „לשנה טובה", דער שוועגערין נישט געגעבן די האַנט, נאָר אַזוי צוגעגאַנגען און העפלעך זיך געבויגן:

— זי זאָלן זיך אַלדאָס גוטס אויסבעטן — אויף וואָס זי האָט ערנסט, גאָר ערנסט צעריקגעשאָקלט מיטן קאָפּ:

— און איר אויך.

אַרויסגייענדיק דורכן געוועלב, איז גאָלדפעלד מבשר קישטייַנען, אַז די צוויי טעג ראש־השנה דאַרף ער אינגאַנצן נישט אַריינצוקומען. עטלעכע וועקסלען איז צו צאָלן, וועט ער דאָס איבערגעבן שפּילמאַנען צו דערליידיקן. קישטיין זאָגט „אַ גוטן יום־טוב" און גייט. שפּילמאַן קומט אַריין פון שפּייכלער. קערט אויס דאָס געוועלב, פאַרמאַכט די לאָדן, ווינטשט די באַלעבאַטים און גייט אויך אַהיים פייערן ראש־השנה.

## קאַפּיטל 14.

ערב ראש השנה פאַרנאַכט גייט גאָלדפעלד מיט אַ מחזור אין שול. און אָט דעם אָוונט זיצנדיק אין שול מיט זיין יונגל לעבן זיך און אָפּענעם מחזור אין האַנט און צוזעענדיק דעם ערנסט פון די דאַוונער, די אַרומיקע פייערלעכקייט, הערנדיק דעם חזנס ימים־נוראים־ניגון — נעמט גאָלדפעלד מיט אַמאָל צווייפלען, צי די וועלט איז טאַקע אַ הפקר, ווי די פילאָזאָפן זאָגן. גאָלדפעלד ווערט מיטאַמאָל זיכער, אַז די וועלט האָט פאַרט איבער זיך אַ באַלעבאָס... זומער וואַקסט, ווינטער איז אַלץ פאַרפרוירן, טויט; טאָג און נאַכט — אַלץ איז אַזוי אָפּגעפּאַסט, יעדעס אין זיין צייט, קיינמאָל נישט אַנדערש — דאָס קומט נישט פון זיך אַליין, אָדער ווי די אפּיקורסים ווילן: פון דער „נאַטור".

אָט דידאָזיקע „הויכע" מחשבות, וועלכע שפּאַצירן זיך איצט אַזוי פריי אין גאָלדפעלדס מוח, דערוועקן אין אים אַ מורא: „און אפשר איז טאַקע דאָ עמעץ אין הימל, אַן אויג וואָס זעט אַלץ — אַ גאָט, פאַר וועמען דו וועסט אַמאָל מוזן אָפּגעבן אַ דין וחשבון פון דיינע מעשים דאָ אויף דער ערד?"

קומט גאָלדפעלדן אויפן זינען זיין פאָטער, דער קליינ-שטעטלדיקער שוחט, דער אָפּגעהיטענער ייִד, טוט אים מיטאַמאָל הנאה, וואָס דער פאָטער זיינער איז פרום, „אַרבעט" פאַר עולם-הבא. „נו, דער טאַטע" איז גאָלדפעלדן זיכער, „האָט מיך אויך אין זינען באַם טון אַ מצווה" — דערמאָנט ער זיך, אַז מאָרגן, דעם ערשטן טאָג ראש-השנה, ווען דער פאָטער נאָך דער „עליה" באַ דער אָפּענער ספר-תורה, מאַכן אַ מי שברך איס שלומען, זיין ווייב און קינדער — טראַכט שוין גאָלדפעלד מיט הנאה, אַז ער האָט דעם פאָטער געשיקט אויף יום-טוב אַ פלאַש בראָנפן; ער פאַרגינט איצט דעם פאָטער מיטן גאַנצן האַרץ די פלאַש משקה: „זאָל עס אים גוט שמעקן!".

אַהיימקומענדיק פֿון דאַווענען, גייט גאָלדפעלד מיט דער פרוי אַרויף צו איר עלטערן ווינטשן דעם שווער בערל קרעפּל און דער שוויגער מייטע. גאָלדפעלד מיינט דאָס מיט גאַנצן ערנסט, מיט אַ ימים-נוראים-שטימונג אויפן האַרטן פּנים. דער שווער, דער לעקיש, איז אים אין דער איצטיקער מינוט גאַנץ ליב און צו דער שוויגער טראָגט ער שוין אויך נישט נאָך קיין בייז האַרץ, וואָס זי האָט אים באַליידיקט אויף דער זומער-וווּנונג אין זיין שטוב; — היינט איז ראש השנה! גאָט איז מוחל, פאַרגיט דאָס פעקל חטאים פון גאַנצן יאָר. טאָר דער מענטש אויך נישט זיין האַרט-האַרציק!

מ'ווינטשט זיך „אַ גליקלעך יאָר"; אפילו דעם קראַנקן שוואָגער און העניקן דעם גימנאַזיסט, וואָס זיי קען גאָלדפעלד באַזונדערס נישט ליידן — ווינטשט ער אויך! העניקן — אַ „מאַטורע"-יאָר און דעם קראַנקן — אַ געזונט און גליקלעך יאָר.

שפּעטער אין דערהיים באַ דעם מאָלצייט, וואַשט זיך גאָלד-פעלד ייִדישלעך צו די חלות, ער און באָלעק עסן אין די היט-לען — מאַן און ווייב רעדן צווישן זיך בלויז ייִדיש.

---

און נאָך ראש השנה פירן זיך די גאָלדפעלדס נאָך אַלץ ייִדישלעך.

מאַדאַם גאָלדפעלד דערמאַנט דעם מאַן, אַז ס׳וואָלט שוין אַמאָל צייט געווען, ער זאָל אַ טראַכט טון מכוח ציצה־כנפות; פאַר באַלעקס ווענן. איר טוט הנאה, וואָס זי איז די ערשטע צו דערמאַנען וועגן דערדאָזיקער ייִדישער זאַך — ציצית ער אָבער לאָזט עס איר נישט באַקומען: „אדרבה" זאָגט ער. „כ׳האָב דיר שוין וויפיל מאָל געזאָגט, זאָלסט לאָזן אויפנייען ציצה כנפותן, זאָל נאָר זיין פאַרטיק — ציצית קען איך יעדע מינוט הייסן אַרייננברענגען." דרינגען זיינע רייד אַריין אין אירע אויערן, טראַכט זי גאָ־נישט, צי ס׳איז אמת, צי נישט (וואָרים סך הכל שפּיקן זיי מיטן רבונו־של־עולם אין געגאַרעלעך...) שווייגט זי פאַרברוגזט — ער האָט זי איבערגעכיטרעוועט.

איצט גייען די גאָטספאַרכטיקע „עשרת ימי תשובה". די גאָלדפעלדן דערמאַנט מירלען כשר צו מאַכן דאָם פלייש. הייסט עס לאָזן ווייקן אַ האַלבע שעה און אין זאַלץ — אַ שעה, ווי דער דין איז. אַז די גאָלדפעלדן טרעפט זיך אין הויז מיט איר שכנטע, די חסידיסטע, שי״ט די גאָלדפעלדן איר אָקזגן אַ ייִדישן „גוט מאָרגן". זי שטעלט זיך נאָך טיילמאָל אָפּ אַ ביסל אַ שמועס טון און טאָקע אויף ייִדיש, וואָס אַזעלכעס טוט נישט די מאַדאַם גאָלדפעלד דאָס גאַנצע יאָר נישט. זי באַקלאָגט זיך אַ שטייגער פאַר דער ייִדענע אין גרויסן שייטל, אַז איר דינסט, אָט די מיטן כלומרשט גוטן פנים, איז אינדערעמת; אַ גרויסע רשעטע און ס׳איז אַן עבירה זי צו האַלטן אין אַ ייִדישער שטוב. נאָר וואָס קען זי זיך נעבעך העלפן? אָן אַ דינסט קען זי נישט זיין! מוז זי ליידן און זי שאַפט זיך דערווייל אַן אַנדערע דינסט.

די שכנטע פון איר זייט, טרייסט די גאָלדפעלדן, אַז אַלע דינסטן זענען היינט נישט בעסער און ס׳איז אפשר גלייכער צו האַלטן אַן אמתע גויע, איידער אַ ייִדישע שיקסע, וואָס איז טיילמאָל נאָך ערגער ווי אַ גויע; אַ גויע ווייסט מען כאָטש, אַז מ׳קען זיך אויף איר נישט פאַרלאָזן מיט ייִדישקייט...

— אוודאי אַזוי — איז מאַדאַם גאָלדפעלד מסכּים — איך פאַרלאָז מיך נישט, פלייש מאַר איך אַליין כּשר, מילכיק און פליישיק האָב איך אויך אין זינען. ווידער וואָס זי וואַשט שבת די דילן און שאַרט די „ברעטסזר" — צאַרט עס מיך טאַקע גענוג, אַבער איך קען מיר נישט העלפן. זי וויל נישט אַנדערש, נאָר שבת רוימען. און אַז עשו שפּאַרט זיך איין, קען מען זיך עפּעס העלפן ?...

און נאָך אַזאַ מין שמועס מיט דער שרעקלעך פרומער שכנטע, די ייִדענע אין שייטל, איז מאַדאַם גאָלדפעלד צופרידן — אַ שטייגער, ווי אַ נישט גאָר „כּשר" ייִדל נאָכן איינקויפן זיך אין לאָסקע בּאַם זשאַנדאַר.

## 15. קאַפּיטל

פרייטיק צו נאַכט — שבת־שובה — ברענען אין עס־חדר אויפן געדעקטן טיש צוויי שבת־ליכט אין די נאָך גאַר חייניק גענוצטע פּלאַטירטע דרשה־געשאַנק לייכטער. גאָלדפעלד מאַכט קידוש. דעם עלפיעריקן באָלעק גייט פּלוצלינג אָן אַ געלעכטער, צוקוקנדיק, ווי דער פאָטער שאָקלט זיך און „מאָדליעט" זיך איבער אַ בעכער ווײַן. ווילט זיך אים כאַפּן דעם יינגל, כאַפּט ער פון דער מוטער אַ ליאַפּע, אַז ער פאַרקרומט זיך: ! וויינען, ווערט גאָלדפעלד מבולבל, צעשרייט ער זיך אין מיטן דערינען „נו, נו"... און ער ענדיקט דעם רעשט קידוש, בלאָנדזשענדיק אין דער אים שוין פרעמדלעכער עברי.

זיצט מען בײַם טיש און מען עסט די שבת־סעודה, ווי אַ גוט, יידישע משפחה. אין קיך זיצט די דינסט. מירל טראָגט צו דער באַלעבאָסטע צום טיילן. אינדרויסן אין „קורניק" וואַרטן שוין עופות, הינער און העגער — כפרות — צום באַצאָלן מיט זייער לעבן און אונטערגעפּאַשעטע גופים, פאַר די גאָלדפעלדס אַ גאַנץ יאָרנדיקע עוונות... — מאַכט זיך פונקט, אַז אין מיטן

עסן די פרייטיק צו נאַכט סעודה — קלינגט עמעץ אין דער קראָם-טיר, און דער קלינגער איז מאַרטשינקאָווסקי, דער פאַרוואַלטער פון „קריסטלעכן קאָאָפּעראַטיוו". קען מען אַזאַ וויכטיקן קונה נישט אָפּפאַרטיקן הינטער דער טיר, בעט איים גאָלדפעלד אַריין אין שטוב אין עס־חדר. מאַרטשינקאָווסקי דאַרף צו הגבֿן דעם רעכענונג פון לעצטן טר. נספּאָרט סחורה, וואָס איז געשיקט געוואָרן אין קאָאָפּעראַטיוו. נעמט זיך גאָלדפעלד אויסשרייבן אויפן קידוש-טיש פון בוך אַרויס דעם רעכנונג, פאַרשעמט זיך די פּאַני גאָלדפעלד מיט אירע שבת-ליכט. פאַרענטפערן זיך מאַן און ווייב, אַז דאָס האָבן זיי אָנגעצונדן צוליב צו טון די ייִדישלעכע עלטערן. זיי, די עלטערן, וועלן באַלד קומען אַ ביסל באַזוכן „די קינדער", זאָל זיך זיי דאַכטן, אַז די „קינדער" זענען פרום. אָבער אין אמתן וויסן זיי, די דזשאָזיקע, אַז דאָס איז אַלץ באַרישקייטן: שבת איז פּונקט אַזאַ געוויינטלעכער טאָג ווי מאָנטיק און ווי דינסטיק...

מאַרטשינקאָווסקי האָט אַזעלכע גויִשע אויגן, קאַלט פרעמדע און מיט אַ פּלעמל; און צווייי אַראָפּהענגענדיקע וואָנסעס, ווי אַ פאַרצייטישער „שליאַכטשיץ" — קוקט ער נישט אויף די באַלעבאַטימס פאַרענטפערן זיך. ער אַנטשולדיקט זיך, וואָס ער האָט זיי דאָ געשטערט אינדערמיט שבת-צערעמאָניע. מיט אַ פּלומרשט הלצהלע ערקינדיקט ער זיך, צי היינט איז נישט אַמאָל דער יום-טוב פון עסן מצות... און צו באַלעקן, וואָס זיצט אין היטל, אין גינגאַזיע-היטל מיטן ש. ערנדל (אָלדפעלד האָט אַראָפּגעוואָרפן דאָס היטל פון קאָפּ גלייך באַם דערהערן דאָס קראָמגלעקל.) ווענדט ער זיך מגשה היימישער, ווי אַ שייגעץ אַ גאַסןלאָבוז:

— בערקע, מאַ מאַ יופּיס...

בלייבן פאָטער און מוטער מיט פאַרגליווערטע שמייכלען אויף די ליפּן. די מוטער נעמט פּלוצלינג זיך בייזערן איבערן זון, פאַרוואָס ער מאַכט נישט די לעקציע. דאָס ייִנגל קוקט תמעוואַטע פאַרוואונדערט, מיט אַ פראַגע אויפן פּנים... און מאַדאַם גאָלדפעלד פאַרגעסט מיטאַמאָל, אַז נאָך שבת וועט זיין

יום כפור, זי נעמט דורך אגב צו וויסן געבן דעם פּאָליאַק, אַז
אירע קינדער קענען נישט רעדן קיין איין וואָרט „פּאָ זשידאָווס־
קו״, איר דאַרע למשל. אַט דאָס מיידעלע, וואָס שלאָפט איצט
דאָרט אויף דער אָטאָמאַנע, פרעגט אַנומלט באַלעקן, צי ער קען
ייִדיש רעדן. ענטפערט ער איר, אַז דער נישט אָפּגעזעגנטע־
לאָבוז:

— יאָ, איך קען: איי ווי מיער — אַזוי קענען אירע
קינדער רעדן ייִדיש. דערפאַר אָבער פּויליש קען ער פּער־
פעקט — סאַמע פינפן האָט ער פון פּוילישער גראַמאַטיק.

נאָך כאַרטשינקאָווסקיס אַוועקגיין גייט ווייטער דער שבת־
טיש. מאַן און ווייב שמועסן צווישן זיך, אַז דער דראָזשקער גוי
איז אַ צורר און אַ שיכור אויך. זי זאָגט: בײַ ראָטשטיינען,
למשל, וואָלט מען אַזאַ כאַם נישט אַרײַנגעלאָזט אין שטוב. ער
שפּאַרט אָפּ: אַזאַ קונה, זאָגט ער, מוז מען מיט די ציין צו־
האַלטן.

דער שבת־שובה פאַרגייט. ס׳קומט די גאָטספאָרכטיקע יום־
כיפור־וואָך. אינדערפרי פאַרשליסט זיך מאַדאַם גאָלדפעלד אין
שלאָף־חדר מיט אַ געבונג ענער הון אין איין האַנט און אויסגע־
זוכטן סידור פאַרקנייטשט אויף „בני־אדם״ בלעטל אין דער צוויי־
טער האַנט. זי זוימט זיך דעריבער היפשלעך לאַנג און קומט
אַרויס זייער ערנסט און מיט רויטלעכע אויגן. נאָך איר טוט
דער מאַן אויך דאָס זעלבע און די קינדער אויך. קעגן
מיטאָג גייט די דינסט מיט די כפרות צום שוחט. ערב יום־
כיפור ליגן אין קיך אויפן זאַלץ־ברעט די צעשניטענע כפרות.
אָרימעלייט קומען מיט דרייסטע מינעס: הײַנט איז זייער יאַריד!...
מאַדאַם גאָלדפעלד טרייבט זיי הײַנט נישט, ווי שטענדיק מיט
קולות: „ערשט נעכטן דאָ געווען!״ ניין, הײַנט גיט זי יעדן
עפּעס, קיין איינער גייט נישט אַרויס אָן עפּעס אַ געלט־פּאַפּירל
אין דער האַנט, וואָס פאַר אַזעלכע הונדערט פּאַפּירלעך קען מען
קויפן אַ פונט ברויט. און דער ייִדענע מיט דעם ברייטן פאַר־
טוך און אָפּגעבליאַקירטן שייטל, דער גבאיטע, גיט הײַנט מאַדאַם
גאָלדפעלד אָן שום איבעריקע טענה־ומענה, אַ ביסל צוקער אין אַ

פּאַפּירל און אַ ביסל נישט זייער ריינע ריין. און אַז די גבאיטע שטייט נאָך און זערמאַנט נאָכאַנאַנד, אַז היינט איז ערב יום-כיפּור און מאָרגן איז יום-כיפּור און אַז „אויבן״ זיין בוך הערט אַלצדינק פאַרשריבן — קריגט זי נאָך אַ שטיקל אַרומגעגריזשע-טע ציקאָריע און עטלעכע פּיצלעך ליכט. און אַזוי קומט דער הייליקער יום-כיפּור. קישטיין און שפּילמאַן, באַם צההימגיין, ווינטשן די באַלעבאַטים. יענע ענטפערן:

— אמן, אַ גליקלעך יאָר, ענק אויך.

יום-כיפּור פאַסטן מאַן און ווייב. באַנאַכט עסט מען אַ היפּשלעך מאָלצייט, מ׳לייגט זיך שלאָפן און מ׳שטייט אויף פריִיִע מענטשן. שוין! דורכגעקומען די גאָטספאָרכטיקע טעג, אדורכ-געלאָפן דאָס הצקלדיקע ב יקל

## קאַפּיטל 16.

דער האַנדל הוי־האַ איז פּלוצלינג שטיל געוואָרן, אויס־לענדישע וואַליוטע, וואָס האָט געהאַלטן אין איין שטייגן — האָט זיך מיטאַמאָל אָפּגעשטעלט. גענומען גאָר לאַנגזאַם אַ פּאָר „פּונקטן" צוריקפאַלן און שטיין געבליבן. און דער גאַלאָפּירנדיקער מסחר־שטראָם, איז ראַפּטום אויסגעטרוקנט געוואָרן, ווי אַ פון רעגנס אָנגעזאַמלטער טייך אין הייסע, טרוקענע תמוז־טעג.

וואַליוטניקעס, שפּעקולאַנטן, וואָס אָט ערשט אין דער האָסע, איז געלט בײַ זיי געווען אַ ממזר, געוואָרפן דערמיט אויף רעכטס און לינקס, ווי מיט סתם פּאַפּירלעך — זענען איצט מיט־אַמאָל געוואָרן שפּאָרזאַם: אינדערהיים שטאַרק גענומען נאָכרע־כענען די הוצאות, פאַרגעהאַלטן דעם ווײַב, אַז די שטוב אויס־גאַבן זענען צו גרויס און אָרימע לייט האָבן זיי געטריבן פון די שוועלן...

אויף דער שוואַרצער בערזע איז טויט, אין „קאַפע לאָנ־דאָן" שמעקט קיינער נישט אַריין. דער באַלעבאָס פון קאַפע דער בעל גוף מיטן גאָלן קאָפּ, שטייט שעהנווייז אין די אָפענע טירן

מיט די הענט אין די ברייטע הויזן-קעשענעס און גענעצט אין גאַס אַריין; אפילו דער אינוואַליד אין זעלנערהוט מיטן הילצערנעם פוס וואָס שטייט לעבן האַטעל, האָט שוין אויך דערפילט די „בעסטע". וויפיל ער זאָל זיך איצט נישט בייגן און ביקן פאַר די פאַרבייגייער, פאַלט אים זעלטן, גאָר זעלטן אַ פאַפּירל אין אויסגעשטרעקטן היטל אַריין.

בּאַ בענדעטן אין שטיבל אין עק שטאָט, האָט זיך ווידער געפילט דחקות.

בּאַ גאָלדפעלדן אין שפייכלער, איז געלעגן די שותּפותּ׳ס סחורה און געחאַרט... אויף בעסערע צייטן, און קישטיין האָט געהאַלטן אין איין טענהן וועגן פאַרלייגטן שפייכלער. שטענדיק ווען נאָר ער איז אַריינגעקומען פון שפייכלער, האָט ער געהאַט צו דערציילן נסים: אַ קאַסטן ס׳חורה האָט אים שיִער אַ פוס צעקוועטשט. אַ זאַק צוקער איז אים שיִער אויפן קאָפּ אַרויפגעפאַלן... בענדעטן האָט קישטיין געהאַלטן אין איין ניקען!

— קומט מיט אַרויס, וועט איר העלפן אייערע קאַסירנס אַ ביסל אַוועקריקן; מ׳קען זיך אין שפייכלער נישט קיין ריר טון.

און שפּילמאַן מיטן צעפרישטשעטן פּנים, לאַכט, בּ זעת קישטיין שיט אויס אויף בענדעטן אַ פּאַק פּרעטענזיעס צוליב זיין סחורה, וואָס פאַרנעמט דעם שפייכלער. ער קוקט דאַ חניפיש צו דער באַלעבאָסטע, און אויף בענדעטן — מיט אַן אידיאָטיש להכעיסדיק געלעכטער.

— וואָס הערט זיך אין גאַס? — פּרעגט גאָלדפעלד טאָגטעגלעך בענדעטן.

און אַז בענדעט האָט אים נישט צו דערציילן קיין נייעס וועגן-שטייגערונג — זאָגט גאָלדפעלד בכובד ראש:

— וואָס קלערסטו — מיר ליגן גוט איינגעזייפט מיטן טראַנספּאָרט סחורה. ס׳איז נישטאָ קיין שום אויסזיכט, אַז ס׳וועט בעסער ווערן.

און אָט דעם פּזמון „ס׳איז נישטאָ קיין שום אויסזיכט, אַז ס׳וועט בעסער ווערן," פאַרפעלט נישט גאָלדפעלד צו דערמאָנען

בענדעטן יעדעס מאָל אויף פאַרשידענע אופנים — יעדעס מאָל ווען בענדעט קומט אַהין אַריין.

— וואָס איז דאָרט מיט דיין שכנטע? — פרעגט איינמאָל גאָלדפעלד בענדעטן נאָכן געוויינטלעכן פזמון, ווען מינע פינקל — איז זי נאָך אויף דעם פאָסטן?

— דאַכט זיך — יאָ — ענטפערט בענדעט און ער קוקט אָ גאָלדפעלדן, חייל ס'איז אים קשה, וואָס גאָלדפעלד מיינט מיט זיין פרעגן.

— כ'ווייס — זאָגט גאָלדפעלד — מ'זאָגט יענער האַלט זיך באַ שמדן.

— ווער דאָס? — פרעגט די גאָלדפעלדן זיצנדיק ווי געוויינטלעך, מיט פאַרשלאָגענע העגט אויף דער זאָפע.

— נו, דער פון שרייב-מאַטעריאַלן-געשעפט אויף דער באַן-גאַס.

— אָך, דער... — מאַכט זי דערויף מיט אַ פוילער מינע, ווי איינער זאָגט „אויך מיר אַ נייעס" און זי גיט צו אויפגעלעבט:

— הערסט, ער האָט זיך שוין געגעט מיטן יידישן ווייב: אַ האַלב פאַרמעגן קריגט זי און באַזונדער אויף צו דערציען די קינדער — אַן אויסגעצייכנט גוט געשעפט מאַכט זי...

— וואָס? — פרעגט בענדעט. — אים ווילט זיך ווען דעם נאָך געהערט ווערן, אַזוי צוליב דער זאַך גופא: שמדן זיך.. ווי אויך אין שייכות צו מינע פינקלס פאָסטן. גאָלדפעלד אָבער איז שוין ווייט פון דעם שמועס. ער איז שוין אין געוועלב, האַמפערט זיך דעריבער מיט עמעצן. עס הערט זיך זיין האַרט תקיפותדיק קול:

— מאַכט וואָס איר ווילט — געלט גיב איך נישט צוריק...

און די טעג, שוין קאַלטלעכע, קריכן מרה-שחורהדיק און פויל, אָנגעזאַפטע מיט זאָרגן וועגן אָנקומענדיקן ווינטער. חנהן טוט ווי אַ זייט. זי באַקלאָגט זיך נישט, אָבער יסורים ליידט

זי, באַם אָטעם-ציִען טוט איר ווײ, אין בעט קען זי נישט ליגן אויף דער לינקער זײט.

גאָלדפעלד האָט עפּעס סכסוכים מיטן ווײב; ווײזט אויס צוליב לאָקשינסקין — אָפּט דערטראָגן זיך זײערע העפטיקע קולות פון פאַרמאַכטן עס-חדר אין געוועלב צו די אויערן פון די קראָם-משרתים. ער שרײט „איך וויל נישט ער זאָל מיר דאָ אַרײנקומען דער פּלוידערזאַק. געוואָג אים געהאַט אויף דער זוי-מערהויִנונג"... און איר, מאַדאַם גאָלדפעלדס קולכל שטײגט נאָך איבער דעם מאַנס: „ער וועט יאָ קומען, ווײל דיך קרענקט דאָס, וועט ער דווקא קומען"...

און פון די ווײטערדיקע אַרײנדרינגענדיקע אָפּגעהאַקטע רײד, לאָזט זיך פאַרשטײן, אַז זי גיט דעם מאַן די ברירה; אײן וואָרט זײנס און זי גײט אַרויס פון שטוב. אַלץ וועט זי אים דאָ איבערלאָזן און אַוועקגײן. מ'וואַרט אויף איר, מיט אויס-געשפּרײטע אָרעמס וואַרט עמעץ אויף איר אײן אײנציק צושטי-מענדיקן „יאָ!"

און ווײטער רעדט זי שוין שטילער, זינגענדיק, ווי טריפנ-דיקער בוימל, און זײן קול הערט זיך שוין גאָרנישט. ער, אַפּנים, זיצט שוין איצט מיט אַ קלאַפּנדיק האַרץ, ציטערנדיק, זי זאָל אים נישט פאַרלאָזן, דאָס „פײגעלע" זאָל אים חלילה נישט אַרויס-פליִען פון זײן שטײגל.

## קאַפּיטל 17.

ס'איז געווען אַ פאַרנאַכט. דערנאָך האָט זיך צעלייגט אַ שווער פאַרוואָלקנטער אָוונט. בענדעט איז אַרויסגעגאַנגען פון גאָלדפעלדן, געגאַנגען אין דער ריכטונג צו דעם קוואַרטאַל, וווּ זיין וווינונג געפינט זיך. ער איז געגאַנגען און געטראַכט, אַז דאָס געלט, וואָס גאָלדפעלד באַזאָרגט אויס יעדע וואָך אויף צו לעבן, וועט אים טייער, גאָט ווייסט ווי טייער, קאָסטן.

גאָלדפעלד טוט נישט עמעצן סתם אַ טובה. און דאָ האָט ער נאָך אַליין בענדעטן פאָרגעלייגט: „פון דער סחורה קענסטו נישט אָפּבייסן, וועל איך דיר דערווייל אויסבאָרגן". — בענדעט האָט צו גוט געקענט גאָלדפעלדן, אַז די הלוואות, וואָס ער באַקומט זינט דריי וואָכן פון גאָלדפעלדס האַנט זאָל אין אים נישט דערוועקן קיין זאָרג וועגן זיין און זיין אומגליקלעכער שוועסטערס פאַרמעגן, וואָס געפינט זיך אין גאָלדפעלדס הענט. און העלפן זיך קעגן דעם האָט בענדעט נישט געקענט. דאָס געלט פון גאָלד-פעלדן האָט ער יעדע וואָך גענומען. גאָלדפעלד האָט געגעבן

אליין, אומדערמאַנט; דאָס האָט בענדעטן נאָך מער באַאומרויקט. גאָלדפעלד האָט זיך דאָס איינגעשריבן אין ביכל, וואָס ליגט אין דער אייזערנער קאַסע. דאָרט אין ביכל אויף אַ באַזונדער בלעטל, האָט ער איינגעפירט בענדעטן אַ קאָנטע.

ס׳האָט אָנגעהויבן טריפן אַ רעגנדל. בענדעט האָט דערהויבן דעם קאָלנער פון אויבעררראָק, גענומען גיין גיכער.

אין עק גאַס האָט אים צוגעשאַלט אַ מיידליש קול „גוטנ־אָוונט“.

פינקל, מינע פינקל איז עס געווען.

— ווו גייט איר דאָ אין רעגן?

זי גייט אַהיים ערשט פון געשעפט. די טעג איצט זעבען שוין קורץ.

— געוויס — איז בענדעט מסכים און ס׳פרייט אים, וואָס ער וועט מיט דעם מיידל צוזאַמען אַהיימגיין.

דאָס האַרבסט־אָנזאָגנדיקע רעגנדל, האָט קאַלט געקאַפּעט, געקלאַפּט מיט טראָפּנס אויף מאַנסבילשע קאַפּעלושן, אויף מייד־לישע לעדערנע אָדער צעראַטענע שאַפּער־היטלעך. ווי צוויי גאָנ־טע שכנים, האָט זיך צווישן זיי פאַרבונדן אַ געשפרעך.

בענדעט פרעגט, ווי עס גייט איר אין פאַסטן.

— דערווייל בין איך נאָך — ענטפערט זי.

— דערווייל? — וווּנדערט ער זיך און באַלד דערמאַנט ער זיך:

— איז עס טאַקע אמת, אַז דער שעף אירער האַלט באַ שמדן זיך? צוליב וואָס טוט ער דאָס?

— מעגלעך, אַז כדי די קינדער פון די קריסטלעכע שולן זאָלן צוריק ווערן זיינע קונים אויף שרייַ מאַטעריאַלן, נאָר מען זאָגט, ער זאָל חתונה האָבן מיט זייַס אַ געוועזענער פאַרקויפע־רין, אַ קריסטין.

בענדעטן אינטערעסירט צו וויסן, וואָס פאַר אַ מענטש יענער איז.

— אַ רייכגעוואָרענער קרעמער — זאָגט דאָס מיידל — איבעריקנס זי קען אים ווייניק. ער ווייזט זיך זעלטן אין גע־

שעפט — מוז זיין ער איז פאַרנומען מיטן פאַרברייטן זיך צום טויפן.

— פאַרברייטן?

— געוויס. מען מוז דאָך ווייניקסטנס עפּעס ווִיסן פון גייעם טעסטאַמענט און ער ווייסט מן הסתּם פון אַלטן אויך קנאַפּ וואָס.

דער שמועס ווייערער קייטלט זיך אַזוי אָן שום אָנשטרענגונג. בענדעט איז רויִק. גאָלדפעלד מיט זיינע שווינדלערישע שפּצל ך, איז איצט ווייט פון זיין געדאַנק. דאָס רעגנדל האָט אויפגעהערט, ווי עס וואָלט מיד געוואָרן סתּם אַזוי אין דער פינסטער צו קאַפּען.

מינצ פינקל דערציילט, אַז דער שעף האָט איר אָפּגעזאָגט דעם פּאָסט, נאָר ער האָט איר געגעבן אַן עצה, ווי אַזוי זי וואָלט יאָ געקענט ווייטער בלייבן — זיך טויפן.

— נו? — פרעגט בענדעט, נישט קלערנדיק וועגן דעם, וואָס ער פרעגט. זיין איצטיק רויִק געמיט איז אַזעלכעס, אַז עס ווילט זיך אים ווייניק, וואָס ווייניקער רעדן. למשל בלויז איינזילביקע ווערטער, נאָר דערפאַר זאָל זי, דאָס מיידל מיט דער באַקאַנטער שטים, וואָס מער זיך לאָזן הערן. פרעגט ער: „נו?“ און זי צעלאַכט זיך מיידליש:

— „נו“, פרעגט איר? ניין, איך האָלט נאָכנישט דערביי...

— איך מיין — כאַפּט ער צוריק — וועט איר דאָך בלייבן אָן פּאָסטן?

— ווייזט אויס — זאָגט זי ערנסט און זיי גייען אַ ווײַלע שווייגנדיק.

זיי געפינען זיך איצט אין דער אָרימער געגנט, נידעריקע הייזלעך. פון אַ פענסטער הערט זיך וויינען אַ קינד און די מוטער שלעפּט עס איין:

— א, אַ אַ...

— און ווי גייען איך די געשעפטן?

— נישט קשה — ענטפערט בענדעט און ער פאַריאָגט פון זיך דאָס וואָס די פראַגן וועקן אין אים אויף, אום זיך דאָס גע-מיט נישט קאַליע צומאַכן.

גייען זיי, ער, בענדעט דער פינף און דרייסיק-יעריקער מאַנסביל לעבן דעם צוואַנציק-יעריקן מיידל. ער באַטראַכט איר גלייכגעוויקסיקן מיידלישן גאַנג. — פון הינטער דעם שאָפער-היטל-ע קוקן איר אַרויס בינטלעך האָר. איצט אין דער פינסטער איז נישט צו דערקענען זייער קאָליר. אָבער ער ווייסט בענדעט, אַז אירע האָר זענען ברוין און דין און אים דאַכט זיך צו פילן זייער ריח, דעם צאַרט שמעקעדיקן ריח פון מיידליש ציידענע האָר.

ס'איז שוין נישט ווייט פון זייער היים. אַ באַלויכטענער אויטאָ פליט חוצפּהדיק פאַרביי און שפּריצט זיי אָפּ מיט שיטערער בלאָטע. ס'איז שטאַרק פינסטער. מיט איר דערלויבעניש נעמט זי בענדעט אונטער דער האַנט. ס'טראַכט זיך אים אַ יינגלישער געדאַנק, אַז גוט וואָלט געווען, זיי זאָלן נאָך האָבן ווייט צו זייער היים, זיי זאָלן נאָך דאַרפן גיין דורך סכנותדיקע וועלדער...

און ס'איז אים אַזוי גוט אויפן געמיט, שוין לאַנג לאַנג, האָט ער זיך אַזוי גוט און רויק נישט געפילט. ווי אַ טוי פרישט זיין האַרץ און ער אָטעמט דעם טוי אַזוי לייכט, אַזוי שטיל. און אָט אַזוי גיך, אַזוי געשווינד זענען זיי שוין פאַר זייער הויז. מינע פינקל גיט אים איר האַנט, איר שמאָלע האַנט, זי באַגעגנט זיך מיטן בליק פון זיינע אויגן, פון זיינע יונגע געוואָרענע אויגן — זאָגט אַ „גוטע נאַכט" און גייט אַריין צו זיך, צו דער מוטער, וואָס וואַרט, ווי יעדן אָוונט, אומגעדולדיק, און ציילט שוין די מינוטן, איר מינעלע זאָל זיך שוין באַווייזן אין דער געעפנטער טיר. בענדעט גייט אַריין אין דער קעגנאיבערדיקער טיר, און בא זיך אין שטוב איז ער אַליין נאָך אין דער ווייכער שטימונג. אין שטוב איז ריין, זויבער, אויפן טיש ברענט דער לאָמפּ, דערלעבן זיצט חנה און לייענט אַ בוך. אויפן קעכל קאָכט זיך אַ טשייניק וואַסער אויף טיי, באַלד וועט פאַר בענדעטן אויפגעגעבן ווערן אַ פראַסט, נאַר זעטיק באַכט-עסן.

און וואָס איז דאָס געווען דעם אָוונט? גאָרנישט: בענדעט

האָט זיך צופעליק באַגעגנט מיט מינע פינקל און זיי זענען צו־
זאַמען אהיימגעגאַנגען. און דאָך — דער ווידערקול פון דעמדאָ־
זיקן אָוונט, האָט בענדעט נאָך לאַנג, לאַנג געהאַט בײַ זיך אין גע־
מיט.

## קאַפּיטל 18.

די מאַמע מײַטע האָט פֿון דער ערשטער מינוט נישט געקענט מוחל זײַן דער טאָכטער, װאָס זי באַשײַט, מירל זאָל זיך בײַ איר אױפֿהאַלטן.

— װאָס דאַרפֿסטו האַלטן בײַ זיך נאָכקיקערס — האָט מײַטע אַרײַנגערעדט אין דער גאָלדפֿעלדן — און יענער דאַרט, דער שוחט, אַז מ׳האָט אַ קראַנקע מױד, אַ „זדעכלאַטשקע", האַלט מען זי בײַ זיך אינדערהײם. נישט װאַרפֿן דיר אין קאָפּ אַרײַן. און מ׳דאַרף גלאַט קענען מאַן נישט זײַן אַזױ נאָכגעבײק: ער האָט דאָך דיר צו מאָל פֿריִער נישט געפֿעגט, צי דו באַשטײסט דערױף — אַהערגעברענגט זיך די שװעסטער און שױן!

מאַדאַם גאָלדפֿעלד װײסט אױדאַי, אַז די מוטער רעדט צו דער זאַך — סאַמע אמת — און אַז זי דאַרף טאַקע נישט צו באַשטײן, דעם מאַנס שװעסטער זאָל זי פּיטערן דאָ בײַ איר אין שטוב. דאָך האָט זי גאַרנישט געטון קענ מירלס דאָ זײַן, אױב מען זאָל נישט רעכענען אירע אָפּטע שטעכװערטלעך דעם

מאַן. ווי: „דיין טאַטע האָט זיך גענומען פֿאַרגינען צו פֿאַרזאָרגן די וועלט מיט קינדער — ער האָט זיי וועמען צו וואַרפֿן אין קאָפּ..." און ענלעכע ווערטלעך אַזעלכע, כלומרשט אין געלעכ־טערל, נאָר מיט דער דירעקטער כוונה צו שטעכן. אָבער אין אַלגעמיין האָט זי נישט צו שטאַרק פּראָטעסטירט קעגן מירלס דאָ זיין. מירל האָט געהאָלפֿן אין שטוב און אין קיך און אויך אין געוועלב, אַז ס איז געווען אַ סך צו טון. און מאַדאַם גאָלד־פֿעלד איז זיך, ווי געוויינטלעך, געלעגן אויף דער סאָפֿע און געקאָמאַנדעוועט, אָדער געשמועסט אָדער געפּרוּווט אַ ביסל שלאָפֿן. איצט אָבער, אַז גאָלדפֿעלד האָט פּלוצלינג אָנגעהויבן צו פּראָ־טעסטירן קעגן לאָקשינסקיס נישט אָפֿטע באַזוכן פֿון זיין פּרי דאָ אין דער וווינונג (גאָלדפֿעלד האָט קודם־כּל מורא געהאַט, אַז ס׳איז געפֿערלעך צו לאָזן צו זיך אַריינקומען „אַזאַ לינקן...") האָט די מאַדאַם גאָלדפֿעלד חושד געווען, אַז דער מאַן איז ער־גאַנגען עפּעס וועגן איר „חבר" זיך מיט לאָקשינסקין אויף דער זומער־וווינונג און פֿון וועמען קען ער דאָס האָבן געוווּסט אַוודאי? מסתמא פֿון זיין שוועסטער. מירל האָט דאָך דאַמאָלס זיך אויפֿ־געהאַלטן נישט ווייט פֿון איר ווילע בײַ בענדעטן. און הגם מאַדאַם גאָלדפֿעלד האָט זיך נישט אַזוי שטאַרק געשראָקן, אַז דער מאַן וועט זיך אַ ביסל דערוויסן פֿון אירע זומער־וווינונג־מעשׂים (זי קען זיך שטענדיק אַרויסדרייען און בלייבן טרוקן...) נאָר אויף מירלען האָט זיך אין איר אָנגעצונדן, זיך צעפֿלאַמט... זי האָט גאָרנישט קיין חשק געהאַט זיך צופֿיל דעם קאָפּ צו ברעכן. אפֿשר איז דאָ מירל גאָרנישט שולדיק און בכלל דער מאַן — אפֿשר ווייסט ער גאָרנישט פֿון דעם. וואָס זי מיינט? — זי האָט באַשלאָסן מירלען פּטור צו ווערן.

מאַדאַם גאָלדפֿעלד האָט אין אַזעלכע פֿאַלן נישט ליב קיין האַלבע אָפּגעטוענע זאַכן. ווי לאַנג זי איז געדולדיק געווען און געשוויגן — האָט זי געשוויגן. איצט אָבער האָט זי זיך פֿאַר־מאָסטן אויף מעשׂים! איז אַז זי וועט פּשוט אַרויסווייזן אומצו־פֿרידנקייט מיט מירלס דאָ זיין — וועט זי אויך אָהיימפֿאָרן. אָבער וואָס איז די פּעולה? אין אַ פּאָר וואָכן אָדער חדשים,

װעט זי װידער צוריקקומען. ניין! מאַדאַם גאָלדפעלד האָט זיך פאַרמאָסטן מירלען אַזוי פּטור צו װערן, עס זאָל זיך איר שוין קיינמאָל מער נישט פאַרגלוסטן אַהערצוקומען. און ער, דער מאַן אירער, זאָל זיך שוין נישט אונטערשטעלן דער פרוי אַזעלכעס גאָר פאָרצולייגן. —

מאַדאַם גאָלדפעלד האָט פאַרטיק געהאַט אַ פּלאַן, זי האָט נאָר געװאַרט אויף אַ גינסטיקער מינוט איר פּלאַן אויסצו-פירן.

װי בעװיינטלעך — אום צו פאַרדעקן איר כּוונה — איז מאַדאַם גאָלדפעלד עטלעכע טעג פאַרן אויספירן איר פּלאַן, גוט געװען, װייך געװען צום מאַן, און אויך צו זיין שװעסטער; זיי-ער זיס איז זי געװאָרן. מירלען האָט זי אפילו פאַרגעלייגט איינמאָל אינאָװנט מיטצוגיין מיט זיי אין קינאָ. נאָר מירל האָט זיך, װי בעװיינטלעך אין די פייכטע האַרבסט-אָװנטן, געפילט נישט איבעריק געזונט און לויט דעם ברודערס עצה, איז זי אינדערהיים געבליבן און נישט אויסגענוצט דער שװעגערינס פּלוצלינגדיקע גוטסקייט.

אין איינעם פון אָט די מאַדאַם גאָלדפעלדס „גוטע" טעג, איז איינמאָל שיער אויסגעבראָכן אַ מחלוקה צװישן מאַן און װייב. איז זי, מאַדאַם גאָלדפעלד, געװען די ערשטע נישט צו מאַכן דערפון קיין געברויך און דער שלום-בית איז צוריקגע-שטעלט געװאָרן אָן שום ברוגזל.

דאָס איז געװען מיטאָג-צייט. בשעת אַלע זענען געזעסן אין עס-חדר אַרום טיש און געגעסן מיטאָג, איז אַבראַמזאָן — דער שפּעקולאַנט מיט די װייסע אויגן און פאַרשװירענע װאָנ-סעלעך — געקומען אַריינצולויפן גלייך אין עס-חדר מיט אַ גע-שריי צו גאָלדפעלדן:

— איר זאָלט מיר שוין צוריקקערן מיין געלט — אויב נישט — װעט איר האָבן צו טון מיטן קאָמיסאַר!

אַבראַמזאָן האָט געװידלט גאָלדפעלדן, געשריגן און גע-סטראַשעט, און אַז גאָלדפעלד האָט זיך נישט געאײַלט אים צוריקצוגעבן דאָס געלט פון געקויפטן „עסענץ" האָט אַבראַם-

זען געעפנט די טיר און איילִיק זיך געלאָזט לויפן צום קאַסי-
סאַר, וועלכער איז דער ממונה אי ערן „קאַמף מיט ליכוידע און
שפעקולאַציע". דעמאָלט האָט מאַדאַם גאָלדפעלד א ברום געטאָן
צום מאַן: „וואָס וואַרטסטו אויף נסים? רוף אים צוריק און ווער
פאַרטיק". האָט זיך טאַקע גאָלדפעלד דערהויבן פון טיש, אַרויס-
געלאָפן, צוריקגערופן אַבראַמזאָנען און אים נאָכגעגעבן, וואָס ער
האָט פאַרלאַנגט... און אַז אַבראַמזאָן איז אַ ביסל שפּעטער אַ
צופרידן-געשטעלטער מיטן צוריק-געקערטן געלט אין טאַש
אַוועקגעגאַנגען, האָט מאַדאַם גאָלדפעלד אַזאַ ביטולדיקן שאָקל
געטאָן מיטן קאָפּ אויף דעם מאַן אירן, ווי אויף עפּעס אַ לאָ-
יצלח:

— יעדער איינער קען אים אַריבער.

גאָלדפעלד האָט פאַר כעס צוליב איר זאָג אַ שאַר אַוועק
געטאָן פון זיך דעם טעלער לאָקשן מיט יויך, דערויף
האָט מירל זיך דערלויבט צו מאַכן דער שוועגערין אַ באַמער-
קונג:

— האָסט דאָך אַליין געהייסן צוריקרופן און פאַרטיק
ווערן —

מאַדאַם גאָלדפעלדס אויגן האָבן גענומען בלישטשען ווי
פרישער ליאַן-אייל אויף דער זון און מיט אַ גרינלעכן צו-גלאַנץ,
וואָס דאָס זאָגט אָן אַ געוויטער אָבער אין דער רגע האָט זי
זיך עפּעס באַזינען: „איך מאַך דאָך נאָר אַ שפּאַס" — האָט זי
געזאָגט און אַ שמייכל געטאָן. און דעם מאַן האָט זי צוריק צו-
גערוקט דעם טעלער. דאָס איז געווען אַזאַ זעלטנהייט,
אַז גאָלדפעלד האָט גלייך פאַרגעסן זיין ברוגז און גענומען
עסן.

אָבער אין אירע אויגן איז ווייטער געבליבן דאָס געלע
פּ עמ? מיטן גרינלעכן צו-גלאַנץ און ס'איז געווען אויסטערליש
צו באַטראַכטן אירע מענטשן-פרעסערישע אויגן און דאָס ווייער
זיסע שמייכעלע אויף איר ברייט מויל און צוגעפּאַרבטע ליפּן.

און אַזוי איז זיך שטיל אָנגעשווימען דער לעצטער טאָג
סיכום, וועלכער איז היי יאָר אויסגעפאַלן זונטיק. צוליב דעם

יִדישן און קריסטלעכן רו טאָג. איז דאָס געווען גענײען פּאַר־
מענטש און די „מענטשן" זענען אָפּגעלאָזט געוואָרן אויף אַ גאַנצן
טאָג.

ווען מהאָט זיך געזעצט צום מיטאָג, איז מאַן און ווײַב
עפּעס געווען ווי ברוגזלעך; אַן אָנגעצויגנקייט האָט זיך צווישן
זיי געפילט. פריער אַ ביסל, ווען מירל איז געקומען פון גאַס,
האָט איר די דינסט איבערגעגעבן, אַז די פּאַני האָט היינט איר
„גאָדזשינע": זי האָט שוין דעם פּאַן אַ ביסל אויפגעשפּילט"...

בײַם מיטאָג עסן, האָט זיך אַלץ גענײערט ווי געווײנטלעך,
מיט דעם אײנציקן אויסנאַם, וואָס מאַן און ווײַב האָבן גאָרנישט
גערעדט. און צוליב דעם, וואָס די „הויפּט קעפּ" בײַם טיש, האָבן
עקשנותדיק געשוויגן האָט זיך געפילט אינגאַנצן אַן אָנגע־
שטרענגטקייט, ווי טײלמאָל אין אַ זומער הייסן זומער נאָכמי־
טאָג..

נאָכן פליש, בײַם עסן די „שפּייזע", איז געקומען דער
ערשטער בליץ און באַלד דערנאָך — דער דונער.

די מאַדאַם גאָלדפעלד, האָט געהאַט ליגן אין שופלאָד פון
קליידער־שאַנק, וואָס מיט דער שפּיגל־שויב אין דער טיר, אַ
היפּשע סומע געלט, איבער הונדערט אַמעריקאַנישע דאָלאַרן האָט
זי דאָ געהאַט ליגן. אײערנעכטן און אפילו נעכטן, איז די סומע
נאָך געלעגן דאָ. היינט אינדערפרי — שוין נישט. און די שליס־
לען פון די שענק און שופלאָדן, האָט קיינער נישט מער אַ חוץ
זי, די באַלעבאָסטע, און... מירל. און נעכטן אָוונט, איז זי און
ער, דער מאַן, שפּעט אַהיימגעקומען... מירל האָט זיי עפּעס נישט
געקענט גלײַך קוקן אין די אויגן, געזאָגט, אַז דער קאָפּ טוט איר
וויי און היינט אינדערפרי, נאָך אײדער מאַדאַם גאָלדפעלד האָט
זיך אַרומגעקוקט, איז מירל פאַרשוווּנדן פון שטוב און צוריקגע־
קומען ערשט האַרט פאַרן עסן מיטאָג...

מאַדאַם גאָלדפעלד האָט נישט דאָס אַלץ אַזוי דײַטלעך
גערעדט דאָ יעצט בײַם טיש. איצט האָט זי איבערגעחזרט בלויז
ביזן אָרט, אַז זי און דער מאַן זענען נעכטן שפּעט אין אָוונט
אַהיימגעקומען. די צווייטע העלפט, אַז מירל האָט זיי נעכטן

נאָכן עפּענען די טיר נישט בעקענט קוקן אין די אויגן און ווײ-טער... האָט זי געזאָגט דעם מאַן פריִער, פאַרן מיטאָג. דער מאַן האָט איר דערויף עפּעס געענטפערט, באַשיצט זײַן שוועס-טער — און דערפון האָט זיך עס גענומען זייער אָנגעשטרענגט-קייט בײַם טיש.

איצט, נאָך אָט דעם „ראַפּאָרט" דער מאַדאַם גאָלדפעלדס איז בײַם טיש געוואָרן נאָך שטילער ווי ביז אַהער. גאָלדפעלד האָט זײַנע אויגן אַ שאַרף, שטעל אָן געגעבן אויף דער שוועס-טער. זיין, אין אַזעלכע זאַכן געניט אויג, האָט אים באַשטעטיקט דאָס, וואָס ער האָט וועגן דעם געקלערט נאָך פריִער, ווען דאָס ווײַב האָט אים דאָס צו וויסן געטון, אַז עס איז אַ בלבול. און זעענדיק ווי זײַן שוועסטער, האָט אַזאַ הענג אַראָפּ געטון דעם קאָפּ, ווי אַ פאַרוואָרלאָזט שאָף, האָט אים אַ ציפּ געטון בײַם האַרץ. און ער האָט אַ פרעג געטון דאָס ווײַב:

— פאַרוואָס עפּעס איז אַזאַ היפּשע סומע געלעגן דאָ אין שופלאָד און נישט אין דער אײַזערנער קאַסע?

דערפילנדיק אין ברודערס כמעט איראָנישן טאָן צום ווײַב, אַז ער באַשולדיקט זי נישט, האָט זיך פון מירלס ברוסט שווער אַרויסגעריסן אַ דערלײַכטערונגס-זיפץ. זי איז בײַ זיך פעסטער געוואָרן. נאָר צוזאַמען מיט דער פעסטקייט, איז אין איר אַרײַנ-געדרונגען די גאַנצע נידערטרעכטיקייט פון דער שוועגערינס בלבול אויף איר און אַן אויסטערלישע צעקאָכטקייט האָט זיך אין איר צעפלאַקערט און די שטענדיק אַלצדינק פאַרשווײַגנ-דיקע מירל, האָט זיך מיט דרייסט-אָפענע אויגן אַ ווענד געטון צו דער שוועגערין:

— מעגלעך, אַז דו געדענקסט נישט. אפשר האָסטו די דאָלאַרן דײַנע אַוועקגעטראָגן אַהין, ווי דו טראָגסט שטענדיק די „מוצאס" געלט, װאָס דו גראַבטשעסט אַרויס פון דער קאַסע?

גאָלדפעלדס אויגן האָבן אויפגעפלאַמט. שוועסטער און ברו-דער האָבן זיך באַגעגנט מיט נצחון-בליקן און דידאָזיקע זייערע איצט שותפותדיקע משפחה-אויגן, אָפּגעשטעלט אויף דער אויס-

געפּוצטער און געפּודערטער מאַדאַם; איר ברייט מויל האָט זיך
אויסגעקרומט, ווי אין קאַנוווּלסיעס, דאָס פאַרריסענע נעזל איז
איר געוואָרן אַזוי שאַרף און שפּיציק ווי אַ שפּיז, די געלע
אויגן האָבן געשפּריצט מיט סם. זי האָט מיט טרייסלענדיקע הענט אַ
כאַפּ געטאָן דעם טעלער, וואָס איז געשטאַנען פאַר איר פון דער
אויפגעגעסענער „שפּייז". געטאָן אים אַ טראַסק אין דער ערד
און — דער שטורעם האָט אויסגעבראָכן.

---

## קאַפּיטל 19.

אײנע אַלײן איז זי געשטאַנען אין קאַמף, די מאַדאַם גאָלדפעלד, אױף איר זײַט האָט זי קײנעם נישט געהאַט און איר קעגנער, מירל, איז טאָפּלט שטאַרקער געװען פאַר איר.

און אַז מאַדאַם גאָלדפעלד האָט זיך געװאָרפן אױף דער סאָפע אין ספּאַזמעס, איז קײנער נישט צוגעגאַנגען זי מונטערן. דער מאַן אירער, אָט דער, װאָס מאַדאַם גאָלדפעלד האָט געגלײבט, אַז העכסטנס װעט ער בלײַבן פּאַסיװ, אָבער דאָך װען װי צום גיכסטן אַרױסצופּטרן פון שטוב זײַן שװעסטער די גנבטע — איז גאָר געװען קעגן איר אין איר קעגנערס זײַט.

— אַרױס פון מײַן שטוב, גנבטע! — האָט מאַדאַם גאָלדפעלד געטופּעט מיטן פוס אױף מירלען.

— דו גײ! — האָט גאָלדפעלד צוריקגעשריגן — מירל אַרבעט, איר געהער דאָ אַלץ, דו גײ אַרױס!

און מירל רעדט צום ברודער פרײ און אָפן, װי די שמע־גערין װאָלט גאַרנישט דערבײ געװען:

— וואָרים דו האָסט דען אַ באַגריף, וואָס ס׳האָט זיך אָפּ־געטאָן אויף דער זומער־וווינונג, וואָס די דאָרטיקע שכנים דער־ציילן זיך אָן?...

און גאָלדפעלד פרעגט:

— און אפשר האָסטו די דאָלאַרן דיר געלאָזט אַרויסגנבע־נען פון לאָקשינסקין? ווער קען דען באַלד פאַרשטיין דיינע מייסע־שטיק?

דערויף כאַפּט מאַדאַם גאָלדפעלד אַ שטויס טעלער און האַקט אָן דער ערד, שליידערט אַ ליאַקירטן בלומענטאָפּ אין דער שפּיגל־שויב פון קליידער־שאַנק; ס׳בראַזגעט און ס׳שיט זיך שערבעלעך און גלאָז, קוויטשעריי ען און קולות שאַלן און טראָגן זיך. די קינ־דער וויינען... אינדרויסן, אין הויף, הינטער די פענסטער, שטייען צוזאַמענגעלאָפענע דינסטן, נייגעריקע שכנים און קוקן אַריין.

מאַדאַם גאָלדפעלד צעפלאַמט און צעפלאָשעט, לאָזט זיך מיט אַ ברען צו מירלען, מיט די הענט גלייך אי־ אין פנים אַריין, קומט אונטער גאָלדפעלד און כאַפּט דאָס ווייב בײַ די אויסגעשטרעקטע הענט. זי רייסט זיך. ער בייגט איר אַהינטער די הענט. זי פּרוּווט אים בייס׳ קען זי נישט. אַ־אַ — ברומט זי, אָבער ס׳גייט נישט, ער לאָזט נישט צו. נעמט זי היסטעריש קוויטשען און לאַכן משונה־דיק, לאָזט ער זי אַראָפּ אויף דער סאָפע, אַלץ נאָך צוהאַלטנדיק זי בײַ די הענט. זי קוויטשעט מיט אַזעלכע איבערנאַטירלעכע קולות, העשעט און ברומט, ווי אַ משוגע געוואָרענע קאַץ און מירל שטייט מיטן רוקן אָנגעלענט אָן דער פּיאַנינע, דאָס פנים ווי בײַ אַ מת, נאָר מיט די צוויי צעשפּילטע שווינדזיכט־פלאַמען אויף די שפּיצבאַקן. און די די דינסט פון דער קיך קומט אַריין מיט אַ גלאָז וואַסער, דערלאַנגט זי דאָס דער פּאַני, לאָזט איר גאָלדפעלד נאָך די הענט, זי זאָל קענען נעמען דאָס גלאָז וואַסער, נעמט זי דאָס גלאָז וואַסער פון דער דינסטס הענט און וואַרפט עס מיטן וואַסער דעם מאַן אין קאָפּ... אינדרויסן פאַר׳ן פענסטער ווערט צווישן די אַריינקוקערס היימלעך, לעבעדיק: דינסט־שיקסעס דערהייבן אַ הוראַ, פאַרמאַכט עמעץ פון דערינען די לעדן, אין דרויסן איז

שוין מער גאָרנישט צו זען, נאָר ס'כאַפּן זיך בלויז אַרויס פאַר־שטיקטע קולות.

---

אויף גאָלדפעלדס א ווינק, האָט זיך מירל אָנגעטון און אַוועקגעגאַנגען פון שטוב. זי איז אַרויפגעגאַנגען צו דער שוועסטער די קיש־ויינען. און דערינען דאָס פאַרפאַלק האָבן זיך נאָך מירלס אַוועקגיין נאָך געקריגט און געריסן, צעבראָכענע טעלער, שאַרבנס און שטיקלעך שפּיגל־גלאָז האָבן זיך געוואַלגערט איף דער פּאָד־לאָגע; דאָס טישטוך איינגעדרייט האָט זיך געוואַלגערט לעבן טיש פאַרבלאָטיקט פון די פיס, וואָס האָבן דערויף געטראַטעוועט בשעת לויפן אַהין און צוריק; שטולן איבערגעקערטע מיט די פיס אין־דערהייך, זענען געלעגן דאָ און דאָרט, ווי אַוועקגעוואָרפענע כלי־זיין — — — מאַדאַם גאָלדפעלד מיט צעשיטע, צעקנאָדערטע האָר, איז, ווי משוגע, געלאָפן אַהין און אַהער צווישן די אומגע־וואָרפענע שטולן און מיט איר הייזעריק קול צערייצט געשטאַמלט.

— די דאַלאַרן־גנבטע, זי וועט דאָ מער נישט אַריינקו־מען!...

און ער:

— אַ גנבטע ביסטו זינט איך האָב דיך דערקענט, און נאָך ערגערס, ווי אַ גנבטע ביסטו, און קומען וועט זי יאָ מירל, איר געהער דאָלאַלך!

און אַז זי גיט זיך אויף אים אַ לאָז מיט די נעגל, שיקט ער איר אַקעגן אַ שטול מיט די פיסלעך פאָרויס, פאַרשטעלנדיק זיך דערמיט, ווי מיט אַ באַריקאַדע.

*

פאַרנאַכט איז גאָלדפעלד אַרויסגעגאַנגען פון שטוב. ער האָט זיך מי געגעבן צוהאַלטן זיין געוויינטלעכע מינע און שטייפן גאַנג.

זעלדע האָט אים אָנגעיאָגט; זי האָט קענטיק אים ערגעץ דאָ אָפּ־געוואַרט און האָט צו וויסן געטון דעם ברודער מיט אַ טאָן, ווי מ'גיט אַן עצה:

— איך וועל נאָך מייטען אויך באַזינגען, זי מוז דאָס האָבן אָנגעדרייט, איר קאָפּ שטעקט דערין...

— גיי — איז גאָלדפעלד מסכּים — און זאָל זי אויך וויסן די מכשפה.

און אין אָוונט, ווי מייטע האָט נאָר היגטן אַרום דאָס געוועלב געעפנט, מוצאי שמחת־תורה, נאָך פאַרן ערשטן „פּאָטשאָנטעק", איז זעלדע די קישטיינען אַריינגעפאַלן. ווי אַ גוט אָנגעשטעלטער וועק־זייגער, וואָס קלינגט אין זיין צייט און שטעלט זיך פריער נישט אָפּ ביז וואַנען ער האָט נישט פון זיך אַלץ אַראָפּגעלאָדנט, אַזוי האָט זעלדע אַרויסגעזאָגט מייטען וועגן דעם, וואָס אירע לייט זענען אַהערגעקומען שנאָרערס, דלפנים און הי זיך אָנגעבי־טשעט מיט איר איינציקן ברודערס פּראַצע מיט זיין בלוט...

און מייטען דאַרף מען דאָך זיכער נישט ערשט „האַקן אונטער דעם צינגל"... נאָר „פאַרהערן" זיך מיט דער קישטיי־נען איצט, ווען דאָס געוועלב טאָר נישט אָפן זיין — זונטיק — און צווישן קונים, האָט זיך איר נישט געלוינט און מיט רעכט... האָט זי בלויז אַ זשוזשע געטון מיט איר קולכל, וואָס קומט פון אונטער דעם האַטשיק־בעזל:

— ברעך די קרענגעס, פּאַסקודניצע, צו אַלדע שוואַרצע יאָר! און מיט דער הילף פון איר מאַן בעריל קרעפּ האָט זי זעלדען אַרויסגעוואָרפן פון געוועלב אין גלייך צוריק די טירן פאַרהאַקט, אַז דאָס אויפן שפּיצקאָפּ זיצנדיקע קאַפּעלושל, וואָס אָן דעם רירט זיך נישט די קישטיינען אַרויס אין גאַס — איז איר פאָרויס געלאָפן, געפלויגן אַראָפּ, אַראָפּ פון די עטלעכע שטיגן אין דער ווייכער בלאָטע אַריין.

האָט שוין זעלדע באַין ברירה איר „אויפשפּיל" ווייטער געצויגן הינטער די פאַרמאַכטע געוועלב־טירן און ס'איז אויך געווען פאַר וועמען; צוזאַמענגעקומענע צוהערער, האָבן ברוך

השם אַפילו דאָ, אין פינסטערן בלאָטיקן דרויסן, אויף נישט גע־פעלט.

און אַז מייטע איז נאָכן פאַרמאַכן די קראָם, געקומען צו גאָלדפעלדן אַ ביסל אַראָפּ־דערציילן אים פון דער שיינער ריינער כּפּרה, וואָס זי האָט היינט צו דער פולער וואָך געהאַט פון זיין שוועסטער די פּאָדלאַטשקע — האָט זי גאָלדפעלד, נאָך איידער זי האָט געהאַט די מעגלעכקייט עפּעס צו זאָגן — אָן שום צערע־מאָניעס, אַרויסגעפּירט הינטער דער טיר, אויף דעם זעלבן אופן, ווי זי האָט דאָס געטון זיין שוועסטער, בלויז נאָר מיטן חילוק וואָס ער, דער אידעם, האָט דאָס געמאַכט אָן עמעצנס מיטהילף און וואָס דאָ איז נישט קיין שטיגן, נאָר גלייך פון געוועלב אין גאַס אַרויס.

קישטיין איז ווי געווייגטלעך מאָרגן געקומען צו דער אַר־בעט (אינדערהיים האָט מאַן און ווייב דערוועגן געהאַט אַ „שטיקל מחלוקה". זי האָט געזאָגט: נישט גיין, ביז שלום וועט הייסן... ער אָבער איז מיטאַמאָל געוואָרן פלייסיק און געטענהט: איך ווייס גאָרנישט. איך גיי און שוין!...) איז קישטיין געקומען, ווי גע־ווייגטלעך יעדן טאָג, צו דער אַרבעט. ווען ער האָט זיך אויסגעטון דעם אויבערראָק און אויפגעהאָנגען ווי שטענדיק לעבן דער קאַסע, איז מאַדאַם גאָלדפעלד אַריינגעקומען פון שלאָף־חדר און פשוט אים געהייסן אַהיימגיין:

— איר וועט דאָ מער נישט אַרבעטן...

האָט קישטיין אויף איר די אויגן אָנגעשטעלט, האָט ער גע־זען: איר פּנים — געל און איבערגעצויגן מיט אַ רויטלעכקייט, די ליפּן — בלוי און די אויגן, ווי אַן אויפגערודערטע ליים־בלאָ־טע. דערווייל איז גאָלדפעלד צוגעקומען. קישטיין, דערזעענדיק גאָלדפעלדן, האָט ער זיך ערשט אויף אַן אמת צוריק אָנגעטון דעם אויבערראָק און זיך אויסגעדרייט אַהיימצוגיין.

— בלייב! — האָט גאָלדפעלד באַפוילן, נישט אַ קוק טוענ־דיק צום ווייב.

— איך ווייס נישט, וועמען כ'זאָל פאָלגן — האָט קישטיין געמאַכט מיט די פּלייצעס.

— איך הייס בלייבן. איך בין באַלעבאָס! — ווער וואָס איז דאָ איבעריק, קען זיך גיין — האָט גאָלדפעלד גאָך פאַרפער געדעט.

האָט זי אים דערויף געענטפערט מיט אַ בייז גיפטיקן לאַך און אַריינגעגאַנגען צוריק אין שלאָף-חדר.

און קישטיין האָט געגרעגערט מיט פּאַריבל. אַ שטייגער, מ׳ציט אים דאָ אַריין אָן זיין הסכמה אין עמעצנס אַ שטרייט.

— וואָס הייס איך, מ׳הייסט מיך בלייבן — בלייב איך. מער גייט מיך גאָרנישט אָן.

און דעם טאָג האָבן זיי זיך נאָך געקריגט די גאָלדפעלדס. דעם טאָג האָבן זייערע צערייצטע קולות געשאַלט אַרויס אין געוועלב די „מענטשן", קישטיין און שפּילמאַן, האָבן זיך פאַר הייטערקייט געבוכעט אין די זייטן:

— הער, ט, הצרסט!... — און זיי האָבן זיך געפּילט, ווי חדר-יינגלעך, בשעת דער רבי זייערער איז פאַרנומען און האָט געשט דעם קאָפּ אויף זיי זיך אַרומצוקוקן.

נאָר דער עיקר מחלוקה איז געווען עטלעכע טעג שפּע-טער — גאָלדפעלד איז אַהיימגעקומען פון גאַס, צוגעגאַנגען צום יינגל זיינעם — באַלעקן — און שטרענג געפרעגט:

— ווער האָט דיך געהייסן נאָכשרייען דער „טשאַטשע" מירל „גנבטע"?

דאָס יינגל האָט באַצייטנס אָנגעהויבן צו וויינען און אָנגעוויזן אויף דער מוטער:

— די מאַמע האָט מיך געהייסן.

האָבן זיך מאַ און הייב גענומען צעווערטלען. האָט ער זי דערמאָנט פון איר מומע יענטל דאָרט אין זייער שטעטל, וועלכע האָט אַליין אָפּגעפירט איר מיירל אויף איבער נאַכט צו איינעם אַן אַלטן, אַן אַלטן בעל-עבירה... — האָט זי דערויף גע-ענטפערט מיט די דריי זייגער, וואָס שטייען אויף דער פּיאַני-נע — צוויי געפּוצטע פּאָרצעלייענע און איין קאַנטיקער מעטאַ-

לענער — אים אין קאָפּ. און אַז אַלע דריי האָט ער קונציק אויסגעמיטן מיט אַ געשיקטן קירעווע דעם קאָפּ האָט זי זיך פאַרמאָסטן מיט דער מלבושים-באַרשט, איז ער צוגעלאָפן, אַרויס-כאַפּן איר די באַרשט פון דער האַנט. דאָ האָט זי אים געפּאַקט און מיט אירע צעקרומטע פינגער זיך אַריינקריגן אין זיין פּנים.

איצט האָבן זיי זיך געשאַרגעט, געפּראַכט און געוויגט און נישט געקענט זיך אָפּרייסן איינער פון אַנדערן. — ער האָט זי געקניפּן און געקוועטשט דאָס דיקע פלייש פון די עלנבויגנס; מיט די פיס האָט ער אויך עפּעס געטון: געטרעטן איר אויף די פיס-פינגער און מתכוון געווען האָט ער זיך, אַז יעדן טריט זיי-נעם זאָל זי פילן. זי אָבער איז געווען איינגעקנעפּט אין אים מיט ליידנשאַפטלעכער גיריקייט, געשאַבן די הויט פון זיין פּנים, געפאָרן מיט אירע נעגל טיף אין זיין פּנים: געדראַפּעט, גע-ריסן, געווונדן, און מיט די ציין איז זי אויך נישט ליידיק גע-שטאַנען: געביסן נישט קלייבנדיק חוה, אומעטום, וווּ ס'האָט זיך נאָר געלאָזט בייסן.

און אַז ער ער האָט מיט זיינע פעסטע הענט אַ כאַפּ גע-טון איר מויל אַזוי קרומלעך, ווי ביי אַ פערד, בשעת מ'ווייל אים קוקן אין פּיסק און די צוויי טיילן מויל אירע, אַזוי קרומערהייט שטייף אויסגעהאַלטן — אַזש זי האָט זיך צעיענקעט — האָט זי נאָך אַלץ נישט נאָכגעלאָזט די נעגל פון זיין פּנים...

די פון קראָם, אויף זייער בייז תוגדער אַריינגעקומענע סוביעקטן האָבן זיי געמוזט פונאַנדעררייסן, און אַ מ'האָט זיי מיט מי צעשיידט, איז ער נאָך כאַמאָל צו אים צוגעפאַלן, און זיך צוריק איינגעגעסן אין אים מיט נעגל און ציין... עטלעכע מאָל האָט מען זיי צעשיידט און יעדעס מאָל איז זי צוריק צוגע-שפּרונגען צו אים. עפּעס אַ מין קרענקלעך פאַרעקשנטע שנאה, ווי אַ ת חוה, האָט איר דאָס מויל פאַרקרומט און זי נישט גע-לאָזט אָפּטרעטן. און ער? — ער איז אויך נישט אָפּגעשטאַנען. ער האָט איר פאַרביסענעם קאַמף, יעדעס מאָל פריש אויפגענו-

מען. זויף איר לײדנשאַפטלעכע שנאה — געענטפערט מיט דעמזעלבן. נאָר ווי אַ מאַנסביל אַ קרעפטיקער און געזונט-בלוטיקער, אָן היסטעריע, פעסט און מיט כוח — זיך אָפּגעוועהרט און נישט אָנגעגריפן.

די צוויי קראָם-„מענטשן" זענען געשטאַנען פאַרגאַפט און דערשראָקן צוגעזען דעם פאַרביסענעם קאַמף צווישן זייער באַלעבאָס מיטן ווייב. שפּילמאַן איז בלאַס געוואָרן ווי קאַלך און ווײַנענדיק זיך אָנגערופן:

— אוי, איך חלש, וואָס װעט דאָ זײַן?

די דינסט, די קריסטין, די אלמנה, װאָס איז די גאַנצע צײַט געשטאַנען אין דער אויפגעפּראַלטער קיך-טיר און שווײַגנדיק צוגעקוקט, האָט זיך שוין אויך אַרײַנגעמישט:

— וואָס איז דאָס? — האָט זי געשריגן — אַזוי שלאָגן זיך מערדער, נישט מאַן און ווײַב. גענוג! וואָרים איך רוף פּאָליציי. —

און זי האָט צעעפנט אַ פענסטער און מיט קולי קולות גענומען שרײַען אויף מענטשן.

דאַמאָלס האָט זיי קישטיין ערשט צעשיידט.

זענען זיי געשטאַנען אײנער קעגן צווייטן. ער — מיט אַ צעשאָבן פּנים און מיט רויט פאַרלאָפן נע אויגן. זי — מיט עפּעס אַזאַ יוגנטלעך זיס-גיפטיק, פרײלעך-טרויעריק שמייכעלע און מיט אַ גאַווערל, וואָס האָט זיך איר געצויגן פון צווישן די אַ ביסל צעעפנטע ליפּן.

נאָך אָט דעם מאָל איז די מחלוקה אײנגעשטילט געוואָרן. זיי האָבן זיך דערנאָך אַרומגעדרייט אין די שטיבן, ווי ווילדפרעמדע מענטשן. דערקעגן די קראָם-מענטשן, קישטיין און שפּילמאַן, האָבן די קעפּ אויפגעהויבן, האָפערדיק, ווי אַז די באַלעבאַטים וואָלטן אַוועקגעפאָרן און אויף זייערע הענט אַלץ דאָ איבערגעלאָזט. . .

אַזוי דער באַלעבאָס ווי די באַלעבאָסטע זענען אָפּגערוקט געוואָרן אויפן צווייטן פּלאַץ. פאַר יוצא וועגן האָבן די סוביעקטן

באַם אַריינקומען זיי צוגעהאָרכן אַ „גוט מאָרגן". אין די שטיבן איז געווען שטיל, ווי נאָך אַן אומגליק.

אַזוי זענען אַוועק עטלעכע טעג. דער ערשטער איז צו זיך געקומען גאָלדפעלד, געטומען טון אין געשעפט, ווי געווייגטלעך, זי אָבער האָט זיך נאָכנישט געמישט אין גאָרנישט. געזעסן אין שלאָף-חדר און דעם גאַנצן טאָג נישט אַרויסגעגאַנגען פון שטוב.

ס'איז איר איצט שוין אַזוי אַלץ געווען גלייכגילטיק, אַז ווען מירל איז מיט אַ טרעגער אַריינגעקומען נעמען אירע זאַכן און מאַדאַם גאָלדפעלד האָט דערינען באַ זיך אין שלאָף-חדר, אָן שום ספק געהערט מירלס קול — איז זי צו מאָל נישט אַריינגעקומען אַ קוק טון, וואָס זי נעמט. ס'איז ווייטער דערינען טויט-שטיל געווען; פון שלאָף-חדר האָט זיך קיין פּיפּס נישט געהערט. אַזוי גלייכגילטיק איז איר שוין אַלץ געווען.

מירל איז אַהיימגעפאָרן אין קליינעם שטעטל צום פאָטער דעם שוחט און שטיפמוטער. גאָלדפעלד האָט מיטגעשריבן אַבריוו צום פאָטער, ער זאָל מירלען נישט קאַרגן פון אַלעם בעסטן, וואָרים ער, שלום, וועט יעדע וואָך צושיקן געלט און מינעראַל-וואַסער אויך, און באַלד פון דער ערשטער וואָך האָט ער נישט קיין וואָרט געהאַלטן.

„יאָ, מאַדאַם גאָלדפעלד האָט געזיגט — מירל האָט אָפּגע-טרעטן, אַוועקגעפאָרן און צוריקקומען אַהער וועט זיך איר זי-כער שוין קיינמאָל מער נישט פאַרגליסטן. אָבער דער זיג האָט זי טייער געקאָסט:

מאַן און ווייב האָבן זיך מער נישט געקריגט, גאָרנישט, קאַלט און אַפּאַטיש האָבן זיי זיך אַרומגעדרייט, אויסגעהוילט,

פּוסט, ווי איינגעפאלענע פענצטערס. ער — אָן פאַרב אין פּנים און מיט אַ סך באַקלעפּטע דראָפּע-פלעקעלעך; זי — אַלט און מיאוס מיט אַ צעקנייטשט געל פּנים, מיט אַ לאַנג גרויער און מיט וואַסערדיקע פאַרשלאָפענע אייגעלעך.

## קאַפּיטל .20

דער שטילשטאַנד אין מסחר האָט אַלץ נאָך אָנגע-
האַלטן.

שוין פינף וואָכן נעמט בענדעס וואָך בײַ וואָך פון גאָלד-
פעלדן געלט אויף צו לעבן. גאָלדפעלד גיט אים דאָס געלט אָן
שום אומצופרידנקייט. פאַרקערט: בענדעס דאַרף אים באַרנישט
צו דערמאָנען. גאָלדפעלד גיט דאָס אים אַליין. יעדן מיטוואָך
אָדער דאָנערשטיק. ער פרעגט נאָך דערבײַ: וועסט גענוג האָבן?
כ׳קען דיר נאָך געבן.

בענדעס זאָגט: גענוג, גענוג. גאָלדפעלד פאַרשרייבט דאָס
געגעבענע אין ביכל, וואָס ליגט אין דער קאַסע, טראָגט עס צרײַן
אויף בענדעסעס קאָנטע. בענדעס מיטן באַקומענעם געלט אין
טאַש, גייט אַהיים אומרויִק. און גייענדיק טרעכט ער זיך אַלץ
דעם קאָפּ צו „דערטאַפּן" מיט זײַן שכל די נעץ, וואָס גאָלד-
פעלד שפּרייט פאַר אים אויס. און דערטאַפּן קען ער זי נישט
און אומרויִק איז ער פאַרט.

אָנהייב זעקסטע וואָך, זונטיק, האָט גאָלדפעלד כלאחר־יד
אַ זאָג געטון צו בענדעסן:

— אויף לייכטע באַדינגונגען, וואָלט איך איבערגענומען די
סחורה פאַר מיין געוועלב. נאָר אַזוי ווי גאָלדפעלדס זאָג איז
געווען פון הינטער דער האַנט אַוועק, אַזוי זיך גלאַט געזאָגט,
האָט אים בענדעס גאָרנישט געענטפערט. און נאָך פאַר עפּעס
האָט בענדעס נישט באַלד געענטפערט: ווייל ער האָט געוווּסט
פון פּראַקטיק, אַז אפילו אויף דעם פּראָסטן פּשוטסטן פאָרשלאָג,
אַז ער קומט נאָר פון גאָלדפעלדס מויל, טאָר מען נישט באַלד
ענטפערן, אָן לאַנגער און גענויער איבערלייגונג.

אין אָט דער זעקסטער וואָך, האָט גאָלדפעלד שוין נישט
געגעבן בענדען דאָס געלט אַליין אומדערמאָנט, בענדעס האָט
באַי, ברירה געמוזט גאָלדפעלדן רעדן דערוועגן און גאָלדפעלד
האָט היינט דאָס ערשטע מאָל געמאַכט אַ קרומלעכע מינע בײַם
געבן דאָס געלט. ער האָט דערביי שטיל אונטערגעברומט:

— און דו קלערסט גאָרנישט, אַז אַזוי איז נישט קיין
תכלית, נישט פאַר מיר און פאַר דיר אויך נישט?

און נאָך אָט דעם מאָל געלט נעמען, דעם צווייטן, אָדער
אויפן דריטן טאָג אינאָוונט, איז בענדעס געזעסן מיט גאָלדפעלדן
שפּעט אינאָוונט אין עס־חדר באַם טיש באַרעכנט די שותּפותע
סחורה און געחשבונט.

דאַכט זיך — גאָר פּשוט: איידער עמעץ אַנדערש זאָל
אָפּקויפן די סחורה, קויפט זי ליבערשט גאָלדפעלד — דער
שותּף. פונדעסטוועגן באַלד אין אָנהייב, ווען זיי האָבן נאָר גע-
האַט געמאַכט דאָס שותּפות, אַז בענדעס האָט געוואָלט אַמאָל אַ
דערגרונטעוועט געבן זיין סוף בײַ גאָלדפעלדן — האָט ער דעם
דאָזיקן סוף אויף אַן ענלעכן אַרט זיך פאָרגעשטעלט... און
דאָך, איצט זיצנדיק מיט גאָלדפעלדן באַם טיש און פאַרטיפנ-
דיק זיך אין די פאַרשידענע חשבונות, האָט בענדעס קיין שום
בייז נישט געזען דערין. פאַרקערט: אים, בענדעסן האָט זיך
פאָרגעשטעלט, אַז איצט וועט ער ענדלעך פריי ווערן אַזוי פון

גאָלדפּעלדס „טובות" — די ביסלעך געלט יעדע וואָך, ווי אויך פון דער אומרויקייט, וואָס דאָס דערוועקט אין אים.

באַם באַרעכענען די פּרייזן פון דער סחורה, איז עס צו־געגאַנגען לייכטער, ווי בענדעט האָט זיך פאָרגעשטעלט. אַז ס'האָט זיך געמאַכט עפּעס אַ האַמפּעריי, האָט גאָלדפּעלד צום מיינסטן אַקצעפּטירט בענדעטס אָנגעגעבענעם פּרייז.

און אָט דעם אָוונט איז צווישן זיי אַלץ פאַרטיק געוואָרן. ס'האָט געהאַלטן גאָלדפּעלד זאָל אויסצאָלן בענדעטן געלט און ווערן דער איינציקער באַלעבאָס איבער דער סחורה. דאָס געבן געלט איז פון גאָלדפּעלדן אָפּגעלייגט געוואָרן אויף מאָרגן.

אָבער צומאָרגנס האָט גאָלדפּעלד אויך נישט געגעבן.

— געלט, האָט ער נישט. און טאַקע:

— זאָל זיך דיר דאַכטן, אַז די סחורה איז נישט פאַרקויפט און ליגט נאָך אין שפּייכלער אַזוי.

און באַלד „פאַלט" גאָלדפּעלדן עפּעס איין.

— סחורה וועסטו דאָך דערווייל באַם איצטיקן שטילשטאַנד סיי ווי נישט קויפן, טאַ לאָז באַ מיר דאָס געלט — איך וועל דיר צאָלן פּראָצענט.

טראַכט בענדעט, טראַכט ער און טראַכט און ער איז לסוף מסכים:

— גוט.

האַלט עס באַ שרייבן וועקסלען.

— ווייסטו גאָר וואָס — מאַכט גאָלדפּעלד בענדעטן אויפ־מערקזאַם אויף אַזעלכעס, וואָס איז אים גאָרנישט איינגעפאַלן — מענטשן באַוואָרענען זיך היינט אַנדערש...

און דאָס „אַנדערש" גיט גאָלדפּעלד צו פאַרשטיין באַ־שטייט דערין, אַז מ'באַוואָרנט זיך, אַזוי ווי אונדזער געלט קען פּלוצלינג ווידער אָנהייבן פאַלן — שטעלט מען אויס די סומע אין אויסלענדישער וואַליוטע, למשל — אין דאָלאַרן.

קומט עס ווידער אויס באַ בענדעטן ריכטיק און ער חידושט זיך, פאַרוואָס גאָלדפּעלד דערציילט אים אַזעל־כעס...

— אָביזר פון דאָלאַרן — פירט גאָלדפעלד אויס — צאָלט מען אַ קלענערן אַ סך קלענערן פּראָצענט.

טראַכט ער ווידער בענדעט און באַשליסט לסוף אַז עס איז גלייכער צו קריגן הייניקער פּראָצענט, אַבי די סומע איז פאַרזיכערט.

שוין אָראָפּגערעכנט די וואַרנגעלטער, וואָס בענדעט האָט בענומען די גאַנצע צייט פון שותפות און באַזונדער די געל-טער, וואָס גאָלדפעלד האָט אים די לעצטע צוויי וואָכן אויס-געבאָרגט (דאָ ברויכט אויס אַ קליינער סכוך — גאָלדפעלד פאַרלאַנגט פּראָצענט...) איצט האַלט עס, גאָלדפעלד זאָל געבן וועקסלען.

— אויף דאָלאַרן — זאָגט גאָלדפעלד — טאָר מען נישט אויסשטעלן וועקסלען. אָן וועקסלען אינגאַנצן איז דאָך אָבער אויך נישט. געפינט גאָלדפעלד אַזאַ עצה, ער וועט אויסשטעלן וועקסלען אין אונדזער וואַליוטע, נאָר באַזונדער, וועט ער באַ-צייכענען באַ זיך אַז, ביכל די סומע אין דאָלאַרן. די וועקסלען זענען נאָר, עס זאָל נישט זיין אָן גאָרנישט צו חיין... הייסט עס. די וועקסלען זענען אויף דער סומע פון אונדזער וואַליוטע. נאָר אין אמתן איז ס דאָלאַרן און פּראָצענט צאָלט ער אויך נאָר ווי פון דאָלאַרן — אַ נאָרמאַלן פּראָצענט...

און אַזוי איז עס געבליבן.

דאַמאָלס, ווען דאָס „געשעפט" איז געשלאָסן געוואָרן און בענדעט איז פון שותף געוואָרן איינער פון יענער גרויסער מאַ-סע, וואָס אַליין זענען זיי, הייסט עס, נישט „פּעניק" צום איצטיקן פּיפּיקן מסחר — גיבן זיי אַוועק זייערע גראָשנס די „קנאַפּ-שטיק", די גאָלדפעלדס... יענע זאָלן מיט זייער געלט „רוען" און זיי צאָלן צינזן. ווען אָט דאָס געשעפט איז צווישן זיי געשלאָסן געוואָרן, איז שוין געווען טיף נאָך סוכות. די האַרבסט מרה-שחורה האָט געקוקט פון יעדן ראַנג גאַס און אין הייזל דאָרט אין עק קוואַרטאַל, האָט דער דלות זיין, מאַכט באַוויזן.

דעם אַרבעטסלאָזן מויערערס צוואַנציק-יעריקן טאָכטער,

וואָס האָט שוין אַ גאַנץ יאָר געפּאַכעט מיט דער נשמה, איז ענדלעך אין אַ פאַרהאַלבער נאַכט אַוועקגעשטאָרבן.

— ס'איז איר — האָט די מוטער, די איינגעהויקערטע קורזיכטיקע באָבע, אינדערפרי דערציילט — ס'איז איר נעכטן אויפדערנאַכט אַ סך לייכטער געווען. מיר האָבן געמיינט, אַז די קרענק האָט זיך איבערגעבראָכן און איצט וועט איר שוין כסדר בעסער ווערן. זי האָט געבעטן, מ'זאָל איר ברענגען וויין, „אַך, אַ ביסל וויין" האָט זי געזאָגט, אַז איך וואָלט איצט אַראָפּגע-טרונקען אַ ביסל וויין...״ האָט איר איינער געברענגט אַ פלעשל לימאָנאַדע (לימאָנאַדע איז דאָך אויך אַזוי גוט ווי וויין) גוטע רויט־קאָלירטע לימאָנאַדע האָט ער געברענגט פון דער פּריצי-שער שענק. מיר האָבן זי אַ ביסל אויפגעזעצט און איך האָב איר צוגעטראָגן צום מויל אַ פול גלאָז לימאָנאַדע, אַזש עס האָט נאָר אַזוי געקאָכט — און ווי זי האָט נאָר אַ ביסל אָפּגעזופּט, איז זי צוריקגעפאַלן, פאַרדרייט די אויגן און שוין טויט געווען...

ס'איז געווען באַ דעם מויערער נישט אַזוי פיל טרויעריק געשעעניש, ווי יום־טובדיקע צעטראָגנקייט: ס'וועלן קומען מענטשן אָנקוקן די געשטאָרבענע, מ'דאַרף צוראַמען דאָס שטיבל, אָנטאָן די טויטע און זי ווייסט נישט, ווי זיך איינע אַליין מיט אַלעם אַן עצה צו געבן.

איז זי שוין געווען געשטאָרבן דעם מויערערס צוואַנציק־יעריקע טאָכטער די שווינדזיכטיקע. באַנאַכט האָבן איבערן הייזל געשאָלט כאָר־געזאַנגען. דאָס האָט מען מיט הייליקע לידער באַגלייט די נשמה אויף איר וועג אין הימל. און צום מאָרגן איז שוין דאָס שטיבל געווען יום־טובדיק צוגעקליבן, גרייט אויפצו-נעמען די באַזוכער, וואָס וועלן קומען אָנקוקן די געשטאָר-בענע.

די טרומנע איז נאָכנישט געווען. דער מויערער מיט די פלאַקסענע וואָנסעס איז נאָכנישט געווען צוריקגעקומען פון זיין אַרומוואַנדערן איבער די דערפער באַ די פאַרמעגלעכע קרובים, אים אַרויסצוהעלפן, ער זאָל קענען דער טאָכטער זיינער מאַכן אַ לייטישע לוויה.

ערשט אויפן דריטן טאָג איז שוין אַלץ געווען. די געשטאַר־בענע — דאָס פנים דיק אָפּגעמעלט — איז געלעגן אין דער אַל־בער טרומנע, אָנגעטאָן אין אַ ווייס קלייד, אויפן קאָפּ אַ שלייער ווי אַ כלה צו דער חופה. די שטאַרק געשוואָלענע פיס אין ווײַסע זאָקן, זענען געווען אַרייַנגעשטופּט אין פּוינישע שוואַרץ־לעדערנע שיך, די אויגן פאַרמאַכט, די הענט צוזאַמענגעלייגט אויפן האַרץ און צווישן די אָנגעשטעלטע פינגער אַרייַנגעשטעקט אַ הייליק בילדל.

איז געווען אַ לוויה מיט פּענער. אַן אָרגאַניסטער האָט מיט־געהאָלפן דעם כאָר זינגען רעקוויעם. אַ גלח איז אויך געווען (דער מויערער האַלט זיך פאַר אַ יחסן — שטאַמט פון שלאַכ־טע ...) די לוויה איז געגאַנגען מיטן ראַנד וואַלד צום צמענ־טאַזש פאַר אָרימע. די הייזל־איינוווינער זענען אַלע מיטגעגאַנגען און פון באַלד הינטער די טרומנע־טרעגערס. האָט יידלדיק צוגע־לויכטן די איינגעהויקערטע באָבע די מויערערין, טראָגנדיק אויף איר קאָפּ דער פּערשטאָרבענערס ליכטיק ראָזע וואָלן קאָפּ־טיכל.

זי, די מוטער, האָט אַ פּנים שוין נישט געקענט לענגער חאַרטן מיט דער איר צוגעפאַלענער ירושה, דאָס העל־ראָזע קאָפּ־טיכל, און זיך דערין אויסגעפוצט צו דער טאָכטערס לוויה. —

זענען די הייזל איינוווינער מיטגעווען אויפן צמענטאַזש, אַז זיי זענען צוריקגעקומען, איז שוין געווען אָוונט. דער מויע־רער האָט געדאַנקט די אָנטיילנעמער. די נאַכט איז פאַרגאַנגען. אַ טאָג איז אָנגעקומען, אַ האַרבסט־טאָג. אַזוי זענען געגאַנגען איי־נער נאָכן אַנדערן טריבע נאַסע און ווינטיקע טעג. די איינווױ־נער זענען געגאַנגען אין וואַלד קלויבן צווייגן און געציטערט פאַרן וואַלד־וועכטער מיט זיין שטעקן און הונט לעבן זיך.

מינע פינקל איז געווען אַן אַ פּאָסטן, בענדעט האָט געלעבט פון ד״ם. וואָס גאָלדפעלד צאָלט אים פון זיין סומע. און אָט איצט דאָס געלט, האָט גאָלדפעלד שוין נישט אַזוי לייכט גע־צאָלט, ווי דאַמאָלס „פּרייוויליק". בענדעט האָט אים ערשט גע־

מוזט דערמאַנען, אַז ער דאַרף אים געבן געלט און טיילמאָל עט-לעכע מאָל דערמאַנען. און גאָלדפעלד האָט יעדעס מאָל באַם געבן דאָס געלט, געהאַט עפּעס צו זאָגן: „דו מאָנסט ווי אַ קאָזאַק. קערסט אוודאי מיינען, אַז דו האָסט מיך גליקלעך געמאַכט מ'שטיינס געזאָגט".

אָדער:

די סחורה ליגט נאָך אין שפּייכלער און איך צאָל פּראָצענט פון אַ פּגר...

און פונדעסטוועגן — סחורה האָט ווידער גענומען שטייגן, שריטחייז גיין אינדערהייך. דער קרעמער לעבן הייזל אין עק-שטאָט-קוואַרטאַל, דער גוי מיט שוואַרצע וואַנסעס און שטשור-אייגעלעך — פאַן מיקאָלאַיטשיק — ווערט פון טאָג צו טאָג אַלץ פעסטער מיט זיין קרעמל סחורה. די קראָם איז כמעט ליידיק, וואָס דו ווילסט קויפן — האָט ער נישט. אָבער פאַר דעם „אמתן פּרייז" איז אַלצדינק דאָ. דאָס האָט ער נאָך ליגן אַ רעשטל; דאָס ווידער האָט אים עמעץ אַריינגעגעבן צו פאַרקויפן און ער פאַר ויפט דאָס פאַר יענעם, ער האָט נישט דערפון באַרנישט... און אַ ליאַדע וואָס, אַ קונה פּרוּווט פון עפּעס אָפּדינגען, האָט ע שוין דער קרעמער זיין נוסח: אי בין נישט קיין זשיד, אין מיין געוועלב פּאַסקעוועט מען נישט...

ניין, ער „פּאַסקעוועט נישט" דער גוי מיט די שוואַרצע וואַנסעלעך און שטשור-אייגעלעך. ער פּאַסקעוועט און ער פאַר-שטייט זיין ראָל גוט צו שפּילן. אַז די קריסטלעכע קונים קרו-מען די בעז אויף די פּרייז שטייגערונג, האָט ער זיין לידל:

— אַלץ די זשידעס. זיי מאַכן עס דעם יקרות.

גייט די אלמנה' כּיבקל אין געוועלב קויפן מעל אויף מי-טאָג, ביט איר דער קרעמער אַ פּרייז, דערשרעקט זי זיך, וואָ-רים די פּרייז איז טאָפּלט, ווי זי האָט אַנומלט געצאָלט — גייט זי אַרויס מיט דער דעה אַ גיי צו טון אין אַ צווייט געוועלב. אָבער שוין אין מיטן וועג באַזיגט זי זיך, אַז מן הסתם איז אין צווייטן געוועלבל אויך נישט ביליגער און אַ שטיק וועג איז אויך, גייט זי צוריק אין ערשטן געוועלב. און ווי זי קומט אַריין, מיינט

דער קרעמער — פאַן מיקאָלאַיטשיק — אַז זי איז שוין געווען אין צווייטן געוועלב און דאָרט וויל מען נאָך טייערער. מאַכט ער נישט קיין צערעמאָניעס, כאַפּט די „ביטרע" זשידיוקע באַם קאַרק, וואַרפט זי אַרויס פון געוועלב און פאַרמאַכט הינטער איר די טיר:

— באַשווינדלען גיי דײַנע זשידעס נישט מיך, אַ קאַטאָליק

און די אָנגעזאַמלטע קונים אין קראָם — באַבעס — גיבן דעם קרעמער גערעכט און זענען אויך אין כעס אויף דער זשידוקע, וואָס זי איז געקומען צו אַ קריסט אויסגענאַרן און זיי שטימען אים צו:

— אַלץ די זשידעס...

אפילו אין דעם, וואָס דער שטאַרק רייכער גוישער בעקער, פאַרקויפט ברויט טייערער ווי אין שטאָט, זענען אויך שולדיק די זשידעס — דער בעקער טרייבט די מיט יקרות אומצופרידענע ברויטקויפער:

— זיי וועלן זיך נאָך דערוואַרטן גאָטס שונאים..

און די אַרומיקע קונים שאָקלען צו די פאַרכמאַרעטע קעפּ:

— יאָ, זיי וועלן זיך דערוואַרטן, דעם שווערן קולאַק וועלן די זשידעס זיך דערוואַרטן.

## קאַפּיטל 21.

דער איצטיקער ברוגז צווישן מאַן און פֿרוי גאָלדפֿעלד, האָט אין היפּוך צו אַלע ביז איצטיקע ברוגזן — גאָרנישט לאַנג אָנגעהאַלטן.

נאָך דער לעצטער גרויסער מחלוקה, ווען מאַן און ווײַב געבליבן הייל, ווי אויסגעשליידיקטע זעק, פּוסטע, אײַנגעפֿאַלענע פּענכערס — זי האָט די ערשטע עטלעכע טעג נאָך דער מחלוקה עפּעס יאָ נאָך געפֿירט אַ קריגס-צושטאַנד-שטימונג זי איז אָבער באַלד אָפּגעשוואַכט, געוואָרן אַפּאַטיש און גלײַכגילטיק, ווי אַן אָפּגעלאָשענע קויל, ווי אַן אויסגעקילטער סאַמאָוואַר.

יאָ, אין איר אינעווייניק האָט עס מן הסתם נאָך געבוג גיזאָטן; איז זי דאָך עפּעס דער מאַמעס מײַטעס טאָכטער און אַליין, אייגנס, פֿאַרמאָגט זי דאָך אויך נאָך עפּעס — אָבער דאָס קראַנקע בלוט אירס איז געווען דערשעפּט; איר אימפּעט און קריגערישע ענערגיע זענען אויסגענוצט געוואָרן ביזן סוף — זי איז געווען פֿולשטענדיק אויסגעצעפּט.

ער ווידער איז פֿון באַלד נאָך דעם געשלעג גרייט געווען

אויף שלום און אַז ער האָט עטלעכע טעג שפּעטער דערזען, אַז פון איר פּנים איז אַראָפּ די פאַרביסענע קריגערישקייט, האָט ער אויך אַוועקגעוואָרפן די אָנגעשטרענגטקייט און דער ברוגז האָט אַנגענומען דאָס אויסזען פון ערב שלום מאַכן.

אָפיציעל שלום געוואָרן זענען זיי באַם ויפן דאָס הויז; ווען דעם הויז האָט גאָלדפעלד שוין לאַנג געפירט אונטערהאַנד-לונגען. ס'איז געווען נישט טייער און אויף גוטע באַדינגונגען. דאָס הויז איז פאַרשריבן געוואָרן אויף מאַן און פרוי גאָלדפעלדס נעמען, זענען מאַן און פרוי אויף איין דראַזשקע געפאָרן צום „רעיענט" צום אָפּשרייבן און אַז זיי זענען צוריקגעקומען פון „רעיענט", האָבן זיי שוין גערעדט — שלום געווען.

און אַז גאָלדפעלד איז שלום געוואָרן מיט דער פרוי, האָט ער נישט געוואָלט ליידן, אַז דער מינדסטער שאָטן זאָל שטערן דעם פרישן אויפגעשטעלטן שלום-בית — איז ער קודם ברוגז געוואָרן מיט זיין שוועסטער זעלדע — ווייל זי האָט באַליידיקט זיין „שוויגער-מוטער". ער האָט איר באַפוילן דורך קישטיינען, זי זאָל זיך נישט אונטערשטעלן אַהינצוקומען. און אַז זי איז איינמאָל פאָרט יאָ אַריינגעקומען מיטן מיטאָג פאַר איר מאַן, ווייל אין געוועלב איז געווען אַ סך צו טון און קישטיין האָט נישט קיין צייט געהאַט אַהיימצוגיין עסן — האָט גאָלדפעלד אויף איר אַזאַ קוק געטון מיט זיינע שפּיציקע שטאָל-גלאַנציקע אויגן, אַז זי האָט שיער אויפן אָרט עפּעס אָוועקגעקריגן. האָט זי דאָס טעפּל עסן אַ שטעל אַנידער געטון באַלד בײַ דער טיר אויף דער ערד און אַרויסגעלאָפן פון געוועלב אַ צעפּלאַ-טערטע.

און אַז גאָלדפעלד איז צוריק געוואָרן שלום מיט דער פרוי, האָט ער זיך שוין געפילט אינגאַנצן אין אָרדנונג מיט דעם. וואָס ער האָלט נישט וואָרט און שיקט נישט דעם פאָטער אַ פרוטה, נישט אויסצוהאַלטן מירלען, נישט געלט און נישט מינעראַל-וואַסער; איצט האָט ער איינגעזען, אַז ער דאַרף טאַקע גאָרנישט שיקן פאַר דער קראַנקער שוועסטערס וועגן:

„האָט זי נישט געדאַרפט אָנמאַכן אַ מחלוקה צווישן מאַן

און ווייב", האָט ער זיך געפלייסט אויסצוגראָבן אין זיך אַ כּעס אויף מירלען, זי האָט געדאַרפט בראָגיען פאַרשווייגן (וואָס מ'גנבֿשן פאַרשווייגן אַלץ זייענדיק בײַ עמעצן) און ווער ווייסט? אפשר איז די מעשה מיט די דאָלאַרן טאַקע נישט קיין ליגנט? יעדער אָרימאַן איז אַ גנבֿ

אַזוי האָט גאָלדפעלד אין זיך געוועכטספּאַרטיקט זיין כּעס אויף מירלען. אויף דעם פּאָטערס נאָכאַנאַנדיקע בריוו און בקשות, אַז מירל גייט אויס ווי אַ ליכט, האָט גאָלדפעלד פּונקט אַזוי נישט געענטפערט, ווי ער ענטפערט נישט אויף די בריוו פון זיין פּאָלוואַרק־שותּף זעליק הערש צימעס, וועלכער הערט נישט אויף צו באָמבאַרדירן מיט בריוו, אַז גאָלדפעלד באַראַבעוועט דעם פּאָלוואַרק...

מיט דעם ווייבס משפּחה איז איצט גאָלדפעלד חידפּר גוט. ער פאַרטראָגט זיך מיט זיי אַזוי גוט, ווי נאָך קיינמאָל נישט. בערל קרעפּל קומט איצט אָפטער צו גאָלדפעלדן (מייטע קומט ווינציקער. זי וויל נאָכנישט מוחל זיין דעם איידעם, וואָס ער האָט זי מוצאי יום־טובֿ אַרויסגעוואָרפן) בערל קרעפּל דערוועגט זיך איצט, מיט זיין פּאַנפּאָוואַטע קול, אַ־מאָל אַ זאָג צו טון דעם איידעם, למשל:

— וואָלסט זיך שוין געמעגט פון דאַנען אַוועקציִען נעענטער צום האַנדלס־צענטר. עפּענען אַ געשעפט ווי ס'דאַרף צו זיין און אַ דירה אַ גרוימערע...

גאָלדפעלד בײַ זיך ווייסט, אַז אים לוינט נישט איצט צו־טוישן די דירה און דאָס געשעפט אַרויסצורוקן אין דער האַנדלס־גאַס — לוינט אים אויך נישט; וואָרים שטייגט סחורה, טרעפט מען צו אים דאָ אויך אַריין, פאַלט — איז אַלץ איינס ווו מען ווינט. דעריבער אָבער לוינט אים טאָפּלט נישט דעם שטאָטישן טאָג סטראָט די אויגן אויפצוררייסן און אפילו דער יידישער גמי־בע אויך נישט. נאָר מיט בערל קרעפּל דעם לעקיש וועט זיך דאָך גאָלדפעלד נישט אַנידערזעצן אויסשמועסן זיינע אינטערעסן, ענטפערט ער קורץ:

— מ'טרעפט דאָ אויך צו מיר אַריין.

און אַז בערל קרעפּל לאָזט נאָכנישט נאָך און סטאַרעט זיך באַווייזן, אַז אין האַנדלס־צענטער איז פאַרט בעסער: דער — „פּליט״ אינדערהיים, אַז ס'איז גאָרנישט משער צו זיין זיין עשירות; יענער ווי־ער קויפט שוין כאָטש ס צענטע הייז — קען זיך גאָלדפעלד מער נישט איינהאַלטן און זאָגט אים אַן אום־צופרידענעם פאַרקנייטש דעם שטערן:

— דעם נישט באַקומענעם נדן, האָב איך אויך נאָכנישט צוגעלייגט...

נאָך אַט אַזאַ „ווײַש״ שווייגט ער שוין דער שווער, ווי יאָרקעס הונט.

בערל קרעפּל איז איצט אַרייַנגעקומען צו דער טאָכטער וועגן אַן ענין. עס האַנדלט זיך דערין, וואָס דאָרע, בראָניעס שוועסטער, וועלכע אַרבעט אַלס ביוראַליסטקע אין דער רעזי־דענץ, וויל אָנקומען עפּעס אויף קורסן. איז זי אָבער אַ ביסל צו אַלט דאָרט אָנצוקומען, האָט זי בריוולעך פאַרגעלייגט, די יינגערע שוועסטער אידזשאַ זאָל זיך מיט איר טוישן די מעט־ריקעס. אידזשאַ האָט אָבער נישט קיין חשק דאָס צו טון:

— עלטער ווערן זאָל איך גאָר! — זאָגט אידזשאַ — אַנ־דערש־ווי סטאַרען זיך עלטערן די קינדער יינגער צו מאַכן...

זי וויל נישט אידזשאַ, בשום אופן וויל זי נישט טוישן מיט דער עלטערער שוועסטער די מעטריקעס, דאָרע דאַרף אָבער פאַר־ווערן יינגער; איר אָנקומען אויף די קורסן, וועט זיין אַ מעשה אַ שידוך צו טון... בערל שמועסט דאָס אַדורך מיט דער טאָכטער בראָניע גאָלדפעלד. די טאָכטער ווייסט נישט וואָס צו זאָגן: זי וואָלט אפשר יאָ געקענט פועלן בײַ אידזשען. זי וואָלט דאָס שוין אויסגעפועלט — ווייסט זי אָבער נישט, צי דאָס עלטער „ווער״ קען נישט אַמאָל אידזשען שאַדן — זיצט זי שווייגנדיק און טראַכט קענטיק דאָס אַדורך... גאָלדפעלד זיצט בײַם טיש און חשבונט עפּעס. עס דאַכט זיך, אַז ער הערט גאָרנישט דעם פּאַ־טערס און טאָכטערס געשפּרעך, נאָר מיטאַמאָל לייגט ער אַוועק

די פּערד און גיט צו חיסן, אַז ער חעט אַ פּאָר סאָן דאָרט אין שטעטל חו זיי אַלע זענען איינגעטראָגן אין דער „קשענגאַ לוד־נאָשטשי", ער וועט דאָרט אַ רעד געבן מיטן גמינע־שרייבער אָדער טאַקע מיטן „זאָיט" אַליין — וועט אי דאָרע אי אידזשע יונגער ווערן, אויף וויפיל מ'חעט נאָר דאַרפן.

איצט גייט ווידער אַ האָסע. אַלץ גייט אינדערהייך... גאָלד־פעלד האָט ערשט געקויפט אַ הויז און ער האַלט שוין ווידער באַ עפּעס קויפן; מעקלערס יידישע און קריסטלעכע שלאָגן אים אָפּ די טירן; איינער אַ הויכער דיקער קריסט, וואָס זעט אויס ווי אַ טימטום און רעדט יידיש — אַ מעקלער פון הייזער און פּלעצער, שלאָגט גאָלדפעלדן אָן צו טוישן זיין איינשטאָקיק הויז וואָס אויף דער שאָסיי־גאַס. טאָג באַ טאָג קומט ער דער מעקלער, זיצט אָפּ ביז האַלבער נאַכט, ווי עפּעס אַ בטלן און לעכצט נאָך דער מינוט, ווען גאָלדפעלד וועט באַוויליקן מיט אים רעדן וועגן דעם ענין.

גאָלדפעלד באַקירט איצט נישט קיין שום משא־ומתן. מיטן חאַליוטע־האַנדל איז ער איצט אויך אַ נאָנטער, שיקט עטלעכע מאָל טעגלעך קיש־ייננן ערגעץ געוויר ווערן „ווי עס שטייט"... און אַ טעלעפאָן־אַפּאַראַט האָט ער שוין אויך געקויפט. ער דאַרף אים נאָר לאָזן פאַרלייגן. וואַלגערט ער זיך דערוויייל אַרום, דער טעלעפאָן־אַפּאַראַט, אין ערשטן חדר, צווישן די געעפנטע טינען הערינג און זעק זאַלץ.

די מסחר און פאַרדינ־תשוקה האָט זיך איצט אין גאָלד־פעלדן געוואַלטיק צעבערענט. די אלמנה, וואָס וווינט אין זעלבן הויז ווי גאָלדפעלד — אין קעלער — קויפט פאַר אַ טאַרגע־טאָג באַ גאָלדפעלד, אַ ביסל סחורה און שטעלט זיך דערמיט אויפן מאַרק. האָט זי איינמאָל זיך פאַרעדט, אַז זי פאַרמאָגט נאָך צוויי זילבערנע רובלס, האָט גאָלדפעלד נישט גערוט ביז ער האָט פון איר „אָפּגעקויפט" די צוויי זילבערנע רובלס... און אַז די אלמנה איז דערנאָך צוריקגעקומען מיט אַ געוויין צו גאָלדפעלדן, אַז ער

האָט זי גענאַרט מיטן פּרייז: מ'וויל איר אַ סך מער געבן — האָט איר גאָלדפעלד תּחילת גאָרנישט געענטפערט, בלויז בייז די אָנגעקוקט און איר אַן „עצה" געגעבן פון היינט אָן קויפן אַני־דערש־ווו איר ביסל סחורה אויפן טאַרג. ער, גאָלדפעלד, וועט איר מער נישט צובאָרגן, ביז איבערן טאַרג. איין פּרובה אויך נישט נאָר סוף כּל סוף האָט ער דער אָרימער אַלמנה צוגע־וואָרפן צום שוואַכן רובל־פּרייז אַ פּעקעלע ציקאָריע און אַ ביסל וואַש־סאָדע. איז זי זיפצנדיק אַוועק צו זיך אין פייכטן קעלער צו די קינדער.

## קאַפּיטל 22.

האַנדלט איצט גאָלדפעלד אויך מיט וואַליוטע — אָפט קומען צו אים צוויי וואַליוטניקעס אַ געלער און אַ שוואַרצער, ביידע הויכע און ווייניק רעדנדיקע, אָנגעלאָדנט מיט סודות און שעפּטשערייען. גאָלדפעלד פירט זיי בחדרי חדרים אַזש אין שלאָף־חדר און אַז ער קומט צוריק אַריין זענען שוין די וואַליוט־ניקעס אַרויסגעגאַנגען דורך דער קיך און גאָלדפעלד פאַרעסקט זיך צוריק אין קראָם־ענינים.

צוליב דעם וואַליוטע־מסחר גייט אָפט גאָלדפעלד אויף דער שוואַרצער בערזע און אין „קאַפע לאָנדאָן"... איינמאָל בשעת די פּאָליציי האָט, ווי געוויינטלעך אין דער האָסע־צייט דורכגע־פירט אַן אָבלאַווע אויף וואַליוטניקעס, האָט זיך צווישן דער לאַנגער אויסגעשטעלטער שורה, וואָס איז געפירט געוואָרן דורך די גאַסן אין פּאָליציי קאָמיסאַריאַט — געפונען אויך אונדזער גאָלדפעלד.

בלויז ייִדן זענען געווען די פאַרהאַלטענע; גויים האָט מען גאָרנישט אָפּגעשטעלט, זעגנדיק זיי זיך רויִק אומקערנדיק, מיט די אויסלענדישע מזומנים אין קעשענע. —

האָט מען זיי געפירט די פאַרהאַלטענע אַ לאַנגע קייט צו פיר אין אַ שורה שטאַרק באַוואַכט פון פּאָליציאַנטן מיט ביקס. אויף די טראָטואַרן זענען געשטאַנען גויים און צוגעשריגן דער פּאָליציי: צו וואָס ערשט זיי פירן — דערשיסן אין א סוף! — אָבער אין קאָמיסאַריאַט האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז דריי טאָקע פון די פאַרהאַלטענע האָבן נישט בײַ זיך קיין אויסלענדישע וואַליוטע. האָט מען זיי בעל כרחו געמוזט באַפרייען. גאָלדפעלד איז געווען צווישן די, בײַ וועלכע מ׳האָט יאָ געפונען דאָלאַרן, האָט מען אים מיט נאָך עטלעכע אָפּגעשיקט אין אַרעסט.

און אַז צו מאַדאַם גאָלדפעלד איז אָנגעקומען די ידיעה, אַז איר מאַן זיצט אין אַרעסט און פאַרוואָס ער זיצט, האָט זי זיך אָנגעטון און אַרויפגעגאַנגען צו איר פריינט, ראַטמאַן לאַקשינסקי.

האָט זי לאַקשינסקי גאַנץ פיין אויפגענומען, נאָר אַז ער האָט דערהערט וועגן וואָס דאָ האַנדלט זיך, אַז דאָס איז זי צו אים געקומען מיט אַ שתדלנות פאַר איר מאַנס וועגן, איז ער מיטאַמאָל געוואָרן קאַלט ווי אייז און אָפּגעזאָגט זיך דערין אַריינצומישן: ער קען דאָ גאָרנישט העלפן.

מאַדאַם גאָלדפעלד האָט שוין אָבער געהאַט אין זיך פאַרטיק אַן אַנדערן פּלאַן, האָט זי זיך אויף דער גיך אָפּגעזעגנט מיט לאַקשינסקין און אַוועק אין דער דיסקאָנטאָ-באַנק פון איר געוועזענעם זון רוווינונג-שכן פאַן פּיעקאַרסקי.

דאָרט האָט מאַדאַם גאָלדפעלד יאָ געפועלט: זי איז פון דאָרט געגאַנגען אין קאָמיסאַריאַט מיט אַ פּאַפּיר, וואָס האָט אויף זיך געטראָגן די פירמע פון באַנק און דערין איז געשטאַנען שוואַרץ אויף ווייס, אַז גאָלדפעלד האָט אין דער באַנק באַקומען דאָלאַרן אויף אַ נאָכנאַמע פון אויסלאַנד אויף סחורה.. . דאָס פּאַ־

פירל האָט געהאָלפֿן און אין אָוונט איז גאָלדפעלד שוין צוריק געווען אינדערהיים.

יענע נאַכט האָט מאַן און ווייב פאַרבראַכט צוזאַמען אַזוי צוגעלאָזן, אַ שטייגער ווי, אַז איינער פון זיי קומט צוריק פון אַן עטלעכע־טעגדיקע נסיעה און זי, די פרוי, האָט אין די באַזונדערע מאַן־ווייב־מינוטן, אַ פרייטן אָטעם געטון דעם מאַן אין פנים מיט אַ לאַכל־צו:

— נו, איז נישט בעסער בײַ מיר דאָ, ווי צו ליגן אין דער קאָזע? — האָט ערשט גאָלדפעלד פאַרשטאַנען, וואָס פאַר אַ ווייב ער האָט.

צומאָרגנס האָט דאָס אָרטיקע פוילישע בלעטל געבראַכט אַ גאַנץ באַשרײַבעכץ פון דער געכטיקער „אָבלאַווע אויף וואַלוטשאַזשניס". ברייט און ווילד מגוזמדיק באַשריבן, וויפל זשידעס ס'זײַנען פאַרנומען געוואָרן... און אויסגעלאָזט מיט אַ קלאָג־לידל אויפן פאָטערלאַנד, וואָס איז געשטראָפט מיט אַזאַ גרויסן פראָצענט ייִדן...

אין „קאַפע־לאָנדאָן" האָט מען יענעם טאָג געריסן פון די הענט דאָס היימישע בלעטל, איינער דעם אַנדערן האָט דאָס אין די אויגן געשטופט: „נו, איז אַ סך צו גלייבן די צייטונגען?!... און זיי האָבן געזוכט מיט די בייז־אויפגערעגטע אויגן דעם רעפּאָרטער, דאָס שיכורע ייִדל, וואָס שטעלט אַהין צו די שטאָט־גייעס, כדי זיך מיט אים אַ ביסל „אַדורכצושמועסן".

---

גאָלדפעלד האָט גוט געדענקט, אַז די פרוי האָט אים אַרויסגעראַטעוועט פון דער פּאָליציי הענט. ווען ער איז עטלעכע טעג שפּעטער געווען אין דאַנציג, האָט ער אין דער פרייער צייט,

נאָכן דערליידיקן געשעפֿט, געזוכט אין די שויפֿענסטער עפּעס אַהיים־צוקויפֿן. אין זיך האָט ער שוין פֿאַרטיק געהאַט אַ באַשלוס דעם ווייב צו קויפֿן אָ קאַראַקול־פֿוטער, נאָר נאָך נישט הײַנט, אַ ביסל שפּעטער נאָך די חגאות. דערווײַל הײַנט האָט ער אָבער אויך נישט געוואָלט אַהיימפֿאָרן ליידיק אָן עפּעס מיטצוברענגען, איז ער אַזוי געגאַנגען אין אַ גאַס, געקוקט אין די געשעפֿטן און געזוכט, ביז ער האָט ענדלעך דערבליקט אין אַ שויפֿענסטער אַ שיינע זאַך.

דאָס איז געווען אין אַ שויפֿענסטער פֿון אַ קינדער־שפּיל־צײַג־געשעפֿט. האָט גאָלדפֿעלד דערזען אַ שענקעלע אין דער פֿאָרם פֿון אַן אַלט־פֿרענקישער האַלב־רונדיקער רבנישער געבעטער שטול. אַזוי האָט עס אויסגעזען דאָס אויסטערלישע שענקל: די ווענט פֿון די שויבן אײַנגעפֿעסטיקט אין אַ געל־מעטאַלענעם דראָט־געשטעל און אַ צוויי דרײַ פֿאַכן אויך פֿון גלאָז. קוקט גאָלדפֿעלד אין שויפֿענסטער און טראַכט זיך: ער וועט אַהיימברענגען אַזאַ מין גלעזערן שענקל, וועט דאָס שטיין לעבן דער פּיאַנינע און ווער עס וועט צו אים אַרײַנקומען, וועט דערנאָך אינדערהיים דערציילן: שיינע זאַכן שטייען בײַ גאָלדפֿעלדן. און אַזוי ווי גאָלדפֿעלד האָט אין דער האָסע־צײַט אַ פּרינציפּ: אַלצדינג קויפֿן, וואָס ס'וועט זיין געקויפֿט וועט זיך הייבן, איז ער אַרײַנגעגאַנגען אין געשעפֿט און געקויפֿט דאָס אויסטערלישע שענקל.

לאָזט זיך אויס, אַז אינדערהיים האָט מאַדאַם גאָלדפֿעלד אויך נישט געוווּסט צו וואָס אַזאַ שענקל קען זיין. זי האָט נישט געזאָגט: איך ווייס נישט. אדרבה, זי האָט אומגעקלערט אַפֿילו געזאָגט: דאָס איז נישט קיין שענקל, נאָר אַ טישל, אַ קאָרטן־טישל, פֿאַר געסט צו שפּילן דערויף אין קאָרטן. ער האָט נישט מסכּים געווען מיט איר סבֿרה. בײַ אים איז אויסגעקומען, אַז דאָס איז אַזאַ שענקל, כּדי אויסצושטעלן אויף די גלעזערנע פֿאַכן אַלע מיני אײַנגעמאַכצן און קאָנפֿיטורן, וואָס די שטוב פֿאַרמאָגט, אום מענטשן זאָלן דאָס זען און מקנא זיין. און אַזוי ווי מאַן און ווייב האָבן נישט געקענט צווישן זיך דורכקומען, צי ס'איז אַ שענקל, אָדער

אַ קאַרטן־טישל, האָט מען דאָס דערווייל אַריינגעשטעלט אין שלאָף־
ז.דר.

אין שלאָף־חדר האָט די דינסט נישט געוואָלט ליידן דאָס גלעזערנע שענקל, וואָס שטייט ווי אַ גולם אין וועג און קען מיט איין נישט פּאָרזיכטיקן שטופּ צעבראָכן ווערן, האָט מען עס אַריינגעשטעלט אין עס־חדר.

האָבן ווידער קישטיין און שפּילמאַן פּראָטעסטירט. שפּילמאַן האָט געטענהט, אַז ער איז איינמאָל שוין שיִער אומגעפאַלן איבערן שענקל: ער האָט זיך דערין פאַרטשעפּעט מיט אַ פוס... האָט גאָלדפעלד שוין נישט געהאַט קיין אַנדערע עצה, נאָר עס אַזוי אַוועקצושטעלן, עס זאָל מער קיינעם נישט זיין אין וועג; ער האָט געלאָזט אַריינברענגען די לייטער פון געוועלב, זי צוגעשטעלט צו די קליידער־שאַנק מיט דער אויסגעבראָכענער שפּיגל־שויב אין דער טיר, וועלכע איז צעהאַקט געוואָרן דאַמאָלס, בעת דער גרויסער מחלוקה — און איינמאָל פאַר אַלע מאָל אַרויפגעשטעלט דאָס האַלב רונדיק גלעזערנע שענקל מיט די פאַכן, אויף דער קליידער־שאַנק לעבן פאַרשטויבטן גראַמאָפאָן מיט דער גרויסער גלעכענער טראָמבע.

שטייט איצט דאָס אין דאַנציג געקוקפטע אויסטערלישע שענקל מיט די שויב־ווענט אויבן אויף דער מאַסיווער, שווערער קליידער־שאַנק, און אַז עמעץ, וואָס ווייסט נישט פון דעם שענקל, כאַפּט אַ קוק אויף דער שאַנק, קען זיך אים אויסדאַכטן, אַז דאָס קלייבט מען זיך עפּעס מאַכן אויף דער שאַנק. אַ שטייגער צוציִען אַרויף צום באַלקן צו אַזאַ מין קוק־טוירעמל...

אַז דער קוצזיכטיקער לעווין, דער טיי־קאָמיסיאָנער האָט דאָס ערשטע מאָל אַ בליק געטון און דערזען מיט זיינע קורצזיכטיקע אויגן אויף דער שאַנק עפּעס אַזאַ גאַנץ געשטעל, האָט ער פאַרהידושט געפרעגט גאָלדפעלדן:

— וואָס איז דאָס, איר בויט עפּעס אויף דער שאַנק אַ שפּיזשאַרקע מיט שויבן צי וואָס?

איז גאָלדפעלד רויט געוואָרן און געענטפערט:

— וואָס רעדט איר, דאַס איז אַ סייער שטיק מעבל, צאָר מיר האָבן נישט קיין אָרט דאָ, ווו עס אַנידערצו־שטעלן.

---

## קאַפּיטל 23.

מינץ פּינקלס געוועזענער שעף, דער אייגנטימער פון שרייב־מאַטעריאַלן געשעפט אויף דער באַן־גאַס, האָט זיך געגט מיט דער יידישער פרוי, געשמדט און חתונה געהאַט מיט זיינס אַ פאַרקויפערין, אַ קריסטין. און באַלד עטלעכע וואָכן נאָכן שמד האָט מען אין שטאָט דערציילט, אַז ער אַבאָנירט אַ יידישע צייטונג און קומט אויף יידישע פאָרלעזונגען.

און דאָס איז געווען נישט פאַרשטענדלעך, ווייל פאַרן שמדן, האָט ער געלייענט אַ פּויליש צייטונג און אויף פאַרזאַמלונגען איז ער פריער אינגאַנצן נישט געקומען.

דערנאָך האָט איינמאָל געטראָפן: דאָס יינגל זיינס איז אריינגעקומען אין געוועלב זיך זען מיטן טאַטן. דער פאָטער איז פונקט נישט געווען אין געוועלב. נאָר די פרוי זיינע, די קריסטין, האָט די גויע מיטן קינסטלעך געלייגטן בלאָנדן קאָפּ אַ זאָג געטאָן צום מאַנס זון דעם פערצניעריקן:

— טראָג דיך אַרויס, זשידזשע!

האָט יענעם טאָג אַזאַ מחלוקה אויסגעבראָכן צווישן ערשט

חתונה געהאַט פֿאַרפֿאַלק, אַזש פֿאַרן געזעגענען האָבן זיך גע-
קליבן נייגעריקע. קאַפּאָטע-ייִדן האָט דאָס הנאה געטון:

— דער משומד האָט נישט קיין שלום-בית...

חער ווייסט, וואָס עס האָט זיך אָפּגעטון אין דער נשמה
פֿון דעם מדאַזיקן נעפּיס. נאָר אַ פֿאַקט איז, אַז פֿון נאָכן שמד
האָט ער זיך געחברט נאָר מיט ייִדן און נדבות פֿאַר צרכי צבור
האָט ער אַליין אַוועקגעטראָגן אין דער ייִדישער גמינע און זיך
געבעטן, מ'זאָל פֿון אים די נדבה צונעמען.

מינע פֿינקל האָט איינמאָל באַגעגנט אין גאַס דעם געוועזענעם שעף אירן.

דאָס איז געווען אין אַן אָנהייב ווינטער-טאָג נאָכמיטאָג.
מינע איז געווען אין שטאָט און צוריקגייענדיק אַהיים פֿאַרבײַ
די פּאָסט געבײַדע. איז פֿון דאָרט געקומען אַרויסצוגיין איר גע-
וועזענער שעף דער געטויפֿטער.

ער האָט איר געגריסט און איז אַ שטיק וועג מיט איר
מיטגעגאַנגען.

מינע האָט אים נישט גלייך דערקענט. ער איז געווען
אינגאַנצן ראַזירט אָן שום סימן פֿון וואָנסעס, און ברילן האָט
ער געטראָגן גרויסע, רונדיקע גלעזער מיט דרעטלעך איבער די
אויערן און אין ברייטן ברוינעם ווינטער-מאַנטל האָט ער אויס-
געזען, ווי אַ פֿאַרמעגלעכער אַמעריקאַנער, וואָס איז אַהערגעקו-
מען אויף באַזוך צו די קרובים.

זיין צוקומען צו מינען איז טאַקע געווען מאָדנע, נאָר זיין
אָרט רעדן מיט איר, זיין געוועזענער קאַסירקע, איז געווען אַזוי
נאַטירלעך און מענטשלעך פּראָסט, אַז דעם מיידלס פֿאַרלעגנהייט
איז באַלד פֿאַרשוווּנדן.

— צי זי האָט שוין אַ פּאָסטן?

— ניין, זי האָט נאָכנישט.

ער באַדויערט זייער, וואָס ער איז אַ ביסל שולדיק אין
איר איצטיק זיין אָן פּאָסטן און סיטוט אים לייד, וואָס ער קען
איר אַפֿילו נישט געבן מיט קיין רעקאָמענדאַציע.

— פֿאַרוואָס? — וווּנדערט זי זיך.

— נו בא אַ קריסט וועט זי דאָך קיין פּאָסטן נישט קריגן. ווידער בײַ אַ ייִדן, וועט זיין, דעם אַפּטרינקנס, רעקאָמענדאַציע נישט העלפן — און ער צעלאַכט זיך אומהיימלעך.

זי איז נישט מיט דעם איינשטימיק:

— געשעפט — זאָגט זי — האָט נישט צו רעליגיע.

— אויב אַזוי — זאָגט ער כמעט הייטער — וועט עס אים פרייען אויב זיין רעקאָמענדאַציע וועט איר ווירקלעך קענען אַ טובה טון.

דערנאָך איז זייער געשפּרעך איבערגעגאַנגען אויף פּער-זענלעכס.

— וואָס זי זאָגט צו זיין „טאַט".

זי האָט אים אָנגעקוקט.

— צי אייך אינטערעסירט טאַקע מיין מיינונג?

— ניין — כאַפּט ער זיך צוריק, רויטלענדיק זיך. — איך מיין נישט אייער פּערזענלעכע מיינונג — דאָס וויל איך דורך אייער מויל הערן די מיינונג פון אַ ייִדן.

— נו — זאָגט זי קוים שמייכלענדיק — מיין מוטער די אַלטפרענקישע ייִדענע, האָט וועגן אייער טאַט געוויס אַן אַנדערן קוק, ווי איך און מיינס גלייכן. איבעריקנס קומט מיר אויס אויס-טערליש, וואָס אייך אינטערעסירט עמעצנס, וועמענס עס זאָל נישט זיין, מיינונג. . .

— ניין — שטאַמלט ער — נישט דאָס מיין איך. בעטויפט האָב איך זיך פון איבערצייגונג. יאָ, זיכער פון איבערצייגונג — נאָר דאָס, וועגן וואָס ער רעדט, איז עפּעס אַנדערש. דען זי דאַרף פאַרשטיין, אַז זיין גראַדליניקן לעבנס-וועג, האָט ער איבערגע-טראָכן נישט אַלס צוואַנציק יעריקער בחור, נאָר אַלס פערציק יעריקער מענטש מיט אַ געוויסער שטעלונג אין דער געזעלשאַפט אין אַלס פאָטער פון האַלב-דערוואַקסענע קינדער — ייִדן.

און וואָס לעבנער ער האָט גערעדט און וואָס מער ער האָט זיך געסטאַרעט צו פאַרהוילן דעם אמת פון זיין פלוצלינג-דיקער צוגעלאָזנקייט צו איר, דעם ווילד-פרעמדן מיידל, זיינס אַ בעתעזענער אָנגעשטעלטער — אַלץ שטאַרקער האָט זיך גע-

פילט דאָס. וואָס ער האָט זיך באַמיט צו באַהאַלטן טיף אין זיך — צעבראָכנקייט, געפאַלנקייט און שווער אָפּגעגעבענע תרטה אויף דעם. וואָס ער האָט געטון.

— יאָ, נאָך די קינדער בענקט זיך אָפּט און טייל מאָל בענקט זיך שטאַרק. — נאָך דעם געוועזענעם ווייב — נישט. להלוטין נישט! — האָט ער ענערגיש אַ מאַך געטון מיטן קאָפּ — ער גלייבט. אַז זיין חתונה מיט דער ערשטער פרוי, איז באַלד פון אָנפאַנג געווען אַ מיספאַרשטענדעניש.

און ער איז אַ לענגערע ווייל געזעסן לעבן מינען שווייגנדיק.

פון זיין ווייטערדיק רעדן, האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז ער האַלט ביי ליקווידירן זיין געשעפט און פאָרן אין אַמעריקע.

עס האָט זיך אַנגערוקט נאַכט. אַ קאַלטע ווינטער-נאַכט האָט זיך צעלייגט. פון דער נישט ווייטער ווייסל האָט זי בע-שפרייט איבער דער שטאָט אַ שווערער, געדיכטער נעפּל. מינע האָט געהאַט שוין נישט ווייט צוצוגיין צום עק-שטאָט-קאַנטאַל און ער, איר געוועזענער שעף איז אַלץ נישט אָפּגעטרעטן, נאָך אַלץ מיט איר מיטגעגאַנגען.

— אַלזאָ וועט איר קומען וועגן דער רעקאָמענדאַציע, פריילין פינקל? — און נאָך איידער מינע ענטפערט, אַז זי וועט קומען, פאַרענדיקט ער:

— ווו וווינט איר אייגנטלעך?

— ניין — פּראָטעסטירט דאָס מיידל — איר דאַרפט נישט אַליין ברענגען. איך וועל שוין קומען. וועלכע שעה זענט איר אין געשעפט?

און אַז ער האַלט זיך ביי דאָס זייניקע, אַז ער וועט איר שוין אַליין באַזאָרגן די רעקאָמענדאַציע, ווייל... יאָ, ווייל זי וועט אים נישט אַזוי לייכט טרעפן אין געוועלב — פאַר-שטייט זי נישט גלייך, אַז עפּעס איז אים נישט אָנגענעם זי זאָל קומען צו אים אין געשעפט — נאָר זי בעט זיך כמעט:

— פּאַניע קאַפּלאַן, מ׳דאַרף נישט איר זאָלט אַליין...

און ווי דער נאָמען „קאַפּלאַן" גייט נאָר אַראָפּ פון אירע ליפּן, דערמאָנט זי זיך, אַז ער הייסט שוין אַנדערש און זי אײַלט זיך פאַרריכטן:

— אַנטשולדיקט, פּאַניע קאָפּטשינסקי.

— ס'מאַכט נישט — זאָגט ער — ס'קען אויך זײַן קאַפּלאַן, פּריוואַט הייס איך ווייטער קאַפּלאַן. דעם נאָמען טראָג איך פון קינדווייז, מײַן מאַכט אויך... יאָ, קאַפּלאַן, ישראל קאַפּלאַן.

דער קאָפּ האָט אים אַראָפּגעהאָנגען. ער האָט זיך גיך געזעגנט און אײַליק אַוועקגעגאַנגען.

מינע האָט אינדערהיים דערציילט פון דעם הײַנטיקן באַגעגעניש או די מוטער האָט עס לאַנג נישט געקענט פאַרגעסן. זי, די גאָטס-פאָרכטיקע אלמנה אין שייטל, וואָס נוצט נישט קיין גוייִשע מילעך — בײַ איר איז געווען שוין געווען שרעקלעך דאָס אַליין, וואָס איר טאָכטער האָט גערעדט מיט אַ משומד.

— אַ ייִדיש קינד גייט און רעדט מיט אַ משומד!

און דאָס, וואָס יענע האָט זי אַזוי לאַנג נישט אָפּגעלאָזט, נאָר מיטגעגאַנגען און אין איר אַרײַנגערעדט, איז נישט אַנדערש, ווי ער מיינט אויך זי, איר קינד, אַרײַנצוקריגן. אין אַ מאָל וועט ער דאָס נישט אַנטפּלעקן. דידאָזיקע לייט גנבענען זיך אײַנצוקווייז אין האַרץ אַרײַן...

און וויפל די טאָכטער האָט איר נישט אויסגערעדט, אַז יענער מײַנט גאָרנישט זי צוצורעדן און אַז אים אַליין טוט עס שוין אפשר אויך באַנג — איז זי אַלץ געבליבן אומרויִק און דער טאָכטער הינטער די אויגן געקוקט, צי זי באַהאַלט נישט עפּעס פון איר אויס. און נאָך דעמזעלבן אָוונט איז די מוטער אַרײַנגעגאַנגען צו בענדעטן דערוועגן זיך משאל-עצה זײַן.

און שפּעטער, ווען מינע איז שוין געלעגן אין בעטל און געהאַלטן אין אײַנשלאָפן, איז זי איבערראַשט געוואָרן, דערזעענדיק דורך די קוים פאַרמאַכטע אויגן צוקומען צו איר

געלעגער די מוטער מיט אַ סידור אין האַנט. זי האָט תפילה-
דיק באַוועגט מיט די ליפּן, קוקנדיק אויף דער שלאָפנדיקער
טאַכטער, שטיל געזיפצט און געווישט זיך די אויגן מיטן פּאַר-
טון

## קאַפּיטל 24.

די סומע געלט, וואָס בענדעט און זיין שוועסטער, דאָס פלטערל האָרבאַטע מיידל, האָבן באַקומען פאַרן ירושה־הייזל נאָכן פאָטער, איז פעסט און אָן האָפנונג עס אַמאָל אַרויסצו־קריגן, געלעגן אין גאָלדפעלדס לאַפּעס.

אַזוי האָט זיך אויסגעלאָזט פון בענדעטס שותפות־הייזל מיט גאָלדפעלדן און אויף דערויף, מוז זיין, האָט גאָלדפעלד גע־צילט פון דער ערשטער מינוט.

---

צוזאַמען מיטן כסדרדיקן פאַלן פון דער אינלענדישער וואַליוטע, האָבן בהדרגהדיק געשטיגן סחורות און לעבנסמיטל.

דער פרייז פון אַ לעבל ברויט, האָט זיך איצט געשריבן

מיט אזאַ לאַנגער שורה ציפערן, וואָס אַמאָל, פאַר דער וועלט־מלחמה, האָט מען פאַר אָט דערדאָזיקער סומע געקענט קויפן ד. יי היפשע גיטער... היינט אָבער — אַ לעבל ברויט, נישט גע־ניג אויסגעבאַקן (ס'זאָל מער וועגן...) און טונקל ווי אַש; מ'האָט געקריגן צו קויפן אויך בעסער ברויט. אָבער צו יענעם גוטן ברויט האָט נישט יעדער די זכיה געהאַט; די הייזל איינ־וווינער פון עק־שטאָט־קוואַרטאַל האָבן צו דעם נישט געקענט דערגרייכן...

בענדעט האָט געלעבט פון דעם, וואָס גאָלדפעלד האָט אים געצאָלט פון זיין סומע, וועלכע ער האָט געהאַלטן אַלס הלוואה.

דידאָזיקע סומע, כלומרשט באַרעכנט אין דאָלאַרן, די וועקס־לען אויסגעשטעלט אין היימיש געלט, פּראָצענט — לויט ווי פון דאָלאַרן... גאָלדפעלד האָט אַזוי פּערפּאָנטערט דעם חשבון, אַז בענדעטן האָט דאָס וואַכנגעלט אויסגעמאַכט אַזוי גרויס... צו קע־נען דערפאַר קויפן אַרום און אַרום ביז דריטהאַלבן לעבלעך אַ וואָך.

איז דאָך קיין תכלית נישט אַזאַ לעבן, טוט בענדעט איינ־מאָל צו וויסן גאָלדפעלדן, אַז ער וויל צוריק זיין געלט; ער וויל זיך נעמען צום האַנדלען. גאָלדפעלד זאָגט „גוט", נאָר אַז ס'קומט צום צאָלן, איז: היינט האָט ער נישט קיין געלט, מאָרגן — האָט ער וועקסלען צו צאָלן... אַזוי פאַרגייט די גאַנצע וואָך מיט גאָרנישט. די צווייטע וואָך איז ווידער עפּעס אַנדערש. גאָלדפעלד איז קאָלטבלוטיק און רויִק. אויף תּירוצים און אויסריידן דאַרף ער זיך נישט צופיל דעם קאָפּ ברעכן און ווילט זיך אים, זאָגט ער אַזוי שלווהדיק:

— איך קען דיר אָפּגעבן דיין געלט כאָטש שוין מאָרגן אויך...

איז דאָך דאַכט זיך גוט? אָבער אָפּגעבן דאָס געלט וויל גאָלדפעלד לויט די וועקסלען אויסגעשטעלטע אין היימיש געלט און מיט אַ צוויי חדשים צוריק...

און אַז בענדעט נעמט פּראָטעסטירן, אויפּחייען די פּולה, די רציחה... זאָגט גאָלדפעלד רויִק:

— איך נייט דיך דען? ווילסט אַנדערויש, מוזסטו געדולדיק זיין און נאָך צוּוואַרטן.

האָט ער נישט קיין אַנדערע ברירה, בענדעט, און וואַרט צו.

טיילמאָל ווידער, האָט גאָלדפעלד סתם ליב צו פאַרגעסן, אַז די סומע דאַמאָלס האָט ער פּאַקטיש געגומען באַרעכנט אין דאָלאַרן און אַז די וועקסלען זענען נאָר געווען לפּנים, כדי ס'זאָל זיין עפּעס אויפצוּווייזן. מאַכט ער זיך דאָס גאָר פאַרגעסן און ער איז גרייט בענדעטן אַ ביסל צו פּאַרגרעסערן די צינזן:

— היינט (ווייל די אינלענדישע וואַליוטע מאַכט אַזעלכע שאול תחתיה-שפּרינגען...) צאָלט מען אַ ביסל גרעסערע צינזן, וויל איך דיך אויך נישט באַעוולהן — ווערט גאָלדפעלד מיטאָמאָל ערלעך.

אמת, בענדעט פאַרשטייט גאָלדפעלדס „גוט האַרץ". ער פילט גוט דעם כיטרען מיין, אַז דאָס וויל גאָלדפעלד מיט די „גרעסערע צינזן" אַזוי אין דער שטיל אים אָפּשחטן, אַ שפּריין אַריבער טון איבער דער אמתער גרויס פון דער סומע און בלייבן באַ דער נישטיקער סומע פון די וועקסלען. בענדעט ווערט זיך דערקעגן אַ וואָך, צוויי וואָכן און נאָך אַ וואָך וויל ער נישט נעמען די „גרעסערע צינזן", אָבער אינדערהיים איז גרויס די נויט, דער ווינטער איז אַן אכזריותדיקער, און דאָ קען ער זיך פאַרגרעסערן זיין וועכנטלעכע הכנסה — און סוף-כל-סוף גיט זיך בענדעט אונטער. ער וויל שוין גאָרנישט טראַכטן, וואָס דער-נאָך וועט זיין און ער נעמט פון גאָלדפעלדן דאָס פאַרגרעסערטע וואָכנגעלט.

גאָלדפעלד פאַרשטייט אוודאי זיין זאַך: דערווייל נישט צו מאַכן דערפון קיין געבראויך. ער גיט מער און רעדט גאָרנישט. איצט גיט ער ווידער אומדערמאָנט. ער איז איצט ווידער פּוּטע דיק גוט, ווי אַ סם-וואַסערל, וואָס פאַרציט זיך פון אויבן מיט אַן אומשולדיק הייטל...

דאָס איצטיקע פאַרגרעסערטע וואָכן־געלט, וואָס בענדעט באַקומט, איז כמעט גענוג אויף דורכצוקומען, אָבער די פּרייזן־שטייגערונג קוקט אויף גאָרנישט: פליט אַלץ העכער, העכער. יעדן טאָג, יעדע שעה ווערט אַלץ טייערער, טייערער און אַזוי פאַרגייען ווידער אַ פּאָר וואָכן.

## 25. קאַפּיטל

טעג גייען און דערווייטערן זיך, קורצע, קאַלטע ווינטער־טעג. גלייכגילטיק ברענגט זיי אָן דער באַגינען און שטיל רוקן זיי זיך אָפּ פאַר דער גיך אָנקומענדיקער ווינטער־נאַכט לויטן פעסטן געזעץ פון ששת ימי בראשית. אָבער נישט פאַר אַלעמען זײַנען די טעג גלייך... גאָלדפעלד למשל לאָזט זיך איצט אַריינ־שטעלן אין עס־חדר אַ צווייטע אייזערנע קאַסע. דאָס ביז איצטי־קע אייזערנע שענקל מיטן אייניציקן טירל, איז אים שוין צו קליין. די נייע אייזערנע שאַנק איז אַ גרויסע, מאַסיוו געבויט, מיט צוויי טירן, באַפּוצט מיט גלאַנציקע קייקעלעך.

פאַר די איינוווינער פון הייזל אין עק שטאָט־קוואַרטאַל גייען די טעג אויך אַנדערש: מינע פינקלס מוטער, די אַלמנה, פאַר־קויפט אַרויס פון שטוב זאַכן און מלבושים, אום מיט דעם געלט די ביטער־שלעכטע צייט אַדורכצושטופּן; באַם אַרבעטסלאָזן מויערער אין שטיבל ליגן זיי גאַנצע טעג אין בעט צוגעדעקט מיט שמאַטעס, כדי זיך צו דערוואַרעמען, וואָרים מיט וואָס דאָס אייוועלע צו הייצן איז נישטאָ.

פֿאַרשידן, פֿאַרשידן גייען די טעג. פֿאַר די „טויגערס״ די שפּעקולאַנטן צעבדערש און פֿאַר די געדריקטע די „ב״שט טי-גערס״ אויך אַנדערש. און אָט, ווען בײַ גאָלדפֿעלדן אין עס חדר זענען שוין געשטאַנען די צוויי אײַזערנע שענק, די נײַע ג״ו-סע לעבן דער צעלטער שמאָלער און קלענערער, ווי אַ הויכער ברייט בייניקער טאַטע לעבן אַ חדר-יינגל — איז גאָלדפֿעלדן אַ פֿאָר געווען אַהין, אין קליינעם שטעטל, ווו זײַן פֿרוי און אירע שוועסטערן זײַנען דאָרט צוגעשריבן און געבראַנגט פֿון דאָרט מעטריקעס פֿאַר זײַן פֿרוי אין אירע צוויי שוועסטערן דבֿורע און אידזשאַ. אויף דידאָזיקע מעטריקעס האָבן זיי דאָ אַרויסגענומען פּעסער אויף אַ היפּשער צאָל יאָרן יינגער, ווי זיי זענען אינדער-אמתן.

דאַמאָלס, אַרום יענער צײַט, האָט איינמאָל געטראָפֿן, ווען די עק-שטאָט-אײַנוווינער זענען, ווי געוויינטלעך, געגאַנגען בחבֿורתא אין וואַלד קלויבן צווייגן, איז אויף זיי אָנגעפֿאַלן דער וואַלד-וועכטער מיט זײַנע צוויי הינט.

די הייזל-אײַנוווינער האָבן דאָס מאָל טײַער באַצאָלט פֿאַר זייער גיין אָן דערלויבעניש אין וואַלד קלויבן אַראָפּגעפֿאַלענע צווייגן און שפּענער פֿײַער צו מאַכן אין די קאַלטע ווינטער־טעג. זיי זענען דאָס מאָל אַהיימגעקומען מיט אַראָפּגעריסענע מלבושים. איינע פֿון אַ שכנישן הייזל און חנה בענדעטס שוועסטער, וואָס האָבן נישט געוווּסט, ווי אַזוי זיך אָפּצווערן, זענען אַ חוץ אַרומ-געריסן, נאָך געווען צעביסן פֿון די הינט אויך.

ס׳איז דאַמאָלס געווען אַ טריבער קאַלט בייסיקער טאָג, ווי פֿאַר אַ שניי-שטורעם. אַז בענדעט איז נאָך האַלבן טאָג אַהיימגע-קומען פֿון גאַס, איז חנה געזעסן אויפֿן בעט און דעם צעביסענעם פֿוס געהאַלטן אויסגעצויגן אויף אַ בענקל דערנעבן.

דער פֿיס האָט געהאַט רויטע און בלויע וווּנדן פֿון הינטס קרומע ציין. אַרום די רויטע און בלויע וווּנדן, האָט זיך געהויבן אַ געשווילעכץ.

די שכנטעס זענען נישט אָפּגעטרעטן פֿון חנהן. זיי האָבן פֿאָרגעלייגט אויסטערלישע רפֿואות. די מוימערין האָט געעצהט

מען זאָל אָפּשניידן אַ ביסל האָר פון דעמזעלבן הונט, וואָס האָט געביסן און די האָר, אַלס רפואה, צולייגן צו די פּענע וונדן; די געשטיפּלטע ווידער — וואָס איר מאַן אַרבעט גוף דער באַן אַלס שוואַרצער אַרבעטער און שמט אין הויז אַלס לינק שבלינק און קען זיך פּאָרט נישט צוריק האַלטן פון אַראָפּ-נעמען דאָס היטל באַם באַגעגענען אַ גלח — זי, די געשטיפּלטע האָט געצהט, דערווייל נאָך גאָרנישט צוצולייגן צו די וונדן, נאָר גיין אַזוי צום דאָקטאָר, אַרויסנעמען אַ באַשטעטיקונג, אַז די וונדן זענען געפּערלעך און קודם-כל פּאַרקלאָגן אין געריכט דעם אייגנטימער פון וואַלד, וועט צופאַלן אַ היבשע סומע און אפשר נאָך אויך אַ צעטל צו מען פריי קלויבן אין וואַלד האָלץ. בענדעט ווידער האָט פּאַרשטאַנען, אַז פאַר אַלעם מוזן די וונדן יאָדינירט ווערן.

אין שטוב איז נישט געווען אַ פּרוטה. די שכנים האָבן אויך נישט געהאַט. און אַזוי ווי בענדעט האָט די וואָך נאָך נישט געהאַט באַקומען פון גאָלדפעלדן זיין האָכנגעלט, איז ער אַהין אַוועק.

גאָלדפעלד איז נישט אינדערהיים געווען. מאַדאַם גאָלד-פעלד אויך נישט. אין עס-חדר האָט קישטיין אַרויסגעפּאַקט שאַכט-לען גילזן פון אַ קאַסטן און שפּילמאַן האָט די שאַכטלען גילזן שטויסנווייז אַריינגעטראָגן אין געוועלב.

— דאָרט — ווייזט קישטיין בענעמען אַן מיטן קאָפּ צו דער פּיאַנינע — דאָרט ליגט עפּעס פאַר אייך.

בענדעט איז צוגעגאַנגען צו דער פּיאַנינע, געקוקט, געזוכט אויפן הויכן ווענטל. דאָרט איז געווען אָנגעוואָרפן פאַרשידענע קלייניקייטן אין אומאָרדנונג, ווי געוויינטלעך. פאַר זיינע טעגן איז דאָרט גאָרנישט געלעגן.

— קוקט גוט — מונטערט קישטיין.

אויף דער פּיאַנינע אין גאַנצן מעמד צווישן די אָנגעוואָר-פענע בריוו-קאַרטן, רעכענונגען און סתם פאַפּירן, איז געלעגן אַ פּאַס, אַ נייער פּאַס. בענדעט האָט אויף אַ רגע אַן עפן געטון

דעם פּאַס: דער מאַדאַם גאָלדפעלדס פאָטאָגראַפיע האָט אַראָפּגע־שמייכלט מיט אַ ברייט מויל פון ערשטן בלאַט.

— נו, האָט איר שוין געזען? — פרעגט קישטיין אויפגע־רוימט, שפּילמאַן שמייכלט.

און אַז בענדעט פאַרשטייט נישט, וואָס קישטיין מיינט און וויל אַרויסגיין, איז זיך יענער מטריח, טראָגט בענדעטן אונטער דאָס אָפענע פּאַס־ביכל און ווייזט אים אָן דאָס יאָר, וואָס איז דאָ אָנגעגעבן אַלס דער מאַדאַם גאָלדפעלדס געבוירן־יאָר.

פאַר יוצא וועגן וואַרפט בענדעט אַ בליק איבער אים אונטער־געטראָגענעם אָפענעם ביכל. ער דערבליקט דאָרט די יאָר־צאָל פון מאַדאַם גאָלדפעלדס געבורט. אין אַ רגע גיט אים אַ פלי־דורכן מוח, אַז נאָך איידער ער איז געווען אַ „בר־מצווה"־בחורל, איז זי, בערל קרעפּלס טאָכטער, שוין געווען אַ פריילין דאָרט אין זייער שטעטל, אַ פריילין מיט אַן אַרומגעלייגטן קיקס — איז ער, בענדעט, היינט פינפאונדרייסיק יאָר אַלט און לויטן פּאַס דאָ, איז זי גאָר נאָך מיט אַ היפּש מהלך ייִנגער פון אים...

— אָבער אין הימל ווייסט מען שוין יאָ ווי אַלט זי איז — רעדט קישטיין נישט פאַרגינעריש — אויבן אין בוך גייט נישט צו מאַכן קיין קינקל־מינקל. אפנים, אַז קישטיין, וואָס מיט זיין שטענדיקן „איך לייד נישט קיין ליגנס" לעכערט ער יעדן דעם קאָפּ — האָט שוין געבוג איבערגערעכנט אויף וויפיל זי, זיין באַלעבאָסטע, האָט זיך געלאָזט „ייִנגער מאַכן", וואָרים אָן צו חשבונען גיט ער צו וויסן:

— דריי טויזנט זעקס הונדערט און פופציק טעג האָט זי זיך געלאָזט אַראָפּכאַפּן. הע, הע צע! יערלעך אינגאַנצן.

און שפּילמאַן גיט צו פלעגמאַטיש:

— עשירים קענען זיך אַלץ דערלויבן.

בענדעט איז אַרויסגעגאַנגען אין גאַס אַז ער איז אַ ביסל שפּעטער ווידער אַריינגעקומען, איז גאָלדפעלד נאָך אַלץ נישט געווען. אין עס־חדר האָט שוין געברענט די עלעקטרי. אויף דער־

סאָפע, איז בריט געזעסן מאַדאַם גאָלדפעלד, דערלעבן אויף אַ שטול איז געלעגן איר פוטער-הוט און זילבערנע האַנט-טאַרבע. קישטיין האָט געהאַלטן אין האַנט דעם אָפּענעם פּאַס און זיך אויפן קול געקוויקט מיט דער פאָטאָגראַפּיע:

— בנאמנות — האָט קישטיין חניפהדיק געמאַכט מיטן קאָפּ — זי זעט דאָך דאָ גאָרנישט אויס, ווי אַ פרוי, נאָר ווי אַ פּאַניענקע, זאָל איך אַזוי גליקלעך זיין, ווי אַ פּאַניענקע-לע...

און כלומרשט אומגלויבלעך פרעגט ער זיך נאָך:

— עס מוז שוין אוודאי זיין אַן אַלטע פאָטאָגראַפּיע?

און מאַדאַם גאָלדפעלד ענטפערט ערנסט:

— וועך זאָגט? ערשט דאָ, צום פּאַס, האָב איך מיך געלאָזט פאָטאָגראַפירן.

דערנאָך איז גאָלדפעלד געקומען.

— געלט — האָט ער בענדעטן צוגעזאָגט געטון — האָב איך נישט איצט...

און, אַז בענדעט האָט אים דערציילט, אויף וואָס ער דאַרף איצט געלט, אַז מען מוז רופן אַ דאָקטאָר צום אונ-טערזוכן, צי דער הונט האָט נישט איבערגעלאָזט אין די וואונדן אייטער, האָט זיך גאָלדפעלד שיער אָפּגעבייזערט:

— זע נאָר דאָ, וואָס נאָך וועסטו אויסקלערן? ווי אַלע דלפנים: באַ אַ ליאַדע וואָס אַ דאָקטאָר!

ער איז געווען ברוגז און מער נישט געוואָלט הערן וואָס בענדעט רעדט.

פונדעסטוועגן, האָט ער זיך עפּעס באַלד באַזונען און בענ-דעטן געגעבן עפּעס געלט אויף יאָדינע. באַפוילן שפּילמאַנען אויסצוזוכן אַ ריין פלעשל. און אַז בענדעט האָט גענומען אַרויס-גיין, האָט אים גאָלדפעלד צוריקגערופן, געהייסן צוווארטן אין גאַנג. גאָלדפעלד איז אַריינגעגאַנגען אין שטוב, דאַרט זיך אַ

ביסל גבזוימס און אַרײַנגעבערענגט פֿוי דעריבען, הינטער דער פּאַלאַט פֿון ר׳קל, צוויי אַלטע לאַטש־ פּאַר חנ״ס ווענ, זיי אַני־ דערגעוואַרפֿן לעבן בענדעטן מ״ס דער ב מערקונ::

— וועט זי האָבן אין וואָס אַרומצוגיין אין שטוב.

## קאַפּיטל 26.

די לעצטע אַנדערטהאַלבן יאָר האָט גאָלדפעלד צוגעקריגן אַ שטענדיקן קונה: עלקע, גאָלדפעלדס שוועסטער, האָט געעפנט אַ געוועלבל דאָרט אין שטעטל איבער דער ווייסל, וווּ זי וווינט מיט איר אַלטן קרענקלעכן מאַן און וואָך בײַ וואָך יעדן מיטוואָך אָדער דאָנער טיק קומט זי צופאָרן צו גאָלדפעלדן וועגן סחורה פאַר איר געוועלבל.

דידאָזיקע עלקע — איצט שוין אַ ייִדענע טיף נאָך די פופציק, מיט אַ רויט נעזל און אין אַן אַלטן אָפּגעבליאַקעוועטן שייטל — איז גאָלדפעלדס שוועסטער פון איין פאָטער. עלקעס ייִנג פאַרשטאָרבענע מוטער איז געווען ר׳ ליפּע שוחטס ערשטע ווײַב. דערנאָך, בײַ דער שטיפמוטער, האָט מען עלקען חתונה געמאַכט נישט ווײַט איר און דעם פאָטערס שטאַנד — מיט אַן לטן אַלמן, אַ דאָרפס-גייער פון יענער זײַט ווייסל און אַזוי איז עלקע שוין פאַרבליבן די מינדסטע אין דער משפּחה...

די ערשטע צײַט, ווען שלום גאָלדפעלד מיט זײַן פרוי האָט זיך באַזעצט דאָ אין שטאָט אין דער גרויסער אויסגעמגבלירטער

דירה און פאַרנומען זיך מיט אַ לייטישן מסחר — באַרגן געלט אויף הכנסה, איז עלקע נישט דרייסט געווען אַריינוקומען צום ברודער און באַקענען זיך מיט זיין פרוי די פוילישע-רעדערין. ס'איז איר גענוג: אַ בושה עלקען, וואָס דער מאַן אירער, אייזיק לייזער, קומט עטלעכע מאָל אַ וואָך צו פאָרן אין שטאָט מיט אַ וועגעלע אַלטוואַרג און שטעלט זיך אָפּ באַם שמאַטע-הענדלער.

פלעגט שלום אַ מאָל באַגעגענען אין גאַס די שוועסטער, (סדוב געלונגט אים זי אויסצומיידן) אַז ער האָט זי אָבער פאָרט אַ מאָל באַגעגנט, פלעגט ער אַ ביסל רויט ווערן, און אייליק פרעגן:

— אַ, וואָס מאַכסטו, ווי גייען די געשעפטן? — און גלייך ווייטער גיין. אַ שטייגער ער איז איצט פונקט שטאַרק באַשעפטיקט, כדי די שוועסטער זאָל נאָכנישט האָבן די מעגלעכקייט פאַר אים זיך צו באַקלאָגן אויף איר דחקות. ער פלעגט בלויז מיט אַ האַלב מויל צוואַרפן:

— אַז דו וועסט צייט האָבן, קום אַמאָל אַ ביסל אַריין.

עלקע אָבער איז נישט דרייסט געווען צו באַזוכן דעם לייטישן ברודערס שטוב.

דער מאַן עלקעס, אייזיק לייזער — אַ פּאָנפּיוואַטער ייִד, מיט אַ צעשויבעטער געל גרויער באָרד, ווי אַ צעפּאַרענעד בעזעם — האָט אויך לאַנג נישט געקענט אין זיך צוזאַמענשאַפן די דרייסטקייט צו באַזוכן אין שטאָט דעם שוואָגער שלום. ער האָט געוווסט, אַז שלומס ווייב, איז אַ „פּאַני". און זי, די גרויסאַרטיקע שוועגערין, איז עס טאַקע געווען דער אמתער „סענק", וואָס האָט צוריקגעהאַלטן אייזיק לייזערן פון אַריינגיין צום שוואָגער.

דאָך יעדעס מאָל, ווען ער איז צוריקגעקומען מיטן פערד און וועגעלע פון שטאָט, האָט עס אים פאַרדראָסן, פאַרוואָס ער איז נישט געווען באַם אָנגעזעענעם שוואָגער און פאַר פאַרדראָס אויף זיך אַליין, ויף זיין נישט דרייסטקייט, פלעגט ער נאָך פאָרן אויסשפּאַנען דאָס בלינדע פערדל מיטן אויסגעטראַכטענעם עק רעדן צום ווייב מיט אַן אָנגעשטויסענעם טאָן וועגן איר ברודער דעם פּריץ:

— דער הולטיי דיינער, שמועסט מען, גאָלט זיך שוין די באָרד אויך. די ציין אין מויל זענען אים גאָרנישט צו פיל — די באָרד איז אים צו שווער.

עלקע, וואָס שטייט גרייט מקבל פנים צו זיין איר פרנסה־געבער, דאָס פערדל, און עס אַריינפירן אין גרויסאַרטיקן שטאַל, האַלט פאַר איר איידעלען חוב זיך איינצושטעלן פאַר איר ברו־דער שלומס כבוד:

— ווער האָט דיר שוין ווידער אָנגעטראָגן אַ גערעדעכטס? אַז פּטום און קרום זאָלן זיי ווערן, אַזוי לאַנג ליגן מיינע שונאים צו בעט, ווי לאַנג ר׳ ליפע שוחטס זון וועט זיך די באָרד נישט גאָלן.

פאַר אייזיק לייזערן איז אייגנטלעך עלקעס ראיה געענוגנד. נאָר נאָכגעבן איר וויל ער נאָכנישט.

— דו זוך אים נאָר אַ זכות! — זאָגט ער מיט געמאַכטן כעס.

— איך זוך אים גאָרנישט קיין זכות, ר׳איז אפשר טאַקע נישט אַזוי אָפּגעהיטן ווי מיין טאַטנס זון דאַרף זיין, אָבער גאָלן די באָרד!...

דערנאָך פרעגט זי אים, צי ער האָט נישט אַמאָל געטראָפן שלומען אין שטאָט און פאַרוואָס טאַקע ער, אייזיק לייזער, גייט נישט אַמאָל אַהין; ס׳איז דאָך אַ חרפה און אַ שאַנד, אַ לייבלעכער שוואָגער און מ׳איז אַזוי פאַרפרעמדט...

— איך וועל נישט אַהינגיין — מאַכט אייזיק לייזער מיט פויערישן כלומרשטן ביטול — צו אַזעלכע פּריצים גיי איך נישט. כ׳קען זיי נאָך פאַרבלאָטיקן די סאַליעס...

ענדלעך האָט אָבער געטראָפן, אַז אייזיק לייזער, האָט זיך לענגער נישט געקענט איינהאַלטן און איז געגאַנגען באַזוכן דעם שוואָגער שלום און זיין ווייב די „האַר־מאַדאַם".

ווי אַלע העלדישקייטן און דרייסטע איינפאַלן, איז אויך אייזיק לייזערס דאָזיקער איינפאַל געבוירן געוואָרן ראַפּטום אָן שום לאַנגע טראַכטענישן און אַזוי ווי אייזיק לייזערן האָט נאָר אַ פּיק געטון אין מוח דער בליציק געבוירענער געדאַנק — איצט

אַריינצוגיין צום שוואָגער שלום — איז ער אַריינגעגאַנגען אין אַ הויז, אַראָפּגענומען פון קאָפּ דאָס היטל, בלייבנדיק אין פאַר־פּעצטן קאַפּל, אָפּגעוואַשן דאָס ברייטע טונקעלע היטל פון פעדערן און שטרויעלעך, זיך אויסגעגלעט די באָרד, זי זאָל אים ליגן ברייט, לייטיש צעלייגט און גענומען גיין אַהין אויף יענער גאַס, ווו שלום וווינט.

אָבער שוין זייענדיק אין הויז דאָרט, נאָך אָנצוגרייטן די קליאַמקע אָדער אָנצודריקן דאָס גלעקל, האָט אייזיק לייזערן ווי־דער אַ גאַוואַלדיקער פונק אַ בליק געטון אין מוח, — וועלכער איז איצט נאָכן פאַרקויפן דאָס אַלטוואַרג, פריי געוועזן פון מסחר־טראַכ־טונגען. ער איז אייליק אַרויסגעגאַנגען צוריק פון הויז, אַפּגעגע־גאַנגען אין גאַס, געקויפט באַם ליטוואַק אַ צייטונג און מיט דער צייטונג אין האַנט, ווי אַ לייטישער מענטש נישט קיין הינטער־און וואַנדיקער, נאָר אַזעלכער, וואָס ווייל וויסן, וואָס אויף דער וועלט טוט זיך און לאָזט זיך אויף אַזעלכע זאַכן געלט קאָסטן, איז אייזיק לייזער, שוין אויף אַן אמת, אַוועק צוריק אויף יענער גאַס, האַלטנדיק די צייטונג אין האַנט אַ ביסל צוזאַמענגעלייגט, ווי אַ פּעקער, אויבן בריי טער, אונטן שמעלער, און מיטן גרויס גע־דרוקטן צייטונגס־קעפּל און מיטן דאַטום אַרויס — מ׳זאָל זען, אַז דאָס איז אַ צייטונג און אַ הייַנטיקע צייטונג, אַן ערשט געקויפ־טע.

און אָט אַזוי אין פּאָלנע פאָרם, מיטן אָפּגעמאַכטן היטל און מיט דער פּאָלע פון שטויב אָפּגעווישטע שטיוול, אויסגעגלעטער באָרד און מיט דער צייטונג פאַראַדנע אין האַנט, האָט אייזיק לייזער פאַר קוראַזש ווערן נאָך זיך אָנגעפּאַקט ביידע נאָזלעכער מיט „פּאָדאָל־סקע“ שמעק טאַבאַק און אַריינגעפאַלן צום שוואָגער אין שטוב מיט אַן אימפּעט, ווי פריי טיק פאַר ליכט צינדן נאָך אַ פאַרשפּעטיקטער יאַזדע — אין מקווה. און נאָך פאַרן „גוט מאָרגן“, מיט געמאַכטן קוראַזש, וואָס קומט פון פאַרלעגנהייט, גענומען פאָנפּעוואַטע פּלאַפּ־לען:

— האָב איך מיר געקויפט אַ גאַזעט... גיי איך פונקט פאַר־ביי, טראַכט איך מיר, מ׳איז דאָך עפּעס קרובים, כ׳חיים...

דאַמאָלס, אייזיק לייזערס ערשטער אַריינקום צום שוואָגער שלום און זיין ווייב בראַ־יע אין זייער נגידישער דירה, איז פאָר־געקומען שוין לאַנג צוריק, עטלעכע וואָכן פאַרן מלחמה־אויסברוך אין זומער 1914 און פון דאַמאָלס אָ איז אייזיק לייזער און זיין ווייב עלקע אָפטע באַזוכער באַ גאָלדפעלדן. און אַז אין גאָלדפעלדס שטוב זאָל ווינטער־צייט אין די גרויסע פרעסט, נישט אויספעלן אייער און פוטער — איז עלקעס זאָך, און אַז מ׳דאַם גאָלדפעלד זאָל נישט דאַרפן אין אַ טאַרגס־טאָג באַלד אינדערפרי פאַרלאָזן איר ווייך געלעגער און גיין אויפן מאַרק טאָפּן גענדז און אינדיטשקעס, שטיין און האַנדלען מיט דער פויערטע און אַוועק־גיין און נישט קויפן, ווייל זי קען נישט אָפּרייסן פון אויסגע־האַנדלטן מקח נאָך אַ צען גראָשן — דאָס איז שוין אויך עלקעס זאָך. . .

לעצטנס איז אייזיק לייזער געוואָרן קראַנקלעך. מיטן אַלט־וואַרג איז שוין אויך גאָרנישט אויפצוטון. אין לאַנד שטייען די פאַבריקן — שמאַטעס איז געוואָרן אויס אַרטיקל. פאַרמאָגט אייזיק לייזער עטלעכע זין, פון ערשטן ווייב, אין אַמעריקע, שיקן די זין דעם אַלטן טאַטן דאָלאַרן, האָט עלקע אָפּגעטיילט אין שטוב איין וואַנט, געמאַכט פּאָליצעס און פאָרויסגעשטעלט אַ טיש; פאַרלייגט אַ געוועלבל און וועגן סחורה קומט זי וואָך באַ וואָך צום ברודער שלום גאָלדפעלד.

דאָרט אין קליינעם שטעטל איבער דער ווייכל, ווו עלקע וווינט, גייט איצט אַלץ, ווי אין די גרויסע שטעט: שטייגט סחורה — רייסט מען פון די הענט, ווערט אַ שטילשטאַנד, פאַרקויפט זיך ווייניקער. . . עלקע איז שטאָלץ, וואָס זי איז ענדלעך אויך גע־וואָרן מיט לייטן גלייך: אַ געוועלבערין. פאָרט זיך איין און צווי מאָל אין וואָך אין שטאָט, איינקויפן סחורה פאַר איר געוועלב, און קויפן, קון פט זי די סחורה באַ שלומען; דער הורטאָווניק איז נישט קיין אַנדערער, ווי איר אייגענער ברודער. און אַז עס פעלט איר אַמאָל צו עפּעס געלט, איז אויך נישט קיין סכּנה: זי קריגט צו־געבאָרגט. און אַזוי, ווי צו פירן חשבונות מיטן הורטאָווניק שטייט איר נישט דער קאָפּ (געטוג, אַז זי מוז אויף איר קאָפּ טראָגן די

קונימס שולריק בלייבן...) און אייזיק לייזער טויג צו דידאָזיקע
חשבונות נאָך ווייניקער ווי זי, פאַרלאָזט זי זיך אינגאַנצן אויף
שלומען. ער ווערט זי נישט גענאַרן.

יעדן אינדערפרי, אַ חוץ שבת און יום־טוב, פאָרט דער
שטעטלדיקער אָמניבוס אַן אָנגעפּאַקטער מיט פּאַרשוינען אין שטאָט.
אַז עלקע דאַרף פאָרן, שטייט זי אויף גאָר באַגינען, קנעלט נאָכ־
אַמאָל איין מיט אייזיק לייזערן דעם פּרייז פון די קראָם־אַרטיקלען,
רעכנט פאַר אים אויס, וועלכע קונהטע מ'קען צו באָרגן און וועל־
כער מ'טאָר אַ פּרוטה נישט צובאָרגן. דערנאָך זעצט זיך אייזיק
לייזער באַם טיש, נעמט אַרויס פון שיפלאָד א העפט. דאָס העפט
האָט ער אַליין צוזאַמענגענייט פון גלאַטע ווייסע בויגן פּאַפּיר.
אַליין געליניירטע מיט אַן אַלט שטיקל טישלער־בליי — גראָבע פּע־
טע ליניעס — לייגט אויס דאָס העפט, טוט זיך אָן אויף דער נאָז
די גרויסע ברילן, וואָס אירע גלעזער האַלטן זיך אין פאַר שוואַרצן
דראָט־סקעלעט אַ דאַנק די פאַרשידענע שטריקעלעך, שפּאַגעטלעך
און בענדלעך. דידאָזיקע ברילן האָט אייזיק לייזער געגנוצט אין די
צייטן פון זיין שמאַטע־מסחר צו אונטערשיידן אַ שטיקל אַלטוואַרג,
צי ס'איז וואָל, קאָרט אָדער אַ פּראָסטער „חי וקיים" — צייג.
איצט האָט אייזיק לייזערס בריל אַן אַנדערע מיסיע — אַ הע־
בערע.

פאַרטיק געוואָרן מיט די ברילן — גוט זיי אָנגעזאָטלט אויף
דער רויטלעכער מיט ווייַנפּערלעך באַוואַקסענער נאָז — נעמט
ער אין האַנט די פען און רופט זיך אָן צום ווייב מיט זיין נישט
קלאָרן קול:

— עלקע, זאָג מיר פאָר, וואָס אַלץ דו דאַרפסט היינט.

זעצט זיך עלקע אַנידער לעבן דעם מאַן. מיט איין האַנט
קראַצט זי זיך דעם שטערן און האַלט זיך אין דערמאַנען, וואָס
אין געוועלב פעלט שוין אויס; מיט דער צווייטער האַנט, שטור־
בעט זי אים לייכט אין דער איבערן פּאַפּיר געבויגענער פּלייצע,
בײַ יעדן מאָל דערמאַנען אַן אַרטיקל, וואָס דאַרף ווערן איינגע־
שריבן אין דער רשימה מיטצוברענגען פון שטאָט.

— פאַרגעס נישט פעפער, אַרבל־בלעטער האָסטו געשריבן?

געווען האָסטו דאָס פּאַריקע מאָל אויך פאַרגעסן, האָב איך נישט געהאַט פאַר דער קיילערין.

זיצט ער אייזיק לייזער מיט דער גרויסער צוויבערטער באָרד אין פאַרפּעצטן קאַפּל, אָנגעזאָטלט אין די גרויסע פאַרזשאַווערטע ברילן, אַרומגעבונדן מיט די פאַרשידענע געבינדעכצן, ווי עפּעס אַ פאַרצייטישער מכשף, האַלט ער אין איין האַנט אַ פען, צוגעשניצט פון אַ גענדזן־פעדער, זיצט ער געבויגן איבערן פּאַפּיר, ער שוויצט און גיסט אותיות איבער די דיק געצייכנטע ליניעס.

די אַרבעט אייזיקס לייזערס איז נישט קיין לייכטע און זי פאַרנעמט צייט. און אַז די „אַרבעט" פאַרציט זיך, נעמט אייזיק לייזער סאַפּען, ווי אַן איבערגעפּאַקטער גאַנער. אויבן אויף דעם נאָז־רוקן אַרום דעם בריל־דרעטל, באַווייזן זיך שווייס־טראָפּנס אונטער דער שפּיץ נאָז, גלייך אַרויס פון אייגעם פון די צוויי נאָזלעכער, די טאַבאַק־היילן — באַווייזט זיך אַ ברוין טראָפּל. דאָס פעטע טראָפּל צעוואַקסט זיך און קוקט זיך פון זיין אָרט — אונטער דער שפּיץ נאָז — לאַנג צו, ווי דער באַלעבאָס זיינער לייגט שוואַרצע „שטעקנס", קרומע און גלייכע אויפן ווייסן פּאַפּיר. — קוקט דאָס ברוינע נאָז־טראָפּל זיך צו, ביז לסוף ווערט אים נמאס דאָס צו קוקן; עס פאַרווילט זיך אים אַראָפּ צו די גלאַנציקע טינט־באָטשאַנעס און — פאַלט אַראָפּ צווישן די אותיות און אויף זיין ערשט פאַרלאָזט אָרט... שטייט שוין אַ צווייט טראָפּל — אויך אַזאַ ברוינס און פּינטס — גרייט דיזעלבע קונץ נאָכצוטון.

טריפט אַזוי אַ טראָפּל נאָך אַ טראָפּל. אייזיק לייזערס צעוואָרפענע באָרד, וועלכע גרייכט אַראָפּ ביז צום פּאַפּיר, צעשפּרייט די אַרוּבגעטריפטע טראָפּעלעך, צעפירט זיי דאָ און דאָרט, אומעטום, און ביז די דערלעבן זיצנדיקע עלקע קוקט זיך אַרום, איז שוין דאָס גאַנצע זייטל פּאַפּיר פאַרפּאַטשקעט, פאַרגאָסן מיט טאַבאַק־טראָפּעלעך און מיט טינט.

— נאַ, נאַ, זע נאָר וואָס דו האָסט אָנגעמאַכט — זאָגט עלקע מיט פאַרדרוס — שטענדיק אַזוי, אַז ס'איז מיר אַ בושה אָפּצוגעבן שלומען אַזאַ פאַרחזרט פּאַפּיר.

ער אָבער אַ פּאַרסאָפּזסער, איז גרייט אין כעס צו ווערן.

— וואָס, ווידער — דערהייבט ער פון שטייבן דעם קאָפּ, ווי אַ פּאַרמאַטערטער האָלצהקער — וואָס איז עס אַ „פּראָשעניע" אין סאָנד אַריין? אַבי מ'קען עס איבערלייענען.

אַז עלקע קומט אַהין צו שלומען, לאָזט זי קודם איבער באַ דער דינסט דאָס מיט־עבערענטע פּאַר דער קיך... דערנאָך גייט זי אַריין צו שלומען, שלעפּט אַרויס פון בוזים אייזיק לייזערס שניפּטוך, וואָס דערינען איז פאַרבונדן דאָס געלט און די רשימה. זי שיט דאָס אויס און זאָגט:

— דאָ איז געלט און די רשימה און רעכן צו, וואָס עס איז נעבליבן פון יענער וואָך אויפן בוך, דאָס חובל — און זי גייט דערווייל אַוועק עסן אָנבייסן בײַם מאַנט אַ קרובה.

פאַרנאַכט קומט זי צוריק נעמען די סחורה:

— פון ביך האָסטו אויסגעשטראָכן? — פרעגט זי.

— מן הסתם — ענטפערט גאָלדפעלד.

— און וואָס כ'האָב געבראַנגט פאַר דער קיך האָסטו אייך צוגערעכנט? — פרעגט עלקע ייטנר פאַרגעסנדיק גאַר, אַז זי האָט היינט נאָכנישט געזאָגט אַ פּרייז פון די געבראַנגטע פּראָדוקטן, ווייל ווען זי איז געקומען איז בראָניע, די שוועגערן, נאָך געשלאָפן.

— וואָס פרעגסטו פאַר אַ שאלות — האָט שוין גאָלדפעלד פאַריבל — דאַרפסט ערשט פרעגן? אַלץ איז אין אָרדנונג

אַז עלקע גייט אַריין אין קיך נעמען די קערב, הערט גאָלדפעלד זיין פרויס קול:

— איר ווייסט, עלקע, די אינדיטשקע איז גאָרנישט באַלייבט און די אייער זענען דאָכט זיך נישט פריש.

און עלקע ענטפערט מיט רעספּעקט:

— וואָס רעדט בראָניע, אַז גאָט יאָר זאָלן מיר האָבן!...

עלקע פאָרט אַהיים און אַז זי דאַרף מאָרגן אָדער איבערמאָרגן עפּעס אַ קראָם־אַרטיקל, באַפעלט זי מיטן אָמניבוס, שיקט איר דאָס שלום צו, און ער שרייבט עס איין אין בוך אויף על-

קעס קאָנטע, צווישן די ביז איצט כמעט נאָך קיינמאָל נישט אויסגעשטראָכענע חובות.

וואַקסט אַזוי אין בויך עלקעס חוב אַלץ גרעסער און גרעסער. אַמאָל, בײַ אַ געלעגנהייט, טוט גאָלדפעלד צווישן דער שוועסטער אַזוי כּלאחר־יד:

— אויפֿן בויך קומט מיר אויך עפּעס.

און אַז זי פֿרעגט פֿאַרוווּנדערט:

— ווי אַזוי קומט דיר? פֿון װען?

ענטפֿערט ער מיט ברודערישער תּרעומות:

— וואָס פֿרעגסטו מיך אַזוי געניי אויס, נישט פֿון היינט און נישט פֿון נעכטן. פֿון קליינינקייטן, עס זאַמלט זיך אָן.

פֿאַר זיך אַליין צו באַרויִקן דאָס טײַלמאָל אַ קאַפּיטשקע אויפֿגעכאַפּטע געוויסן, וואָס ער באַגנבֿעט די שוועסטער, האָט גאָלדפֿעלד אַזאַ גלאַטיק באַרויִקונג־ווערטל:

— ער און זי, „דזשאַד אַז באַבאַ”, וואָס טויג זיי געלט?

## 27. קאַפּיטל

די אומאָרדנונג: אין געוועלב איז אַלץ גרעסער געוואָרן; אָנגעוואָרפן, אָנגעשטעלט און פאַרלייגט מיט סחורות, אַז ס'איז נישט געווען, ווו אַ פוס צו שטעלן. און סוף כל־סוף, האָט גאָלד־פעלד געמוזט באַשטימען, אַז אין דער ניטל־חגא, ווען ס'איז נישטאָ צו טון מיט קונים, זאָלן זיינע „מענטשן" זיך נעמען אָרד־נונג מאַכן אין געוועלב.

גאָלדפעלד האָט געמיינט, אַז אין איין טאָג וועלן די „מענטשן" פאַרטיק ווערן מיט דער קראָם און די איבעריקע חגא־טעג, וועלן זיי מאַכן אָרדנונג אין די שפייכלערס און קעלערס — האָט זיך אָבער באַלד אַרויסגעוויזן, אַז די עטלעכע חגא־טעג וועלן נישט גענוג זיין — אפילו בלויז פאַר דער קראָם אַליין אויך נישט.

וואָרים ווי לאַנג אַלץ איז געלעגן אין די פּאָליצעס, אָדער אפילו אָנגעוואָרפן אין קופּעס איינס אויפן אַנדערן אָן חילוק ווו, האָט זיך געקענט דאַכטן, אַז — גאַרנישט: אַז צוויי מענטשן

מיט נאָך אַ דריטנס צוהילף, וועלן זיך פלייסיק אָנעם געבן, נישט
שוינען די פּחות אַ טאָג צייט — און ס'איז געמאַכט אָרדנונג.

אַזוי האָט זיך געקענט דאַכטן, ווען אַלץ איז נאָך געלעגן.
אָבער אַז מ'האָט נאָר אָנגעהויבן עפּעס רירן פון אָרט, „גרונטע-
ווען", צו קומען טיפער צום אומאָרדנונג — האָבן זיך אָפּגעדעקט
אַזעלכע תהומות מיט אַלטע שוין לאַנג צוריק דאָ אַוועקגעלייגטע
סחורות, אַז מ'האָט באַלד געמוזט צונוצן צום אָפּלייגן אַהין סחו-
רות דאָס עס-חדר, ש'אָף-חדר, אפילו די קיך אויך און ס'איז
אַלץ נאָך געווען ווייניק אָרט, ווי די סחורות פון דער האַנט צו
לייגן — ביז מ'וועט זיי קענען צוריקשטעלן אין געוועלב —
כאָטש נעם און גיי די שכנים שטובן אויך נאָך צו.

אַמאָל בשעת דער דייטשישער אָקופּאַציע, ווען ניינציק
פּראָצענט סחורות זענען געווען טריף ווי חזיר און אפילו די
„כשרע" סחורות האָט אויך נישט געטויגט צו האָבן ליגן אַ סך,
וואָרים לאַ די וואָס דער דייטש, האָט לויט דער גרייס פון גע-
וועלב סחורה, אַרויפגעלייגט „קריגס-שטייער", האָט ער נאָך גע-
קענט פלוצלינג זיך צוטשעפּען, דערקלערן די כשרע סחורה פאַר
טריפה און זי צונעמען — האָט גאָלדפעלד די דייטשן איבער-
געכיטרעוועט: אויסגעגראָבן אַזעלכע היילן אונטער דער פּאָדלאָ-
גע מיט פאַרשטעלטע עפענונגען אין די ווענט, דאָרט אין די
היילן האָט ער „באַגראָבן" די אמתע שטויסן סחורות און פון
דרויסן פאַרשטעלט מיט קראָם-שענק אין מיט כשרע סחורות אין
די פּאָליצעס. פון דרויסן די כשרע סחורות האָבן זיך אויך
היפּשלעך געמערט... דערנאָך, אַז די דייטשן זענען אַוועק און
די באַהאַלטענע סחורות זענען טיילווייז צוריק געוואָרן כשר,
האָט גאָלדפעלד אויך נישט געעפנט די באַהעלטענישן, די סחורות
אין די באַהעלטענישן האָט ער נאָך געלאָזט אומבאַרירט און
צוערשט געברענגט אין געוועלב אַריין די סחורות, וואָס ער האָט
געהאַט ליגן באַהאַלטן בײַם ווײַבס משפּחה

גאָלדפעלד האָט זיך מיט דידאָזיקע סחורות קיינמאָל נישט
געפילט זיכער און ער האָט קודם זיי אַהיימגענומען און אויסגע-
לייגט אין געוועלב. נאָר נאָך איידער ער האָט באַוויזן די סחורות

אויסצופאַרקויפן, האָט דערווייל אַלץ גענומען גיין אינדערהייך. שטייגן — האָט גאָלדפעלד חידער גענומען בהלזריק צוזאַמענקויפן סחורות; אָנגעפּאַקט אַלע עלצרס, שפּייכלערס און שטיבן. האַלטן צו פיל סחורה, האָבן לאַגערס, איז חידוש געוואָרן נישט גאָר כשר... איז שוין אַזוי אויסגעקומען, אַז די סחורה אין די באַהעלטענישן איז ווייטער געבליבן ליגן באַגראָבן, ווי די גאַנצע צייט ביז אַהער.

אין די ניתל-טעג, פרייע פון קונים, האָבן גאָלדפעלדס קראָם-משרתים געאַרבעט פון אינדערפרי ביז שפּעט אין אָוונט; עס זאָל נישט זיין אַזאַ אומאָרדנונג צווישן די סחורות, ענגעניש אין געוועלב אין גאָלדפעלד זאָל מער ווייניקער וויסן, וואָס ער האָט צו פאַרקויפן.

לאַנגע, לאַנגע שעהן האָט געדויערט, ביז מ׳האָט זיך ענדלעך געקענט אַ „דורכבראָדזשען״ צו דעם אייגנטלעכן מעמד; ביז ס׳ יז געשאַפן געוואָרן אַ פרייער צוגאַנג צום מקור פון דעם אומאָרדנונג.

טיף פון הינטער די פּאָליצעס, קאַסטנס, טינעס, זעק — און פון הינטער פאַרשידענע קראָם-שענק, איז אַרויסגעשלעפּט געוואָרן שטויסן קאַליע-געוואָרענע סחורות און, אַז מ׳איז ענדלעך צוגעקומען צו די „דייטשע״ היילן, און קישטיין מיט שפּילמאַנען, האָבן די היילן געעפנט, האָט די פּראַצע דערגרייכט איר העכסטן פונקט...

פּאַרבהלהטע מייז זענען געלאָפן פון איין לאָך אין אַ צווייטן, גרעסערע און קלענערע מייז, מיט נאָכלויפנדיקע קינדערלעך, גרויס ווי וועלשענע ניס, הינטער זיך, זענען דערשראָקן געלאָפן פון זייער איינגעבירגערטער מקום מנוחה, געזוכט פאַר זיך לעכער באַהעלטענישן און שטשורעס מיט לאַנגע, לאַנגע, ווי שוואַרצער שפּאַגאַט דינע עקן, זענען איינציקווייז, משוגענערווייז, ווי פאַרסמטע געלאָפן אַפער פון הינטער איין באַרג אָנגעלייגטע סחורות צו אַ צווייטן, פאַרשווונדנדיק ערגעץ אין אַ שפּאַרע.

און, אַז מ׳האָט גענומען אַרויסשלעפּן פון די „דייטשישע״

היילן די מיט עטלעכע יאָר צוריק דאָ באַהאַלטענע סחורות. זע-
בען די „מענטש,“ געזעען טויט פֿאַרמאַטערט. קישטיין האָט שוין
געהאַט צעדראַפּעטע הענט פֿון פֿאַרזשאַווערטע טשוועקעס, גע-
ווען פֿאַרשמירט, איינגעשמוצט; ער, קישטיין איז נישט קיין
פּחדן, פֿאַר גאַלאָפּירנדיקע שטשורעס האָט ער נישט קיין מורא און
פֿון דערשראָקענע מייז לאַכט ער זיך אויס. דערפֿאַר אָבער —
שפּילמאַן איז אַ צעבאַפּלסטער, פֿאַר יעדער לויפֿנדיקער מויז האָט
ער זיך געשראָקן, זיך אָנגעכאַפּט אָן קישטיינס הענטל-אַרבל און
אַז אַ שטשורע האָט זיך באַוויזן, איז דער אָרימער שפּילמאַן אַזש
אַרויף אויף אַ קאַסטן מיט אַ וויינענדיקן:

— ווײ איז מיר...

האָט אים טאַקע קישטיין נישט קיין מנוחה געלאָזט און
אויף צופּלייס אַלע מינוט צוגעשריגן:

— נאַ, נאַ, אַ מויז, אַ שטשור!... — הנאה האָבנדיק פֿון
חברס קינדישער שרעק, און שפּילמאַן האָט אינדערשטיל, דער
באַלעבאָס זאָל נישט הערן, פֿאַרצווייפֿלט באַקלאָגט זיך:

— אַ ביסל אַן אַרבעט אונדז אָפּגעגעבן...

צומאָרגנס, דעם צווייטן טאָג חגא, איז שוין אַלץ געווען
אויסגערוימט פֿון די לעכער.

גאָלדפֿעלד האָט באַקוקט דעם סך-הכל פֿון דער אַרבעט.
די גאַנצע אַרויסגענומענע סחורה איז גאָרנישט ווערט געווען;
אַחוץ דעם איז פֿון די ווינקלען צוזאַמענגעשלעפּט געוואָרן מאַסן
קאַליע געוואָרענע סחורות. גאַנצע שטיקער צעפֿוילטן גאַרן, צע-
ריזשעטע פֿון מייז פּראָדוקטן, צעקראָכענע זייפֿן, פֿאַרשימלטע
שאָקאָלאַדעס. נאָר אויף פֿורן אַרויף צופּאַקן און עס אַרויסצו-
פֿירן הינטער דער שטאָט אין די גריבער, וווּ מ'וואַרפֿט דעם
שטאָטישן אָפּפֿאַל.

שפּילמאַן האָט קישטיינען אַ צופּ געטאָן בײַ דער „נאָגע-
וויצע“.

— אַן עבֿירה פֿאַר גאָט, אַזוי פֿיל סחורה אויף גאָר-
נישט.

קישטיין האָט הויך זיך אָנגערופן:

— חיפיל געמעלבער וועט מען מוזן אויסגיין, וואָס אַלע צוזאַמען פאַרמאָגן נישט אַזוי פיל סחורה...

מאַדאַם גאָלדפעלד איז וועגן עפּעס אַרויסגעקומען צום מאַן אין געוועלב. ער האָט שווייגנדיק באַטראַכט דעם באַרג פאַרפוילטע מיסט וואָס איז אַמאָל געווען סחורה — אין די אומדערבאַרמדיקע יקרות צייטן, די אַלע יאָרן, ווען מענטשן האָבן נישט געהאַט מיט וואָס צו גייען, ווייל גאָרן איז נישט געווען צו קריגן... אָרימע לייט האָבן נישט געהאַט אַ שטיקל זייף דעם קינד אַ האַלדל אויסצוואַשן; שאָקאָלאַדע? ווער, אַ חוץ שפּעקולאַנטן, האָט באַלד געקענט אָס דערגרייכן דעם קינדס הערצל צו דערפרייען מיט אַ פּיצל שאָקאָלאַד? און דאָ און נאָך בײַ אַזעלכע טויזנטער גאָלדפעלדס אין גאַנצן לאַנד ליגן באַגראָבן, שימלען און פוילן גאַנצע בערג סחורות, פּראָדוקטן; שטעט וואָלטן די זאַפּאַסן גענוג געהאַט אויף חדשים, אויף יאָרן! — און זי, די מאַדאַם גאָלדפעלד, וואָס אַנימלטן האָט זי אויסגעזידלט אַן אָרימע פרוי, ווייל יענע האָט זיך דערוועגט בעטן אַ שטיקל פּוטער פאַר אַ קראַנק קינד.

— פּוטער? — האָט מאַדאַם גאָלדפעלד זיך אָנגעצונדן — אַנדערש באַשטייט זי נישט. שנאָרערס, נאַשערס! — זי, די מאַדאַם, וואָס האָט אויפן קאָפּ, וויפיל געבליבענע שטיקלעך הערינג עס דאַרפן זיך געפינען אויפן טעלער — האָט קאַלט אַ קוק געטון אויף דעם באַרג קאַליע געוואָרענע סחורות און רויִק גלייכגילטיק, אַזוי, ווי דאָס וואָלט גאָר קיינמאָל נישט געווען עפּעס אַנדערש, ווי מיסט... און איז מיט איר געגנגל, וואָס זי באַמיט זיך, עס זאָל שטענדיק אויסקומען טענצלדיק יוגנטלעך — צוריק אַרייַנגעגאַנגען צו זיך אין גוט געהייצטן שלאָף-חדר. איז אים, דעם מאַן זעענדיק דעם ווייבס רויִקייט אויף לייכטער געוואָרן אויפן האַרץ. האָט ער, און מנשה באַלעבאָס, וואָס מאַכט זיך נישט פון אַזעלכע שאָדנס, אַרויסגעגעבן די „מענטשן" אַ פאַראָרדנונג:

— װאָס עס קען סויגן צום פאַרברענען — גאַרן אויף שפּאָלן — אַראָפּװאַרפן אין קעלער צו די קוילן, דאָס איבעריקע, — אַז ס'װעט פינצטער װערן — ארויס אין מיסט-גרוב.

---

## קאַפּיטל 28

אין עס-חדר פֿאַרלייגט און אָנגעשטעלט מיט אָנגעוואַליע-
טע שטויסן סחורה, איז אין אַ פֿאַרנאַכט, געזעסן אויף דער קאָ-
פּע מאַדאַם גאָלדפעלד, איר קעגניבער צוויי פֿרויען פֿון איר
שטאַנד און געפֿירט אַ געשפּרעך.

די צוויי איצט דאָ זיצנדיקע פֿרויען — איינע מאַדאַם גאָלד-
פעלדס קוזינקע די לאַנדסבערגן, די צווייטע — מאַדאַם ליפּשיץ
אין אַ קאַראַקול-פּוטער און אין אַ קאַראַקול-הוט מיט אַ ראַנד —
זענען נישט געקומען סתּם מיט אַ וויזיט, נאָר צוליב אַ כּלל-זאַך —
אַ וווילטעטיקן צוועק. און דערפֿאַר, האָט דאָס געשפּרעך זייערס
זיך ווייניק געדרייט אַרום די צוויי באַליבסטע מאַדאַמישע טע-
מעס — דינסטן און מאָדעס. צוליב „גוטן טאָן" האָבן זיי אָנ-
געהויבן דעם שמועס מיט דעם סקאַרבאָוון נוסח — דינסטן און
מאָדעס — און באַלד אַרויף שמועסן וועגן דעם צוועק פֿון זייער
קומען.

און דעם צוועק פֿון זייער קומען, האָט די לאַנדסבערגן
קורץ צו וויסן געטון:

— אַ גרופּע פרויען האָבן באַשלאָסן צו גרינדן דאָ אין שטאָט אַ פּאַרטיי פון „פרויען שוץ" ארויפצופירן געפאַלענע מיידלעך אויפן ערלעכן וועג. און היינט שיקט דער פאַריין אַ טום דע־לעגאַטן צו ווערבירן מיטגלידער און צוזאַמענצושאַפן אַ גע־העריקע סומע געלט, וואָס זאָל דינען אַלס גרונד־פאָנד. און זיי, די פאַני לאַנדסבערג און פאַני ליפּשיץ, זענען דעלעגאַטקעס און אַריינגעקומען זענען זיי אין נאָמען פון „פרויען־שוץ־פאַ־ריין"...

דערהערנדיק, אַז זיי קומען וועגן געלט, איז מאַדאַם גאָלד־פעלדס פּאַריזער נעזל שפּיציק געוואָרן, די געלע אייגעלעך זענען איר געוואָרן, ווי פאַרשלאָפן, נאָר אויך די ליפּן האָט איר ווייטער געשפּילט אַ זיס שמייכעלע.

וואָלט דאָ געווען די לאַנדסבערגן אַליין, אָדער אפילו נאָך איינע אַזעלכע ווי די לאַנדסבערגן, וואָלט זיך מאַדאַם גאָלד־פעלד נישט שטאַרק צערעמאָניעט. זי וואָלט געזאָגט עפּעס אַ תירוץ, אָבי וואָס, אַ שטייגער, אַז איצט גראָד האָט זי נישט קיין געלט, זי וועט שוין אַ האַנט טאָן און זיי אַרויסשיקן מיט גאָרנישט. אַזוי פירט זי זיך געוויינטלעך און איצט וואָלט זי אויך אַזוי געטאָן, נאָר צוליב דער צווייטער פרוי, די וואָס אין קאַראַקול־פוטער און קאַראַקול־הוט, די פאַני ליפּשיץ — האָט מאַדאַם גאָלדפעלד דאָס מאָל נישט געקענט האַנדלען ווי געוויינטלעך לויט איר שטייגער און סתם זיי אַרויסלאָזן מיט גאָרנישט.

זי, די מאַדאַם ליפּשיץ, רעדט מען, איז פון דער היים אַ גאָר גרויסע מיוחסת, דער מאַן אירער, איז אמת אַ שטיקל פויער, דערפאַר אָבער אַ גרויסער עושר — נאָך אַ פּאַר מלחמהדיקער גוטס־באַזיצער.

— זייער ריכטיק — רופט זיך אָן מאַדאַם גאָלדפעלד נאָכן אויסהערן דעם ציל פון חיזוק — אַזאַ פאַריין איז נייטיק, האָט שוין לאַנג געדאַרפט עקזיסטירן — און האַלב שפּאַס האַלב ערנסט, מיטן שפּילנדיקן שמייכעלע אויף די מאַדאַמיש גרויסאַרטיק צו־זאַמענגעצויגענע ליפּן, פרעגט זי כלומרשט נאַיוו:

— אָבער צו וואָס דאַרף דער פּאַריין אַזאַ גרויס סומע געלט?

מאַדאַם ליפשיץ, וואָס האָט ביז אַהער כמעט געשוויגן, בלויז פון צייט צו צייט אַריינגעוואָרפן אַ וואָרט צו דער לאַנדסבערגס רייד, רופט זיך אָן מיט איר נגידיש קול, מיטן יחוס-דיק אַרויסגערעדטן „ריש":

מ'דאַרף די אַרויסגעראַטעוועטע פרויען די ערשטע צייט אויסהאַלטן, זיי לערנען אַ פאַך, ביז זיי וועלן האָבן אַ געזיכערטע עקזיסטענץ...

מאַדאַם גאָלדפעלד האָט צושטימענדיק געשוויגן.

די לאַנדסבערגן האָט אַרויסגענומען פון טעשל אַ קליין בלאָקל מיט אַ דין בלייעכל, עפּעס דערין פאַרשריבן און האַלטנדיק אָפן דאָס ביכל — געפרעגט:

— בראָניע, וויפיל זאָל איך איינשרייבן, גיסטו איצט?

— דאָס קען איך נאָכנישט וויסן — האָט מאַדאַם גאָלדפעלד כמעט שאַרף געענטפערט. זי איז רויט געוואָרן און פאַרטרוילעך גערעדט:

— בא מיר זענען די אומשטענדן לײדער אַנדערע — מיין מאַן ציילט מיר אָפּ יעדן פעניק. נישט אַזוי לייכט קומט עס מיר אָן. — —

די ליפשיצן, די אייגנטלעכע גרינדערן פון פאַריין, האָט גאָר קנאַפּ דעם געהאַט אַריינצוגיין אַהער; די גאָלדפעלדס לאָזן זיך הערן אין שטאָט מיט זייער „ברייטער האַנט" און פאַר-באַגייענדיק דאָ האָט זי די לאַנדסבערגן אַריינגעפירט. כדי בראָניע זאָל זען מיט וועמען זי האָט זיך) איצט הערנדיק פון דער גאָלדפעלדן, אַז זי קען גאָרנישט געבן, עס ווענדט זיך אָן מאַן — האָט די ליפשיצן אַ קוק געטון מיט פאָרוואורף אויף די לאַנדסבערגן, יענע ווידער, האָט בעטנדיק אַ קוק געטון אויף די גאָלדפעלדן, ווי זי וואָלט זיך געבעטן, זיך נישט אָפּצוזאָגן פון געבן געלט.

דער גאָלדפעלדן אַליין האָט זיך שוין אויך געוואָלט אַ ביסל פאַרגלעטן דעם שלעכטן רושם פון איר אָפּזאָג.

— אידאַ, — האָט זי אַ ווונק געטון צו די לאַנדסבערגן — וועסט נאָר אַריינגיין צו כסאַשן. איך וועל דיר אויך צוהעלפן, ער זאָל זיך נישט אָפּזאָגן.

די לאַנדסבערגן איז אַריינגעגאַנגען אין געחלב און גלייך צוריק געקומען:

— דיין מאַן איז איצט דערינען נישטאָ.

די גאָלדפעלדן האָט זיך דערהויבן פון איר זיץ, צוגע- גאַנגען ביז דער נייער אייזערנער שאַנק און מאַדאַם'ס אַריינ- גערעדט אין די פאַרמאַכטע געוועלב-טיר צו די „מענטשן".

— ווו איז דער הער געגאַנגען?

נאָך אַ ווײַלע, האָט קישטיינס קאָפּ זיך באַוויזן אין דער טיר-עפענונג און צו וויסן געטון:

— שלום איז אַרויסגעגאַנגען אין שפּייכלער. ער קומט באַלד צוריק.

מאַדאַם גאָלדפעלד איז צוריקגעגאַנגען צו דער סאָפע און געזעצט זיך אויף איר אָרט.

— און די גרינדונגס פאַרזאַמלונג ווען און ווו וועט פאָר- קומען? — פרעגט מאַדאַם גאָלדפעלד מיט אַ טאָן פון אַ מיט- גליד, וועלכער האָט דאָס רעכט צו וויסן אַלץ וואָס עס געהער צו זיין פאַריין.

איצט האָט מאַדאַם גאָלדפעלד שוין באַשלאָסן אין זיך טאַ- קע צו געבן געלט. איר ווילט זיך טון פאַריין, כדי זי זאָל אַריין אין דער פאַרוואַלטונג. איר ווילט זיך ווייזן דער לאַנדס- בערגן, אַז הגם זי איז שוין איצט נאָנט מיט דער ליפשיצן, פונדעסטוועגן וועט זי, בראָניע, נאָך העכער דערלאַנגען: זי וועט זיין צוזאַמען מיט דער פאַני ליפשיץ אין דער פאַרוואַלטונג. און שוין באַ- ייטנס טוט איר הנאה ווי זי וועט פייערן איר נצחון איבער דער „אויסגעוואַקסענער ליים-מויער", ווי זי רופט די לאַנדסבערגן, ווייל זי איז דאַר און אָפּגעבלאַנד יאַקירט בלאָנד.

דערפאַר, אַז די גאָלדפעלדן הערט, אַז די גרינדונגס-פאַר- זאַמלונג איז שוין פאַרגעקומען נאָך יענע וואָך, אַ קאָמיטעט איז שוין אויך דאָ, איצט בייט עס נאָר צו דערוואָרבן געווינטלעכע

מיטגלידער — קריגט מאַדאַם גאָלדפעלד מיטאַמאָל אַ שונה צורה. איר פנים פאַרציט זיך אין אַ זויערלעכער גרימאַסע. זי קוקט אָן די לאַנדסבערגן מיט אָפענעם גיפטיקן האַס.

— אַך, אַזוי — רעדט דאָס ברייטע מויל, וואָס איז איצט צו-זאַמענגעצויגן אין אַ פּיסקל, כּלומרשט אין אַ געלעכטערל — „אָפּי-צירן" זענען הייסט עס דאָ, איצט גייט עס גאָר אין פּראָסטע „זעלנער", נישט אמת?

— דער פאַריין דאַרף אַ סך געלט — זאָגט די ליפּשיצן — ס'זענען פאַרגעזן קאָלאָסאַלע אויסגאַבן. ס'מוז געשאַפן ווערן וואָס מער מיטגלידער.

— געוויס אַזוי — איז די גאָלדפעלדן לפנים מסכּים מיט דער ליפּשיצן און פאַר האַס צו דער לאַנדסבערגן זעצט זי זיך אַזוי, זי זאָל זי מער נישט דאַרפן אָנקוקן.

פון געוועלב הערט זיך גאָלדפעלדס קול.

— קוזין! — רופט די לאַנדסבערגן גאָלדפעלדן.

און אַז ער קומט אַריין און בייגט זיך פאַר די דאַמען אַזוי העפלעך, ווי ער קען נאָר, טוט אים די לאַנדסבערגן צו וויסן, אין וואָס עס האַנדלט זיך. זי בעט אים קליגעריש, ער זאָל זען „ווירקן אויף בראָניען", זי זאָל געבן אַן אָרנטלעכע סומע איינשרייב-געלט.

די לאַנדסבערגן זאָגט דאָס מיט אַזאַ שיטערן קוים באַהאַל-טענעם מיין, אַז גאָלדפעלד שטויסט זיך לייכט אָן, אַז דאָס מיינט זי, ער זאָל דערלויבן בראָניען געבן געלט — און ער ענטפערט דערויף, אַזוי ווי ער האָט דאָס פאַרשטאַנען פון דער לאַנדסבערגנס מויל.

— איך שטער דען מיין פרוי — שטעלט ער אויס אַ באַ-ליידיקט פּנים און קוקט מיט פאַריבל אויף דער לאַנדסבערגן און אויף זיין פרוי — בראָניע, דו ווייסט דען נישט, וווּ די שליסלען פון דער קאַסע ליגן? — ער איז זיך מטריח, נעמט אַראָפּ דעם שליסל פון הינטער דעם געזימס פון דער אייזערנער שאַנק, לייגט אים אַנידער אויפן טיש און זאָגט צו דער פרוי:

— דאָ איז דער שליסל. בראָניע, גיב, וויפיל דו ווילסט —

ער וואַרפט אַ פּרייגעבערישן בליק אויף דער ליפּשיצן, ווי ער וואָלט געזאָגט „איך לומפּ זיך נישט" און גייט צוריק אין געזעלש אַריין.

— נו, זעסטו, ווי איך האָב דיר אים אין איין מינוט ווייך געמאַכט — זאָגט די לאַנדסבערגן מיט ווייבערישן שטאָלץ.

די גאָלדפעלדן קען אָבער ריידן נישט סתם אַדורכ־לאָזן:

— ניין, אידאַ, אַנטשולדיק! — כאַפּט זי זיך — נישט דיר האָט ער דאָס צוליב געטון, נאָר טאַקע מיר. אים איז מן הסתם ווערט היינט דעם ווייב נאָכצוגעבן... — און זי צעלאַכט זיך מיט איר ספּעציפיש הייזעריקלעך געלעכטערל.

דערנאָך, אַז די צוויי פרויען האָבן שוין באַקומען דאָס געלט, די לאַנדסבערגן האָט עס שוין פאַרשריבן אין ביכל זיצן, זיי נאָך אַ ביסל פאַר העפלעכקייט ווען. די לאַנדסבערגן פאַלט דער גאָלדפעלדס גיפטיקע בליקן. זי פאַרשטייט אַז די „גוטע" בראָניע זידט איצט אויף איר פאַר דעם אַרויסגעצאַפּטן געלט און דאָס אַרויסגעריסענע געלט פאַרשאַפט איצט דער לאַנדסבערגן אַ נער־ווען תענוג; אין ווינקל מויל פון איר אַמאָל שיין געוועזענעם פּנים, ליגט איר אַ קוים באַמערקלעך להכעיס־שמייכעלע און אירע בלאַסלעך בלויע, ווי זייפוואַסער אויגן, באַקומען אַ נצחון־בלישטשל און מיט אַ לעבעדיק האַרץ וואַרט זי נאָר אויף דער מינדסטער געלעגנהייט דער קוזינקע אַ שפּיציק שפּילקעלע אַריינ־צולאָזן.

מיט אַמאָל טוט די גאָלדפעלדן אַ פרעג:

— גלייבסט איר אין אמתן, אַז אייער פאַריין וועט דער־גרייכן זיין ציל?

און אַז די פרוי ליפּשיץ פרעגט צוריק, פאַר וואָס אייגנ־טלעך דער פאַריין זאָל נישט דערגרייכן דעם צוועק, וואָס ער שטעלט זיך, ענטפערט מאַדאַם גאָלדפעלד מיט אַזאַ להכעיסדיק הייסערן טאָן:

— און ווער וועט דאָס די אַפּגעראַטעוועטע מיידלעך שטערן,

ווי זאָלן זיך אין די אָוונטן נישט לאָזן ווילגיין; די מאַנסבילן וועלן זיי ווייטער אויפן אויג האָבן...

איצט צעקייטלט זיך אַ שמועס וועגן דעם, וואָס מענער זע־בען, ווי זיי לויערן אויף פרויען... אויף דעמדאָזיקן שמועס, האָט מאַדאַם גאָלדפעלד פּלייסיק אַרויפגעפירט, וואָרים זי ווייסט, אַז מ'שמועסט, אַז די ליפשיצנס מאַן, לאָזט זיך נישט באַגנוגן מיטן ווייב אַליין. מ'רעדט, אַז ער האָט אַ חוץ צופעליקע, איינע אַ שטענדיקע, וועלכע ער האַלט אויס. ווידער לאַנדסבערג, ווייסט מאַדאַם גאָלדפעלד, אַז ער איז שטאַרק פּאַראינטערסירט די פרוי זאָל צונעמען נאָר שיינע דינסטמיידלעך.

— מיר טוען דאָס אונדזעריקע — זאָגט די פּאַני ליפשיץ — מיר גיבן די מעגלעכקייט גאַסנמיידלעך אַרויסצוקומען צוריק אויפן ערלעכן וועג.

— איר מוזט אָבער אויך געפינען עפעס אַן עצה, אַז די מענער זאָלן אין די אָוונטן נישט זוכן אין די ראָגן און נישט נאָכלויפן, פאַרטשעפּען פרויען.

די ליפשיצן קנייטשט די פּלייצעס אָנקוקנדיק די גאָלדפעלדן; די לאַנדסבערגן פאַרשטייט, אַז די „איידעלע“ ב־אָניע, האָט מיט איר איצטיקן רעדן עפעס אַ הינטער־מיינדל, וויל זי, אַז די גאָלד־פעלדן זאָל זיך קאָמפּראָמיטירן באַ דער אָנגעזעענער פּאַני ליפּ־שיץ, פרעגט זי מיט אַ שמייכל:

— אפשר האָסטו עפעס אַן עצה אָפּצוהאַלטן די מענער?

יאָ — זאָגט די גאָלדפעלדן מיט אַ געמיינעם שמייכל און וואַרפט דערביי אַ בליקל צו דער ליפשיצן — איך האָב אַן עצה; דעם מאַן וואָס לאָזט זיך נישט באַגנוגן מיט דער פרוי, זאָל אים דער פאַריין פאַרזאָרגן מיט אַ שטענדיקער „קאָכאַנקע“, וועט ער די איבעריקע צו רו לאָזן — און זי צעלאַכט זיך טראַציק.

די ליפשיצן לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ. זי, די פרוי ליפשיץ, האָט זיך אָט ערשט דערמאַנט, ווי זי האָט מיט אַ צייט צוריק באַגעגנט אין אַן אָוונט אין גאַס אירס אַ געוועזן דינסט מיידל — אַ קליין־שטעטלדיקן מלמדס טאָכטער, גיין געאָרעמט מיט אַ זעל־נער. באַם האַרץ האָט עס זי דאַמאָלס אַ ריס געטון, ווי אַזוי אַזאַ

שטיל מיידל קומט צום אויסגעלאַסענעם לעבן. זי איז נישט זיכער, צי נישט פון איר שטוב האָט זיך אָס מיט דעם מיידל אָנגע־הויבן. זי האָט גאָר מורא צו טראַכטן, צי איר מאַן איז נישט אַמאָל דערין אויך שולדיק. דער בלויזער חשד ברענגט איר קאָפּ־ווייטיק. איצט, די גאָלדפעלדנס רייד, האָבן אין איר אַ וווּנד צע־עפנט — די לאַנדסבערגן אָבער קוקט דער גאָלדפעלדן גלייך אין די אויגן און פרעגט מיט דעם, אויף איר, משפּחדיקן מיטעס טראַן־טאָן:

— און פאַר דיין מאַן קענסטו גוט זאָגן? . . .

— געוויס קען איך! — ענטפערט די גאָלדפעלדן פעסט און שטייף — מיין מאַן באַגניגט זיך נאָר מיט זיין פרוי, קיין אַנדערע פרוי קען ער נישט.

— אַזוי מיינט יעדע פרוי וועגן איר מאַן — לאָזט די לאַנדסבערגן נישט נאָך און זי און די ליפשיצן דערהייבן זיך אַוועקצוגיין.

די גאָלדפעלדן האָט אָבער נאָך אויך נישט געזאָגט דאָס לעצטע וואָרט.

— באַ מיר, איז עס נישט בלויז געמיינט, — רעדט זי צו דער לאַנדסבערגן קוקנדיק דערביי נאָר צו דער ליפשיצן, אַ שטיי־גער, ווי צו דער קוזינקע לוינט איר שוין מער נישט צו רעדן. ווען איך זאָג אַזוי וועגן מיין מאַן, בין איך דערין זיכער, יאָ פול־שטענדיק איבערצייגט. און דערביי האָט זי אַזאַ פילדייטיקן שאָקל געטון מיטן קאָפּ און אַזאַ מינע צוגעגעבן, נאָר צו עפענען דאָס מויל און צוצוגעבן: „און יעדע נאַכט איבערצייג איך מיך דערין אויפסניי" — נאָר געזאָגט האָט זי דאָס נישט. וואָרים די גאָלד־פעלדן תּאַלט זיך פאַר אַ דאַמע, און אַ דאַמע דאַרף נישט אַזוי אָפן רעדן; אויף דער צונג זענען איר די ווערטער שטעקן גע־בליבן.

די צוויי פרויען זעזעגענען זיך און גייען אַוועק. גאָלד־פעלד קומט אַריין פון געוועלב, זיך נאָכפרעגן באַ דער פרוי, וויפיל געלט זיי האָבן פון איר אַרויסגעריסן. ער געפינט די פרוי זיינע אין אַן אויסטערלישע פּאָזע — אויסגעדרייט און אַרויסגעשטעלט

דאָס היפּשע אונטער-חלק אירס צו דער טיר דורך וועלכער די צוויי פּאַניעס זענען אַקאָרשט אַרויס. ער טרעפט פּונקט, ווי זי שיקט זיי נאָך אַזאַ מין טיפּן „נייגי״ מיט דעם טייל גוף, וואָס האָט נישט קיין פּנים און אַז זי קערט זיך צוריק אום מיטן פּנים צום מאַן, ליגט נאָך אויף איר פּנים אַזאַ שפּאָטיש חוצפּהדיקע גרימאַסע:

— אָבער האָסטו געזען? — רעדט זי אויף יידיש און מיטן לשונדל פון איר מוימע און מיט אַזאַ זשעסט — איך מוז געבן געלט, אום די מאַנען זייערע די לײדאַקעס, דעם וועג צו פאַרשטעלן, כדי מיט געוואַלט זיי צו צובינדן צו די „שיינע באַחנטע״ ווייבער זייערע.

## קאַפּיטל 29

די נייע אייזערנע שאַנק די גרויסע מיט די צוויי טירן און גלאַנציקע קייקעלעך אויפֿן געזימס איז מיינסטנס פאַרנומען מיט ווערט-זאַכן, צירונג ווערט-פּאַפּירן, אויסלענדישע וואַליוטע אַז עס ליגט דאָרט אַמאָל היימיש געלט איז עס נאָר אַסיגנאַציעס, וועלכע ציילן אַ סך און פאַרנעמען ווייניק אָרט; די אַלטע אייזערנע שאַנק די קלענערע, ווערט באַנוצט אַוועקצולייגן אַהין געלט „פֿון דער האַנט", גענומען פֿון אַ קונה און אַוועקגעלייגט אין דער קאַסע — און אָט פֿון דער אייזערנער שאַנק, האָט גאָלדפעלד די לעצטע צייט אָנגעהויבן חושד זיין, אַז מ'נעמט אים פֿון דאָרט געלט.

דידאָזיקע קלענערע אייזערנע שאַנק ווערט באַנוצט דעם גאַנצן טאָג. אַמאָל ליגט גאָלדפעלד אַהין אַריין געלט און אַמאָל לייגט זי אַריין געלט אַליין אויך ווערט פֿון דער שאַנק אַ סך מאָל אין טאָג אַרויסגענומען געלט. דער שליסל פֿון דער שאַנק קען, דערפֿאַר נישט ליגן ערגעץ פֿאַרשטעקט אַזוי ווי דער שליסל פֿון דער צווייטער שאַנק דער גרעסערער. — ליגט אויף דער שאַנק

הינטער׳ן געזימסל און ווער עס דאַרף צו דער קאַסע, נעמט דעם שליסל פון זײַן באַשטענדיק אָרט. מ׳האָט שוין געפּרוּווט אַנדערש מאַכן מיטן שליסל: גאָלדפעלד זאָל אים שטענדיק האַלטן בײַ זיך, האָט ער אָפט פאַרגעסן, ווי ער האָט אים אַהינגעטון. איינמאָל איז דער שליסל אַזוי ערגעץ אינגאַנצן אַוועקגעקומען, האָט מען אַ צײַט נישט געקענט עפענען די שאַנק. מ׳האָט געמוזט ברענגען אַ מעכאַניק. ס׳איז געווען אַן אַרבעט און ס׳האָט געקאָסט געלט.

קורץ: דער שליסל פון דער קליינער אײַזערנער שאַנק ליגט אויפן הינטערן געזימס און לעצטנס האָט גאָלדפעלד אָנגעהויבן פאַרדעכטיקן, אַז ס׳פעלט אָפט געלט פון דער קאַסע.

אַנומלטן האָט זיך אים דער חשד פאַרוואַנדלט אין אַ זיכערקייט. גאָלדפעלד האָט אַרום מיטאָגצײַט אַרײַנגעלייגט אין דער קליינער קאַסע אַ צוזאַמענגעפּאַקט פּעקל געלט, וואָס ער האָט באַקומען פון אַ סוחר פאַר עטלעכע טינען הערינג. אין אָוונט, ווען גאָלדפעלד האָט ווי געוויינטלעך גענומען אָנגרייטן געלט אויף מאָרגן פאַר די בענק צו צאָלן וועקסלען, איז דאָס פּעקל געלט נישט געווען אין דער אײַזערנער שאַנק.

אַ שלעכטע צײַט האָט זיך אָנגעהויבן פאַר געצל קישטיין. גאָלדפעלד האָט אים חושד געווען אין נעמען געלט פון דער קאַסע, נאָר אַזוי ווי גאָר זיכער געווען איז ער פאָרט נישט, איז ער שטענדיק אַרומגעגאַנגען מיט אַ נאָז, אָנגעברוגזט, פאַר אַ ליאַדע קלייניקייט האָט ער זיך געטשעפּעט, וואָס קישטיין האָט געטון, איז עס גאָלדפעלדן נישט געפעלן און די קישטיינען האָט דעריבער נישט געהאַט קיין פּנים צו רעדן מיטן ברודער, ער זאָל דעם מאַן אירן בעסערן די פּענסיע. קישטיין, אַהיימקומענדיק מיטאָג, אָדער אינאָוונט, האָט ער יעדעס מאָל געהאַט צו דערציילן, ווי שלום לאָזט אים נישט דעם קאָפּ דערהייבן און זי, די קישטיינען, האָט געגלייבט, אַז דאָס בוטעוועט אים בראָניע און זי האָט געהאַלטן אין איין קללהנען מײַטעס משפּחה, וואָס האָבן

זיך אָנגעזעצט איר זעלדען, און אירע קינדער דעם ביסן ברויט פון מויל אַרויסצורייסן.

פון דער קאַסע האָט אַלץ אָפטער און אָפטער געפעלט געפעלט. גאָלדפעלד האָט זיך דעם קאָפּ געבראָכן און נישט געחושט אויף חעמען זיין פאַרדאַכט אָנצושטעלן... ענדלעך האָט ער דאָס דעם ווייב פאַרטרויט. נישט אַזוי פשוט, אַז ער ווייסט עס זיכער, איז דערין איבערצייגט, נאָר:

— אפשר דאַכט זיך מיר נאָר... טײלמאָל, אַז כ'מאַך קאַסע, גיט זיך צו דערקענען, ווי... כ'ווייס...

זי האָט גאָרנישט געפרוווט חושד זיין קישטיינען, וועגן בענדעטן האָט זי יאָ עפּעס אַ ברום געטון. אָבער בענדעט איז די לעצטע וואָכן גאָר ווייניק אַריינגעקומען, בלויז ווען ער האָט געדאַרפט קריגן געלט, און בכלל איז גאָלדפעלד נישט נוטה געווען חושד צו זיין בענדעטן. און פלוצלינג האָט זי אַ זאָג געטון:

— ווייסט, באָלעקס חבֿ־ים, וואָס ער ברענגט זיך דאָ אַריין, געפעלן מיר עפּעס נישט.

אין די נאָכמיטאָגס איז מאַדאַם גאָלדפעלד איצט ווידער אַוועקגעגאַנגען. זי האָט נאָך אונטערגעהאַלטן די זומער־חוינוגג־ברייטשאַפט מיט לאָקש נפקין. עטלעכע מאָל אַ וואָך פלעגט זי אים באַזוכן, און אין די נאָכמיטאָג שעהן נאָך דער שול, זענען צו באָלעקן אָפטער אַריינגעקומען חברים, יינגלעך פון זיין קלאַס און אָט וועגן די יינגלעך, באָלעקס חברים, האָט מאַדאַם גאָלדפעלד געלאָזט פאַלן אַ וואָרט, אַז זיי געפעלן איר נישט, זיי חושד געווען אין די סיסטעמאַטישע קאַסע־גנבות.

— מיט וואָס געפעלן זיי דיר נישט? — פרעגט ער.

— מיט וואָס? — פרעגט זי צוריק.

אייגנטלעך זענען זיי איר נישט געפעלן סתם, זי האָט געוואָלט באָלעק זאָל זיך צוזריינברענגען עלעגאַנטערע חברים און ווייל איר האָט זיך געדאַכט, אַז ווען זיי קומען, קוקן זיי אויס,

זי זאָל שוין אַוועקגיין, טיילמאָל האָט זי באַמערקט, אַז זיי סוד-
לען זיך עפּעס, האָט זי געגלייבט, אַז ווען זי איז נישטאָ,
רעדן זיי אָן באַקעקן, ער זאָל זיי ברענגען פון געוועלב
קאָמעלקעס — נאָר געענטפערט דעם מאַן האָט זי אַנ-
דערש.

— מיט וואָס — ווייס איך נישט. זיי געפעלן מיר נישט
און שוין. איבערהויפּט געפעלט מיר נישט דער גרויסער מיט די
קעלבערנע אויגן.

— וואָס דיר קען אַלץ איינפאַלן — האָט ער געזאָגט מיט
פאַריבל.

— נו, ווייס איך נישט! — האָט זי צוריק געענטפערט
פאַרביסן, ווייל ער גלייבט איר נישט אויפן וואָרט — איך
בין דען מחויב צו וויסן, ווער עס גנבעט דיר געלט פון דער
קאַסע?

און נאָך בייסיקער האָט זי צוגעגעבן:

— האָסט דיר דאָך געשאַפט „מענטשן", קישטיינען...

און נאָך אַ וואָרט געגעבן, אַ דינטשיק שפּילעלע:

— צום גנבענען האָט אַ נאַר אויך שכל...

איצט אָבער האָט ער זיך מיטאַמאָל דערמאָנט, אַז קישטיין
האָט אים שוין עטלעכע מאָל אַריינגעבענגט געלט, וועלכעס ער
האָט פאַרגעסן און געלאָזט ליגן אין שופלאַד בײַם אַרויסגעבן
עמעצן אַ טין הערינג, און דאָס געלט וואָלט קישטיין זיכער גע-
קענט אַראָפּלאָזן זיך אין טאַש.

— „ניין" — איז ער מיטאַמאָל אין זיך געקומען צום באַ-
שלוס וועגן קישטיינען, „אַ פאַלשער נבלה איז ער טאַקע, נאָר
קיין גנב איז ער נישט". און, אַז זי האָט איצט ערשט אָנגע-
הויבן צו רעדן, געשיט מיט חשד-שפּילקעלעך וועגן קישטיינען,
קישטיינס ווייב און בכלל אַזוי איינציקוויז וועגן זיין גאַנצער
משפחה — האָט ער שוין אַ ביסל אומגעדולדיק זי איבערגע-
שלאָגן.

— איך בין דען זיכער, אַז מ'גנבעט מיר. כ'ווייס? כ'קלער.
אפשר יאָ און אפשר נישט.

אין זיך איז ער געווען זיכער, אַז מען גובעט יאָ געלט פון אײַזערנעם שענקל און ער האָט ב שלאָסן אין דער שטיל באַכצושנאַפּן און דערגייַ, ווער עס באַגנבעט אים.

דאָס נאָנטסטע מאָל, ווען באַלעקס חבֿ־ים זענען ווידער אַרײַנגעקומען און גאָלדפעלדן איז פונקט אויסגעקומען דורכצו־גיין דאָס עס־חדר, האָט ער מיט אַ געניטן און שאַרפן בליק באַ־טראַכט די יינגלעך, געוואָלט אַראָפּלייענען פון זייערע פּנים ס דעם גנבֿ. נאָר דאָס גראָד האָט ער פון זיי נישט אַראָפּגע־לייענט.

פיר יינגלעך זענען עס געווען, אַנגעטוענע אין גימנאַזיום־אוניפאָרס, דריי אין באַלעקס יאָרן און איינער מיט אַ צוויי דריי יאָר עלטער.

גאָלדפעלד האָלט פון דער שיטה, אַז אַ גנבֿ דערקענט מען אָן די אויגן — „גנבֿישע אויגן", און גנבֿישע אויגן האָבן די יינגלעך גראָד נישט געהאַט.

די דריי וואָס אין באַלעקס יאָרן, האָבן בכלל געהאַט פּראָסטע יינגלישע פּנימלעך. דער פירטער עלטערער, אויך אַ זון פון פאַרמעגלעכע עלטערן, האָט געהאַט אַ ביסל אַ פּיעריש פּנים מיט אַ רונדיקע קאַרטאָפל־נאָז און טעמפּע אַ ביסל אַרויסגעזעצטע אויגן און גאָלדפעלד וואָס גלייבט, אַז אַ גנבֿ מיז פאַר אַלעם פאַרמאָגן פּיפּיקייט, לעבעדיקייט, איז פון זיין קוק געבליבן אָנ־טוישט. און ווידער אויפסניי געקומען דעם קאָפּ ברעכן: ווער פאַרט נעמט אים געלט פון דער שטענדיק צוגעשלאָסענער אײַ־זערנער שאַנק.

אָבער שוין דעמזעלבן אָוונט האָט אים ווידער אַרויסגע־פעלט געלט. עטלעכע טעג שפּעטער, האָט ווידער געפעלט. און איינמאָל נאָך אַזאַ מעשה האָט גאָלדפעלד אויף צו פלייס ערגעץ געשיקט מיט אַ שליחות די דינסט אין דערהייל, ווען זי איז נישט געווען, פּודק געווען איר קערבל, אַלץ אַדורכגעוואָרפן און גאָרנישט געפונען. דערנאָך איז די דינסט ביז געווען, געמורמלט, וואָס מ׳האָט איר צו נישטערן אין קערבל.

געלט פון דער קאַסע אַרויס, האָט אָבער אויך ווייטער

ארויסגעפּעלט און סוף-כל-סוף האָט גאָלדפעלד באַשלאָסן צו מאַכן אַ פּרוּו: איידער באַלעקס חברים זענען געקומען, האָט ער געגנבֿט אָפּגעטײלט די פּעקלעך געלט, וואָס ליגן אין שאַנק. אײַנגעטײלט וויפֿיל געלט אין יעדן פּעקל געפינט זיך און וויפֿיל אַלע צוזאַמען מאַכן אויס. דערנאָך נאָך די ייִנגלעכס אַוועקגיין איז ער ווידער צו און געעפֿנט די אײַזערנע שאַנק, האָט ער באַלד פון אויבן אויף דערקענט, אַז עס פעלט אים אַ פּעקל געלט.

באַם טיש איז געזעסן באַלעק און גענומען די לעקציע אויף מאָרגן. גאָלדפעלד האָט גאָרנישט גערעדט, צוריק פאַרשלאָסן די שאַנק, אַוועקגעלייגט דעם שליסל ווו ער ליגט שטענדיק, אַרײַנגעגאַנגען אין געוועלב, באַלד איז ער צוריקגעקומען אין עס-חדר, בעזעצט זיך באַם טיש, זיך געמאַכט עפּעס שרייבן, חשבונען אויף אַ שטיקל פּאַפּיר און אַזוי, כּלומרשט אין פאַרטיפעסקייט און גלײַכגילטיק, באַפוילן באַלעקן:

— גיב מיר אַהער דעם שליסל פון דער קליינער קאַסע.

דאָס ייִנגל האָט ווי געוויינטלעך, נישט באַלד געפאָלגט, גראָד איצט געוואָרן פלייסיק, אַ שאָד געווען איבערצורייסן דאָס שרייבן. דער פאָטער האָט אים דאָסזעלבע נאָכאַמאָל באַפוילן און שוין מיט אַ טאָן העכער. באַלעק האָט זיך פויל דערהויבן, צוגעגאַנגען צו דער קאַסע, אַראָפּגענומען דעם שליסל פון זײַן אָרט, ווי ער ליגט שטענדיק, הינטערן געזימס. ער האָט געמאַכט אַ באַוועגונג צוצוטראָגן דעם שליסל צום פאָטער, לויט ווי ער האָט באַפוילן.

— ניין, שליס אויף — האָט דער פאָטער גערעדט אָן די אויגן צו דערהייבן פון חשבונען.

דאָס ייִנגל האָט מיט חשק אַ דריי געטון דעם מעכאַניזם, אָנגעשטעלט אויף די געהעריקע ציפערס, אַרײַנגעטון דעם שליסל אין לעכל, אַ דריי געטון און נאָך אַ דריי געטון. ס'האָט אַ קלונג געטון: אַלע זעקס שלעסער האָבן זיך געעפֿנט און די אײַזערנע טיר איז אָפֿן געשטאַנען.

— צייט ווען קענסטו דאָס עפענען די קאַסע? ווער האָט דיך אויסגעלערנט? — פרעגט גאָלדפעלד אַלץ גישט אַרויסקו־מענדיק פון דער גלייכגילטיקייט.

באַלעק האָט דעם פאָטער דערמאָנט, אַז ער, דער טאַטע אַליין האָט אים געלערנט, ווי אַזוי אָנצושטעלן דעם מעכאַניזם און עפענען די שאַנק.

ס׳איז טאַקע געווען אמת: אין די פרייע שעהן, צומיינסטן שבת נאָכמיטאָג, ווע ס׳איז נישט געווען וואָס צו טון — האָט גאָלדפעלד, אַלס צייט־פאַרטרייב (און אפשר אויך כדי צו פאַר־אינטערעסירן אים מיט געלט...) געלערנט זיין זון, ווי זיך אומ־צוג ן מיט דער אייזערנער שאַנק. —

גאָלדפעלד האָט נאָך עטלעכע כלומרשט גלאַט אַזוי פראַגן געשטעלט דעם יינגל און געבליבן איבערצייגט, אַז זיין קינד איז זיכער נישט באַטייליקט אין די קאַסע־גנבות.

— און דיינע חברים — פרעגט גאָלדפעלד מיט אַ טאַטע־דיקן שמייכל — בײַ זיי אינדערהיים, שטייט אַן אייזערנע שאַנק?

דאָס ווייסט ער נישט באַלעק. אין די שטובן וואָס די חברים נעמען אים אויף, האָט ער נישט געזען קיין קאַסע.

— וואָלטן זיי מן הסתם נישט געוווסט, ווי אַזוי מ׳עפנט אַזאַ קאַסע?

— אוודאי ווייסן זיי נישט — זאָגט דאָס יינגל בריהש — איך האָב זיי שוין אַ סך מאָל געוויזן און שטענדיק בעטן זיי מיך, כ׳זאָל זיי ווידער ווייזן, ווי אַזוי מ׳מאַכט די קאַסע זאָל זיך עפענען.

ער, גאָלדפעלד, וואָס איז דערצויגן געוואָרן בײַ זיין פאָ־טער דעם קליינשטעטלדיקן שוחט און פון קינדהייט אָן האָט ער געוווסט דעם ווערט פון אַ גראָשן, ווי מ׳דאַרף פילן מיט אַלע רמ״ח אברים, אַז אין קעשענע געפינט זיך אַ מטבע און ווי מ׳דאַרף טייער צו האַלטן געלט; ער וואָס צו עלף יאָר האָט ער שוין געוווסט צו שאַכערן, אויסצונוצנאַרן פון די חברים זייע־רע גראָשענס, ביז ר׳איז מיט דעם זעלבן פלייס געוואָרן פון

שלום דעם שוחטס — דער איצטיקער פֿאַן גאָלדפֿעלד, גרויסער סוחר, הויז און לאַנד-אײַגנטימער. זײַן זון אָבער, וואָס איז אויפֿגעצויגן געוואָרן אין נאַשערייען, וואָס מ'האָט די זיסקייטן געפּאַקט אין אים ביז צום אויסברעכן; וואָס נאָר עס האָט זיך אים פֿאַרגלוסט, האָט מען אים נאָכגעגעבן אין פֿון דער מוטער האָט ער געשטאַמט פֿון דעם פֿלעגמאַט בערל קרעפּל — אים האָט דעם פֿאָטערס פּיפּיקייט געפֿעלט, לחלוטין געפֿעלט. און הגם מ'האָט אים שוין אויסגעלערנט, אַז פֿון דער מוטערס אָדער פֿאָטערס אַ ווונק, זאָל ער פֿאַרשטיין נאָכצוקריכן עמעצן, ווען יענער גייט אַוועק, ער זאָל אין געוועלב, אָדער קיך, ווען קיינער איז נישטאָ, נישט לייגן זיך עפּעס אין קעשענע — אָבער פּיפּיקייט האָט באָלעקן לחלוטין געפֿעלט און דער פֿאָטער האָט אָן איבעריקער שווערקייט פֿון אים ארויסגעקריגן, אַז ער לערנט דאָ די חברים, ווי מען עפֿנט די קאַסע, און ס'האָט זיך געלאָזט פֿאַרשטיין, אַז ווען די שאַנק שטייט אָפֿן, טוען דערווײַל איין טייל חברים אָפּציִען באָלעקס אויפֿמערקזאַמקייט און דאַמאָלס, מוז זײַן, נעמען זיי געלט פֿון שאַנק.

נאָך איז גאָלדפֿעלד דערגאַנגען, אַז באָלעקס חברים, וואָס קומען דאָ אַרײַן, קויפֿן אָפּט נאַשערייען און פֿון די נאַשערייען גיבן זיי טיילמאָל אים באָלעקן אויך עפּעס.

זעענדיק, ווי פֿלעגמאַטיש זײַן ייִנגל ענטפֿערט אים, ווי נישט געשפּיצט ער איז, האָט גאָלדפֿעלדן פּשוט אַ כּעס אָנגענומען. ער האָט שוין אויף דער צונג געהאַט צו זאָגן:

— צי ווייסטו, אַז דײַנע חברים זענען פּיפּיקער פֿון דיר — און באַגלייטן זײַנע ווערטער מיט אַ פּאַטש אין באַק דעם תּמימותדיקן זון זײַנעם.

אָבער דער כיטרער קרעמער, דער אויסגערעכנטער אין אים, האָט גובר געווען. דאָס, אַז זײַנע חברים האָבן דאָ הינטער זײַן באַק באַגנבֿעט דעם פֿאָטערס קאַסע, האָט גאָלדפֿעלד פֿאַרשטאַנען, וועט אויף דעם פֿלעגמאַטישן ייִנגל, וואָס ווייסט נישט דעם אמתן ווערט פֿון געלט — נישט מאַכן קיין איבעריק שטאַרקן רושם. פֿון פּאַטש, וועט ער וויינען. אָבער בעסער מאַכן, וועט דער פּאַטש

באַרנישט; פון איין פּאַטש וועט ער נאָכנישט ווערן אַנדערש. דער־פאַר קאַליע מאַכן צום אַרויסקריגן אַלץ, קען דער פּאַטש אַ סך. האָט גאָלדפעלד באַשלאָסן ווייטער צו שפּילן די ראָלע. ער האָט דעם ייִנגל פּאַרטרויט, אַז היינט אינאָוונט דאַרף ער, דער טאַטע און די מאַמע, ערגעץ אַוועקגיין און אום אים, באַלעקן, זאָל זיך דאָ נישט לאַנגווײַלן, ווילן זיי אים אַרײַנברענגען די חברים. נאָר אַזוי ווי די חברים וועלן אפשר נישט קיין חשק האָבן דאָ צו זיצן ביז שפּעט אינאָוונט, וועט מען פאַר זיי מאַכן אַ באַל, אַ פאַרווײַלונג. און זיי וועלן זיך ווײַלן, שפּילן און נאַשן... דעריבער פאַר־לאַנגט דער פאָטער, באַלעק זאָל טאַקע שוין אַ לויף טון נאָך די חברים און זיי גלייך מיט זיך מיטברענגען.

אַזוי האָט גאָלדפעלד געכיטרעוועט, געשפּילט אַ ראָלע קעגן זײַן אייגענעם צוועלף־יעריקן ייִנגל. כדי ער זאָל אים די גנבים דאָ אַרײַנברענגען, אַרײַנגענאַרן זיי אין לאַפּקע. און ער האָט מיט זײַנע טאַטעדיקע גוטע ריידעלעך אַזוי ווייט אויסגעפירט, אַז זײַן ייִנגל, וועלכער איז בטבע נישט קיין ברענענדיקער, האָט זיך צע־וואַרעמט פון פאָטערס פאַרשטעלן די פאַרווײַלונג, וואָס זאָל היינט אין אָוונט דאָ געגעבן ווערן פאַר אים און פאַר זײַנע חברים, באַ־לעק האָט איבערגעלאָזט אין מיטן מאַכן די לעקציע, גיך אַ לויף געטון ברענגען די חברים. דער פאָטער איז אים פונדערווײַטנס שטיל נאָכגעקראָכן. אַז באַלעק איז פון דאָרט אַרויסגעקומען, איז אים דער פאָטער אַנטקעגנגעקומען.

— נו? — פרעגט דער פאָטער.

— זיי זענען איצט נישטאָ אינדערהיים — זאָגט דאָס ייִנגל אַ ביסל אָן אָפּגעקילטער.

— ווו דען קענען זיי זײַן? — אינטערעסירט עס גאָלד־פעלדן.

באַלעק טראַכט אַ ווײַלע און זאָגט:

— זיי זענען אוודאי... — ער רופט אָן דעם נאָמען פון אַ צוקערניע, וועלכע געפינט זיך אין אַ פאַרדעכטיק ווייט־ליגנ־דיק געסל און איז דערצו דער פונקט פאַר דערוואַקסענע הולטייעס.

— ביסט שוין אויף אַמאָל מיט זיי דאָרט געווען? — פרעגט דער פּאָטער און דאָס בלוט זידט אין אים אַזוי אויף די גנבים, ווי אויף זיין פלעגמאַטישן זון.

באַלעקן האָט ער אַהיימגעשיקט און אַליין האָט זיך גאָלד־פעלד געלאָזט גיין צום פריילעכן „נאַכט"־געסל, ווו די צוקערניע געפינט זיך.

ווייזט אויס, אַז די שול־חברים זענען דאָס מאָל נישט גע־ווען דאָרט, ווו באַלעק האָט גערעכנט, וואָרים נאָך איידער גאָלד־פעלד איז אויסגעגאַנגען די גאַס, ווו צוויי פון זיי — ברידער — האָבן געוווינט און ווו באַלעק איז ערשט געווען זיי זוכן — זענען די פיר בחורים פון ערגעץ אָנגעקומען און זיך געלאָזט גיין מיט דער גאַס.

גאָלדפעלד איז נישט גלייך צו זיי צוגעגאַנגען. ער האָט גלייכגילטיק אַ בליק געוואָרפן און זיי פאַריבע־געגאַנגען. אָפּגייענ־דיק עטלעכע טריט, האָט ער זיך, ווי עפּעס דערמאַנט, זיך אָפּגע־שטעלט, צוגערופן די יינגלעך, און פריינטלעך, מעשה זייער חברס פּאָטער, זיי דערציילט דאָס זעלבע, וואָס באַלעקן, אַז אַזוי ווי ער און די פרוי גייען היינט אַוועק אויף אַ גאַנצן אָוונט, בעט ער, זיי זאָלן בלייבן מיט באַלעקן. ער האָט מרמז געווען וועגן דער פאַר־ווײַלונג, וואָס וועט פאַר זייערט וועגן געמאַכט ווערן און ער האָט זיי פאַרגעלייגט, טאַקע שוין מיט אים מיטצוגיין. וואָרים ער און די פרוי גייען באַלד אַוועק.

די חברה איז געבליבן שטיין און שווייגנדיק גאָלדפעלדן אויסגעהערט. זיי האָבן קענטיק מסכים געווען צו פאַרברענגען דעם אָוונט מיט באַלעקן, אָבער ניט נישט פון שוי איצט. זיי מוזן נאָך פריער אַהיימגיין מאַכן די לעקציע. באַלעקס טאַטע האָט אָבער געקענט אַזוי פריינטלעך בעטן. ער האָט אויף זיך גענומען זיי צו פאַ־ענטפערן פאַר די עלטערן. ווידער די לעקציע? ס'וועט אינאָוונט נישט אַזוי לאַנג געדויערן. זיי וועלן נאָך די לעקציע אויף קע־נען מאַכן.

די פיר חברים האָבן גאָלדפעלן נישט געקענט אָפּזאָגן און גענומען גלייך מיט אים מיטגיין צו זייער חבר באַלעק, צו פאַר־

ברענגען דאָרט דעם אָוונט, ווען טאַטע מאַמע וועלן נישט אינדער־היים זיין.

דעם גאַנצן וועג ביז דער היים, האָט גאָלדפעלד נישט אויפ־געהערט מיט זיי זיך צו אונטערהאַלטן: ווו זיי זענען איצט גע־ווען; פאַרוואָס זיי נעמען באַלעקן נישט מיט, אַז זיי גייען שפּאַ־צירן...

זיין צו פריינטלעך שמועסן און בכלל זיין פלוצלינגדיק אָפּ־געבן זיך מיט זיין ייִנגלס חברים, וועלכע ער האָט ביז איצט קיינ־מאָל, אפילו באַ זיך אין שטוב נישט באַמערקט, איז שוין אָבער געווען אַריבער די נאַטירלעכע גרענעץ: די ייִנגלעך זענען גע־וואָרן שווייגנדיק, אומעטיקלעך און דער עלטסטער פון די שול־חברים — אַ פּופּצעניעריקער יונג — האָט גאָלדפעלד באַמערקט, ווי ער קוקט אויף אים מיט נישט צוטרויען, הינטערווייַלעכץ, אומ־באַמערקט וואַרפט ער אויף אים דורכדרינגלעכע בליקן מיט די טעמפּע אויגן זיינע. און גאָלדפעלד האָט באַשלאָסן דעמדאָ־זיקן יונג נישט אָפּצולאָזן פון אויג, ער זאָל אים נישט אַנטלויפן. דערפאַר האָט זיך אַן אַנדערער פון די פיר — אַ נידעריק גע־וואַקסן ייִנגל אין באַלעקס יאָרן — נאָנט פון גאָלדפעלדס ווינקעג אומבאַמערקט אַוועקגעדרייט און נאָך איידער גאָלדפעלד האָט עס דערבליקט, איז ער שוין נישט געווען.

די איבעריקע דריי האָט גאָלדפעלד, ווי מ'נאַרט אַריין מייז אין אַ לאַפּקע, צו זיך אין שטוב אַריינגעפירט.

ס'איז שוין געווען אָוונט. מאַדאַם גאָלדפעלד איז שוין צו־ריק אינדערהיים געווען.

דערזעענדיק אַריינקומען איר מאַן מיט די דריי ייִנגלעך און דערכאַפּנדיק פון זיינס אַ ווינק צו איר אין וואָס דאָ האַנדלט זיך, איז זי בלאַס געוואָרן. זי האָט מורא געהאַט, אַז די אויספּאַר־שונגען זאָלן נישט צו ווייט פאַרקריכן. ס'זאָל זיך אַמאָל נישט אַזוי ווייט צעקנוילן, ביז — פאַרוואָס זי גייט עפּעטערס אַוועק פון דער היים אויף גאַנצע נאָכמיטאָגס און טיילמאָל ביז שפּעט אינ־אָוונט. זי האָט אַ ביסל מורא געהאַט אירע סודות פון לאַקשינסקיס

באַזוכן זאָלן נישט עפּעס אויפגעדעקט ווערן. דאָס איז בלויז געצײלטע רגעס דורך איר מוח אַדורך. זי האָט זיך גלײַך באַרויִקט, אויפגעהערט דערפֿון צו טראַכטן, געוואָרן אָנגעשטעקט פֿון מאַנס אומגעדולדיקער נײַגעריקייט.

גאָלדפעלד האָט אַרײַנגעפֿירט די ייִנגלעך אין עס-חדר, זיי קורץ צעווײסנגעטון אין וואָס דאָ גײט.

ער האָט זיי פֿאַרגעלײגט זיך מודה צו זײַן אין די גנבות, וועט פֿאַר זיי בעסער זײַן.

דער עלטסטער און גרעסטער פֿון די ייִנגלעך, דער מיטן פּוריִשן פּנים און אַרויסגעזעצטע טעמפּע אויגן, האָט אויף גאָלדפעלדס רייד וועגן „זיך מודה זײַן", אַ צי געטון מיט די פּלייצעס און ביטולדיק אַ שמייכל געטון, ווי ער וואָלט זיך געחידושט, אַ דערוואַקסענער מענטש, דער פֿאָטער פֿון זײַן חבר באַלעק, זאָל זיך נאַריש מאַכן און אים חושד זײַן אין גנבה; די אַנדערע צוויי, האָט אַבער גאָלדפעלדס שאַרף אָנגעשטעלט אויג באַמערקט, האָבן פֿון זײַנע ווערטער געקריגן אַ משונהדיקע צורה בלאַסלעך געוואָרן. און טאָקע דאָס, יענעס בלאַס ווערן, האָט גאָלדפעלדן פּעסט געמאַכט.

ער האָט אָוועקגעוואָרפֿן דעם פֿרײַנטלעכן טאָן, גענומען צו זיי רעדן, ווי צו דערוואַקסענע בעלי-דברים, געסטראַשעט מיט שיקן נאָך זייערע טאַטעס, נאָך די לערערס... באַלעק האָט זיך אָנגענומען פֿאַר די חברים, געשריגן, אַז זיי האָבן נישט גענומען קיין שום געלט פֿון דער קאַסע, אַז זיי זײַנען גאָר קיינמאָל צו דער קאַסע נישט צוגעגאַנגען, האָט אים דער פֿאָטער מכבד געווען מיט אַ ליאַפּע אין פּיסק, אַרײַנגעשטיפּט אים אין שלאָף-חדר און די טיר פֿאַרשלאָסן.

און אַז די אויספֿאַרשונג האָט אַ סך צײַט פֿאַרנומען אויף גאָרנישט, האָט גאָלדפעלד אויף פֿלומרשט, נאָר מיט אַ גאַנץ ערנסטן קול אַ געשריי געטון צו קישטיינען אין געוועלב אַרײַן, ער זאָל גיין בײַ ענגען פּאָליציי. און אַז דאָס האָט אויך נישט געהאַט קיין פּעולה, האָט ער דעם עלטסטן ייִנג אַראָפּגעלאָזט אַ

פאַטש אין באַק, דאַמאָלס ערשט, נאָכן פאַטש, האָט דער יינג זיך אָנגערופן:

— פון דעם געלט האָבן מיר שוין סיי ווי נישט.

אינ־רויסן אין געוועלב הינטער די פאַרמאַכטע טירן צום עס־חדר זענען, קישטיין און שפּילמאַ געשטאַנען, מיט אויסגעשפּיצטע אויערן, האַרט באַ דער טיר־שפּאַלט און אָנגעשטרענגט זיך צוגעהאָרכט ווי דערינען גייט די אויספאָרשונג; הינטער דער צווייטער טיר אין קיך, איז די דינסט געשטאַנען און מיט אַן אָפן אויער נישט אַזוי פיל פאַרשטאַנען, ווי זיך משער געווען, וואָס דערינען קומט פאָר. און דאָ אין עס־חדר, איז מאַדאַם גאָלדפעלד געשטאַנען מיטן רוקן לעבן דער פּיאַנינע, אָנגעצויגן, אָנגעשטרענגט ווי אַ יקס פאַרן אויסשיסן; פון פאַרמאַכטן שלאָף חדר, האָט זיך געהערט באַלעקס וויינענדיק מרוטשען. באַם טיש איז געזעסן גאָלדפעלד, לעבן אים זענען געשטאַנען די דריי שול־חברים באַלעקס, וועלכע זענען טאָג טעגלעך נאָכמיטאָג דאָ אַריינגעקומען זיך שפּילן מיט זייער חבר — און דער עלטסטער פון די יינגלעך האָט אַ זאָג געטון דאָס פון גאָלדפעלדן לאַנג געוואַרטע וואָרט; אַזוי רויק און כמעט גלייכגילטיק האָט ער דאָס געזאָגט, גאָר נישט ווי אַ יינגל, נאָר ווי אַ געניטער גנב, וואָס איז זיכער, אַז ווייל ער איז נאָך מינדיעריק און איז זיך אַליין מודה און געהער נישט דערביי איינער אַליין, וועט מען אים נישט צופיל באַשטראָפן:

— פון דעם געלט האָבן מיר שוין סיי ווי נישט — האָט ער געזאָגט.

און ווי דאָס לעצטע וואָרט איז דעם יינג פון די ליפּן אַראָפּ, האָט די מאַדאַם גאָלדפעלד אָנגענומען אַ ספּאַזמאַטישער שלוכץ. — — —

*

* *

נאָך דעמזעלבן אָוונט האָבן זיך באַ גאָלדפעלדן אין שטוב געפונען דריי יידן — די פאָטערס פון די 4 יינגלעך — די יידן

האָבן געחלשט, ווי צום גיכסטן מיט גאָלדפעלדן אדורכצוקומען וועגן זייערע קינדערס גנבות. גאָלדפעלד אָבער האָט זיך נישט שטאַרק געאײַלט. ער האָט אָפּגעלייגט דאָס פּאַרטיק ווערן אויף מאָרגן; ער מוז פריִער צונויפֿשטעלן אַ חשבון פון מער ווייניקער, וויפיל ער שאַצט זײַן שאָדן פון די סיסטעמאַטישע גנבות.

עטלעכע טעג שפּעטער אין אָוונט, האָבן זיי ערגעץ געהאַט אַ בוררות, גאָלדפעלד האָט זיך געפילט תקיף: ער האָט עצות — — — אַ חוץ קורץ טערמיניקע וועקסלען, געזיכערט אין אויסלענדישער וואַליוטע, דורך טאָפּלטע שליש-וועקסלען, האָט ער נאָך געקריגן אויסגעצאָלט אין באַרן.

גאָלדפעלד האָט זיך אַזוי געפילט „אויפן פערד". אַז ווען עס האָט צוגעפּגלט עפּעס געלט צו דער סומע אין מזומן, האָט עס גאָלדפעלד נישט געוואָלט באַכלאָזן, נאָר אייבער פון די דריי פּאַטערס, האָט דאָס געמוזט איבערנעמען אויף זײַן נאָמען, אַלס חוב, וועלכן ער וועט גאָלדפעלד דערליידיקן.

ווען גאָלדפעלד איז אַהיימגעקומען פון בוררות איז שוין געווען שפּעט אין דער נאַכט. די פרוי איז נאָכנישט געשלאָפן. זי האָט געוואַרט אויפן מאַן, כדי צו דערוויסן זיך, ווי ער האָט דאָרט דערליידיקט.

ער האָט זיך אָבער געזעצט עסן נאַכט-עסן, זי האָט זיך געזעצט קעגנאיבער און גענומען אים דערמאַנען:

— געדענקסט, איך האָב נאָך דאַמאָלס געזאָגט, אַז די יונגען געפעלן מיר נישט...

ער האָט זיך אָנגעכמורעט:

— טאָ וואָ האָסטו אָן אמנות געהאַט טאָג-טעגלעך אַוועקציִען און זיי דאָ אַליין איבערלאָזן? — און ער האָט אויף איר אַ פינקל געטון מיט די שטאָל גלאַנציקע אויגן.

געוויינטלעך האָט איצט בײַ אַזאַ פאַל געדאַרפט פּאַרקומען אַ מחלוקה-סצענע. איר אָבער האָט אַפּנים נישט געלוינט פון דעם אַ געברודיק צו מאַכן. ס'האָט איר בכלל נישט געלוינט דעם שמועס זאָגן אירע נאָכמיטאָגדיקע שפּאַציר-גענג ווייטער צו ציִען; גאַר-

נישט ענטפערן, האָט אָבער אויך נישט געשוויגט, האָט זי שניי-
דיק אַ זאָג געטון.

— אַהאַ! דו גייסט שוין דיינע אייגענע פעלערן מיר אין
קאָפּ וואַרפן! — אַ ברוגזע מיט אַ שווייג-מינע, האָט זי זיך דער-
הויבן פון זיץ אַריינגעגאַנגען אין שלאָף-חדר און נאָך זיך די
טיר פאַרמאַכט.

## קאַפּיטל 30.

עטלעכע וואָכן זענען אַוועק באַ גאָלדפֿעלדן אין שטוב האָט זיך אַלץ געפּערט ווי געווײנטלעך. גאָלדפֿעלד האָט געהאַנדלט, גע-פֿירט געשעפֿטן, געוואָרן אַלץ רײַכער; די שפּײַכלערס און קע-לערס אָנגעפּאַקט מיט סחורות, די שטובן מיט זאַכן; די אײַזערנע שענק מיט צירונג, ווערט-פּאַפּירן און געלט — ס'איז אים אין אַלעם געגאַנגען גוט, ווי געווײנטלעך.

דערפֿאַר אין עק שטאָט-קוואַרטאַל, אין הײַזל וווּ בענדעט ווינט, דאָרט די אײַנוווינער איז עס נישט געגאַנגען גוט. און גע-שען איז דאָרט נאָך אָט וואָס: די אַלמנה פֿינקל, די מוטער פֿון מינע פֿינקל, וועלכע איז שוין כמעט אַ האַלב יאָר אַר-בעטסלאָז — איז קראַנק געוואָרן, קראַנק געוואָרן פֿון נישט דער-עסן.

די הײַזל-אײַנוווינער, וואָס האָבן מיט גאָרנישט געהאַנדלט, מיט גאָרנישט שפּעקולירט, נאָר געלעבט... פֿון וואָס האָבן זיי גע-לעבט די הײַזל-אײַנוווינער? דער מויערער דער אײַנגעדאַרטער,

וואָס זיין פאַך איז זינט דעם ערשטן שאָס אויף דער מלחמה אין 1914 געוואָרן אויס פאַך — האָט געאַרבעט קיים עטלעכע וואָכן אין זומער... דער געוועזענער גליקלעכסטער אין הייזל, דער וואָס איז געווען באַשעפטיקט אויף דער באַן בײַ שוואַרצער אַרבעט, אים האָט מען איינציקן ווינטער אָפּגעזאָגט פון דער אַרבעט. אין די גרויסע פרעסט האָט ער בײַם אַהיימגיין, גענומען הינטער דער פּאָלע אַ שטיקל קויל און עמעץ פון די אויפזעער האָט עס פּונקט דערזען. — — —

פאַר די הייזל-איינוווינער האָט זיך דער ווינטער אָנגעהויבן מיט גרויסער נויט און וואָס טיפער אין ווינטער אַריין, איז אַלץ ערגער געוואָרן.

בענדעטס שכנים, געזונטע מענער און פרויען אַרבעטסלאָזע, זענען האַלב נאַקעטע אַרומגעגאַנגען בייז, אָנגעלאָדנט אויף דער גאַנצער וועלט. גאַנצע טעג האָט מען זיך אין די שטיבלעך געקריגט און דער קופּע אַריין, אַבער דורך מצעפן פון די שטוביקע אין דער שטיל „אויפגענאַשטע" פאַרשטאַרטע קאַרטאָפליע; אַרום אַ פון מיסט דערהויבן שטיקל ברויט האָט מען זיך געריסן, געשלאָגן ביז בלוט.

פון צוויי געשפּענסטער האָבן די הייזל-איינוווינער געהאַט אויסצושטיין — אַ חוץ דעם הייזל-באַלעבאָס, וואָס האָט געפּאָדערט דירה-געלט — דער וואַלד-וועכטער מיט זיין הונט און שטעקן, וואָס האָט געלויערט, אַז די הייזל-איינוווינער זאָל זיך אַמאָל נישט פאַרגלוסטן גיין אין וואַלד קלויבן אַראָפּגעפאַלענע צווייגן און — דער קרעמער, פאַן מיקאָליטשיק, דער גוי מיט די שוואַרצע שטייפע וואָנסעס און שפּיציקע שטשור-אייגעלעך, וואָס האָט זיי די הויט פון די ביינער געצויגן.

ס'האָט נאָך געקענט טרעפן, אַז דער וואַלד-וועכטער, האָט אַמאָל געהאַט אַ גוטע שעה און ער האָט זיך געמאַכט נישט קוקן, אום די ווייבער זאָלן האָבן די מעגלעכקייט אָנצוקלויבן אַ ביסל שפּענדלעך. דערפאַר — דער קרעמער! ער איז געווען ווי געגאָסן פון אייזן — האַרט און אומבארחמנותדיק — שטענדיק גלייך.

האָט עמעצן צוגעפּעלט אַ פּרוטה צו דער געבאָטענער פּרייז, האָט שוין נישט געהאָלפֿן קיין שום וויינען און בעטן.

בּאַ די פּינקלס איז שוין לאַנג שלעכט געווען. נאָר ווי לאַנג אין שטוב איז נאָך געווען אַן איבעריק שטיקל געפּעס, אדער מלבוש צום פאַרקויפן, האָבן זיך מוטער אין טאָכטער ווי עס איז אַ דורכ־געשלאָגן, אַז ס'האָט זיך אָבער שוין אַלץ אויסגעלאָזט: נישט גע־ווען מער, וואָס צו פאַרקויפן דעם אַלטוואַרג־הענדלער, איז גע־קומען דערצו, אַז די מוטער איז געפאַלן פון די פיס, קראַנק גע־וואָרן פון נישט דערעסן.

דערנאָך איז איינמאָל געווען אַ נאַכט, די פרוי פּינקל האָט זיך געפילט זייער שוואַך. בּיידע צוזאַמען מיט דער קראַנקערס טאָכטער האָבּ בּאַ איר געוואַכט. זיי זענען געזעסן איינער קעגן צווייטן בּאַם טישל. אויפן טישל האָט געבּרענט אַן אַ בּיסל אַראָפּ־געדרייט לעמפּל. זיי זענען געזעסן און געשוויגן.

דער פראָסט האָט צייט עטלעכע טעג נאָכגעלאָזט. די שויבּן זענען נישט געווען פאַרפרוירן. דאַך איז דאָס וועטער געווען אַ שלעכטס: אַ בּייזער ווינט האָט וועלטן געקערט, געבּלאָזן, אָנ־געבּרענגט אָט שניי און אָט רעגן.

אין שטוב איז געווען שטאַרק קאַלט. אין אויוועלע האָבּן די שפּענדלעך אויסגעבּרענט, די געבּליבּענע שוואַרצע קוילן און אַש, האָט דער ווינט צעיאָגט אין די זייטן, שאַפנדיק זיך אַ פרייען וועג פון קוימען בּיז גלייך איבּער דער לענג אייוועלע און אַרויס דורכן אויוון טירל אין דער שטוב.

די קראַנקע האָט שוואַך אַ קרעכץ געטון. מינע האָט זיך דערהויבּן פון לעבּן טיש, אַ קוק געטון צום בּעט. זי איז צוגעגאַנ־גען צום קעכל אַריינגעגאָסן אין אַ גלעזל, דאָס איינציקע לוּבּינג, וואָס אין שטוב האָט זיך געפונען — שוין קאַלט געוואָרן געקאָכט וואַסער, דאָס אָנגעווייסט מיט אַ לעפעלע מילך און עס דער מו־טער צום מויל צוגעטראָגן.

אינדרויסן דער ווינט האָט געוואָיעט, געשנאַפּערט אַרום די פענסטער־שפּאַרעס, ווי אַ בּייזער פון דער קייט אָפּגעריסענער

הונט. און אַז זיין יאָמער איז הויך געגאַנגען, האָט דאָס פּלעמל פון לעמפּל געפלאַטערט, געוואַקלט זיך, ווי אַ שיכּור אַהין און אַהער.

לאַנגזאַם קריכעדיק זענען די נאַכט־שעהן געקראָכן, גע־קראָכן, געשלעפּט זיך אַהין, פינזאַנען זיי זענען געקומען — פון דער אייביקייט — און פונוואַנען זיי וועלן שוין קיינמאָל מער נישט צוריקקומען.

זיי זענען געזעסן שווייגנדיק איינער קעגניבער דעם צווייטן. פאַר מינען איז געלעגן אַ בוך. זי האָט נישט דערין געלייענט, צומאָל עס נישט געעפנט. אין דינעם אַלטן טיכל, מוז קענטיק איר זיין שטאַרק קאַלט, דאָס פּנים איז איר געוואָרן אַזש בלוילעך. אָבער די קעלט, מוז זיין, האָט זי גאָרנישט געפילט. וואָרים, אַז דאָס טיכל האָט זיך איר פון איין אַקסל אַראָפּגעלאָזט, האָט זי דאָס אַפילו נישט צוריק אַרויפגעצויגן. דער צער פון דער מוטערס קרענק איז בא איר שטאַרק געווען, האָט זי די קעלט נישט גע־פילט.

בענדעט איז געזעסן איר קעגניבער. די אויגן זייערע אויס־געשטעלטע אין חלל, האָבן זיך פון מאָל צו מאָל באַגעגנט, זיך אַ ווײַלע אָנגעקוקט און ווידער די בליקן געלאָזט הענגען אין דער לופט.

קוקט ער בענדעט אויף דער קעגניבער אים זיצנדיקער. אירע יונגע שלאַנקע גלידער, די שפּאַנדיקע כּוחות זייערע, זע־נען ווי געהאַמעוועט, פאַרשטאַרט פון דער נויט פון דער קנאַפּער און שלעכטער דערנערונג.

„אָט אַ מיידל", טראַכט זיך אים, „שיין, קלוג, זיכער פעי־קער, ווי אַ דורכשניטלעך באַלעבאַטיש מיידל, האָט זי אָבער דאָס אומגליק צו פאַרמאָגן — נישט אַ פאָטער אַ שפּעקולאַנט — נאָר אַ צעבראָכענע אָרימע מוטער.

וואָס נוצט איר די שיינקייט און מיידלישער רייץ? סיידן זיך צו פאַרקויפן אין גאַס!

אַלטע אמתן, אַלט און פאַרשימלט, ווי די וועלט־אָרדנונג די פאַרדאָרבענע און דאָך — ניי, יעדעס מאָל בלוטיק ניי.

און אַז דו זיצסט קעגנאיבער, קוקסט אויף דעם יינג מיידל און זעסט באַשיינפּערלעך, ווי דער ווילדער גורל האַלט זי בײַם האַלדז, ווי ער וואָלט שרעגן: געפאָדערט:

— באַשליס דיך — אָדער גיי אונטער! טוט עס דיר ווי, שטאַרק ווײ.

און זיי זענען געזעסן שווײַגנדיק, די זויגן אויסגעשטעלט אין חלל, פון מאָל צו מאָל זיך אָנגעקוקט און ווידער שטום די בליקן אָפּגעקערט.

פאַרטאָגס ווען מ'האָט געהאַפּט, אַז די קראַנקע וועט פאַרט אַ ביסל איינשלאָפן, איז איר מיטאַמאָל נישט גוט געוואָרן. און ס'איז נישט געווען מיט וואָס צו טונטערן.

בענדעט איז געווען פאַרצווייפלט.

„וואָס טוט מען"? — האָט ער געטראַכט אין זין האָבנדיק, אַז אויך בײַ אים אין שטוב געפינט זיך גאָרנישט, מיט וואָס דער קראַנקער דאָס אָפּגעשוואַכטע האַרץ צו דערכאַפּן.

עטלעכע שעה שפּעטער פאַר מיטאָג, איז בענדעט געגאַנגען צו גאָלדפעלדן.

ס'האָט געליאַפּעט אַ שלאַקס-רעגן.

פון געבליבענעם שניי איז געוואָרן שיטערע בלאָטע. אומעטום, די ברוק און די טראָטואַרן, זענען געווען פאַרגאָסן מיט וואַסער און בלאָטע.

בענדעט האָט אַרײַנגערינען אין די שיך.

בײַ גאָלדפעלדן אין געוועלב איז נישט געווען קיין קונים. פאַר דער אָפענער טיר צום עס-חדר אָנגעלענט אָן די צוויי הויכע רייען אָנגעלייגטע זעק, וואָס האָבן אויסגעזען, ווי צוויי מאַסיווע ווענט, געמויערט שטאָס ציגל פון זעק צוקער, זענען געזעסן קעגנאיבער דעם צווייטן, קישטיין און שפּילמאַן, ווי צוויי הויף-הונט, וואָס היטן דעם באַלעבאָס פאַרמעגן און וואַרטן נאָר אויף זייגס אַ ווונק אַ ביל צו טון.

דערינען אין עס-חדר בײַם טיש, איז גאָלדפעלד געזעסן און עפּעס געשריבן אין קראָם-בוך.

בענדעט איז אַרײַנגעקומען אין עס-חדר. די געלעכערטע

שיך זיינע אָנגעזאָפּטע מיט וואַסער, האָבן זיך געלאָזט הערן באַם גיין מיט אַ ברייטן קוויטש — גאָלדפעלד האָט דערהויבן דעם קאָפּ פון שרייב; ער האָט זיך מן הכתם געריכט אויף אַ פּאָר אים וויכטיקערן אריינקומער ווי בענדעט. ער האָט אַ קוק געטון אויף בענדעטס „רעדנדיקע״ שיך און זיך אָנגערופן מיט אַ שמייכעלע אַזאַ:

— עפּעס אַ גאַנצער אָרקעסטער אַרבעט דאָרט באַ דיר אין די שיך.

קישטיין און שפּילמאַן הינטער דער אָפענער טיר, האָבן זיך הירזשעדיק צעלאַכט.

בענדעט האָט פאַרלאַנגט געלט, וואָס אים קומט.

— געלט? — כאַפּט זיך גאָלדפעלד הייטער, ווי פון עפּעס אַן איינפאַל, וואָס האָט אים אָקאָרעט דעם מוח באַלויכטן — גוט. וועסט אַ לויף טון... גאָלדפעלד האָט אָנגערופן דעם נאָמען פון יענעם ייִד, וואָס האָט אויף זיך איבערגענומען דעם רעשט חוב, דאַמאָלס באַם „בוררות״ — קומט מיר דאָרט... די רעשט וועל איך דיר מאָרגן צוגעבן.

בענדעט איז בלאַס געוואָרן און גאָלדפעלדן שטאַר אָנגעקוקט.

ער בענדעט, וואָס איז לעצטנס געוווינט געוואָרן אַ סך צו פאַרשווייגן, האָט איצטיקעס מאָל, ווען גאָלדפעלד האָט אים פאַרבעלייגט, גיין מאָנען די צינזן פון זיין און זיין שוועסטערס פאַרמעגן, מער נישט אויסגעהאַלטן און ער האָט גאָלדפעלדן „באַליידיקט״, אָנרופנדיק אים:

— גראָביאַן.

— איך פאַרבאָט דיר אַריינצוקומען אין מיין שטוב! — האָט גאָלדפעלד געפונען אַ גוטע געלעגנהייט בענדעטן אינגאַנצן פּטור צו ווערן, ער זאָל מער נישט קומען מאָנען געלט — האָסט דאָ מער נישט אַריינצוקומען. גיי!

איז ער אַרויסגעגאַנגען און קיין געלט האָט ער נישט געהאַט.

נאָך אָט דעם פּאַרפֿאַל איז נישט געווען קיין אַנדערש ברירה, ווי צו שיקן חנהן צו גאָלדפעלדן נאָכן געלט.

חנה האָט גאָרנישט דערווידערט. זי איז געגאַנגען צו גאָלדפעלדן, וועגן געלט, געגאַנגען, ווי געווײַנטלעך, פּטלעכע מאָל ביז גאָלדפעלד האָט ענדלעך אַמאָל באַוויליקט איר צו געבן. און צוריק געקומען פֿון אַזאַ גאַנג איז זי שטענדיק גרוי און געל. גאָרנישט לײַכט איז איר אָנגעקומען דאָס גיין צו גאָלדפעלדן נאָך געלט. פֿוח האָט עס זי געקאָסט.

בענדעט האָט נישט געקענט צוזען איר פּײַן און נאָך צווײ וואָכן האָט ער ווײַטער אָנגעהויבן דאָרט אַרײַנצוגיין!

גאָלדפעלד האָט אַלץ נאָך געהאַלטן דעם ברוגז מיט בענדעט, דאָס געלט האָט ער איצט בענדעטן דערלאַנגט, ווי אַן אַרויסגעריסענע נדבה: אַ שטעק אײַן אין האַנט און מיט אַ גרי־מאַסע, ווי צו אַ צוגעגעסענעם אָרימאַן. און אַז עמעץ איז גראָד דערבײַ געווען, האָט עס גאָלדפעלד נאָך בולטער געמאַכט. יע־נער זאָל זיך טראַכטן: גאָלדפעלד גיט נדבות, האַלט אויס קרובים.

און בענדעט האָט דאָס אים אויף אַזאַ אַרט צוגעוואָרפע־נע געלט צוגענומען, אַרײַנגעלייגט אין טאַש און אַהיימגעגאַנגען לעבן דערפֿון. און — גאָרנישט. דאָס צווייטע מאָל, ווידער אַרײַנ־געקומען. און נישט קוקנדיק, וואָס גאָלדפעלד ענטפערט אים נישט — געזאָגט „גוט מאָרגן". און אַז די קראָם־משרתים לאַכן פֿון בענדעטס צעריסענע מלבושים און גלאָט אַזוי, ווייל דער באַלעבאָס דאַ וויל אים נישט לײַדן און ער קומט פֿאָרט אַרײַן — מאַכט זיך בענדעט נישט באַמערקן זייער לאַכן.

איינס פֿון די בײדע מוז דער מענטש באַזיצן — אַזוי בײַ־טיק, ווי אברים צום באַוועגן זיך און, לופט צום אָטעמען — חוצפּה צו קענען יענעם אַריבער, אָדער אונטערטעניקייט, יענער זאָל קענען אים אַריבער.

ווער עס וויל לעבן, מוז איינס פֿון די בײדע פֿאַרמאָגן: קענען אַריבער יענעם, אָדער לאָזן יענעם איבער זיך אַ־ײ־

בער — װאָס אָבער זאָל טון דער מענטש, װעלכער פאַר-
מאָגט נישט אין זיך איינעם פון די ביידע לעבנס גויסװענדי-
קייטן?

אָט, למשל, ער, בענדעט? — — —

## 31. קאַפּיטל

גאָלדפעלדס שוועסטער מירל — דאָס קרענקלעכע מיידל, וואָס האָט זיך באַ אים אַ צייט אויפגעהאַלטן און איז נאָך סוכות געצוווּנגען געווען אַהיימצופאָרן, איז אַהיימגעקומען ווייטער קראַנק, מיט אַ הוסט און שטיקנדיקן אָטעם.

אויבן, אין דער מאַמעס מייטעס שטוב, אַז די משפּחה איז זיך טיילמאָל צוזאַמענגעקומען און אויף דעם „דריי-מאַנגעט" זע-נען געגאַנגען כסדר באַקאַנטע און האַלב באַקאַנטע, האָט מען די „זדעכלאַטשקע" — מירלען — אָפּגעמשפּט:

— די אמתע סוכאָטעס און שוין! — דער „שוין" האָט געזאָלט הייסן: דער מלאך המות שאַרפט שוין פאַר אירעטוועגן זיין שווערד די צוויי-שאַרפיקע...

מירל איז אַהיימגעפאָרן קראַנק און די דאַמאָלסדיקע רעגן-צייט האָט איר אויך נישט קיין טובה געטון. דער שטעטלדיקער דאָקטאָר איז אויך שוין באַלד נוטה געווען זי צו פאַרמשפּטן. נאָר באַ דער גויע, וווּ מירל איז יעדן פאַרנאַכט געגאַנגען מיטן קריגל נאָך מילך, איז זי געוווּיר געוואָרן פון עפּעס אַ באַבע,

וואָס גיט אַזעלכע קרייטעכצער, וואָס אַז מ'קאָכט די קרייטעכצער און מ'טרינקט דאָס וואַסער, איז עס אַ רפואה צו אָטעם-שטיקונג.

אָט די קרייטעכצער האָט מירל געגומען נוצן. ס'איז איר דערפון אַלץ לייכטער געוואָרן, און ביז אַ פּאָר וואָכן, איז שוין אין איר נישט געווען צו דערקענען, צי זי האָט אַמאָל געליטן אויף אָטעם-שטיקונג און הוסטן.

און אַז מירלען איז בעסער געוואָרן, האָט דער פּאָטער געהאַט איין זאָרג, וואָס פריער מיט איר אַ שידוך צו טון.

„פּאַרוואָסן" — האָט ר' ליפּע געהאַט עטלעכע און די צוויי וויכטיקסטע זענען געווען, וואָס צווישן דער שטיפמוטער און מירלען איז נישט קיין גרויסער שלום... און דער צווייטער טעם — וויל איצט אין דער האָסע-און פּאַרדין-צייט, וועט דער זון זיינער, שלום, אפשר גיכער וואָרט האַלטן און מקיים זיין זיינע התחייבותן צו מירלען...

ווידער, וואָס ר' ליפּע האָט געוואָלט דער שידוך זאָל זיין פון אַ וואָס ווייטערער שטאָט, האָט ער אויך געהאַט אַ טעם דערביי.

גאָלדפעלד האָט געוווסט, אַז מירלען איז שוין בעסער. היימישע האָבן עס אים דערציילט. און אַרום פּורים האָט ער דערהאַלטן פון פּאָטער אַ קאַרטל, אין וועלכן ער האָט דעם זון דערציילט פון אַ שידוך, וואָס מ'רעדט מירלען פון אַ ווייטלעך שטעטל און צום סוף קאַרטל — אַז אַ ליאַדע טאָג וועט ער קומען צופאָרן צו אים אין שטאָט. וואָרן דאָ, וואָס איז נישט אויסן וועג, דאַרף ער זען דעם חתן.

גאָלדפעלד האָט געפונען פּאַר נייטיק, דאָס ווייב זיינס פּאָרצובערייטן צום פּאָטערס קומען און איר קלאָר מאַכן דעם ציל, צו וואָס ער קומט...

— ס'פרייט מיך זייער — האָט זי אירגאַניזירט און דערביי געמאַכט אַ גרימאַסע.

דערנאָך האָט נישט לאַנג געדויערט, איינמאָל אין אַ אָוונט איז בײַ גאָלדפעלדן אין עס-חדר געזעסן אַ ייִד מיט אַ זון אַ „היינט וועלטיקן" בחור. קענטיק בײַ זיי — ר' ליפּע, גאָלדפעלדס פאָטער, דער קליין שטעטלדיקער שוחט מיט דער לאַנגער גרויער באָרד און גרויסע ברעמען איבער די ייִדיש פאַרעצבותטע טונקעלע אויגן.

דער בחור האָט עס געזאָלט ווערן מירלס חתן, דער ייִד מיטן גרויען בערדל — זײַן פאָטער. ביידע זענען זיי געווען אָנגעטון לייטיש. דער ייִד — אַ פּאַלטן מיט אַ סאַמעט-קאָלנער, אַ ביי טיכן הייל און אויסגעשמירטע שטיוול, דערפאַר דער בחור איז געווען אָנגעטון משוגהדיק. אין אַ לאַנגן חסידישן ראָק, אין אַ היינט-וועלטיש קאַרטן היטל, אַ מין ציקליסטקע, דאָס פּנים נישט געראַזירט, נאָר געצוויקט מיט אַ מאַשינקע און אויף דער לאַנגער געבויגענער נאָז — פּענסנע.

ר' ליפּע איז געווען אָנגעטון יומא-דפגראַדיק: אין די שבתדיקע שטיוול, דער פּעלץ פּריש איבערגעצויגן און אין הויכן בלוילעך-סאַמעטענעם היטל מיט אַ ביסל אַ ייִנגעריבענעם דאַשעק און אין קעשענע פון ברוינעם שטוב-ראָק אין וועלכן ער איז געבליבן נאָכן אויסטון דעם פּעלץ — האָט ער געהאַט אַ ביי שניפּ-טוך אַ רויטס מיט דראָבנע ווייס-שוואַרצע בלומען.

אויף דעם האַלבן טיש, אַרום וועלכן די מחותנים און דער חתן-קאַנדידאַט זענען געזעסן, איז געשטאַנען אַ פלעשל קאָלירטער בראָנפן און אויף אַ טעלער פאַרבייסעכץ — קיכלעך.

גאָלדפעלד איז געווען באַשטיקט אין געוועלב. דערינען אין געוועלב, זענען די „מענטשן" געווען פאַרנומען מיט פּאַקן באַשטעלונגען, ליידיקע קאַסטנס זענען געוואָרן אַריינגעבראַכט פון שפּייכלער און דערנאָך פולע, פאַרקלאַפּטע, אַוועקגערוקט אין אַ זייט, ביז די באַלעבאַטים זייערע וועלן קומען דערליידיקן די רעכענונגען און צונעמען די סחורה.

פון צייט-צו-צייט, האָט גאָל פעלד זיך דערמאַנט, אַז דערינען זיצט דער פאָטער מיט אַ מחותן און אַ חתן, איז ער אויף

אַ חיילע אַרײַנגעגאַנגען אין עס־חדר מיט שטענדיק איין און דערזעלבער פרײַגעבערישער טענה:

— אין פּלעשל איז דאָך נאָך דאָ בראָנפן און די קיכלעך — טאַטע, ביזט שוין אויך אויס חסיד?

— און איר ייִנגערמאַן — האָט ער יוצא געווען און צום חתן אויך גערעדט — קוקט נישט אויף קיינעם און טרינקט אַליין!

דעם מחותּן — אַ גמרא מלמד — האָבן יעדעס מאָל, בשעת גאָלדפעלדס אַרײַנקומען אין עס־חדר, אויפגעבליצט די אומבאַשטימט קאָליריקע אויגן: עס איז אים געוואַלטיק אַנגעשטאַנען צו ווערן דעם רײַכן גאָלדפעלדס משפּחה. ער האָט זיך פון התפּעלות אַ נעם געטון אין האַנט דאָס מאָגערע בערדל, ווי אַז ער קלויבט זיך זײַנע תּלמידים צו פאַרשטיין צוגעבן עפּעס אַ שכלדיקע כּברה, און זיך אָנגערופן צו גאָלדפעלדן מעשה האַלב נאָנטער — בהן שלי, ר׳ שלום, מיר וועלן זיך נישט צורירן צום בראָנפן, סיידן איר וועט זיך צוזעצן.

און ער האָט ווי באַהאַלטן אַ ווונק געטון צום זון זײַנעם, ער זאָל אויך אַמאָל ס׳מויל עפּ ענען.

האָט דער זון, דער אויסטערליש אָנגעטוּענער בחור, אַלס ערשטע הכנה צום עפענען „דאָס מויל" און עפּעס זאָגן, גלײַך געמאַכט די ברילן, זיך אַ פּאָר געטון מיט דער האַנט איבער דער באַהויזטער קני — גאָלדפעלד האָט געענטפערט דעם מחותּן אויף זײַן אײַנלאַדן אים זיך צו זעצן:

— באַלד, באַלד, דערווייל בין איך נאָכנישט פרײַ...

דאַס מאָל האָט זיך דער בחור אָנגערופן מיט אַ קליינשטעטלדיק קול, ווי פון אַ הויל פאַס אַרויס:

— אַוודאי, „אם אין קמח"... — און זעענדיק ווי גאָלדפעלד און ר׳ ליפּע קוקן אים אין מויל, איז ער רויט געוואָרן און געשוויגן.

דער פאָטער באַמיט זיך צו פאַרשטיין צו געבן, וואָס דער זון האָט געמיינט צו זאָגן.

— פאַרשטייט זיך „אם אין קמח — אין תורה". ס'וועגדט זיך נאָר, צי איר, ר' שלום, לערנט נאָך אַמאָל?

און גאָלדפעלד ענטפערט וויכטיק:

— אַלץ וואָס מ'קען, קומט צונויף. כ'זאָל דאָס יעדן טאָג פאַרדינען, וויפיל דין־תורות דער „חושן משפט" האָט מיר שוין געהאָלפן געווינען...

די מחותנים האָבן זיך צעשמועסט. דעם חתנס פאָטער האָט אגב צו וויסן געטון, אַז ער שטאַמט אָפּ פון גאָר הויכן אָרט — פון „פּשיסכער". זיינע עליה השלום — פאַראַיאָרן גע־שטאָרבן — האָט זיך געיחוסט פּש־פּש, אַזש צום „קאָצקער הויף".

ר' ליפּע האָט זיך געגרייט אַריינצוציען דעם חתן אין אַ שמועס, דערגיין, צי ער האָט כאָטש אַ באַגריף אין חומש רש"י. קישטיין האָט פאַרבייגעאײַלט דאָס עס־חדר צו דער קיך. ר' לי־פּע האָט אים צוגערופן:

— קום אַהער, געצל, טרינק לחיים.

קישטיין האָט אָנגעצויגן מיט אַ בליק צו דער קראָם־טיר, ווי גאָלדפעלד, זיין באַלעבאָס, געפינט זיך און אַ מורמל געטון:

— אַז כ'וועל צוריקגיין.

די מחותנים זענען זיך פאַרזעסן. מ'האָט גערעדט פון לעבנס־זאַכן און שטענדיק, ווי היגנטן אַרום, אַריינגעוואָרפן אַ וואָרט פון עיקר — צוליב וואָס מ'איז זיך דאָ צונויפגעקומען... נאָכן פאַרמאַכן דאָ געוועלב, האָט גאָלדפעלד געדאַרפט „אויף אַ מי־נוט ערגעץ אַ לויף טון", איז ער אַוועקגעגאַנגען און האָט זיך פאַרזוימט. דער בחור האָט, מן הסתם לויט עם פאָטערס אַ ווינק, זיך דערהויבן, אָפּגעזעגנט און אויך אַוועקגעגאַנגען; מאָרגן פרי דאַרפן זיי צוריק אַהיימפאָרן מיט סחורה, וואָס דער בחור קויפט דאָ.

— ער איז נאָר אַ וווילער סוחר — רימט דער פאָטער דעם זון הינטער די אויגן.

נאָר מיט וואָס אַזעלכעס ער האַנדלט, האָט דער פאָטער קלאָר נישט אַרויסגעזאָגט.

— היינטיקע צייטן איז עפעס אַ סטאַלע מסחר? מיט וואָס עס מאַכט זיך הגדלס ער און פאַרדינט ברוך־השם.

איצט זענען די צוויי מחותנים אַליין געבליבן. מ'האָט שוין כמעט אַלץ וואָס געהער צום ענין אַדורכגעשמועסט: די „קינדער" וועלן זיך דאָ טרעפן אם ירצה השם חול־המועד פסח, אַז עס וועט זיין, מן השמים... גדן... דירה... נאָך דער חתונה עפענען אַ קרעמל דאָרטן אין ר' ליפעס אָדער אין דעם חתנס פאָטערס וווינשטעטל...

אין פלעשל איז שוין געבליבן גאָר ווייניק בראָנפן, ר' ליפע האָט זיך באַקלאָגט, אַז היינטיקע משקה, איז עפּעס גאָר קיין משקה, פשוט — שוועבק־וואַסער פון בראָנפן. דער מחותן האָט מסכים געווען מיט ר' ליפעס מיינונג:

— אי, אַיי אַמאָליקע משקה! — האָט ער קורצזיכטיק די אויגן געקנייטשט ווי פון דבקות

דער בראָנפן האָט די צוויי ייִדן דערוואַרעמט און דערנענטערט איינעם צום צווייטן... זיי האָבן זיך שוין גערופן „מחותן" (אָנגעהויבן זיך מחותנען האָט דעם נחומס פאָטער) זיך געאַמפּערט און זיך די הנאה־ער אַראָפּגערעדט וועגן היינטיקע קינדער; נישט חלילה פאַרדאָרבענע קינדער, נאָר סתם, עס די וועלט הייבט...

מאַדאַם גאָלדפעלד איז געקומען. אַריינגעקומען איז זי ברייט מיט אַ שטייף דערהויבענעם קאָפּ, ווי איר שטייגער.

ר' ליפע האָט זיך, דערזעענדיק זי אַריינקומען, אַזש אונטערגעהויבן פון זיך, אָפּגעזיפצט. און זיך צוריקגעזעצט. דער מחותן האָט זיך אומרויִק אַ דריי געטון אויפן שטול.

„גוטן אָוונט" האָט זי נישט געזאָגט. זי האָט בלויז ווי פאַר יוצא וועגן לייכט, קוים אַ שאָקל געטון מיטן קאָפּ צו די באַם טיש זיצערס. און אויך אַזוי שטייף פרעטענציעז אַריינגעגאַנגען אין שלאָף־חדר און הינטער זיך די טיר פאַרמאַכט.

אַ צייט איז פון דערינען גאָרנישט געהערט צו הערן. די מחותנים באַם טיש האָבן ווידער אָנגעהויבן פאַרציִען אַ שמועס,

אַזוי איז אַוועק אַן ערך צען מינוט. דערנאָך האָט זיך ווידער די טיר געעפנט, מאַדאַם גאָלדפעלד איז צוריק אַריינגעקומען שוין אָן מאַנטל און הוט — אין הויזלעכן — זי האָט זיך מיט אַ געמאַכטער פריינטלעכקייט אַ פאַרחידושטן ווענד געטון צום טיש.

— אָ, דער שווער איז דאָך גאָר דאָ — און גלייך מיט אַ בלישטשל אין די אויגן און מיט אַזאַ פאַרדעכטיק שמייכעלע, מיטעדיק אַ פרעג געטון:

— נו וואָס מאַכט זי דאָרט מירל? די אַסטמע, די לינגען... איז איר אַ ביסל לייכטער? —

און געפרעגט האָט זי דאָס קלאָר, געלאָסן מיט אַ טיפבאַ-האַלטענער גיפטיקייט.

ר׳ ליפע האָט הויך אַ סאָפּע געטון מיט דער נאָז, ווי באַם צעברעכן דורך עמעצן אַ טייערע כּלי. ער האָט באַמערקט ווי נאָך איר „פּ״עג״ האָט דער מחותּן געקריגן שטעכיקע אויגן, ווי ער וואָלט געוואָלט זאָגן: האָסטו מיך גאָר געוואָלט אַריינפירן אין אַ בלאָטע?

ר׳ ליפע האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

ר׳ ליפע איז איצט שוין זיכער געווען, אַז פון שידוך וועט גאָרנישט ווערן.

דער מחותּן האָט זיך דערהויבן אַהיימצוגיין. דערהויבן זיך פרעמד, ווי אַ מענטש, וואָס האָט דאָ אויף גאָרנישט באַלמוטשעט שעהן. מאַדאַם גאָלדפעלד האָט לעבעדיק אַרומגעשפּאַנט אַ בער די שטובן: אין קיך, פון קיך אין עס-חדר, שלאָף-חדר און צוריק.

ר׳ ליפע האָט איצט געהאַט אַ פאַרלאַנג, ווי צום גיכסטן פונדאַנען אַרויסצוקומען. ס׳איז אים געווען צו שווער די נאַכט, וואָס ער וועט היינט דאָ שלאָפן.

דער מחותּן איז אַוועק. מאַדאַם גאָלדפעלד האָט געפרעגט:

— ווער איז דאָס דער ייִד? — לומרשט זי ווייסט נישט, ווער דאָס איז און צו וואָס ער איז דאָ געווען. און דערביי האָט זי געשמייכלט מיט איר שמייכעלע, דאָס משפּחהדיקע.

ר׳ ליפע האָט איר נישט דערלעך געענטפערט בלויז מיט אַ:

— מם.. — און געטראַכט האָט זיך אים. אַז די הוצאות אַהער און צוריק און דאָס פאַרשוואַרצונג זענען אַרויסגעוואָרפן, מאָרגן וועט ער אַהיימפאָרן מיט גאָרנישט.

און — נאָך אַ קרענצל צו —

אויף זיין טאָכטער מירלס גורל — — —

שמעון האָראָנטשיק

# ז ו מ פ

דריטער טייל

פארלאג „קולטור-ליגע“, ווארשע

## קאַפּיטל 1.

פאַר פסח איז באַ קישטיינען קראַנק געוואָרן די טאָכ־
טער — אַ זעכצניעריק מיידל — און אַזוי ווי באַ קישטיינס באַלע־
באָס — גאָלדפעלדן — איז ניש איינגעפירט צו לאָזן פאַר־
שרייבן זיינע „מענטשן" אין דער קראַנק־קאַסע, און קישטיינס
פאַרדינסט איז אַוועק אויף דאָקטוירים און רעצעפּטן, איז אויס־
געקומען, אַז ערב־פסח איז אין שטוב נאָך גאָרנישט
געווען אויף יום־טוב. די קישטיינען איז דעם ערב־פסח ביז האַלבן
טאָג געשטאַנען באַ גאָלדפעלדן אין געוועלב, נישט געוואָלט צעפּ־
טרעטן, ער זאָל איר געבן עפּעס געלט אויף אַריינצוברענגען
דעם יום־טוב אין שטוב.

גאָלדפעלד איז געווען בייז: ער האָט נישט קיין הענט פון
אַרבעט; ס'איז פאַר יידישן און קריסטלעכן פּסח. די קראָם
ברעכט זיך פון קונים — און דאָ שטייט אים זי גלדע אויפן אַרג
מיט איר באַטריבט (גאָלדפעלד רופט עס: פאַרביסן) פּנים און
די אויגן אירע מאָנען פון אים געלט; יעדעס מאָל, ווען זיין ר[illegible]י
קומט פון גאַס און די דינסט טראָגט איר נאָך דעם פול הויך־

געפּאַקטן קאָרב — ווערן זעלדעס אויגן נאָך מאָנענדיקער...
און גאָלדפעלד, ווי ער מאַכט זיך נישט פון אַזעלכעס, האָט אים דער שוועסטערס שטיין דאָ און שטום מאָנען פון אים געלט געאַרט און דענערווירט, דענערווירט ווי אַ צוגעגעסענע פליג אין אַ פאַרנעם טאָג, וואָס האָט זיך פאַרעקשנט און וויל נישט פון זיין שטערן אָפּטרעטן.

זעלדע איז לאַנג געשטאַנען אין געזעלב, גאָרנישט גע-זאָגט, נאָר געשטאַנען מיט אויסגעשטעלטע אויגן צום ברודער, איר מאַנס באַלעבאָס;

קוגים איז ווייניקער געוואָרן. געבליבן קוים עטלעכע און זעלדע איז אַלץ נאָך געשטאַנען. און ער איז די פריער נישט פּטור געוואָרן, ביז ער האָט אַרויסגעכאַפּט פון טאַש אַ געלט-פּאַפּירל און דאָס דער שוועסטער געגעבן אַ מיך פאַר די פיס. ווי ער וואָלט געמיינט צו זאָגן: נאַ, פרעס דיך אָן. און דער בליק פון זיינע ניכטערע בייזע אויג, וואָס ער האָט איר דערביי צוגע-שיקט, איז געווען אַזעלכער, אַז זעלדן איז דאָס בלוט אין די אָדערן געשטאַרט געוואָרן און אַרויסגייענדיק, האָט זי זיך מיטן גאַנצן האַרץ געווונטשן, אַז נאָכאַמאָל איידער זי זאָל דאָ אַריינגיין, זאָל זיך פריער די ערד אונטער איר עפע-נען.

„און אַנדערשוווו קריגן „מענטשן" אויף יום-טוב טאָפּלט געהאַלט", האָט זי מיט ווייטיק געטראַכט, „מיין פינסטער מזל"...

און אין אָוונט, ווען קיסטיין איז געזעסן אין קיטל באַם סדר און מיט אַ פאַרשלאָפן קול געמורמלט די הגדה, איז נאָך אַלץ זעלדען געשטאַנען פאַר די אויגן, ווי זי האָט הייגט אַ האַלבן טאָג געבעטלט באַם ברודער געלט און ווי אַזוי ער האָט איר לסוף געגעבן דאָס געלט. — אַ חוץ דעם האָט זי כסדר געהערט, ווי דערינען דאָס קראַנקע מיידל האָט זיך גע-דרייט און געקרעכצט אין בעט — איז איר דער קאָפּ, מ'שטיינס געזאָגט, גאָר, גאָר ווייט געווען פון יום-טובדי-קייט

נאָך פסח איז קישטיינס מיידל נאָך אַלץ נישט געווען געזונט. ס'האָבן געקאָסט דאָקטוירים און רעצעפּטן. גאָלדפעלד האָט געפּרוּווט שיקן קישטיינען אין דער ייִדישער גמינע ווען שיקן צו אים אומזיסט אַ דאָקטאָר. אָבער מען האָט אים דאָרט דערקענט — און ער האָט גאָרנישט אויפגעטון.

— זאָגט דאָרט אייער פּרינציפּאַל און שוואָגער, אַז אַ חוץ געלט דאַרף אַ מענטש אַ האָרעלע בושה אויך נאָך באַזיצ־ — האָט פינטשעווסקי, דער גמינע־פּרעזעס, באַפוילן דורך קישטיי־נען.

באַם געבן געלט אויף אַ רעצעפּט, פלעגט גאָלדפעלד לער־נען קישטיינען דינגען זיך: „זאָג, אַז דו ביסט אַן אָרימאַן, האָסט נישט מער קיין געלט"... — דער אַפּטייקער האָט אָבער בשום אופן נישט געוואָלט ביליקער לאָזן. קישטיינס וואָכן־לוין, איז אַוועק אויף רעצעפּטן. ווי פעסט גאָלדפעלד האָט זיך נישט פאַרהאַלטן די קעשענעס, האָט אים פאָרט עפּעס געקאָסט יעדע וואָך עטוואָס מער, וויפיל קישטיינען איז געוויינטלעך געקומען. באַ קישטיינען איז נישט געווען פאַר די געזונטע זאַט צו עסן און גאָלדפעלד איז אַרומגעגאַנגען בייז, געוואָרטשעט, אַז קי־שטיין מיטן וייב וועלן אים בדלות שטעלן, צו באַנקראָט וועלן זיי אים ברענגען מיט זייער נאָכאַנאַנדיקן רייסן געלט.

ס'האָט זיך געמאַכט זומער.

מאַדאַם גאָלדפעלד האָט היי יאָר נישט גענומען די זומער־וווינונג אין עק־שטאָט־קוואַרטאַל לעבן וואַלד. דעם זומער האָבן די שפּעקולאַנטן־ווייבער זיך אָפּגעקליבן אַ נישט ווייט דאָרף, וואָס ליגט האַרט לעבן אַ באַן־ליניע. עטלעכע ווילייעס זענען דאָרט אויפגעשטעלט געוואָרן פאַר זומער־געסט. נאָר אַזוי ווי דאָס דערפל איז היי יאָר געוואָרן מאָדע, ווייל די ערשטע האָבן דאָרט געדונגען זומער־וווינונג עטלעכע פון די גרעסטע שטאָטישע פּאַס־קאַזשעס — איז דאָרט געוואָרן אַ גרויסער אָנבאָט אויף דירות. ווילייעס זענען אָבער געווען בלויז עטלעכע אויף די פינגער צו איבערציילן, האָבן די איבעריקע, וואָס פאַר זיי האָט שוין נישט געקלעקט קיין ווילייעס, זיך באַזעצט אין די פּראָסטע פּויערישע

לײמענע כאַטעס, וואָס די באַלעבאַטים האָבן אָפּגעטרעטן פאַר די זומער־געסט און אַלײן זיך איבערגעטראָגן אין דער האָלץ־קאַמער, אָדער קיך־שטאַל. האָבן די שפּעקולאַנטן־װײַבער געװוינט אין די פּויערישע לעפּיאַנקעס מיט לײמענע פּאָדלאָגעס און קלײנע פענצטערלעך און אויך יוצא געווען מצוות־זומער־וווינונג; אַפילו מיטגעהאַלטן די מאָדע מיט די „קאַרפּנקעס"...

אין דאָרף איז אָנגעהויבן זומער, פאַר די וואַקאַציעס, נאָך נישט געווען שטאַרק הײמלעך. און נאָענט פון שטאָט איז עס אויך — צוצופאָרן צוויי סטאַנציעס. — און ווען מאַדאַם גאָלדפעלד האָט נאָך גוט געדענקט, אַז פאַר יאָר זומער, ווען זי איז נישט געווען אינדערהײם, האָבן זיך אין איר שטוב דערװײַל אײַנגעבירגערט דעם מאַנס באַנדע... האָט זי דאָס יאָר באַשלאָסן אַזעלכעס מער נישט צו דערלאָזן, און איז צוויי מאָל און טייל מאָל דרײַ מאָל אין וואָך אַ ביסל אַהײמגעקומען. דאָ קויפן עפּעס, אַן אַנדער מאָל צו דער שנײַדערין, אָדער גלאַט אַהײמגעקומען אויף אַ נאַכט צום מאַן. גאָלדפעלד לאָזט זיך ברענגען מיטאָגן פון רעסטאָראַן. שבת פאָרט ער צו דער פרוי, זונטיק קומט ער צוריק אַהײם און איבער דער וואָך לעבט ער אַזוי, אַלס „שטרויענער אַלמן"; אַ חוץ די באַזונדערע מאָל, ווען די פרוי איז אומגעריכט פאַרנאַכט אַהײמגעקומען און אינדערפרי צוריקגעפאָרן.

און אַזוי איז אָנגעקומען אַ שבת־טאָג. שפּילמאַן איז דאַמאָלס געווען אין מיליטער אויף פיר וואָכן אַלס רעזערוויסט. אַ געוויינטלעכער זומער־טאָג איז עס געווען מיט אַ הייסער זון און מיט אַ ווינט, וואָס האָט דערהויבן דעם אָפּגעלייגטן גאַסשטויב און אים אַרויפגעיאָגט אויף די לעבן טרוקענעם רינשטאָק אויסגעשטעלטע קערב קאַרש, און יאַגדעס.

גאָלדפעלד איז דעם שבת אויפגעשטאַנען, ווי שטענדיק אין אַ רויקערן טאָג, אַ זייגער האַלב אַכט און, ווי געוויינטלעך, אַרומגעקראָכן אין העמד און גאַטקעס מיט צעלאָזטע ניט־געוויצע־בענדלעך פון איין שטוב אין דער צווייטער; אין געוועלב און אין די וווינשטובן, געקוקט דאָ און געקוקט דאָרט; אַ שמעק

בעטן צו די נעכטן פון דער באַן געבראַכטע סחורות, אַ נישטער געגעבן צווישן די פּאָליצעס, אַ בליק געוואָרפן אין עס־חדר צו די שענק און שופלאָדן. צו די צוויי אײַזערנע קאַסעס. דאָס איז גאָלד־פעלדס געוויינלעכער קאָנטראָל־שפּאַציר יעדן אינדערפרי, אײדער ער טוט זיך אָן. דערנאָך האָט גאָלדפעלד אין קיך פײַער געמאַכט, צוגעשטעלט קאָכן טיי. פאַרטיק געוואָרן, דאָס וואַסער אויף טיי, האָט ער אין עס־חדר אָנגעגרייט פאַר זיך אָנבײַסן.

פרײַטיק לאָזט זיך גאָלדפעלד באַקן אַ קוכן. זײַן שוועסטער, זעלדע די קישטײַנען — איר זאָך איז דאָס, זי דאַרף געדענקען, ווי לאַנג די שוועגערין איז נישטא הי, אָפּצובאַקן יעדן פרײַטיק פאַרן ברודער און באַלעבאָס, אַ פּאַן־קוכן; אין שלאָף־חדר, אויפן שרײַבטיש, איז, ווי שטענדיק שבת, אַפילו ווען די גאָלדפעלדן איז יאָ אינדערהיים, געשטאַנען דער פּאַן־קוכן. איצט צום אָנבײַסן האָט גאָלדפעלד זיך אַרײַנגענומען דעם קוכן אין עס־חדר, אַרויסגענו־מען פון קרעדענץ אַ פלאַש זיסן בראָנפן מיט אַ גלעזל און אַזוי, אין העמד און אין די תחתונים מיט צעלאָזטע נאָגעוויצע־בענדלעך, צומאָל נישט די הענט אָפּגעוואַשן, זיך אַנידערגעזעצט טרינקען זיסן בראָנפן און להוט פאַקן אין זיך קוכן.

דער זייגער האָט געוויזן האַלב צען. קישטײַן האָט געדאַרפט דאָ זײַן שוין פון אַ זייגער נײַן. מיטן נאָכמיטאָג־צוג רעכנט גאָלד־פעלד צו פאָרן צום ווײַב אויף דער זומער־וווינונג און דאָ איז נאָך אַ סך צו טאָן; דערלעדיקן באַשטעלונגען, גיין אין באַנק און צו קונים בעלי־חובות און צו דער באַן, צי ס'איז געקומען סחורה. האָט קישטײַן היינט געדאַרפט קומען נײַן אַ זייגער, און איצט איז האַלב צען און ס'איז אים נאָכנישט צו זען, — טראַכט גאָלדפעלד מיט פאַרדרוס קײַענדיק דעם קוכן.

אין אײַנוועגס דערמאָנט זיך גאָלדפעלד די אויסגאַבן, וואָס ער האָט לעצטנס געהאַט צוליב קישטײַנען, ווײַל די טאָכטער איז אים קראַנק געווען און ער, דער נבלה, ס'זאָל אים דאָס כאָטש אין זינען ליגן צו קומען — נישט צו פרי — כאָטש אין דער צײַט! רייסן געלט ווייסט ער, שעפּן ווי פון אַ ברונעם...

אין גאָלדפעלדן נעמט בלעזלען אַן אומצופרידנקייט אויף

קישטיינען און אויף דעם ווייב זיינעם אויף זעלדען. „לעבן לאָזן זיי אים נישט", הייבט שוין אָן אין אים זידן, „רק גיב זיי און גיב" — — —

און אַזוי ווי דעם ערשטן הונגער צום קוכן האָט גאָלדפעלד שוין אַ ביסל געשטילט, הייבט אים דער קוכן אָן נישט צו שמעקן, באַמערקט ער מיטאַמאָל, אַז אין קוכן געפינט זיך גאָר ווייניק ראָזשינקעס, און קייען דערכאַפּט די צונג כמעט גאָרנישט דעם פייכט-זיסן טעם פון אַ ראָזשינקע. און אַזוי ווי דער קוכ איז זעלדעס מלאכה, איז נישט אַנדערש: זי האָט פאַר זיך צַראָפּגענומען ראָזשינקעס. פיר לויט ראָזשינקעס אין אַזאַ פונדל „קוכן", איז גאָלדפעלד זיכער — „דאַרף זיך מער געבן צו פילן". „און צוקער" — דערכאַפּט ער מיטאַמאָל, „איז אויך ווייניק צַריינגעטון. ס'איז עפּעס גאָרנישט זיס" „פון אַ האַלב פונט צוקער, ווייסט גאָלדפעלד, דאַרף דער קוכן זיסער זיין".

ווען קישטיין קומט, איז שוין פינף מינוט צו צען. גאָלדפעלד וויל איצט מיט אים נישט אָנהייבן קיין „אויפשפּיל": ס'איז שפּעט און ס'איז אַ סך דאָ צו טון. ער גיט בלויז אַרויספאָדערנדיק אַ קוק אויפן זייגער און אַ וואָרטשע: „ווייסט כאָטש, אַז ס'איז באַלד מיטאָג?...

מעשה שטן, איז היינט קישטיין אויך נישט גוט אויפגעלייגט. אין דער „חברה", וווּ קישטיין דאַוונט, האָט היינט אַ פערדס-הענדלער געמאַכט אַ קידוש. קישטיין איז געווען פון די געבעטענע אויפן קידוש, נאָר האָט נישט געקענט גיין, ווייל ער האָט זיך געאיילט אין געשעפט, האָט ער עגמת נפש פון פאַרלוירענעם קידוש באַם פאַרמעגלעכן פערדס-הענדלער, ענטפערט ער גאָלדפעלדן מיט אַ דרייסטן טאָן:

— זאָל איך שבת שוין אויך נישט גיין דאַוונען? —

גאָלדפעלד ווערט רויט פאַר כעס, די אויגן ווערן אים שפּיציק. ער האַלט זיך איין, זאָגט גאָרנישט, גיט בלויז אַ בייזן קוק איבער קישטיינס קאָפּ, נישט קוקנדיק אים אין פנים, רעכנט ער אים אויס מיט אַן אָפיציעלן טאָן, וווּ ער דאַרף דערליידיקן און שיקט אים אַוועק.

צוויי שעה שפעטער אַרום מיטאָג־צייט, קומט קישטיין צו־ריק. גאָלדפעלד איז שוין אָנגעטון, ראַזירט, אויסגעפּוצט אין העל־גראַנאַטענעם אַנצוג, בּרוינע האַלבּע שיך און קאָלירטע שקאַרפּעט־קעס, גרייט צום גיין צום וואָקזאַל, זיך אויפזעצן אויפן צוג, פאָרן צום ווייבּ אויף דער זומער־וווינונג.

— נו? — פרעגט גאָלדפעלד.

קישטיין האָט קנאַפּ וואָס דערליידיקט. דאָ האָט מען אים אָפּגעלייגט אויף מאָנטיק, אויף אַ צווייט אָרט האָט ער נישט גע־טראָפן דעם אייגנטימער... הקיצור: פאַרשידענע סיבּות און געלט געבּרענגט — ווייניק.

„מיט אַזאַ חשק ווי ער גייט, אַזוי ריכט ער" — טראַכט גאָלד־פעלד מיט פאַרדרוס.

— און אין „קריסטלעכן קאָפּעראַטיוו"? — וויל גאָלדפעלד וויסן, פאַרוואָס ער האָט דאָרט נישט געקריגן געלט.

— האָבּ איך נישט געטראָפן דעם פאַרוואַלטער — ענט־פערט קישטיין.

— וועסטו געדענקען פאַרנאַכט נאָכאַמאָל אַהינצוגיין, איך מוז דאָס געלט האָבּ אויף מאָרגן אינדערפרי.

קישטיין אָבּער ריכט זיך פאַרנאַכט צו זיין פאַרבּעטן אויף שלש־סעודות בּאַם פּרדס־הענדלער, וואָס מאַכט היינט דעם קידוש, זאָגט ער מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן בּרוגז־טאָן:

— פאַרנאַכט איך! שטענדיק זיין פאַרקויפט. שבת, זונטיק, אייבּיק.

גאָלדפעלד האָט אייגנטלעך נישט געוואָלט איצט, פאַרן אַרויספאָרן אויף דער זומער־וווינונג, מאַכן אַ טענה מיט קישטיי־נען. נאָר אַז קישטיין אַליין האָט אָנגעהויבּן, האָט עס גאָלדפעלדן אַ הייבּ געטון; „ער וועט נאָך גאָר ס'פּיסק עפענען אויף"...

— אַז ס'געפעלט דיר נישט בּאַ מיר — זאָגט גאָלדפעלד „רוזק" — האָסטו די בּרירה...

קישטיין אָבּער האַלט אין איין טענהן דאָס זייניקע:

— אַ ייד אָדער אַ גוי — איינס מוז איך דאָך זיין; שבת אָדער זונטיק, איין טאָג מוז איך דאָך רוען.

ס'האָט זיך צווישן זיי צעווירבלט אַ געטענהעכטס, בייזע פראַגן פון גאָלדפעלדן און גראָבע ענטפערס פון קישטיינען. ענד־לעך האָט גאָלדפעלד געזאָגט:

— באַ מיר מוז מען אַרבעטן שבת און זונטיק — שטענ־דיק, אַז עס געפעלט דיר נישט, קענסטו דיר פון שוין איצט זוכן אַן אַנדערע שטעל.

— אַז ס'וועט מיך גלוסטן, וועל איך מיר זוכן.

— זאָג איך דיר אָפּ די שטעל — זאָגט גאָלדפעלד קאַלט.

— האָסט מיר אַ סך צו באַפעלן! גרעגערט קישטיין. און אַז קישטיין האָט לאַנג נישט פאַרמאַכט דאָס מויל, נאָר געהאַלטן אין איין ליאַרמען און זידלען, האָט גאָלדפעלד זיך אַ כאַפּ געטון פון אָרט, האָסטיק צוגעגאַנגען צו קישטיינען און, ווייזנדיק מיט דער האַנט צו דער טיר, באַפוילן:

— גיי! אַרויס פונדאַנען און קום נישט מער.

צוטרעטנדיק צו קישטיינען, והאָט גאָלדפעלד ערשט איצט באַמערקט, אַז יענער טראָגט אַ ניי אויבערהעמד, אַ לילע אויבער־העמד מיט אויך אַזאַ קראַגן און אַ נייעם שניפּס. „פאַר מיין געלט פוצן זיי זיך, פרעסן און זויפן" איז אים אַ דורך אין קאָפּ. דער כעס איז דאַדורך אין אים נאָך גרעסער געוואָרן און זעענדיק, אַז קישטיין האָט נישט קיין חשק אַרויסצוגיין פון שטוב, האָט גאָלד־פעלד גענומען אים אַרויסשטופּן מיט כוח; קישטיין איז, וואָס אמת, שוואַכער פון גאָלדפעלדן, האָט ער זיך אָבער אָנגעהאַלטן מיט די הענט אָן געזימס פון דער נייער אייזערנער שאַנק און גאָלדפעלד האָט אים נישט געקענט אָוועקשלעפּן.

און אַז גאָלדפעלד האָט זיך איבערגעצייגט, אַז עס וועט זיך אים נישט איינגעבן קישטיינען אָוועקצוקריגן פון אָרט, האָט ער אַראָפּגעכאַפּט דעם הוט פון קישטיינס קאָפּ און דורכן אָפענעם אויבער־לופט דעם הוט אַרויסגעוואָרפן אויפן הויף, כדי קישטיין זאָל געצוווּנגען זיין אַרויסצוגיין דערהייבן דעם הוט, וועט ער אים אַזוי־ערנאָך פטור ווערן פון שטוב אַרויס.

און אַז קישטיין האָט זיך אַרומגעקוקט וואָס גאָלדפעלד האָט אים דאַ אויפגעטון — אַרויסגעוואָרפן דעם הויז פון לאָפּ — האָט ער אַלץ נישט נאָכגעלאָזט די הענט פון אָנהאַלטן זיך אַן בוזימס פון ד״ר אייזערנער שאַנק — גענומען גאָלדפעלדן זידלען, ווי זיינס גלייכן:

— שווינדלער, גנבֿ! — האָט ער געשריגן — וואָרט, איך וועל דערציילן אַלץ, וואָס כ'ווייס, וועל איך דערציילן... מ'וועט דיך שוין פאַרקלאָגן אין קרימינאַל, איך וועל זיין עדות. מ'וועט דיך שוין ווייזן...

און אַז קישטיין האָט גענומען צופיל אויסשרייען גאָלדפעלדס געשעפטס־געהיימנישן, וועלכע גאָלדפעלד איז זיכער געווען, אַז דער תּם פאַ שטייט זיי גאָרנישט. איז גאָלדפעלד צוגעגאַנגען און אים אַראָפּגעלאָזט אַ פּאַטש, האָט קישטיינען פון פּאַטש אָנגעהויבן ליפן בלוט פון דער נאָז, האָט ער ערשט רעכט אָנגעהויבן שרייען מיט קולי־קולות.

— גאַראַ! — האָט ער געשריגן, ווי מ'שרייט בײַ אַ שׂריפֿה. איז געוואָרן אַ צוזאַמענגעלויף פון שכנים הינטער גאָלדפעלדס פענסטער.

און אַז קישטיין האָט געזען, אַז מ'קלייבט זיך הינטערן פענסטער, האָט ער ווידער אַמאָל גענומען אויסדערציילן, מיט אַ שרייעדיק קול גאָלדפעלדס שווינדלערייען, האָט גאָלדפעלד פאַרהאַקט די פענסטער און ווידער גענומען זיך אַרויסצוּוואַרפן קישטיינען.

עס האָט לאַנג געדויערט ביז גאָלדפעלדן האָט זיך איינגעגעבן אַרויסצוקריגן קישטיינען פון שטוב און הינטער אים די טיר צו פאַרמאַכן.

אויפן הויף האָט קישטיין געגרעגערט, אויסדערציילט אויף פּויליש און יידיש פאַר די הויף מענטשן פון גאָלדפעלדס מסחר־סודות — — — — די אַרומשטייער האָבן מיט חשק זיך צוגעהערט — פון יידישע ווינקלען האָבן אין די פענסטער זיך גע־

חיזן קעפ. טייל מיט פאַריבל-מינעס, וואָס אין אַ ייִדישער שטוב קומען היינט, שבת, פאַר מסחר-מחלוקות. גאָלדפעלדס שכנטע פון דער קעגנאיבערדיקער טיר, די שייטל-ייִדינע, וואָס זי קען נישט פאַרטראָגן די דערינענדיקע גוייִשע פירונג, איז אויך אַרויס-געקומען אויפן הויף, אָנגעטון שבתדיק און מיט די הענט גע-שאָקלט אויף גאָלדפעלדן, דאָ אויף דעם צעטאָרגעטן צעיִאַכ-מעטן קישטיין, וואָס איז געשטאַנען און זיך דאָס פּנים גע-ווישט — און אויף אַלע פענסטער פון גאָלדפעלדס וווינונג, ווי מ׳בטלט בייזע חלומות:

— דעם שוחטס זון, דעם שוחטס איידעם.. — און אַ פרעפל געטון נאָכן אָקאָרשט אויפגעגעסענעם שבתדיקן טשאָלנט אַ בייזע וואָכעדיקע קללה.

גאָלדפעלד האָט היינט שוין געמוזט אָפּלייגן זיין געפּלאַנ-טע נסיעה צום ווייב אויף דער זומער-וווינונג. ס׳איז שוין געווען נאָכן צוג. שפּעטער גייט אפילו נאָך אַ צוג, אָבער אַזוי ווי ער האָט היינט נישט וועמען דאָ איבערצולאָזן געכטיקן, וועט ער מוזן צוריקקומען אויף נאַכט, לוינט אים נישט אויף אַ פּאָר שעה אינגאַנצן.

און גאָלדפעלד איז געווען דערשוויצט פון שטיקל אַרבעט, וואָס ער האָט אָוועקגעלייגט באַ קישטיינען. ער האָט זיך לאַנג דאָס פּנים געקילט אין קאַלט וואַסער און דאָס פּנים האָט אַלץ נישט צוריקגעקריגן זיין געוויינטלעכע מראה. דערנאָך האָט זיך גאָלדפעלד געלייגט אָפּרוען אויף דער סאָפע. די מחלוקה מיט קישטיינע האָט זיך פון אים אָפּגערוקט אַלץ ווייטער. ער איז אַלץ רויִקער געוואָרן. די טעג קומט שפּילמאַן שוין צוריק פון די „פיר וואָכן", אין געוועלב איז איצט נישט אַזוי פיל צו טון, וועט ער זיך דערווייל די זומער-חדשים באַגיין מיט שפּילמאַנען אַליין. צום ווינטער-צו וועט ער זיך צונעמען נאָך אַ „מענטש". נאָר באַנג געטון האָט אים, וואָס ער קען היינט נישט אַרויספאָרן צום ווייב. און אָט דאָס האָט נאָך שטאַרקער געמאַכט אין זיין האַרץ דעם האַס צו קישטיינען. און ער איז וואָס אַמאָל אין

זיך פעסטער געוואָרן, אז איין מאָל פאַר אַלעמאָל, ער וועט קישטיינען צו זיך איך געשעפט מער נישט אריינגע-מען.

## 2. קאַפּיטל

גאָלדפעלדס פאָטער, דער קליין־שטעטלדיקער שוחט, איז געקומען צו פאָרן איבעררעדן דעם זון. ער זאָל צוריק נעמען אין געשעפט אַריין דער שוועסטערס מאַן קישטיינען. ר׳ ליפּע האָט עטלעכע טעג פאַרבראַכט בײַם זון און גאָרנישט געפועלט. ער האָט קוים אויסגעפירט, גאָלדפעלד זאָל געבן קישטיינען אַ נעהיסע סומע געלט, ער זאָל האָבן דערווייל פון וואָס צו לעבן, ביז ער וועט זיך צושלאָגן צו עפּעס אַ פּרנסה.

גאָלדפעלד האָט דאָס קוים נאָכגעגעבן. דער פאָטער האָט אָפּגעלייגט אַ סך מי ביז שלום האָט ענדלעך מסכּים געווען צו פאַרגיטיקן קישטיינען מיט עפּעס געלט.

און אַז גאָלדפעלד האָט שוין יאָ איינגעשטימט, הייסט ער ערשט ר׳ ליפּע, אַז דעם זונס וואָרט האָט דעם ווערט פון אַ ווינטל־בלאָז. האָט ער פריש אָפּגעלייגט אַ נײַע אַרבעט, שלום זאָל שוין איצט, ווי לאַנג דער פאָטער איז נאָך הי, אויסצאָלן קישטיינען די סומע. איז ווידער דערוועגן אַוועק אַ האַמפּערײַ און אַ טענה אויף אַ גאַנצן לאַנגן זומער־טאָג. גאָלדפעלד האָט

זיך בעוועגט, ווי נאָר ער האָט געקענט... לסוף האָט פאָרט דער פּאָטער אויסגעפירט. גאָלדפעלד האָט אויסגעשטעלט וועקסלען מיט זיין אונטערשריפט און ר' ליפּע האָט די וועקסלען אַרויפגעטראָגן קישטיינען. און אַז דאָס איז שוין געווען דערליידיקט, האָט ר' ליפּע נישט געהאַט דאָ מער וואָס צו טון, איז ער אַהיימגעפאָרן.

קישטיין האָט גאָלדפעלדס קורץ-טערמיניקע-וועקסלען אַריינגעגעבן אין באַנק אויף אינקאַסע. פון וואָס צו לעבן איז דערווייל געווען, קאַרגן האָט מען זיך נישט בעדאַרפט; דער מזומנער גראָשן איז דערווייל בנמצא. איי שפּעטער, וואָס וועט זיין, אַז דאָס געלט וועט אויסגיין: „אויף מאָרגן, וועט גאָט זאָרגן“ — פלעגט קישטיין טרייסטן די יידענע זיינע מיט אַ ווערטל, ווען זי פלעגט זיך ווייגערן אויסצוגעבן געלט אויף עפּעס, וואָס איז נישט אַזוי נייטיק.

גענצל קישטיין, וואָס איז מיטאַמאָל אַרויס פון גאָלדפעלדס מאַכט און איז געוואָרן פריי, אַ פרייער פויגל, אָן דאגות-פרנסה און אָן אויבערהאַר איבער זיך, אָט דער קישטיין מיטן קמץ-בערדל און פאַרגרינטן פנים — האָט איצט געהאַט פאַר זיך איין איינציקן לעבנס-ציל; ברענגען זיין געוועזענעם באַלעבאָס און שוואָגער צו אַ באַנקראָט.

און מ'מוז צוגעבן: קישטיין האָט אַלץ געטון צו דערגרייכן זיין ציל. ער האָט ערנסט און פעסט געאַרבעט אין דער ריכטונג גאָלדפעלדן צו מאַכן באַנקראָט.

אינדערפרי, אַהיימגייענדיק מיטן טלית און תפילין פון דאַווענען האָט קישטיין אָנגעהויבן, גענומען דאָס שטעקעלע אין האַנט און געלאָזט זיך איבער דער שטאָט צו סוחרים אויסצורעדן פאַר זיי אויף זיין געוועזענעם באַלעבאָס, און צו קונים — אָפּרעדן זיי נישט צו קויפן בייַ גאָלדפעלדן.

צוריק אַהיימקומענדיק פון זיין שפּאַציר איבער דער שטאָט פלעגט ער צומיינסטנס מיט אַ בשורה צום ווייב:

— זעלדע, וועסט זען! נאָך אַ וואָך, נאָך צוויי וואָכן... כ'וויס וואָס כ'רעד, כ'האָב שוין גוט „אונטערגעפּיטערט“ דעם קראַדניק שלומקען.

זעלדע האָט איצט, זינט געצל האָט אָנגעוווירן די שטעל בײַ איר ברודער, געהאַט אַ שלעכט לעבן בײַם מאַן. ער האָט אויף קיין רגע נישט געוואָלט פארגעסן, אַז זי איז שלומקעס אַ לייבלעכע שוועסטער און דעריבער, ווי ס'האָט זעלדן וויי געטון, וואָס איר מאַן גראָבט אונטער איר איינציקן ברודער, האָט זי אָבער מורא דאָס מויל צו עפענען מיט אַ גוט וואָרט פאַר אים. זי פלעגט דאָס מאַכן דיפּלאָמאַטיש:

— וואָס וועסטו דערפון האָבן, אַז דו וועסט אים טון? — האָט זי פּאָרזיכטיק אָנגעהויבן — דו זע ליבערשט דיר זאָל גוט זיין, מ'זאָל צו עפּעס קומען, וועט דאָס אים שוין גענוג קרענ־קען.

געצל ווידער האָט אין דעם ענין געהאַט אַן אַנדערע מיי־נונג:

— ניין, צום ערשט אים באַגראָבן, דערנאָך וועל איך מיך ערשט אַ נעם געבן טון פאַר מיר.

גלאַט גאָרנישט טון פאַר זיך, איז דאָך עפּעס אויך נישט, האָט קישטיין פאַר יוצא וועגן אַ ביסל געמסחרט אויך. איז אָבער דאָס מסחרן זיינס געווען אַזעלכעס, אז ס'וואָלט פאַר זעלדען גע־זונטער געווען, געצל זאָל גאָרנישט מסחרן, וואָלט זי ווייניקסטנס געוווסט, אַז זי עסט כאָטש פאַרן געלט.

געצל קישטיינס מסחר איז געווען אַזאַ „גערעאָטענער", אַז ווי ס'איז דאַמאָלס געווען די גרויסע האָסע — איז אים שטענדיק אין זיינע קניות מיד ליד אָנגעשטאַנען היזק און וואָס לענגער ער האָט זיך געהאַלטן מיט זיינע מציאות, אַלץ מער איז אים דער היזק געוואַקסן. . . ווו ערגעץ אַ וואַלוטע פון אַ צווייט ראַנגיקע מלוכה, וועלכע האָט צוליב עפּעס אַ להכעיס־שפּיצל פון אַ צווייטער מלוכה, אַ שוואַרקערער און רייכערער — גענומען פאַלן, פאַלן אַראָפּ אין שאול־תחתיה, האָט זיך געצל קישטיין איינגעהאַנדלט אַ רעשטל פון דערדאָזיקער וואַליוטע, האָפנדיק, אַז זי וועט נאָך צוריקשטייגן. . .). ווו נאָר אַ פאַבריצירט דאָלאַר־פּאַפּירל, האָט עס זיך דערשלאָגן צו ליגן בײַ קישטיינען אין בוזים. און האָט אים עמעץ דערויף אויפמערקזאַם געמאַכט, איז יענער מיטן לעבן נישט

זיכער געווען: „מיך דאַרף מען נישט לערנען" — האָט קישטיין געברעגערט.

געצל קישטיין האָט אַלץ אָפּגעריקט דעם טערמין פון גאָלדפעלדס באַנקראָט. צוויי וואָכן, נאָ צוויי וואָכן און ווידער צוויי וואָכן... גאָלדפעלד אָבער האָט גאָרנישט קיין חשק געהאַט קישטיינען צו ליב צו טון. פאַרקערט, לויט ווי ס'האָט זיך געלאָזט הערן און לויט ווי שפּילמאַן דערציילט, גייט עס גאָלדפעלדן גאָר נישקשה. ער האָט ערשט ווידער געקויפט אַ הויז אין דאַנציג — דערפאַר באַ קישטיינען אין שטוב האָט זיך שוין יאָ געלאָזט פילן אַ מין באַנקראָט: זעלדע האָט אין אַ שיינעם פרימאָרגן צו וויסן געטון דעם מאַן אירן, אַז אין מעל-קאַסטן זעט זיך שוין גאָר שטאַרק אַרויס דער דנאָ און קיין געלט איז שוין אויך נישטאָ.

איצט האָט שוין קישטיין יאָ גענומען זאָרגן בלויז פאַר זיך און פאַר גאָלדפעלדן שוין גאָרנישט. צום מסחר האָט ער שוין קיין געלט נישט געהאַט, האָט ער גענומען זוכן אַ פּאָסטן. אָבער קריגן אַ פּאָסטן איז קישטיינען נישט אַזוי לייכט געווען: די סוחרים, צו וועלכע ער פלעגט קומען אויסרעדן אויף זיין פריערדיקן באַלעבאָס, אויף גאָלדפעלדן — די האָבן אַוודאי נישט קיין חשק געהאַט קישטיינען צו זיך אין געשעפט אַריינצונעמען...

זעלדעס פּנים איז געוואָרן אַלץ איינגעצויגענער און בייזער. קישטיין האָט דעם גאַנצן קוראַזש פאַרלוירן. צווישן מאַן און ווייב האָבן אָפטער אויסגעבראָכן קריגערייען. זעלדע איז אַלץ דרייסטער געוואָרן, פאַרגעוואָרפן דעם מאַן, אַז אין דעם, וואָס ער האָט דעם פּאָסטן אָנגעווירן, איז זיין שולד אפשר גרעסער, ווי שלומס.

קישטיין ווידער האָט נישט געוואָלט דערלאָזן, אַז זי, שלומקע קראַדניקס שוועסטער, זאָל דעם קאָפּ דערהייבן און אין שטוב האָט זיך געטון תּושך.

די שתדלנים, וואָס זעלדע האָט געשיקט צום ברודער מיט תּחנונים, ער זאָל איר מאַן צוריקנעמען אין געשעפט, זענען צוריקגעקומען מיט גאָרנישט; אַפילו די פאַני ליפשיץ, פאַר וועמען

די קישטיינען האָט איר ביטעד האַרץ אַראָפּגעקלאָגט, שטייענדיק בײַ יענער אין בוך און קוים געפּועלט, זי זאָל גיין פּאַר אַ־ר אַ גוט וואָרט רעדן, אַפילו די פּאַני ליפשיץ האָט גאַרנישט געפּועלט. גאָלדפעלד האָט געוווּסט פון קישטיינס אַ־יסרעדן אויף אים בײַ סוחרים און אָפּר־ידן אים קונים. ער איז געווען האַרט ווי אַ שטיין און טויב צו אַלעם, וואָס איז געווען אויסגערעכנט צו דערוועקן זיין רחמנות צו דער שוועסטער און אירע קינדער.

קישטיין איז אַרומגעק־אָכן אין די גאַסן ווי אַ שאָטן. דער גאַנצער האָגאָר שער שטאָלץ און פרייע מינע זענען אים פון פּנים אַראָפּ, דער קאָפּ איז אים אַלץ מער אַראָפּגעזונקען, יעדן איינעם האָט ער דעם וועג אָפּגעטרעטן; און איינמאָל אין אַ שבת נאָכ־מיטאָג צו מנחה, ווען קישטיין האָט אין דער חברה ווו ער דאַוונט, זיך דאָס האַרץ אַראָפּגערעדט פאַר אַ באַקאַנטן. האָט אים יענער דערציילט, אַז אין זיין פאַך, שניידערס, אויב אַ געזעלן האָט אַן עוולה פון באַלעבאָס, גייט ער זיך באַקלאָגן אין פאַריין.

מילא, וואָס אַרט עס אים, אַז ער וועט פּרווון, איז קישטיין צו מאָרגנס אַהין אַרויפגעגאַנגען.

אַרויפגעגאַנגען אין סאָציאַליסטישן פאַריין, איז קישטיין מיט אַ פּאָרויס באַשטימטן נישט צוטרוי־ען. פון סאָציאַליסטן האַלט ער נישט קישטיין. ער ווייסט, אַז סאָציאַליסטן איז דאָס זעלבע, וואָס אַמאָל מיט יאָרן צוריק, „אחדות־לייט". יענע, וואָס האָבן אַ הונט אָ געטון תפילין. דערפאַר אָבער ווייסט קישטיין, אַז לאָבוסעס זענען זיי דידאָזיקע לייט און אַז אַזאַ קישטיין — אַ סטאָליער מיט אַ קמץ־בערדל — וועט זיי דערציילן, וואָס גאָלדפעלד האָט אים געטון, וועט מען גאָלדפעלדן אָפּוואַרטן אין אָוונט און אים צופּשטעקן אַ רעכטע „עליה", און צו דעם טאָקע איז קישטיין אַרויפגעגאַנגען אין פאַריין.

קישטיין האָט נישט קיין סך געקלערט, אין וועלכן פאַריין ער דאַרף גיין. ער האָט געווּסט, אַז אויף דער שמאָלער גאַס געפינט זיך אַ סאָציאַליסטישע חברה. זיין טאָכטער נעמט פון דאָרט ביכער צו לייענען און איינמאָל, ווען קישטיין, אַלס פאָטער, האָט דער טאָכטער צעריסן אַ בוך, ווייל זי איז שפּעט אין אָוונט גע־

זעסן איבערן בוך און אויסגעבערענט נאַפט אויף גאָרנישט, האָט אים דאָס חייב געסטראַשעט, אַז די סאָציאַליסטן, בײַ וועמען דאָס בוך איז גענומען, וועלן אים די בײנער צעברעכן, האָט ער זיך דערשראָקן און באַצאָלט פאַרן צעריסענעם בוך.

אין אָט דעם פּאַריזן איז איצט קישטיין אַרויפגעגאַנגען, זיך באַקלאָגן אויף גאָלדפעלדן.

אין ערשטן חדר געפינט זיך די ביבליאָטעק. קישטיין איז פאַרוווּנדערט געוואָרן דערבליקנדיק אַזוי פיל פּאָליצעס מיט ביכער „די לייט דאָ מוזן זײַן נישט קיין נאַראָנים" — האָט ער אין זיך באַשטימט, באַטראַכטנדיק די פּאָליצעס, ענג באַשטעלט מיט דיקע און דיקע ביכער, אין צווייטן חדר, האָט זיך קישטיין נאָכמער איבערגעצייגט, אַז „די לייט זענען נישט סתם לאָבוזעס". ער האָט באַטראַכט די פּאָרטרעטן אויף די ווענט: גרויסע פּאָרטרעטן אין ראַמען, אַרומגעפּוצט מיט רויטע שלייפן (געבליבן פון ערשטן מאַי...) קישטיין האָט אָנגעקוקט די פּנימער אויף די פּאָרטרעטן, עלטערע מענטשן מיט ווײַסע בערד, אַנדערע אָן בערד און נאָך אַנדערע אפילו אָן וואָנסעס... און אַלע שיין אָנגעטאָנענע, פּנימער ווי דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן. „זאָלן די אויכעט זײַן ציציליסטן ?" — האָט ער זיך געפרעגט. — ער, קישטיין, קען זיך גאָרנישט פאָרשטעלן, עלטערע מענטשן זאָלן אויך געהערן צו די „חדות-לייט"... אָבער די „לייט" זענען אין קישטיינס אויגן געשטיגן אין ווערט און ס׳האָט אים הנאה געטאָן, וואָס ער איז דאָ אַרויפגעקומען.

איינער, מיט אַ פּנים געגאָלט ווי אַן אַקטיאָר, האָט זיך דערהויבן פון צווייטן עק חדר, ווי ער איז געזעסן איבער אַ בוך, צוגעקומען צו קישטיינען און אים געפרעגט, וואָס ער פאַרלאַנגט דאָ.

מער איז קיינער נישט געווען אין דעם חדר וואָס מיט די פּאָרטרעטן אויף די ווענט. קישטיין האָט זיך דערוועגט אָנהייבן רעדן וואָס אַמאָל ברייטער און אויסדערציילט אַלץ, וואָס איז צווישן אים און גאָלדפעלדן.

דער, מיטן פּנים ווי אַן אַקטיאָר, פאַר וועמען קישטיין האָט

אראָפּדערציילט זײַנע פּרעטענזיעס צו גאָלדפּעלדן, איז דער חבר ענזל, — אַ וועטעראַן פון 1905 יאָר, פון די דעמאָקראַטיש אי־דעאַליסטישע פּאַרטיי־חברים, ער איז לאַנג געווען פאַרשיקט אין סיביר, ערשט דאָס פאָריקע יאָר איז ער צוריקגעקומען אַהיים אין זײַן שטאָט. ער, דער חבר ענזל, האָט נאָך סענטימענטן פאַרן סאָציאַליזם און באַזונדערס פאַר דער פּאַרטיי און ער איז נאָך אַלץ להוט אַרויסצוברענגען אַ פּאַרוואָגלטע נשמה אונטער די פליגל פון סאָציאַליזם.

האָט ער אַוועקגעלייגט פאַר קישטיינען אַ פּאָרציע מוסר און געוווּר, אַז קישטיין געהער אפילו נישט צום פּראָ־פעס־אָנעלן פאַריין, האָט ער אים געלייענט אַ לעקציע וועגן דער מאַכט פון דער בורזשואַזיע און דער קעגנמאַכט פון פאַראייניקטן פּראָלעטאַריאַט.

ער האָט גערעדט, דער חבר ענזל, לאַנג גערעדט. די בלאַ־סע אײַנגעפאַלענע באַקן האָבן זיך אים געהויבן; די מאַטע אויגן האָבן זיך אים צעגלאַנצט. ער, וואָס גילט איצט בײַ די יינגע הייסטיקע חברים שוין אַלס בטלן און ס׳קומט אים זעלטן אויס מיט עמעצן זיך צו צערעדן און נאָך ווייניקער עמעצן צו אַגיטירן, אַגיטירן ווי אַ מאָל אין יענע ליכטיקע יאָרן אויף דער בירזשע... אים האָט איצט דאָס אויפקלערן קישטיינען, וועל־כער איז געזעסן מיט אַן אָפן מויל און אויסגעשטעלטע אויגן — ייִנג געמאַכט. זײַן קול האָט געקלינגען פאַרשידן: אָט זיך גע־בייזערט, אָט געמוסרט און אָט צוגעזאָגט...

קישטיין האָט געפילט, אַז עפּעס האָט מען צו אים טענות, עפּעס פאָדערט מען פון אים; עפּעס האָט ער נישט געטון אַזוינס וואָס ער האָט געדאַרפט יאָ טון, געמוזט טון. ער האָט אויפגע־כאַפּט די אים אומבאַקאַנטע ווערטער ווי זיי זענען יענעם פון מויל געפלויגן. און הערנדיק דעם פאַריבל־טאָן פון דעם אַן וויאַנ־סעדיקן מיטן צעקנייטשטן אויסטעריִשן פנים, האָט קישטיין מיט־אַמאָל מורא געקריגן, צי פאַר דעם, וואָס ער איז דאָ אַרויפ־געקומען, אַז מען זאָל גאָלדפּעלדן באַשטראָפן, זאָל זיך נישט אַמאָל אויסלאָזן, אַז מ׳וועט אים, קישטיינען אַליין, מקיים פּסק

זיין. און וואָס לענגער קישטיין האָט געקוקט אויף יענעמס צע-קנייטשטן פּנים און געהאָרכט זיין בייזערן זיך, אַלץ מער האָט ער זיך געשראָקן, אַז אָט וועט ער געבן אַ פּייף — וועלן פון ער-געץ קומען אַנצולויפן דיינע לייט און זיך אַ נעם טון צו אים, געצל קישטיינען, פאַר עפּעס ע בירות, וואָס ער זאָל האָבן עובר געווען, און ער ווייסט אַליין נישט וואָסערע...

נאָר דערנאָך, אַז חבר ענזל האָט זיך באַרויקט, גענומען אויספרעגן קישטיינען פּרטים פון זיין סיכסוך מיט גאָלדפעלדן און גאָרנישט — האָט זיך קישטיין אויך באַרויקט און אַזוי זיטיק אַ פרעג געטון, צי ס'וואָלט נישט גלייך געווען, מ'זאָל פון אָנען שיקן אַ פּאָר מענטן, וואָס זאָלן „ד־ך־ארץ לערנען" גאָלד-פעלדן און שפּילמאַנען אויך נישט פאַרשוינען, ווייל ער אַרבעט בײַ אים, קישטיינען.

האָט דער חבר ענזל ווידער גענומען רעדן, אַז דער סאָ-ציאַליזם באַשטייט נישט פון אַ חברה שלעגער. „מיר קעמפן מיט קולטורעלע מיטלען: דער אָרגאַניזירטער אַרבעטער קלאַס קעגן קאַפּיטאַליזם. מיר וועלן אָרגאַניזירן גאָלדפעלדס „מענטשן", איינ-פירן אַ נאָרמאַלן אַרבעטס-טאָג און באַדינגונגען, ווי אומעטום, און מיט אָט די מיטלען וועלן מיר קעמפן מיט גאָלדפעלדן".

אַהיימגעקומען איז קישטיין מיט אַ פולן בויך שמחה:

— אין פאַריין איז באַשלאָסן געוואָרן „קעמפן מיט גאָלד-פעלדן".

דאָס נייעס, אַז דער „פאַריין" וועט קעמפן מיט גאָלד-פעלדן, האָט זעלדען אויך פינסטער געמאַכט. זעלדע ווייסט, אַז די דאָזיקע „חברה" האָט אַ גרויסן כוח, זי געדענקט נאָך פון יענע יאָרן: ווען זי איז נאָך געווען אינדערהיים באַם טאַטן אַלס כּלה, איז אין שטעטל געווען אַן „אָרגאַניזאַציע", האָבן די שטעטל-דיקע נגידים און אפילו די דאָזיקע פאַר איר מורא געהאַט. איצט, איז זעלדע זיכער געווען, האָט געצל זיך געווענדט אויף דעם ריכטיקן אָרט. נאָר פונדעסטוועגן, מ'זאָל שלאָגן איר ברו-דער און נאָך דורך איר מאַן, קען זי אויך נישט דערלאָזן, האָט זי גענומען איבעררעדן געצלען.

— װעסט זײַן געצל, מיט שלאָג: װעסטו גאָרנישט אויפ־
טון. בעסער זאָל ער אונדז באַצאָלן שטראָף װאָס ער האָט דיך
אַרויסגעװאָרפן און מוזן צוריקנעמען אין געשעפט אַרײַן. פאָלג
מיך, געצל.

נאָר אַז קישטײַן איז דאָס צװײטע מאָל אַרויפגעקומען גע־
װיר װערן אין פאַרײַן, איז יענער דער אָנהאָנסעדיקער ג׳שטאָ
געװען. אַן אַנדערער מיט דיגע װאָנסעלעך, איז געזעסן איבער אַ
בוך און עפּעס געשריבן.

קישטײַנען האָט ער אויפגענומען קאַלט, װי אַ באַאַמטער
נעמט אויף די, װאָס קומען װעגן עפּעס אין ביוראָ. און אַז קי־
שטײַן האָט אָנגעהויבן פאַר אים אויספּאַקן די מעשה־גאָלדפעלד,
האָט יענער אים אומגעדולדיק איבערגעשלאָגן און געשעפטסמע־
סיק אים אַ זאָג געטון:

— אַנטשולדיקט, דאָ איז דער נאָדל־פאַרײַן, איר װעט זיך
װענדן צו די האַנדלס־אָנגעשטעלטע.

און אַ װײַז געטון מיט די אויגן צו דער טיר, קישטײַן זאָל
זיך אָפּטראָגן.

## 3. קאַפּיטל

לסוף איז בענדעטן אַזוי נמאס געוואָרן דאָס נעמען געלט
פון גאָלדפעלדן — די צינזן פון זיי און זיין שוועסטערס ירושה־
קאַפּיטאַל, וואָס איז לסוף אַריינגעפאַלן אין גאָלדפעלדס הענט, אַלס
„הלוואה" — בענדעטן איז לסוף אַזוי נמאס געוואָרן דאָס בעטלען
געלט בײַ גאָלדפעלדן, אַז אויב ער האָט נאָר דורך דער וואָך עפּעס
פאַרדינט אין גאַס פון מעקלען, האָט ער שוין נישט גענומען פון
גאָלדפעלדן גאָרנישט, ווי עס וואָלט אים נישט געקומען.

און אַ פּנים, אַז גאָלדפעלד האָט באַמערקט, אַז אויב בענ־
דעט האָט נאָר אַן עצה זיך צו באַגיין אָן זיין געלט, מאָנט ער
אים נישט. גאָלדפעלד, מוז זיין, האָט דאָס באַמערקט און ווייל־
געפעל איז עס אים אויך. וואָרים ווי נאָר ער האָט בײַ אַ קניה
געמיזט האָבן אַ מעקלער, האָט ער דאָס איבערגעגעבן אויסצופירן
בענדעטן און אַז ס'איז בענדעטן געקומען פאַרדינסט, האָט גאָלד־
פעלד נישט ווי זיין געוויינטלעכער שטייגער, געמאַכט שוועריקייטן
מיטן באַצאָלן אים דאָס פאַרדינסט — נאָר מיט אַ לייכטער האַנט
באַצאָלט, וויפיל בענדעטן איז געקומען.

ס'האָט זיך לייכט געלאָזט משער זיין, אז גאָלדפעלד איז גרייט פאַר בענדעטן אַלץ צו טון, געבן צו פאַרדינען, אפילו לעבן מיט אים אין פריינטשאַפט, נאַר — נאַר פון יענעם געלט, וואָס ליגט אין זיינע הענט, זאָל מער נישט דערמאַנט ווערן, גלייך ווי אין אַ ב לעבאַטישער משפחה דאַרף נישט דערמאַנט ווערן דער טאָכטערס אַ ממזר. אָט, שווייגנדיק, אַ שפּרייז אַריבער טון, ווי ס'וואָלט גאָר קיינמאָל נישט עקזיסטירט די סומע. וואָס בענדעטס פאָטער האָט געזאַמלט דאָס גאַנצע לעבן לאַנג, דאָס אַריינגעטון אין אַ הייזל און דאָס הייזל איבערגעלאָזט דעם זון און טאָכטער ירושה און זיי, מחמת אָרעמקייט, האָבן געמוזט דאָס הייזל פאַרקויפן און דאָס געלט האָט אַזוי קונציק גאָלדפעלד אַריינגעקריגן אין זיינע לאַפּעס — ווי דאָס אַלץ וואָלט געווען בלויז אַ בלבול פון גאָלדפעלדס שונאים: מ'דאַרף דאָס נישט דערמאַנען — און שוין.

דאַמאָלס אין רעכטן מיטן זומער, איז מינע פינקל שוין געווען אויפן נייעם פּאָסטן אַלס קאַסירקע אין אַן אַפּטייק-סקלאַד. דעם פּאָסטן האָט זי באַקומען אַ דאַנק דער פּראָטעקציע פון איר געוועזענעם שעף דעם געשמדטן אינגאַנצן אַן קויציע.

דער אייגנטימער פון אַפּטייק-סקלאַד איז איינער אַן עלטערער בחור, אַ פּראַנט. בענדעט קען דעמדאָזיקן פון זען, בשעת פאַרבייגיין פאַר דעם אַפּטייק-סקלאַד, וועלכער געפינט זיך אויף דער הויפּט-גאַס, האָט בענדעט אָפט געזען יענעם שטיין אין די אָפענע טירן פון זיין געשעפט. אַ פולער מיט אַ גוט געפלעגט פּנימל, די הענט אין די טאַשן פון די גוט געפּרעסטע הויזן מיט אַלאַג, ווי ערשט פון היגטער דעם שניידערס פּרעס אַפּער.

אָט דאָס פוכקע גלאַט געראַזירטע פאַרשוינדל, וואָס אַזוי פול און געפאַקט ווי ער האָט אויסגעזען אויסגעווייקט — אַזוי פוסט האָט געשיינט צו זיין דער גייסטיקער מהות זיינער — האָט געמאַכט דעם איינדרוק פון אַ גלאַטיק אָפּגעשמעקט מענטשל, — און מער גאָרנישט.

„פעליקס ראָזענשטיין" — האָט דער נאָמען אָראָפּגעשיינט פון דער שילד איבער די טירן. און דער אייגנטימער פון דעם נאָמען איז זיך מיט אַ גלאַט געקעמטן שרינט, ווו יעדעס אייגציי-

קע הערעלע, איז זיך פייכט און גלאַט אויף זיין אָרט געלעגן — איז זיך געשטאַנען אַן אַ־געזאַפטער פון די אַפּטייק־ריחות און פּערפומען מיט די הענט אין די טאַשן, אָדער באַטראַכטנדיק זיך די ראָזע מאַניקירטע נעגל.

באַ אָט דעם מענטשל האָט איצט מינע פינקל געאַרבעט אין געשעפט אַלס קאַסירקע.

מינע פינקל, וואָס האָט די ערשטע צוויי וואָכן נישט אויסגעזען איבעריק אַנטציקט מיטן פּאָסטן באַם פּאַן פעליקס ראָזענשטיין, האָט זיך ווייטער אַריין מער צוגעוויינט. פּאַרדינט האָט זי נישט שלעכט. זי האָט זיך געמאַכט עפּעס אָנצוטון, געגאַנגען יעדן אַנדערפרי אַ זייגער ניין אין געשעפט. מיטאָג, ווייל ס׳איז צו ווייט, האָט זי געגעסן אין אַ ביליקן רעסטאָראַן און דאָס לעבן באַ דער מוטער און טאָכטער פינקל איז זיך אַוועק נאָרמאַל. די איינציקע זאָרג דער מוטערס איז איצט געווען, זי זאָל קענען, ווי צום גיכסטן, זיך איבערציען פון דעם וויסטן עק־שטאָט־קוואַרטאַל אין שטאָט אַריין.

נאָר אָט די זאָרג דער פרוי פינקלס, פטור צו ווערן דעם אָרימען קוואַרטאַל, איז שוין געווען בלויז סתם אַ זאָרג, וואָס קומט פּון נישט האָבן קיין זאָרג, ווייל אַזוי איז שוין: אַן אַלמנה מוז שטענדיק טראָגן אויף זיך אַ זאָרג.

און ווידער איר ווונטש צו וווינען אין שטאָט אין אַ לייטישער דירה, האָט דרייסט געקענט צוגערעכנט ווערן צו די סקאַרגאָווע ווונטשן, וואָס אַ יידענע ווונטשט זיך, „ווי צום גיכסטן זאָל משיח קומען". וואָרים קריגן איצט אַ דירה אין שטאָט, וואָלט פּאַר דער אַלמנה פינקל, וואָס לעבט פון דער טאָכטערס פּאַרדינסט אין אַפּטייק־סקלאַד פּונקט געווען אַזוינס, ווי אַז אַליהו הנביא זאָל פּלוצלינג אַן אָרימאַן אויפריכטן מיטן אַן אוצר.

— דיין שכנטע, דאָס נישקשהדיקע מיידל, איז איצט אויף דער ריכטיקער שטעל — זאָגט אַמאָל גאָלדפעלד צו בענדעטן מיט אַן אירוניש שמייכעלע וועגן מינע פינקלס פּאָסטן אין אַפּטייק־סקלאַד.

ער, גאָלדפעלד, סטאַרעט זיך איצט גוט צו לעבן מיט בענ־
דעטן. פון יענער סומע ווערט נישט דערמאָנט; בענדעט פאַרדינט
צו ביסלעך מיט מעקלעריי; גאָלדפעלד איז איצט איינער אַליין,
די פרוי אויף זומער־ווױנונג, מיט דער שוועסטער און מיט קי־
שטיינען איז ער צעריסן — מיט בענדעטן לעבט ער איצט, לויט
זיין השגה, גוט — אין אַז בענדעט דערווידערט אים גאָרנישט
אויף זיין באַמערקונג, ווייל ער האָט אים דערויף גאָרנישט צו
זאָגן, גיט גאָלדפעלד צו:

— אויב זי וועט זיך דאָרט „טויגן", וועלן זיי ביידע צו־
פרידן זיין.

„ביידע" מיינט ער מן הסתם דעם באַלעבאָס פון אַפטייק־
סקלאַד און זי, זיין קאַסירקע. און דאָס „טויגן" דאַרף מען פאַר־
שטיין, אויב זי וועט קענען דעם פאַן ראָזענשטיין צו זיך צובינדן,
אריינקריגן אין אירע הענט... איינמאָל האָט ער פאַרגעלייגט בענ־
דעטן:

— וועסט אפשר דאָ נעכטיקן שבת צונאַכט? איך וויל אַרויס־
פאָרן צו מיין פרוי אין דאָרף.

שלאָפט ער דאָרט בענדעט שבת־צונאַכט. ער און שפּילמאַן.
זיי שלאָפן בעט בײַ בעט. בענדעט הערט געדולדיק אויס שפּיל־
מאַנס נאַרישקייטן, אַז זיין טאַטע זאָגט, אַז פאַר אַזאַ בחור ווי
ער — אַ נישט פאַרשאַרטער — איז היינטיקע צייט שווער צו קריגן
אַ כלה... אַ גאַנצע נאַכט קריכט שפּילמאַן פון איין חדר אין
צווייטן. האָרכט הינטער דער פאַרשלאָסענער טיר צום געוועלב,
קוקט אין פענסטער אויפן הויף אַרויס, ווו ס'ליגן קאַסטנס און
טונען סחורה, ציטערט, מ'זאָל חלילה דעם באַלעבאָס זיינעם נישט
באַגנבענען: און צומאָרגנס, אַז גאָלדפעלד קומט אַהיים, פרווט ער
די שענק און שיפלאָדן, צי די, וואָס נעכטיקן דאָ בשעת זיין נישט
הי זיין, באַגנבענען אים נישט. און אַז בענדעט זעט דאָס, טוט
אים באַנג, פאַרוואָס ער האָט גאָלדפעלדן צוליב געטון און אַ גע־
שלאָפן און ער נעמט זיך פאַר אַ צווייט מאָל דאָס מער נישט צו
טון.

אויפן וועג אַהיים אָדער פון דערהיים באַגעגנט ער אָפט-מאָל זיין שכנטע מינצי פינקל, גייען אָדער צוריקגיין פון געשעפט. ער גריסט איר און זי ענטפערט. זיי זענען אמת קיינ-מאָל נישט נאָנט געווען צווישן זיך. פאַרט איז ביז איצט אַנדערש געווען. די נאַטירלעכע פּראָסטקייט פעלט איצט אין מינטס צו-ריקגריסן, און איר ענטפער פילט זיך איצט פריילינדיקס צו עפעס איינעם, אַ נישט אירס גלייכן, אַן אָרימערן. בענדעטס עמפינדלעך געפיל דערשפירט דאָס שטאַרק. עס אַרט אים, וואָס אַט דאָס מיידל, וואָס אין איר נויט האָט זי זיך געווען פאַר עפעס מער ווי אַ געוויינלעך מיידל מיט באַלעבאַטישע השגות, ווייזט זיך איצט אַרויס פאַר גאָר נישט מער ווי אַלע אַנדערע טויזנטער, צענטויזנטער מיידלעך. עס אַרט אים די ענדערונג אין מינטס כאַראַקטער און ער באַמיט זיך טראַכטן פון עפעס אַנדערש: פון זיינע קנאַפע פאַרדינסטן, פון אייגענע זאָרגן. און טאַקע:

וואָס קען אים אינטערעסירן אָט דאָס מיידל, וואָס אַרבעט אין אַפטייק-סקלאַד, פאַרדינט און איז צופרידן? וואָס קען דאָס אינטערעסירן אים, דעם זעקס און דרייסיק יעריקן מעקלער, וואָס האָט שוין גרויע האָר אויפן קאָפּ, האָט ערגעץ אַ קינד פון פאַרשטאָרבענעם ווייב; אַ שוועסטער אַ קאַליקע, וואָס ער, איר ברודער, האָט אַזוי נאַריש אָנגעווירן איר ירושה-פאַרמעגנס אין גאָלדפעלדס אייזערנע קאַפּעס און איצט איז ער, בענדעט און חנה זיין שוועסטער, ביידע נישט זיכער מיט תיונה פאַרן מאָרגנ-דיקן טאָג.

## קאַפּיטל 4

סיפּער אין זומער איז מאַדאַם גאָלדפעלד אַלץ זעלטענער געקומען אין שטאָט צום מאַן. אין דאָרף איז איצט אין דער וואַקאַציע-צייט היימלעך געווען. דער סאָסנע-וואַלד איז פול געווען מיט שווערליי ביקע ווייבער אויסגעפּוצטע און האַלב-נאַקעטע, מאַנסבילן זענען אויך געווען, הגם ווייניקער, ווי ווייבער און מיידלעך.

אויף דער באַן-סטאַציע בשעתן אָנקומען פון אַ צוג, איז געווען אַזאַ רויש און געפילדער פון די אָפּוואַרטנדיקע און סתם אַהערגעקומענע מחנות פאָרלעך און איינצעלנע באַגעגענישן — אַז עס האָט פאַרטויבט דעם סיגנאַל-פייף פון אָפּגייענדיקן היידזשענדיקן לאָקאָמאָטיוו.

מאַדאַם גאָלדפעלד האָט דאָ לעצטנס געשלאָסן באַקאַנטשאַפט מיט אַ זומער-וואוינונג-שכן, איינעם אַ יונגענמאַנטשיק — שוין לאַנג נישט פון דער ערשטער יוגנט — אַ טאַטנס אַ זונדל און אַ „סוחר פון באַרוף" — איגנאַצי לעווינסקי.

די באַקאַנטשאַפט איז געשלאָסן געוואָרן דורך אַ זייער ראַ-

מאַנטישן צופאַל. מאַדאַם גאָלדפעלד, אין אַ דאָ־פיש פאַרשידנ־קאָלירין געבלימלט קאָפּ־טיכל, כלומרשט ווי אַ יאַדערדיסטע שיקסע, פאַר וועלכער שקצים קריגן די פגירה — האָט אײנמאָל אין אַ זוניקן נאָכמיטאָג זיך אַ ביסל צו ווײט פאַרשפּאַצירט אין וואַלד, זי האָט זיך פאַרפּלאָנטערט אין די שטעגלעך און אַלעען און נישט געקענט געפינען איר וועג אַהיים. זי האָט לאַנג גע־בלאָנדזשעט, ביז זי האָט באַגעגנט דעם פּאַן איגנאַצי לענסקי, וועלכער וווינט מיט איר אין שטאָט, נאָר זי האָט זיך מיט אים ביז איצט נישט געקענט. — פּאַן לענסקי האָט די פּאַני גאָלד־פעלד אַרויסגעפירט אויף דעם ריכטיקן וועג זי אָפּגעפירט אַהיים, און פון דאַמאָלס אָן, פון אָט דער באַגעגעניש האָבן זיי זיך באַקענט און אין משך פון איין וואָך איז זייער צופעליקע באַקאַנטשאַפט געשטיגן, ביז זי איז איבערגעגאַנגען אין אינטים־קייט...

מאַדאַם גאָלדפעלד איז אַנטציקט, מאַדאַם גאָלדפעלד איז באַרוישט. אָט — דערדאָזיקער נידעריק וואוקסיקער עלעגאַנט לענס־קי, האָט דער מאַדאַם גאָלדפעלד געגעבן צו פאַרזוכן די ראָמאַנ־טישע „ליבע" פון אַ יונגנמאַן פון דער געזעלשאַפט. דאָס איז נישט יאַנאַס קנאַסטער דער פערדס־הענדלער אין די געלע שטיוול און הויזן מיט בופן און אויך נישט דער פלווידעריזאַק לאַקשינסקי. דאָס איז אַ ריטער, אַן אמתר ריטער פון פרויען־ליבע, וואָס צווישן יידן איז אַזעלכע ווייניק צו געפינען. נישט אומזיסט האָט ער לאַנג פאַרבראַכט אין אויסלאַנד.

אַז מאַדאַם גאָלדפעלד קומט אויפן באַשטימטן ראַנדעוווּ, ווייסלעך אויפן שטעגל לעבן קרומען בוים אין וואַלד — באַווייזט ער זיך באַלד פון הינטער אַ בוים, אָדער אַ קוסאַק אין ווייסן ספּאָרט־אַנצוג, אָן הוט, מיטן שוואַרץ צוגעקרויזט קאָפּ האָר, ווי אַ העלד פון די ראָמאַנען, וואָס מאַדאַם גאָלדפעלד האָט ליב צו לייענען.

ער קוקט אויף איר מיט אַזאַ צערטלעכן בליק און בשעת זיין האַנט רוט אין איר פולן פוכיקן אָרעם, רעדט ער צו איר

ליבע-שפּרוכן אַזעלכע מיט זיין זינגענדיק שטימעלע, ווי פֿון אַן איבערגעפּאַקט צו פּעט קאַנאַריקל.

אָבער מיט דעם אייגנטלעך נעמט ער נאָך בײַ מאַדאַם גאָלדפעלד נישט אַזוי פיל אויס. איר געפעלט מער אין די טיפּע וואַלד-טיפּענישן, אין די פאַרנאַכט-שעהן, ווען ער ווערט, ווי מאַדאַם גאָלדפעלד רופט דאָס אין זיך, „גרויזאַם און בעסטיאַ-ליש“, דאַמאָלס ווען ער, איגנאַצי לענסקי, גייט אָן צערעמאָניעס צו צום סאַמע תוך. אַך, דאַמאָלס, דאַמאָלס געפינט ער איינגאַנצן איר האַרץ, איר וועזן. —

אַט אין דער צייט פון דעררואַזיקער ראָמאַנטישער ליבע איז מאַדאַם גאָלדפעלד געוואויר געוואָרן, אַז אינדערהיים אין איר שוועסטער אידושאַ עפּעס נישט געזונט, אָבער דאָס האָט בײַ איר פאַרנומענקייט דאָ נישט געמאַכט אויף איר איצט קיין רושם. אידושאַ האָט געזאָלט אַהערקומען פאַרברענגען בײַ דער שוועסטער. די ערשטע צייט, ווען אין דאָרף איז געווען נישט איבעריק מענטשן און מאַדאַם גאָלדפעלד האָט דאָ קיינעם נישט געהאַט, האָט זי אידושען אַליין פאַרבעטן אַהערצוקומען, איצט אָבער האָט זי דאָס שוין נישט אַזוי שטאַרק געוואָלט — צוליב לענסקין.

אידושאַ, ווייסט מאַדאַם גאָלדפעלד, איז אַ שיין מיידל און לענסקי איז אַ מבין אויף שיינע מיידלעך און קיין שוואַרצע ברילן אויף די אויגן טראָגט ער אויך נישט.

---

אידושאַ איז קראַנק.

פון וואָס זי איז קראַנק געוואָרן? אפשר פון אַ שליק אומ-געקאָכט וואַסער און אפשר פון אַ פאַרנאַכטיק קיל ווינטל. אין דעררואַזיקער משפחה איז פון אַ ליאַדע נאַרישקייט געוואָרן אַן ערנסטע קרענק, דאָס נישט ווידערשטאַנדס-פעיקע בלוט זייערס האָט קיין שום פאַרקילונג אָדער מאָגן-פאַרדאַרבונג נישט בייגע-

קומען. דער דאָקטאָר האָט אַליין נישט געוווּסט, אויף וואָס אידזשאַ איז קראַנק. אַמאָל האָט זיך אים געדאַכט, אַז ס'איז גאָרנישט, האָט ער באַרוּיִקט די עלטערן. אַ צווייט מאָל, האָט ער די פלייצעס געצויגן; איין טאָג האָט ער פאַרשריבן אַ רעצעפּט, דעם צווייטן טאָג האָט ער געהייסן דעם רעצעפּט אָוועקשטעלן און אַ צווייטן פאַרשריבן. אַזוי האָט זיך אים שטענדיק אויסגעדוכט, אַז ער האָט דאָס פאַריִקע מאָל אַ טעות געהאַט מיטן פאַרשרייבן דעם רעצעפּט. ער איז כּסדר נישט געווען זיכער מיט דעם דורך אים בעשטעלטן דיאַגנאָז.

אידזשאַ איז געלעגן אין היץ און אַז די היץ איז פון איר אויף אַ ווײַלע אָפּגעטרעטן, איז זי געווען שוואַך, זייער שוואַך.

פּאָטער און מוטער האָבן געמוזט זיצן אין געוועלב. דער קראַנקער זון האָט אַליין געדאַרפט אַן אָפּוואַרטער, דאָרע איז נישט הי, די אַנדערע שוועסטער האָט אַ קליין קינד; איז באַשלאָסן געוואָרן, אַז בראָניע זאָל קומען פון דער זומער־וווינונג און אַרומגיין די קראַנקע.

אַזוי ווי ס'איז שוין געווען סוף וואָך און אויף שבת פאָרט גאָלדפעלד אריבער, האָט ער געפּועלט בא דער שוויגער, נאָכנישט שרייבן אָדער שיקן נאָך בראָניען: זי וועט זיך איבערשרעקן. ער וועט איבערמאָרגן, פרײַטיק, אַהינפאָרן אין דאָרף, וועט ער איר פּאָרזיכטיק דערציילן און זי אַהערברענגען.

אַזוי האָט ער געטון גאָלדפעלד. אַ גאַנצן שבת האָט ער דער פרוי נאָך גאָרנישט דערציילט. ערשט זונטיק מיטאָג פאַרן פאָרן האָט ער פאָרזיכטיק דערציילט; אידזשעס קרענק האָט ער פאַרגעשטעלט אַלס „עפּעס נישט געזונט". נאָר אַזוי ווי ס'איז נישטאָ אינדערהיים, ווער עס זאָל זי אַרומגיין, וואָלט גלייך געווען, וואָלט נייטיק געווען... מאַדאַם גאָלדפעלד האָט זיך אָנגעשטויסן, אַז זיין פאַרשלאַג איז אינספּירירט פון איר מוטער. יאָ געגערן — נישט גערן, זי איז מיטגעפאָרן.

אָפּגעשטעלט די פרוי אַהיים, זי זאָל זיך אָפּרוען פון דער רייזע און עפּעס עסן, האָט גאָלדפעלד באַפוילן שפּילמאַנען פייער

מאַכן אין קיך און אַליין איז ער אַרויפגעלאָפן צום שווער זען, וואָס די קראַנקע מאַכט.

אידושאַ איז געלעגן אין אַ העליש פייער. דער דאָקטאָר האָט איר געהאַלטן דעם פולס. ער איז געשטאַנען פאַרטראַכט; אַ פּנים זיך דעם קאָפּ געבראָכן, וואָס צו פאַרשרייבן. לסוף עפּעס פאַרשריבן, באַלד צעריסן דאָס פּאַפּירל, עפּעס אַנדערש פאַרשריבן, זיך דערהויבן און אַרויסגעגאַנגען.

גאָלדפעלד איז אים נאָכגעגאַנגען, אין הויז האָט ער אים אָפּגעשטעלט.

— וואָס זאָגסטו, דאָקטאָר? — האָט גאָלדפעלד זיך געווענדט צו זיין אַמאָליקן חבר אין שטעטל און היינטיקן דאָקטאָר.

— די אייגנטלעכע קרענק — זאָגט דער דאָקטאָר אָנקוקנדיק גאָלדפעלדן — די אייגנטלעכע קרענק איז אפשר גאָרנישט אַזוי שר קלעך. ס'קענען זיך אָבער מאַכן פאַרשידענע קאָמפּליקאַציעס און — האָט ער שטילער צוגעגעבן — זי האָט אַ שוואַך האַרץ, זייער אַ שוואַך האַרץ.

אַז גאָלדפעלד איז צוריק אַריינגעקומען אין שטוב פון רעדן מיטן דאָקטאָר, האָט ער אויסגעזען אַ ביסל צערודערט.

— נו, וואָס האָט ער געזאָגט? — פרעגט די שוויגער.

אין דער זעלבער רגע איז אַריינגעקומען מאַדאַם גאָלדפעלד.

— וואָס זאָל ער דען זאָגן? — פרעגט גאָלדפעלד צוריק כמעט מיט פאַריבל און ווען ער גיט אַ קוק אויף דער אַריינקומענדיקער פרוי זיינער, רעדט ער הויך, ווי אום זי צו באַרויקן — ער זאָגט, ס'וועט פאַריבער גיין. — ער באַזינט זיך אַ רגע און גיט גלייך צו:

— אוודאי דערווייל איז זי קראַנק...

די קאָמפּליקאַציעס, וואָס דער דאָקטאָר האָט פאָרגעזאָגט, האָבן אין די ווייטערדיקע טעג צוגעשלאָגן. די גאָלדפעלדן האָט פאַרברענגט באַ דער קראַנקערס בעט. אַ חוץ צו די מאָלצייטן, וואָס זי האָט אָפּגעהיט אַהיימצוגיין עסן און אַ חוץ וואָס זי איז אַמאָל

אַ לויף אַראָפּ געטאָן אין שטאָט־גאָרטן „אָפּעטעמען", איז זי געזעסן אַ גאַנצן טאָג בײַ דער קראַנקער: לויט איר עצה האָט מען געשריבן נאָך דאָרען, זי זאָל אַהײם קומען, וואָרים בראָניע האָט שוין קײן כּוחות נישט אַלײן אַרומצוגײן די קראַנקע.

גאָלדפעלד, געטרײַ, ווי אַ געדונגענער קראַנקנוועכטער, איז יעדן אָוונט אַרויפגעקומען וואַרטעווען, אַ חוץ די אָוונטן, ווען דער שוואָגער האָט אים פֿאַרטרעטן, איז ער אויך פֿונדעסטוועגן געזעסן דאָ אַ שטיק נאַכט.

און אַז די קרענק, האָט זיך פֿאַרצויגן און קײן בעסערונג האָט זיך גאָרנישט געוויזן, האָט מען גאָלדפעלדן אָפּט כּלאחר־יד אַ ברום צו געטאָן, אַז ס'וואָלט גלײַך געווען זעצן אַ קאָנסיליום, ברענגען פֿון ערגעץ אַ גרויסן דאָקטאָר. גאָלדפעלד האָט אָבער ווי גאָרנישט געהערט וואָס ער רעדט, ווי גאָרנישט פֿאַרשטאַנען וואָס מ'מײנט, וואָס מ'פֿאַרלאַנגט פֿון אים. ער האָט געטרײַ, ווי אַ וועכטער געוואַכט די נעכט בײַ דער קראַנקער אידזשאַ, און אַז דאָס רחמנות האָט אים איבערגענומען, צוזעענדיק, ווי זי מאַטערט זיך נעבעך, האָט ער געקרעכצט הויך, שווער געקרעכצט.

זי האָט זיך געמאַטערט אידזשאַ, שטאַרק געמאַטערט. איר פּנימל, אָדער עס איז געווען רויט פֿון גרויסע היץ, אָדער זי איז געלעגן בלאַס מיט געשלאָסענע אויגן, ווי אַ פֿאַרמוטשעטע הינדל.

דער סוד, וואָס די משפּחה האָט געמאַכט פֿון אידזשעס קרענק, האָט זיך לסוף אַרויסגעקריגן הינטער די ווענט פֿון שטוב. נאָר, אויב אַ שכנטע האָט זיך נאָכגעפֿרעגט, וואָס אידזשאַ מאַכט, האָט זי באַגעגנט דעם בליק פֿון דער מאַמע מײטעס אויגן, און זי האָט שוין אַ צענטן פֿאַרזאָגט, זיך נישט נאָכצופֿרעגן.

די מאַמע מײטע האָט רק געגלײבט, אַז די גאַנצע וועלט דערלעבט אין איר נקמות צוליב איר טאָכטערס קרענק.

דערנאָך איז אָנגעקומען אַ טאָג. פֿון אינדערפֿרי האָט זיך די קראַנקע געפֿילט גאָר שוואַך. דאָס פּנימל איז איר געוואָרן אויסגעצויגן, שפּיציק. ביז אַזײגער עלף פֿאַר מיטאָג האָט זי נאָך גערעדט אַזוי שוואַך ווי דער פּישטש פֿון אַ יונג, באָך אָן פֿעדערן, באַקעט פֿײגעלע. דערנאָך האָט זי שוין אינגאַנצן אויפגעהערט

רעדן — געציפּט די קאָלדרע מיט די דאַר־מאָגערע פינגער און די נעגל פון די פינגער זײַנען איר געוואָרן גרוי. דער דאָקטאָר איז געקומען, אַ קוק געטון. אויף דעם אויגן־פּרעג פון די אַרומיקע, בעענטפערט מיט אַ ריר די פּלייצעס — און אַוועקגעגאַנגען.

אינאָוונט איז איר נאָך ערגער געוואָרן און אַרום האַלבער נאַכט איז זי געלעגן מיט האַלב פאַרמאַכטע אויגן און אַ ביסל אָפן מויל, מיט אַ נישט לעבעדיק פּנים און דאָס האַרץ האָט זיך איר שווער געהויבן אַרויף און אַראָפּ, באַוועגנדיק דאָס שטיקל קאָלדרע בײַם האַרץ אויף און אָפּ.

אין שטוב איז געווען שטיל. גאָלדפעלד איז געזעסן נישט ווייט פון בעט, אַ ביסל ווייטער — דער צווייטער שוואָגער, דער מאַן פון בראָניעס שוועסטער און געדרימלט. פון דער גאַס האָט אַרויפגעהויכט די נאָך האַלבע נאַכט־שטילקייט. אין אָט אין דער פאַרגליווערטער שטילקייט, האָט זיך מיטאַמאָל דערהערט אַ שוואַך שטיל כריפּנע, ווי אַז אַ קליין זעגל וואָלט געזעגט. און אַז אָט דאָס כריפּע, האָט לענגער אָנגעהאַלטן, און גאָלדפעלד איז אויפגעשטאַנען פון שטול און צוגעגאַנגען צום בעט אַ קוק טון, האָט ער דער־זען: די קראַנקע ליגט ווי בײַ איצט: די אויגן האַלב פאַרמאַכט, דאָס מויל האַלב אָפן, פון האַלדז טראָגט זיך איר דאָס שטילע כריפּן אין צווישן די האַלב געעפנטע ליפּן, ווייזט זיך אַ שוים, וואָס בלעזלט זיך... און מיטאַמאָל האָט גאָלדפעלד באַנומען, וואָס דאָס איז. ער האָט מיטאַמאָל ראַפּטום באַנומען, אַז דאָס איז גסיסה. דער טויט איז דאָ! דער מלאך המוות געפינט זיך אין שטוב! — און אָט דעם געזונטן מיטליערן געלטגייציקן גאָלדפעלד, האָט מיטאַמאָל אַ שרעק אַרומגעכאַפּט: הייסט עס, אַז אָט איז דער סוף פון אַ מענטש, מיט אָט דעם ענדיקט זיך דאָס לעבן... אים, וואָס האָט זיין גאַנצ מהות און אַלץ אַריינגעג ייגט אין געלט, און ווי־דער געלט, אים האָט זיך בשום אופן נישט געוואָלט באַנעמען דעם אכזריותדיקן אמת, אַז קעגן טויט איז קיין שום עצה נישטאָ. אים וואָלט זיך געוואָלט כאָטש זיך אַליין איינרעדן, אַז מיט געלט קען מען זיך פון טויט אויך אויסקויפן, אים פאַרטרייבן.

ס'האָט גאָלדפעלדן אַ ריס געטון פון אָרט. ער איז אַריינ־

בעלאָפן אין צווייטן חדר, ווו די משפחה איז געזעסן, טייל דרימ-לענ־יק און טייל וואך. ער האָט ראפטום אויסגעשריגן א געווירטער:

— נעמטס אַלץ וואָס כ׳האָב! לויפטס, ברענגטס דאָקטוירים, ראַטעווטס! ...

אָבער לויפן, ברענגען דאָקטוירים און ראַטעווען איז איצט שוין צו שפעט געווען. אין שטוב דעריבער איז שוין געווען פול מענטשן. די פענסטער זענען ־פן גנשטאַנען. יאָמער-קולות האָבן זיך געטראָגן. ס׳זענען אַרייננעקומען פרעמדע ייִדן, שכנים פון שלאָף אויפגעוועקטע. די גוססע האָט מער נישט געכריפעט. דאָס אינדערהייך צום באַלקן אויסגעשטעלטע פּנימל איז איר געוואָרן אַלץ מער פאַרשטאַרט, ווי גיפס; די אויגן-ברעם האָט קוים, קוים אַ צוויי מאָל זיך געהויבן, אַ ציטער געטון. אַ פּאָר טויטע, פאַרגלייווטע, אָפענע אויגן האָבן זיך אָפּגעדעקט, די הענט מיט אָפּ־נע, נאָכגעלאָזטע פינגער, זענען אוממעכ־יק, ווי ליים גע-בליבן ליגן. ויף דער קאָלדערע און שוין — אַ סוף!

אידזשאַ, די יונגע שיינע אידזשאַ, וואָס האָט גאָלדפעלדס האַרטע האַרץ געקנ־נט ווייכער מאַכן, ווייל זי האָט מיט איר אויסזען אים דערמאַנט זיין פרוי אין די יונגע יאָרן און ממילא אויך זיין יוגנט דאָרט באַם טאַטן אין קליינעם שטעטל. יענע נאַרישע, ליבע טייערע יוגנט-יאָרן, וואָס ווערן שוין קיינמאָל, קיינמאָל מער נישט צוריקקומען; אידזשאַ מיט די ברוינע לאָקן, איז איצט טויט. געשטאָרבן אידזשאַ, דעם מלאך המוות'ס שווערד האָט זי צוגענומען — — —

גאָלדפעלד האָט הויך געכליפּעט.

*

* *

צו־מאָרגנס האָט גאָלדפעלד בעהאַט צו לויפן אין דער ייִדי-שער גמינע און מאַגיסטראַט וועגן לוויה און קבורה-אָנגעלעגנ-הייטן אין אַ גאַס האָט ער זיך אָנגעטראָפן פנים אל פנים מיט קישטיינען. ביידע האָבן זיי געהאַט געל-בלאַסע פּנימער. קישטיין

פון הונגערן און גאָלדפעלד פון שרעק פאַרן טויט, וואָס האָט אָנגעקלאַפּט אין פענסטער פון זיין ווייבס משפחה. זיי האָבן זיך שווייגנדיק אָנגעקוקט און ווייטער געגאַנגען, יעדער זיין וועג. נאָר אין גאָלדפעלדן האָט דאָס דערבליקן איצט דעם פאַרהונגערטן שוואָגער זיינעם — ווען ער האָט פון געשעפט אַרויסגעטריבן — אַ טרעף אַריין געטון אין האַרץ, ווי אַ פאַרזשאַווערטער טשוואָק און דאָרט שטעקן געבליבן.

אין די נאַכן זענען געווען געווען ויסגעקלעפּט בעקראָלאָג-צעטלען וועגן אידזשעס טויט און דער שעה, ווען די לוויה וועט פאָרקומען. דער געשטאָרבענערס יאָרן זענען אויף די נעקראָלאָג-צעטלען אָנגעגעבן געוואָרן לויט דער נייער איבערגערוקטער מעטריקע, וואָס גאָלדפעלד האָט געבראַכט פון קלייגעם שטעטל...

נאָכמיטאָג איז פאָרגעקומען אידזשעס לוויה. די אַמאָליקע שול-חברטעס און סתם באַקאַנטע מיידלעך, האָבן זיך געווישט די אויגן מיט די ווייסע באַטיסטענע אָפּגעשטעקטע טאַשנטיכלעך, הינטער דער „עגלה" איז געגאַנגען די משפּחה, ס'האָט געשאַלט דער מאַמעס מייטעס קול:

— פון אַזאַ גרויסער וועלט האָט נאָר מיך דאָס געטראָפן, פונקט מיך האָט דער בייזער גזר געפונען!...

גאָלדפעלד האָט געפירט די פרוי. ער איז געווען אָנגעטון אין גוטן שוואַרצן פּילץ-הוט און מלבושים, ווי געוויינטלעך איבערדערהויפּט. זי, די פרוי, איז געווען אָנגעטון אין אַ לאַנגן שוואַרצן קרעפּ איבערן פּנים, וואָס האָט איר געגרייכט אַראָפּ אַריבער דעם האַלבן קערפּער. די לוויה איז אָנגעקומען אויפן בית-הקברות. דאָס קבר איז שוין פאַרטיק געווען. מ'האָט צוגעטראָגן דאָס מתל. אידזשעס קערפּערל, וואָס האָט אויסגעזען אין זיין גרויס אין וואָג, ווי פון אַ קליין מיידעלע, איז אַראָ-געלאָזט געוואָרן אין קבר.

גאָלדפעלד איז געשטאַנען לעבן קבר, געקוקט אויף דעם מתל אין די תכריכים. דער קברן האָט אויף די געשלאָסענע אויגן, אויף די געלע הייטלעך זייערע, געלייגט אַ שערבעלע אויף איי.

אויג, אַ שערבעלע אויפן צווייטן אויג און אַ שערבעלע אויף די געשלאָסענע ווייסע ליפּן — און מיטאַמאָל איז גאָלדפעלדן קלאָר געוואָרן דאָס אייגענע, וואָס נעכטן בײַנאַכט בײַם אָפּשטאַרבן, די גאַנצע גרויל פון דעם, וואָס ווערט דאָ אָפּגעטון: אידזשען באַגראָבט מען דאָ; און צוזאַמען מיט אָט דעם גרויליקן באַוווּסטזיין איז אים אַדורך דאָס קלאָרע באַנעמען, ווי גיך פרום ער איז, ווי נישט אָפּגעהיטן ייִדיש זיין שטוב ווערט געפירט; אַלץ וואָס מען טאָר נישט, טוט ער, זיין ווייב און אירע שוועסטערן. און דאָס איצט אין אים געבוירענע באַוווּסטזיין האָט אים אין אַ נייער שרעק אַרייַנגעוואָרפן, און אפשר אַליין נישט פילנדיק, האָט ער אַ זאָג געטון אויפן קול מיט אַ ווידוי-ניגון:

— אין אונדזער זינד נעבעך... — ער האָט זיך גלייך צוריקגעכאַפּט און שטיל געוואָרן.

דאָס קבר איז פאַרשיט געוואָרן. דער עולם האָט גענומען זאָגן „צידוק הדין". אַ חברה-קדושה-שמש האָט גאָלדפעלדן צוגעטראָגן אַ „טאָוול" צו זאָגן. ער האָט מיט האַרץ גענומען זאָגן: „הצור תמים פעלו".

הייס האָט גאָלדפעלד געזאָגט, ווי ער וואָלט גאָט איבערגעבעטן נאָר די עוולות, וואָס ער, שלום גאָלדפעלד און זיין הויזגעזונט, באַגיין קעגן אים. און זיך האָט ער פאַר גרויס ערנסט, דאָס געזאָגטע פאַרטייטשט:

„צדיק וישר". ער איז אַ צדיק און גערעכטער... נישטאָ מיט אים קיין אומרעכט... ווער קען דיך פרעגן: וואָס טוסטו?... מענטש, ביסט געגליכן צו אַ גרעזל, וואָס פאַרוועלקט דורך אַ נאַכט...

גאָלדפעלד האָט געזאָגט און געזאָגט ער האָט געפילט, ווי מיט זיין פרומען זאָגן באַצאָלט ער דעם רבונו-של-עולם אַן אַלטן חוב, וואָס אין הימל האָט מען שטאַרק אויסגעקוקט, ער זאָל אים באַצאָלן. ער האָט ווייטער געזאָגט: גאָט האָט געגעבן, גאָט האָט גענומען, זאָל דער נאָמען פון גאָט זיין געלויבט".

פון בית-הקברות איז גאָלדפעלד צוזאַמען מיטן חייםס משפחה אַרויפגעגאַנגען אַהיים צום שווער. מ'האָט צוזאַמענגע-בראַכט אַ מנין. גאָלדפעלד האָט געדאַווענט פאַרן עמוד „מנחה" און „מעריב" געדאַווענט מיטן סקאַרבאָווען אומזיסטיקן ניגון, ווי עס קומט בײַ אַן אבל. דערנאָך איז ער מיט דער פרוי אַהיימגע-גאַנגען. זיי האָבן גאָרנישט גערעדט צווישן זיך. די גאַנצע נאַכט איז גאָלדפעלד שלעכט געשלאָפן. דער שאָטן פון טויט האָט פון אים נישט געוואָלט אָפּטרעטן. און צומאָרגנס, ווען די פרוי איז נאָכן עסן אָנבײַסן אַרויסגעגאַנגען צו די עלטערן, האָט ער זיך נאָך אַלץ געפילט, נישט ווי ער דאַרף זיך פילן. קונים זענען געקומען. ער האָט מיט זיי גערעדט, אָבער אַלץ נישט מיטן ברען, ווי גאָלדפעלד איז געוויינטלעך אין מסחר. און קיין מיטאָג האָט גאָלדפעלד פּלוצלינג אַ רוף געטון שפילמאַנען און אים באַפוילן אַרויפצוגיין צו זײַן שוועסטער זעלדע, קיטשטיין זאָל קומען אין געשעפט אַרײַן.

שפּילמאַן האָט אַלץ איבערגעלאָזט און געגאַנגען אויספירן דעם באַלעבאָס באַפעל און גאָלדפעלד האָט זיך נאָך אָט דער פאַראָרדנונג גענומען פילן לײַכטער און ווי געוויינטלעך גענומען טון אין געשעפט.

## קאַפּיטל 5.

אין איינעם אַ פאַרגענעצטן לאַנגווייליקן זומער־טאָג, שפּעט נאָך האַלבן טאָג, איז בענדעט גלאַט אַזוי דורכגעגאַנגען אַ פּאָר גאַסן און לסוף עטלעכע מאָל געגאַנגען אַרויף און צוריק איבער דער הויפּט־גאַס.

גייענדיק אַזוי, האָט ער געטראַכט פון דעם, אַז היינט האָט ער זיך געריכט אויף אַ גרעסער פאַרדינסט פון אַ מעקלערײַ, ער האָט עס שוין גערעכנט אויף זיכער, נאָר די לעצטע מינוט ווען מ'האָט שוין געהאַלטן באַם פאַרטיק ווערן, איז צווישן די סוחרים אויסגעבראָכן עפּעס אַ סיכסוך און בענדעטס פאַרדינסט איז צערונען געוואָרן.

און שוין צום וויפילטן מאָל איז ער איצט נאָכאַמאָל אין זיך געקומען צו דער קלאָרער איבערצייגונג, אַז ער טויג נישט פאַר אַ מעקלער. אים פעלט לחלוטין די מעקלערישע „פּיפּיקייס“. עס קומט אויס, אַז ווען נאָך שווערער האָרעוואַניע פעלט אים שוין אַמאָל צו אַ פאַרדינסט, דאַכט זיך אים ערשט, אַז יענער,

דער געבער, קוקט אויף דעם, וואָס ער גיט אים, דעם מעקלער, ווי אויף פאַר נישט און ווידער נישט אַרויסגעריסן געלט.

צו מעקלערײַ האָט זיך בענדעט גענומען, ווײַל איצט איז אַ נישט נאָרמאַלע צײַט; וואָלט ער געהאַט די סומע, וואָס גאָלדפעלד האָט אים צוגענומען, וואָלט ער זיך נישט פאַרנומען מיט מעקלען. סוחר וואָלט ער געווען — נאָר צי איז דען היינט אַ סוחר אַ שפּעקולאַנט — נישט אַ נאָך נידעריקערע באַשעפטיקונג, ווי מעקלען?

יאָ, בענדעט געהער נאָך צו די ייִדישע קינדער פון יענער אומגליקלעכער צײַט, ווען לערנען אַ מלאכה איז געווען אַ בושה, אַז אַ ייִנגל האָט זיך גענומען צו אַ מלאכה, איז דאָס גאַנצע הויזגעזינט אויפגעציטערט געוואָרן!

— אַ פלעק אין דער משפחה!...

בענדעטס פאָטער האָט נאָך געהערט צו יענע ייִדישע דורות, וואָס די קינדער זייערע, די מיידלעך זענען דערצויגן געוואָרן, כּדי צו באַדינען די מאַנען זייערע, די ווײַבערס, שאַפן פאַר זיי פּרנסה, ניאַנטשען קינדער און אַליין פאַרריקן זיך אין אַ ווינקל, מחמת גרויס דרך-ארץ-פאַרכט, ווען דער מאַן זיצט איבער אַ ספר.

און ער, בענדעט אַליין, האָט ער דאָך נאָך ביז אַכצען יעריקן עלטער געגלייבט, אַז דאָס וויכטיקסטע פאַר אַ ייִנגל ביז דער חתונה איז — זיצן אין בית-המדרש און לערנען, ווי זיין פאָטער און ווי זיין זיידע האָבן געטון.

יענע דורות בית-המדרשניקעס, וואָס האָבן בחורווייז געחלומט פון אַ גאָלדענעם זייגער און קעסט באַם שווער — און וואָס פון זיי טאַקע רעקרוטירן זיך כּלי-קודש, מלמדים, מה-יפית-ייִדלעך און בטלנים...

די היץ איז געווען גרויס. די זון האָט געבריט, אין שויפענסטער פון אַ קאָנדיטערײַ זענען פעטע גרויסע פליגן אַרומגעפלויגן, געפּאַרעט זיך אויף די אויסגעשטעלטע זיסע געבעקסן: געלעקט מיטן דיגעם, ווי אַ האָר-שנעבעלע, אַ פּאַרזונג, אַ

לעק פון איין פאַן און באַלד אַ פלי-איבער פאַרזוכן מיטן דינזם שפּילקע-שנעבעלע פון דער צווייטער פאַן.

בענדעט האָט זיך ד רמאַנט, אַז חנה האָט אים געבעטן ברענגען פון שטאָט פליגן-פּאַפּיר — אין אָרימען עק-שטאָט-קוואַרטאַל, אין די נידעריקע שטיבלעך, איז אין די זומער-היצן נישט אויסצוהאַלטן פון די פליגן; באַגינען, אַזוי ווי עס ווערט נאָר טאָג, לאָזן שוין נישט די פליגן אָן אויג צו טון... ער איז צופרידן געווען, וואָס ער האָט זיך איצט דערמאָנט אָן דעם פליגן-פּאַפּיר. וואָרים שוין עטלעכע טעג זאָגט ער דאָס קויפן און פאַרגעסט אַלץ. ווייניקסטנס דאָס קען ער דאָך דער שוועסטער צוליב טון ער איז צוריקגעגאַנגען אַ שטיקל גאַס און אַריינגע-גאַנגען אין אַפּטייק-סקלאַד קויפן פליגן-פּאַפּיר.

אין די אָפענע טירן האָט זיך בענדעט שיער אָנגעשטויסן אָן באַלעבאָס פון אַפּטייק-סקלאַד, פאַן פעליקס ראָזענשטיין. ער איז געשטאַנען אין פּראָפיל מיט איין אויג געקוקט אַרויס אין גאַס און האַלטנדיק איין האַנט אין דער הויזן-קעשענע, האָט ער מיט דער צווייטער מיט אַ ציין-שטעכער זיך אויסגעמאַכט די ציין — אַפּנים פון מיטאָג-עסן — און עפּעס, מוז זיין פּ ייפעלעכס, מיט זיין זעלבסט צופרידן קול, דערציילט אַהין לעבן פענסטער, ווו זיין קאַסירקע זיצט.

באַם אַריינקום, אויסדרייענדיק זיך צום פאַרקויף-טיש, האָט בענדעט באַגעגנט מינע פּינקלס פּנים. פאַר איר איז געלעגן אָן אָפן לייען-בוך. זי האָט דערין נישט אַריינגעקוקט. זי האָט געהאַלטן דאָס פּנים אויפגעהויבן, געווענדעט צום באַלעבאָס אירן און מיט צופרידן צעשמייכלטע אויגן אויסגעהערט דעם באַלעבאָס — קענ-טיק, זי איז גרייט געווען אים מיט פאַרגעניגן אויסצוהערן און אפשר אַליין אויך עפּעס זאָגן.

בענדעטס אַריינקומען האָט דעם שמועס קאַליע געמאַכט. זי איז, דערבליקנדיק אים, אַ ביסל רויט געוואָרן, פאַרשטויגן אַ אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און מיטן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ גענומען קוקן אין אָפענעם בוך.

דער באַלעבאָס פאַן ראָזענשטיין, איז אויך שטיל געוואָרן;

פאַר קונים פּאַסט אַפּנים נישט היימלעך צו שמועסן מיט אַן
אָנגעשטעלטער.

אַ סוביעקטל האָט בענדעטן דערלאַנגט אַ פּאַרפּאַקט ביינע-
לע פּליגן-פּאַפּיר, אַ צעטעלע צום באַצאָלן באַ דער קאַסע. ווען
בענדעט איז צוגעקומען צו דער קאַסע און מינען דערלאַנגט דאָס
צעטעלע מיט געלט, איז איר קאָפּ נאָך אַלץ געווען אַראָפּגעלאָזט,
דאָס פּנים רויטלעך.

בענדעט איז אַרויסגעגאַנגען פון אַפּטייק-סקלאַד און ווייי-
טער געגומען גיין אַרויף גאַס.

עפּעס דריקנדיקס האָט ער אַרויסגעטראָגן פון אַפּטייק-
סקלאַד. ער איז געגאַנגען און אַ שווערקייט, אַן אומבאַגרייפלעכע
שווערקייט, איז אים אויפן געמיט געלעגן.

די גאַס האָט געלעבט איר געוויינטלעך זומער-לעבן. עט-
לעכע אויטאָס, איינער נאָכן אַנדערן, זענען געפלויגן מיט אַ
ברומעריי. אַ דראָזשקע איז געפאָרן, ס'איז אין איר געזעסן אַ
דינסט-שיקסע, אַרום זיך באַשטעלט מיט פּעקלעך, אַ הוט-שאַכטל
און אַ קאָרב מאַלינעס, צי פון אַנדער מין אויבסט; טרעגערס האָבן
געטראָגן אַ גרויסן שפּיגל; אויפן צווייטן טראָטואַר האָבן צוויי
באָרוויסע שקצימלעך געשפּרונגען מיט געמאָסטענע טריט, מעשה
זעלנער, און הויך זיך צוגעזונגען אַ ווילעריש ליד, מענטשן זע-
נען געגאַנגען אַהין און צוריק — און בענדעט האָט אין זיך
נאָך אַלץ געפילט דאָס שווערע געמיט, וואָס ער האָט אַרויסגע-
טראָגן פון אַפּטייק-סקלאַד צוליב דעם מיידלס צוגענייגטקייט צו
איר באַלעבאָס דעם פּראַנץ, וועלכער איז געשטאַנען איר קייגנ-
איבער אין דער ווילערישער פּאָזע און גערעדט צו איר, נישט
ווי אַן אָנגעשטעלטער און נישט ווי אַ מיידל זיינס גלייכן, נאָר
ווי אַ קאַוואַליער צו אַ מיידל, וואָס וועקט אין אים אויף זכרישס.

און וואָס האָט דאָס אייגנטלעך געדאַרפט בענדעטן אַרן?
אָבער געאַרט האָט דאָס אים, שטאַרק געאַרט. אפשר נאָכמער גע-
קרענקט, ווי דאָס היינס אָנגעוווירענע פּאַרדינסט, דאָס מעקל-געלט.

באַ גאָלדפעלדן האָט בענדעט אָנגעטראָפן אַ סוחרישע סבע-
בע: גאָלדפעלד איז געשטאַנען אין עס-חדר, איבער אים איז

געשטאַנען סטאַניסלאַוו מאָזעס, דער אַמאָליקער רייכער לע־יונג און היינטיקער סוחר. ער איז געשטאַנען און געזידלט גאָלדפעלדן.

מאָזעסעס גלאַט געראַזירט פול פּנים איז פאַר כּעס געווען רויט און הייס, ווי אויסגעקניפּט. ער האָט גאָלדפעלדן געזידלט אין דריי שפּראַכן. אָנגעהויבן אויף פּויליש, אָנרופנדיק גאָלדפעלדן „דורען, דראַן" איבערגעגאַנגען אויף דייטש, שרייענדיק „שופט", „לומפּ". דערנאָך אויף פּראָסט ייִדיש, פאַכנדיק מיט דער באַהעלטעט־קעטער האַנט, אַזש קוויטשענדיק „גנב"! און פאַרענדיקט מיט — באַנדיט!...

אָנגעהויבן די זידלערייען האָט מאָזעס, קענטיק, נאָך אין געוועלב, וואָרים דאָרט איז נאָך אויף אַ קאַסטן געהאָנגען מאָזעסעס שטאָק מיטן זילבערנעם הענטל אין דער פאָרם פון אַ לייבנקאָפּ מיט אַן אָפענעם פּיסק און דערלעבן איז געלעגן דער שטרוי־הוט. ס'האָט זיך געלאָזט משער זיין, אַז גאָלדפעלד האָט דעם בעל־דבר זיינעם צופּלייס אַריינגעפירט מיט זיך פון געוועלב, ווי יעדע מינוט קען עמעץ אַריינקומען — אַהער אין זיין פּריוואַטער וווי־נונג, ווו מאָזעסעס קולות וועלן אָפּשטאַרבן צווישן די פיר ווענט און פאַרמאַכטע טירן. איז טאַקע גאָלדפעלד רויִק געזעסן און גע־לאָזט יענעם שרייען און זידלען, וויפיל ער האָט נאָר חשק.

געהאַנדלט האָט זיך דערינען; מיט אַ חודש צוריק, ווען דער מקח פון צוקער איז פּלוצלינג געפאַלן, האָט גאָלדפעלד גרויסמו־טיק דערלויבט מאָזעסן אָפּלייגן זעק צוקער צו אים אין שפּייכ־לער. — אַנומלטן אָבער, ווען מאָזעס איז געקומען אַרויסנעמען דעם צוקער, האָט אים גאָלדפעלד צו וויסן געטון, אַז דעם צוקער האָט ער שוין פאַרקויפט. וואָרים דאַמאָלס באַלד האָט ער גע־מיינט, אַז מאָזעס פאַרקויפט אים די סחורה.

און טאַקע —

— האָב איך דען שפּייכלערס פאַר עמעצנס וועגן...

דער פאַן סטאַניסלאַוו מאָזעס האָט געזידלט און געזידלט, געקלאַפּט מיט דער פויסט אין טיש; דער גאָלער קאָפּ האָט אים געגלאַנצט און די גרוי איינגעגראָבענע אייגעלעך זיינע, האָבן גע־שאָסן פונקען און גאָלדפעלד — גאָרנישט! ער איז זיך רויִק גע־

זעסן אויף דער ווייכער סאָפע מיט פאַרשלאָגענע העגט, ווי אַ גוט ייִדישע באַלעבאָסטע שבת נאָכמיטאָג נאָכן טייטש־חומש. ער האָט פון מאָל צו מאָל אָנגעקוקט דעם פּאָ, מאָזעס, אָנגעקוקט, ווי עפּעס איינעם אַ בטלן, אָדער ער האָט גאָר גענעצט, יעדנפאַלס האָט גאָלדפעלד אויסגעזען ווי איינער, וואָס דער ענין דאָ האָט נישט צו אים דעם מינדסטן שייכות.

און אַז מאָזעס האָט געזען גאָלדפעלדס קאַלטבלוטיקייט, איז ער גאָר אַרויס פון די כלים. ער איז אין זיין כעס דערגאַנגען אַזש צו נאַרישקייט. פאַרגעוואָרפן גאָלדפעלדן מאָדנע קליין־לעכע שווינדלערייען פון דאַמאָלס פאַר עטלעכע יאָר, ווען זיי האָבן גע־האַנדלט שותפות, אַז די פלשלעך עסיק און פעקלעך טיי, וואָס גאָלדפעלד פלעגט דאַמאָלס אויסבעטלען פון שותף מיט דער דיי־לעכער בקשה: „פאַר מיין אָרימער שוועסטער וועגן" — האָט ער עס אינדעראמתן גענומען נישט פאַר דער שוועסטער וועגן, נאָר פאַר זיך אַליין.

— יאַ, יאַ, זאָ איין גאַנער ביסטו!

— „דו" האָט ער גאָלדפעלדן טיטולירט. און גאָלדפעלד איז זיך בעזעסן און קאַלטבלוטיק געגענעצט און געקוקט אויף זיין בעל־דבר מיט אַ מינע, ווי ער וואָלט אים נעבעך באַדויערט.

„אַ גאָלן קאָפּ האָט ער און ווייסט נאָכנישט, אַז וואָס אָפּגע־טון איז אָפּגעטון."

בענדעט איז אַרויסגעגאַנגען פון גאָלדפעלדן, איז שוין גע־ווען פאַרנאַכט. אויף די טראָטואַרן אין דער הויפּט־גאַס איז די געוויינטלעכע. פאַרנאַכט־באַוועגונג. ס'האָבן געשפּאַצירט אַהין און צוריק פּאָרלעך, פּאָרלעך און פּאָרלעך. ס'האָט זיך פון זיי גע־פילט שמעקעדיק, פודער און זומערדיקער לייב־ריח; פאַר די קי־נאָס האָבן געפינקלט די פאַרשירנפאַרביקע לעמפּלעך — בענדעט איז געגאַנגען אַרויף גאַס צו דער ריכטונג, וווּ זיין היים געפינט זיך.

פון ביידע זייטן גאַס, די געוועלבער, זענען שוין לאַנג גע־ווען פאַרמאַכט. ער איז פאַרבייגעגאַנגען דעם אַפּטייק־סקלאַד, וווּ ער האָט פאַר עטלעכע שעה געקויפט דאָס פליג־פּאַפּיר — די

שילוין זענען געווען אַראָפּגעלאָזט. אינסטינקטיוו האָט בענדעט אַ בליק געוואָרפן אויף די גרויסע שילד מיט אַ רויט צלמל. ס'האָט פון דאָרט חוצפּהדיק אַראָפּגעקוקט דער פון גרויסע אותיות צוזאַ־מענגעשטעלטער נאָמען „פעליקס ראָזענשטיין" און אויף אַ ווײַלע האָט בענדעט ווידער אין זיך דערפילט דאָס פריִערדיקע שווער דריקנדיקע געפיל, ווי פון אַ ביסל שוין פאַרצויגענער וווּנד.

# 6. קאַפּיטל

די אַלמנה פינקל ווייסט גאָרנישט, ווי אָפּצודאַנקען דעם רבונו-של-עולם פאַר דעם חסד, וואָס איר טאָכטער האָט געקריגן אַ פּאָסטן בײַ אַזאַ דימענט-איידעלן מענטש.

ווען מינע איז עטלעכע טעג נישט געזונט געווען און נישט געקענט גיין אין געשעפט, האָט ער, דער שעף, כמעט טעגלעך געשיקט זײַן סוביעקט געוווּיר ווערן וואָס זי מאַכט, און נאָכן געזונט ווערן, האָט זי בלויז האַלבע טעג געאַרבעט, די איבעריקע שעהן איז ער אַליין געזעסן בײַ דער קאַסע, זי האָט ער געשיקט אַ ביסל שפּאַצירן אין שטאָט-גאָרטן; אַנומלט, ווען עס האָט פאַרנ.כט גערעגנט, האָט ער זי אָפּגעשטעלט אַהיים מיט אַ דראָזשקע...

— וואָס איז צו רעדן — מאַכט די מוטער אַ סוף הכל — אַן איידעלער מענטש דורך און דורך.

דאָס איינע, וואָס דער אַלמנה פינקל פאַרפינסטערט אַ ביסל איר גליק, איז — וואָס איר טאָכטער מוז שבת זיצן אין אַפּטייק-סקלאַד, ווי יעדן וואָכן-טאָג. אָבער דאָס, מוז זײַן, האָט זי אין

זיך שוין אַ ביסל גלאַטיק געמאַכט נאָך פֿון ערשטן טאָג, ווי איר טאָכטער האָט געקריגן דעם פּאָסטן.

— זי שרייבט דאָך נישט! — שמועסט זי וועגן איר טאָכטערס שבתדיק זיצן אין געשעפֿט — זי נעמט בלויז צו פּאַפּירלעך און גיט אַרויס אַ רעשט אויך פּאַפּיר.

און „געלט״ הייסט בײַ דער אלמנה פּינקל נאָר מעטאַל, וואָס קלינגט, ווי ס׳איז געווען אַמאָל פֿאַר דער וועלט-מלחמה. מעטאַל-געלט איז היינט נישטאָ; פּאַפּיר איז פֿאָרט נישט מער ווי פּאַפּיר — פּאַפּיר מעג מען שבת נעמען אין האַנט.

איבעריקנס האָט די אלמנה פּינקל נאָך אַ האָפֿענונג, אַז איר טאָכטער וועט מיט דער צייט נישט דאַרפֿן שבת גיין אין געשעפֿט. זי איז דאָס מרמז געהיימניספֿול:

— בײַ דעם, וואָס כ׳בין נישט ווערט זיין נאָמען צו דערמאָנען, איז אַלץ מעגלעך. ער האָט דאָך אַמאָל פֿאַר זייבע אויסדערוויילטע אַ ים געשפּאָלטן אויך. —

טאָ פֿאַרוואָס זאָל בײַם אייבערשטן נישט מעגלעך זיין, אַז פֿאַן פּעליקס ראָזענשטיין וועט צוליב טון דער מוטער פֿון זיין קאַסירקע און שבת האַלטן פֿאַרמאַכט זיין אַפּטייק-סקלאַד.

ווער קען וויסן, וואָס עס האָט זיך געשפּינען אין קאָפּ פֿון דער דערשלאָגענער, אָרימער פֿון נויט פֿאַרמוטשעטער פֿרוי? זי, וואָס האָט מן הסתּם אַזוי ווייניק גוטס בייגעוווינט פֿון מענטשן און דאָ האָט איר דער הימל אַזאַ נס באַוויזן: איר שטוב איז אויפֿגעריכט געוואָרן אַ דאַנק מינעס פּאָסטן בײַ דעם אײדעלען יונגנמאַן, טאָ פֿאַרוואָס זאָל „ער ברוך הוא״ נישט באַווייזן נאָך אַ נס, אַז דער אײדעלער יונגערמאַן זאָל חתונה האָבן מיט איר טאָכטער, אי זי, די פֿאַראומערטע מאַמע וועט אויפֿגעריכט ווערן און דער רבונו-של-עולם וועט צוריקקריגן אַ ייִד, וואָרים זי וועט נישט רוען, ביז איר מוז געלינגען אים אַרויפֿצוברענגען אויף דעם אמת ייִדישן וועג.

איינמאָל אין אָוונט, מינע איז נאָכנישט אינדערהיים. גע-

חפֿן, איז די מוטער געזעסן דערינען בײַ בענדעטן אין שטוב און דערציילט תנהן, ווי צופֿרידן זי איז פֿון דער טאָכטערס פּאָסטן און אַז נעכטן איז די טאָכטער שפּעט, גאָר שפּעט אַהיים-געקומען שלאָפֿן: זי איז געווען מיטן באַלעבאָס אירן אין טעאַטער און נאָכן טעאַטער האָט ער זי אָפּגעפֿירט אַהיים מיט אַ דראָזש-קע.

און אַז בענדעט הערנדיק דאָס, איז נישט אַנטציקט פֿון דעם, וואָס די ייִדענע דערציילט; פֿאַרקערט: ער קוקט זי מאָד-נע אָן, פֿאַרשטייט זי, וואָס זיין אָנקוקן מיינט און זי איילט זיך צוגעבן:

— מאָלט אייך — איך ווייס וועמען איך געטרוי מיין קינד.

און אַז בענדעט דערמאָנט זיך אין דער רגע, ווי גאָלד-פֿעלד האָט דאַמאָלס געזאָגט „דיין שכנטע, דאָס נישקשהדיקע מיידל, געפֿינט זיך איצט אויף דער ריכטיקער שטעל"... — פֿרעגט ער אָפּ, פֿונוואַנען זי קען אַזוי געטרוי וויסן, וועמען זי געטרויעט אָן איר טאָכטער אויף האַלבע נעכט — מיינט זי, אַז ער פֿאַרגינט איר נישט דער טאָכטערס גליק, ענטפֿערט זי אַ ביסל צערייצט:

— אַ מאַמעס האַרץ דאַרף מען נישט לערנען; אַ מאַמעס האַרץ פֿילט אַלץ און ווייסט אַלץ.

און דאָ נעמט גיין אַ סדרה מאַמע-מעשיות, ווי אַזוי זי האָט איר טאָכטער אָפּגעהיטן פֿון קליינוויינז אָן און ווי נאָך איידער איר זון, דער בן יחיד, איז נעבעך געהרגעט געוואָרן, אָפּגעשניטן געוואָרן זיינע ייִנגע יאָר, האָט זי, די מאַמע, דאָס געפֿילט נאָך פֿון אַ צייט פֿריִער — — — און אַזוי קומט זי אַרויף רעדן פֿון איר מאַן, וואָס איז ייִנגערהייט געשטאָרבן, איבערלאָזנדיק זי מיט צוויי קינדער ווערים, קומט זי ווידער אַרויף רעדן זונס פּריצי-טיקן טויט, וואָס איז געהרגעט געוואָרן אין גאַס, בשעת די אומ-רוען נאָך די דייטשנס אַנטלויפֿן און וועגן איר נויט און עלנט-קייט. די אויגן ווערן איר פֿייכט און די ווייכהאַרציקע תנה קען

זיך נישט צוריקהאַלטן פון חיינען. ביידע פרויען חישן זיך די אויגן און בענקען טוט שוין באַנג, וואָס אַ דאַנק אים האָט זיך אָנגעהויבן דער שמועס, וואָס האָט געבראַכט צום וויינען און גלייכצייטיק קרענקט אים, וואָס די אַלטע לאָזט איר טאָכטער זיך אַרומשלעפן מיט דעם אין שטאָט באַקאַנטן הולטיי, מיט דעם פאַן פעליקס ראָזענשטיין.

אים, דעם בחור פעליקס ראָזענשטיין, וואָס אין דער מלחמה־צייט האָט ער זיך צונויפגעאַרבעט אויף אַן אייגענעם אַפּטייק־סקלאַד, וועלכער גייט אים אין דער איצטיקער נישט נאָרמאַלער אַליוטע־צייט — גאָרנישט שלעכט; אים אינטערעסירט בכלל גאָרנישט מער, ווי הולטייען און פרויען, און פאַר אַזאַ מיידל, ווי מינע פינקל, לוינט אים זיך אויסשפּיינערן און אפילו זיך לאָזן קאָסטן אַ ביסל לוינט אים אויך.

יאָ, דעם פאַן ראָזענשטיין גייט איצט גוט. אַלע, וואָס האָבן זאַפּאַסן סחורות גייט עס גוט און גאָלדפעלד האַלט באַם איינלייגן זיין געוועלב אויף דער אַ ביסל הינטער־גאַס און איינאָרדנען אַ גרויס הורט־געשעפט, אַ גאָר גרויס. איינס אויף דער גאַנצער שטאָט און ומגעגנט.

דאָס געשעפט וויל גאָלדפעלד מאַכן מיט אַ שותף; נישט ווייל אַליין פעלט ער זיך נישט בכוח דאָס צו מאַכן, נאָר ווייל גאָלדפעלד האַלט, אַז איינער אַליין וועט ער נישט אימשטאַנד זיין צו באַזען אַזאַ גרויס געשעפט: איין שותף מוז שטענדיק זיין אויפן פּלאַץ אינדערהיים און דער צווייטער — אונטערוועגנס, אַרומפאָרן וועגן סחורה...

אַ שותף האָט זיך גאָלדפעלד אויסגעזוכט איינעם גליקס־בערג, וואָס זיין הויפּט מסחר, אין ליינען געלט אויף פּראָצענט — ס'האָט זיך זיי איינגעגעבן דינגען אַ הויז אין צענטער שטאָט, וווּ ס'איז אַמאָל געווען אַ רוסישע באַנק. דאָס האָבן זיי געדינגען במקח און באַלד האָבן זיי זיך גענומען לאָזן אַלץ איבערמאַכן לויט ווי זיי דאַרפן צום געשעפט און וועגן מויערערס און טישלערס זענען געווען באַשעפטיקט באַם אַרויסרוקן און אַריינשטעלן

ווענט לויט די סוחרימס פּלאַן — האָבן דערהייל די שותּפים שוין
איינגעקויפט סחורות פאַרן געשעפט; יעדעס מאָל איז אַן אַנדע-
רער פון זיי — אַמאָל גאָלדפעלד אַמאָל גליקסבערג — אַרומ-
געפאָרן אין לאַנד און אײַסלאַנד אויפקויפן סחורות און מאַכן
האַנדלס-פאַרבינדונגען פאַרן שותּפות-געשעפט און נאָך איידער
אין פיל חדר מדיקן געשעפט זענען די פּאָליצעס, טישן, שענק
און אַנדערע איינריכטונגען געשטאַנען; יעדעס אויף זײַן אָרט —
האָט שוין צווישן די שותּפים אויסגעבראָכן איין סיכסוך נאָכן
אַנדערן.

יענער, דער גליקסבערג, מיט אַ גאָל קעפּל און ווײַבעריש-
פּלעגמאַטיש ראַזירט פּנימל — איז זיכער נישט אַזאַ פּיפּיקער
סוחר, ווי גאָלד-פעלד און דערפאַר טאַקע האָט אים גאָלדפעלד
גענומען פאַר אַ שותּף. דערפאַר איז ער אַ זון, אייניקל, און
אפשר אויך אוראייניקל פון וואָכנביקעס, הויט-שינדערס, וואָס קענען
די אַלע קונץ-שטיקלעך פון גלאַטיק מאַכן אַ צוגעשטעלטן חשבון;
דאָ צו דעקן און דאָ אויפדעקן, לויט ווי עס לוינט אים בע-
סער — דאָס האָט ער אין בלוט. און אַ מעלה האָט ער אויך —
ער איז נישט קיין איבערגעאײַלטער: אַזוי לאַנגזאַם, געלאַסן,
ווי ער רעדט, אַזוי — האַנדלט ער. באַשליסן, צוזאָגן, מסכים
זײַן — טוט ער נישט אויף דער מינוט, נאָר נעמט זיך צײַט צו
ענטפערן. און, בײַ אַ סיכסוך מיטן שותּף, ווייסט ער ווי זיך
צוריק צוציִען און ווערן פון אַ באַשולדיקטן — אַ נעבעכל, אַ
תּמעלע.

— וואָס?... ווען?... — ער ווייסט גאָרנישט, וואָס
מ'וויל פון אים...

דערפאַר, ווען ער האָט עפּעס שום שותּף, בײַ יעדן פּיצל
סיכסוך פון זײַן זײַט, איז ער גרייט לויפן צו מענטשן. און ער
לויפט טאַקע זיך באַקלאָגן אין גאַס אויף דעם שותּף זײַנעם. און
באַקלאָגן זיך ווייסט ער ווי אַזוי, די מלאכה קען ער גוט: דו
זעסט באַש נפּ רלעך, אַז ער איז גאָט די נשמה שולדיק. אָט,
מיט דעם „נעבעכל", איז דאָס דער פּיפּיקער גאָלדפעלד אַרײַנ-

געקראָכן אין אַ שותּפות און אַז ער האָט זיך אַ קוק אַרום געטאָן,
האָט ער זיך דערפילט געבונדן הענט און פיס אין דער מאַכט
פון איינעם, וועלכער האַלט אין איין שרייען, אַז גאָלדפעלד האָט
גאָר אים געפּענטעט.

בענדעט האָט אַמאָל צופעליק בייגעוווינט אַ געשפּרעך
צווישן דידאָזיקע צוויי שותּפים.

בײַ גאָלדפעלדן אין עס-חדר איז דאָס פאָרגעקומען.
נאָכן פאַרענדיקן צווישן זיך אַ סיכסוך ביידע זענען זיי געזעסן
אויף דער סאָפע און שוין מעשה נאָנטע גערעדט איינער אין
צווייטן אַריין.

גאָלדפעלד איז נאָך געווען אַ ביסל פאַרדרייטלט, צערייצט
פון אָקאָרשט פאַרענדיקטן סיכסוך, וועלכער איז פאַרגלעט גע
וואָרן נישט אויף זיין זייט, נאָר לטובת יענעם. גליקסבערג
מיט די קירצזיכטיקע אויגן אין ברוינעם אויבער-אַנצוגל איז
זיך געזעסן רויִק מיט אַ פאַרוווּ פלעגמאַטיש פּנימל און גוטמוטיק
געמוסרט גאָלדפעלדן:

— איר זענט אַ גוט טעטעלע, אַז מען רירט זיך נאָר צו
אייך צו, דערטאַפּט מען באַלד דאָס חזיר-פּיסל.

און אַזוי ווי ער רעדט דאָס מיט זיין געלאַסן קולעכל,
כּלומרשט גוטמוטיק, נעבעכדיק, זיצט גאָלדפעלד, ווי אַ ייִנגל
און ווייסט נישט, וואָס אים צו ענטפערן. ער ווערט נאָך רוי
טער און שווייגט; אינעווייניק פילט זיך, זאָגט ער אים
גאָלדפעלד, נאָר דאָס מויל עפנט ער נישט. ערשט מאַדאַם
גאָלדפעלד, וואָס זיצט דערביי, ענטפערט דעם מאַנס שותּף,
אָבער אויך נישט מיט איר געוויינטלעכן טאָן, נאָר מיט אַ גע
לעכטערל:

— איר, פּאַניע, ווייסט אָבער יאָ כּלומרשט צו באַ
האַלטן אייער חזיר-פּיסל — זי גיט דערביי אַ קוק אויפן
מאַן, ווי זי וואָלט אים געפרעגט: איך האָב אים געזאָגט,
הע?

דאַמאָלס קריגט גאָלדפעלד צוריק דעם מוט און גיט צו
צום ווייבס זאָג:

— איר זײַנט אַ װױלער בחור, װען איר שלאָפֿט — און פֿאַר שיקט דעם שותּף צו אַ בליק, װעלכער אַנטפּלעקט, װי עס זידט אין גאַלדפּעלדן.

---

## קאַפּיטל 7.

גאָלדפעלד איז מיט דעם שותף זיינעם שוין טיף פאַר־פּלאָנטערט אין געלט־ און סחורה־חשבונות. דער קאָנטראַקט פון געשעפט איז געמאַכט אויף ביידנס נעמען; אין קורצן האָט גאָלדפעלדס געשעפט געזאָלט איינגעלייגט ווערן, די סחורה אי־בערגעפירט אין דעם נייעם שותפות־געשעפט, וועלכעס האָט אי־בער די אַראָפּגעלאָזטע שאַלויזן שוין געהאַט אַ שילד מיט דער אויפשריפט „גאָלדפעלד און גליקסבערג". אָט צוליב דער שולד, ווי גאָלדפעלדס נאָמען איז געשטאַנען דער ערשטער און גליקס־בערגס — דער צווייטער, איז אויך אויסגעבראָכן אַ גרויסער סיכסוך און אויסגעגלייכט איז דער סיכסוך געוואָרן דערמיט, וואָס זיי זענען פאַרטיק געוואָרן צווישן זיך, אַז אויף אַלע אי־בעריקע געשעפטס־דאָקומענטן, ווי פירמע־קאַרטן, רעכענונגען... זאָל גליקסבערג נאָמען שטיין דער ערשטער — און אום אָפּצו־ווישן די אַלע סיכסוכים און אָנהייבן אַלץ אויף אַ גוטן וועג, האָט גאָלדפעלדער געפאָלגט די פרוי און פאַרבעטן דעם שותף צו זיך אויף אַ מיטאָג.

דאָס איז געווען אין אַ חגא-טאָג. גאָלדפעלד האָט פריער מיטן שותף געריעדט געשעפטלעכעס, פעס דורכגעשמועסט. דער־נאָך איז אַריינגעקומען מאַדאַם גאָלדפעלד פון שלאָף-חדר, ווו זי האָט זיך איבערגעטון — און געבעטן צום טיש.

דאָרט, מאַדאַם גאָלדפעלדס שוועסטער די ביוראַליסטקע, איז דאַמאָלס גראָד אינדערהיים געווען אויף עטלעכע טעג, איז זי אויך פאַרבעטן געוואָרן. ס'איז געגעבן געוואָרן אַ גרויסאַרטיק מיטאָג מיט פיש און מיט וויין. מאַדאַם גאָלדפעלד און די שוועסטער זענען געווען אָנגעטון אין שוואַרצן טרויער נאָך אידזשען. נאָר פאָרט זענען זיי געווען אויסגעפוצט — די דינסט האָט אַריינדערלאַנגט איין געריכט נאָכן אַנדערן. אויפן טיש זענען געשטאַנען פאַרשידענע געטראַנקען. גאָלדפעלד האָט געגעסן און געטרונקען. דער שותף האָט זיך אויך נישט געלאָזט בעטן. מאַדאַם גאָלדפעלד האָט בײַ יעדער געריכט זיך נאָכגעפרעגט בײַם פאָן גליקסבערג, צי אים שמעקט נישט אַמאָל בעסער ווי זיין פרויס קאָכט. ער, דער פאָן גליקסבערג, האָט שטאַרק געלויבט דער מאַדאַם גאָלדפעלדס קיך. און אַז די אייגעלעך האָבן אים אָנגעהויבן צו גלאַנצן פון דער אויסגעטרונקענער משקה, האָט ער גענומען מאַכן הלצהלעך מיט דאָרטן, איר פראַווען קאָמפּליי־מענטן...

און אַז גאָלדפעלד האָט געזען, ווי אויפגעלייגט זיין שותף איז דאָ געוואָרן, האָט ער אַזוי לאַנגזאַם אַרויפגעפירט אויף אַ געשעפטס-שמועס — און צופרידן געבליבן. יענער האָט אַלץ געשמייכלט און צוגעשטימט.

און כּכוח דער אונטערשריפט אויף עפּעס אַ באַפולמעכטי־קונג, וואָס גאָלדפעלד האָט געהאַט חשק געהאַט אַרויסצוקריגן פון שותף, איז עס אויך געווען אויף אַ דרך. גליקסבערג איז לייכט דערויף איינגעגאַנגען. ער, גליקסבערג האָט נאָכאַנאַנד געשמייכלט און צוגעשטימט. און נאָכן מיטאָג, ווען גליקסבערג איז כּמעט שיכּור אַהיימגעגאַנגען, האָט מאַדאַם גאָלדפעלד דערמאַנט דעם מאַן, אַז דאָס פאַרבעטן אויף מיטאָג, איז געווען איר אויס־טו.

— איך האָב געוווסט, וואָס כ'טו — האָט זי פסדר דער־
מאָנט.

ער ווידער האָט דערמאָנט, אַז פיש און חיין איז געווען
זיין אויפטו.

— אַז מאַכן — זאָל זיין געמאַכט — האָט ער זיך גע־
בריהט — ס'קאָסט טאַקע, אָבער. ..

גאָלדפעלד האָט אונטער דעם „אָבער" געמיינט, אַז ווען
יענער וועט אים די באַפולמעכטיקונג אונטערשרייבן, וועט עס
אים ווערט זיין אַלע קאָסטן, וואָרים דאַמאָלס וועט ער אים דעם
שותּף אויך אַ ביסל בײַ דעם צײַמל האַלטן.

— און פאַרוואָס האָסטו אים איצט נישט געגעבן צום אונ־
טערשרייבן — פרעגט זי — איצט האָסטו געהאַט די בעסטע גע־
לעגנהייט.

— ניין — זאָגט ער — אַזוי טוט מען נישט. ער וואָלט
זיך געכאַפּט, אַז כ'וויל אים אַריינקריגן און אַלץ וואָלט קאַליע
געוואָרן.

— און פונוואַנען ווייסטו, אַז ער וועט נאָכן איבערשלאָפן
זיך אויך באַשטיין? — לאָזט זי נישט אָפּ.

אויף דעם האָט גאָלדפעלד נישט וואָס צו ענטפערן, וואָרים
ער איז דערין טאַקע נישט זיכער, נאָר [illegible]ום נישט אַרויסצוּווייזן
זיין צווייפל ענטפערט ער:

— ס'וועט שוין גוט זיין, פאַרלאָז דיך.

יענער אָבער, דער גליקסבערג, האָט נאָכן איבערשלאָפן
זיך און אויסניכטערן, גענומען שטאַרק נאָכטראַכטן, פאַרוואָס די
גאָלדפעלדס זענען [illegible] מיטאַמאָל אַזוי ברייט געוואָרן און
אים מכבד געווען מיט אַזאַ גרויסאַרטיק מיטאָג. ער קען די
גאָלדפעלדס [illegible], וואָס הענגען זיך פאַר אַ גראָשן —
האָט ער געטראַכט און געטראַכט, און לסוף דערטראַכט, אַז
דאָס מוז זיין, איז דערפאַר, וואָס גאָלדפעלד, האָט בן־הסתּם
געפעפערט באַרעכנט די פרייזן פון דער סחורה, וואָס ער גיט
אַריין אין שותּפות פון זיין איצטיק געוועלב, ווייל ער זיך אים
צושמייכלען, אים אָפּמען מיט אַ מיטאָג, עס זאָל אים נישט

פּאַסן זיך אָקעגנצושטעלן, האָט גליקסבערג זיך דאָס גוט געני-
מען אויפן רעיון און דערבליקט, אַז גאָלדפעלדס סחורות פון
געוועלב, זענען סאַמע באָוול סחורות, נישט צום געברויכן — האָט
זיך פון נאָך-אָט דעם מיטאָג אָנגעהויבן צווישן די שותפים נייע,
שווערע סיכסוכים. און מאַדאַם גאָלדפעלד, האָט שוין מער נישט
געקענט זיך באַהערשן מיט איר אויפטו — פאַרבעטן דעם שותף
אויף מיטאָג — זי איז צופרידן געווען, אַז מ'פאַרגעסט אַ ביסל
אין דעם אויפטו אירן.

## קאַפּיטל 3.

דער זומער איז אַוועק. ס'איז אויך אַוועק ראש השנה, יום כפור, די ימים-נוראים, וואָס האָבן זיך היי-יאָר, צוליב אי־דושעס פריצייטיקן טויט, געלאָזט פילן אין גאָלדפעלדס שטוב מיט אַ באַזונדערער פרומקייט און דער יום-טוב סוכות. וואָס האָט זיך, ווי שטענדיק, געאַרנישט געפילט אין גאָלדפעלדס שטוב און ס'איז אָנגעקומען דער נאָך סכות מיט זייַנע קורצע גרויע רעגנ־דיקע טעג.

גאָלדפעלד איז געווען פאַרהאַוועט, פאַרטון אין געשעפט, און אַזוי ווי ער איז געווען פאַרקראָכן מיט אַ שלעכטן שותף און צו די נאָכאַנאַנדיקע סיכסוכים צווישן זיי, האָט גאָר קיין עק נישט גענומען, איז גאָלדפעלד שטענדיק געווען בייז אָנגעלאָדנט. דעם כעס, וואָס ער האָט נישט געקענט אויסלאָזן צום שותף, האָט ער אויסגעלאָזט אינדערהיים צו די שטוביקע. נישט-ווי נישט-ווען זענען צווישן מאַן און ווייב אויסגעבראָכן קלענערע און גרעסערע מחלוקות, צוליב אַ ליאַדע קלייניקייט. און אַז צווישן מאַן און ווייב האָט זיך געמאַכט אַ ברוגז, איז

נישט געווען ווער עס זאָל צוריק שלום מאַכן. אידזשאַ, די איינ-
ציקע, וואָס האָט געקענט גאָלדפעלדן ווייכער מאַכן, איז מער
נישטאָ; אידזשאַ ליגט באַגראָבן אויפן בית-הקברות. די נאָכאַ-
נאַנדיקע רעגנס האָבן דאָס אויפגעשיטע קבר נאַס געמאַכט, דורכ-
געזומען מיט פייכטקייט דאָס געלע זאַמד. נאָכן ווינטער, אַז די זון
וועט ווידער וואַרעם און ליכטיק אויפשיינען, וועט אויפן קבר
גראָז שפּראָצן און שוין! דאָס איז געבליבן פון דער שיינער
אידזשאַ מיט די בראַונע לאָקן, וואָס האָבן איר געפּלאָנטערט באַם
גיין, ווי אַ מחנה צעשראָקענע פייגל. איצט האָבן נאָכאַנאַנד
אויסגעבראָכן מחלוקת צווישן די גאָלדפעלדס און נישטאָ קיינער,
וואָס זאָל צוריקשטעלן דעם שלום בית.

— קורצע האָר איז היינט זייער מאָדנע — האָט די מאַמע
מיטע איינמאָל געזאָגט צו דער טאָכטער בראָניע, ווען זי איז
אין אַ פאַרנאַכט אַ ביסל אויבן געווען באַ דער מוטער.

מאַדאַם גאָלדפעלד האָט פאַרשטאַנען דער מוטערס מיין,
צו וואָס זי דערציילט איר, אַז קורצע האָר זענען היינט מאָדע.
זי האָט עס פאַרשטאַנען און האָט אין זיך איינגעזען, אַז דער
מוטערס עצה איז גוט — עטלעכע טעג שפּעטער, און אַפשר
טאַקע באַלד צומאָרגנס — איז מאַדאַם גאָלדפעלד אַריינגעגאַנ-
גען צו אַן ערשטקלאַסיקן פריזירער און געלאָזט זיך אונטער-
שניידן די האָר ביז די אויערן, אויף פונקט אַזאַ אַרט, ווי אי-
דזשאַ פלעגט זיך לאָזן פאַרשערן.

אָבער צו דעם, וואָס מאַדאַם גאָלדפעלד האָט געצילט מיטן
אונטערשניידן די האָר — דאָס האָט זי דאָך נישט דערגרייכט.
זי האָט מיט די קורצע האָר גאָר ווייניק דערמאַנט מיט זיך אין
מאַנס אויגן, אידזשעס אויסזען. דעם דינעם שלאַנקן
מיידל, האָבן די קורצע האָר, די בראַונע פּלאָנטערדיקע לאָקן
צוגעגעבן צו אַלע אירע חנען נאָך אַ חן. אַנדערש אָבער די
מיטליעריקע מאַדאַם גאָלדפעלד מיטן הויכן מעכטיקן בוזים און
נישט יונגן פנים, איר האָבן די אונטערגעשוירענע האָר אַ קאָ-
מישן אַלט-יונגן אויסזען צוגעגעבן און פון איר צוגענומען אפילו
יענעם רייץ, וואָס זי האָט יאָ נאָך פאַרמאָגט.

גאָלדפעלד, וואָס האָט זיך דעם ערשטן טאָג פּאָסמאַקע־װעט מיט דעם ווייבס קורצע האָר, איינגערעדנדיק זיך, אַז איצט איז זי גאָר אַ נייע, אַ פרישע — איז אויך באַלד אָפּגעשטאַנען, קאַלט געוואָרן:

— האָסט נישט געדאַרפט לאָזן אונטערשניידן די האָר — האָט ער אַמאָל איר באַמערקט — זעסט עפּעס אויס... —

ער האָט נישט דערצײלן געזאָגט, ווי זי זעט עפּעס אויס מיט די קורצע האָר, ער האָט בלויז אַ קרום געטאָן די נאָז, געמאַכט דערבײַ אַ גרימאַסע, ווי פון עפּעס נישט באַטעמטעס.

אַ רפואה צום צעשטערטן שלום-בית זענען די קורצע האָר נישט געווען, בשום אופן נישט די מחלוקות האָבן ווייטער אָנגעהאַלטן, געוואָרן נאָך שוואַכער געוואָרן, ווי ביז אַהער. פאַרקערט נאָך, ער, דער מאַן, האָט זיך איצט גאָר שטאַרק געטשעפּעט צום ווײַב, געהאַט צו איר משונהדיקע טענות... אַהיימקומענדיק שפּעט אין אָוונט פונעם שותף מיט אַ זידעניש אין האַרץ, מיט אַ פאַ־ביסענעם פאַרדרוס פון דעם, וואָס נישט ער, גאָלדפעלד, האַלט יענעם באַם צײַמל, נאָר יענער — אים, האָט ער זיך נאָכאַנאַנד געטשעפּעט צו דער פרוי מיט פּרעטענזיעס. אַלץ, וואָס ער האָט נישט געקענט אויסלאָזן צום שותף, האָט ער חשק געהאַט אויסצולאָזן צום ווײַב, איר פאַרגעהאַלטן, אַז אין דער באַלעבאַטישקייט איז קיין אָרדענונג נישט. ער האָט כסדר צעפּנט שאַנק נאָך שאַנק, געוויזן מיטן פינגער אויף דעם דערינען אָנגעוואָרפענעם באַרג פאַרשלייאַכטע מלבושים.

— אַזוי דאַרף דאָ אויסזען? אַזוי דאַרף אַ באַלעבאָסטע צו לאָזן?! אַז איך זאָל אפילו זײַן רײַך ווי ראָטשילד, מוז איך בײַ אַזאַ ווירטשאַפט אונטערגיין...

אַז נישט האָט ער געהאַט טענות וועגן די קינדער, וואָס וואַרן דערצויגן, ווי די ווילדע חיות אין וואַלד. וויל נישט עסן, נאָר נאַשן קאַרמעלקעס און זען אויס, ווי זיי וואָלטן נישט געהאַט צו עסן.

— נישט דו דערציסט זיי שלעכט — רעדט גאָלדפעלד

להכעסדיק דעם ווייב אין פנים — זי דערציסט זיי גאָרנישט; ווי די קאַץ גייט דיך אָן, אַזוי גייען דיך אָן דיינע קינדער.

און די טענות זענען אַזעלכע צודרינגלעכע, נייע, ווי נאָך קיינמאָל ביז היינט. זי, די מאַדאַם גאָלדפעלד, האָט געפילט, ווי אַט-אָט וועט ער איר איבער. ער וועט ווערן דער ערשטער, זי — די צווייטע. זי איז געווען אין סכנה איר מאַכט אין שטוב צו פאַרלירן; אויפצוהערן „שפּילן די ערשטע פידל״ — אָבער איר קאָפּ איז שוין דאַמאָלס פאַרנומען געווען מיטן געפינען אַ רעטונג פון איר לאַגע, ראַטעווען איר מאַכט אין שטוב, צוריקקריגן אין האַנט די „ערשטע פידל״. און איינמאָל, ווען גאָלדפעלד איז אַרום מיטאָג-צייט צוריקגעקומען פון אַ צוויי-טאָגיקע געשעפטס נסיעה, האָט ער אָנגעטראָפן די פרוי ליגן אין בעט און דערלעבן איז געזעסן איר מוטער און געקרעכצט.

די שוויגער איז אַריינגעקומען צו גאָלדפעלדן אין עס-חדר, צוגעמאַכט הינטער זיך די טיר צום שלאָף חדר, די טאָכטער דערינען זאָל נישט הערן, וואָס זיי רעדן — מייסע האָט דערציילט דעם איידעם, אַז נעכטן אין אָוונט האָט בראָניע באַקומען אַ האַרץ-אַטאַק און דער דאָקטער ראָט, גאָרנישט צו פאַרברענגען און גלייך פאָרן נאָך וואַרשע צו אַ האַרץ-קרענק ספּעציאַליסט.

עטלעכע טעג שפּעטער, איז מאַדאַם גאָלדפעלד אין באַגלייטונג פון דער מוטער (גאָלדפעלד האָט נישט געקענט מיטפאָרן, ווייל ער קען זיך נישט אָפּרייסן פון געשעפט און ווייל ס איז נישט געווען, אויף וועמען איבערצולאָזן די שטוב) — געפאָרן נאָך וואַרשע צום ספּעציאַליסט. זיי האָבן דאָרט פאַרברענגט עטלעכע טעג. גאָלדפעלד און דער שווער זענען דאָ דערווייל געווען אומרויק. דער שווער האָט געהאַלטן אין איין קומען צו גאָלדפעלדן, צי ער האָט שוין עפּעס אַ נאַכריכט, וואָס דער ספּעציאַליסט האָט געזאָגט. און צי ער האָט נישט פאַרגעסן אָנצוזאָגן, בראָניע זאָל גאָרנישט גיין צופוס — אַלץ

פאָרן, זיך היטן. נישט קומען באַנאַכט און פאָרן רק מיטן טאָ-
יער.

און אַז מען האָט שוין די זכיה געהאַט זיי צו זען צוריק
גאַנצערהייט, האָט די שוויגער אַריינגערופן גאָלדפעלדן אין אַ
באַזונדער חדר און אים דערציילט, אַז דער ספעציאַליסט
נעמט בראָניעס האַרץ-קרענק זייער ערנסט. ער האָט פאָ-
טאָגראַפירט איר האַרץ-קלאַפּן, האָט דאָס האַרץ-קלאַפּן אויסגע-
זען אויף דער פאָטאָגראַפיע, ווי אַ קרימער זיג-זאַג אין מיטן
דורכגעהאַקט, וואָס דאָס איז, אַלע שונאים, אַ גאָר שלעכטער סימן.
ס'איז אָפּגערעדט געוואָרן צווישן איירעם און שוויגער, אַז
בראָניע מוז האָבן פולשטענדיקע רו. זי טאָר זיך גאָרנישט מישן
אין דער באַלעבאַטישקייט און קיין שום עגמת-נפש טאָר זי זיך
נישט צולאָזן.

— גאָרנישט דאַרף זי וויסן און גאָרנישט דאַרף זי
אָרן — פאָרמולירט דאָס גאָלדפעלד, מעשה סותר, קורץ.
— אַז זי קען אָבער נישט רוען, אַז זי וויל אָבער דאָך
וויסן אַלץ, וואָס טוט זיך אין שטוב און אין געשעפט — זאָגט
די מאַמע מייטע מיט אַ זיפץ און גיט צו מיט אַ טיפן קרעכץ —
מיינסט, אַז זי איז אַריינגעפאַלן אין דער וויסטער האַרץ-קרענק
איבער עפעס אַנדערש, ווי צוליב דיינע עגמת-נפשן מיט גליקס-
בערגל גנב ?

— אויפן פנים זעט מען איר חלילה גאָרנישט אָן — טרייסט
גאָלדפעלד די שוויגער, נישט אַנענדיק גאָר, אַז זיין פרויס
האַרץ-קרענק איז גאָר אַ ווייבעריש דיפּלאָמאַטישע קרענק...
— ווי איז מיר — כאַפּט זיך מייטע פון איידעמס טרייסט-
ווערטער — דער מענטש איז דאָך שוין גאָר בלינד ! דאָס איז
אַ קרענק, וואָס מ'זעט גאָרנישט אָן. מ'גייט, מ'שטייט און מען
פאַלט, און אַ סוף, מיינע שונאים, ווי די באַטריבטע אידזשע נעבעך.
אידזשע — אידזשעס קרענק, ווייסט גאָלדפעלד איז גאָר
אַנדערש געווען... נאָר צוואָס זאָל ער אויפוועקן די טרויעריי-
קע זכרונות, שווייגט ער און טראַכט, אַז מן הסתם איז זיין פרויס

קרענק אויך אַ געפּערלעכע קרענק. אַז מען זעט איר גאָרנישט אַן אויפֿן פּנים, איז עס אפֿשר נאָך אַן ערגערער סימן...

די נאָכאַנאַנדיקע רעגנס האָבן דעם האַרבסט גאָרנישט געהאָלפֿן אויפֿהערן. אין נישט געברוקירטן עק־שטאָט־קוואַרטאַל, איז מען ביז די קני געזונקען אין בלאָטע. אין בענדעטס שטיבל איז, ווי יעדן האַרבסט, די פֿייכטקייט אַדורכגעדרונגען די דינע איינציקלדיקע מויער. די ווענט האָבן אויסגעזען, ווי פֿאַרוויינט, אַראָפּצו צו דעם דיל, זענען זיי געמען באַצויגן מיט אַ דיקער שיכט פֿייכטן שימל, ווי גאָסע וואַטע — און חנה. בענדעטס שוועסטער, האָט הײַ יאָר, מער ווי אַן אַנדער יאָר, נישט געקענט פֿאַרטראָגן די פֿייכטקייט.

צי זי האָט זיך פֿאַרקילט, צי גלאַט וואָס אַ יאָר ווײַטער, איז איר אַלץ שווערער געוואָרן מיט איר קוּצן האַלדז און נישט געזונטע לונגען. אַ דאַנק דעם קרומען רוקן, צו פֿאַרטראָגן די פֿייכט געדריקטע לופֿט אין נידעריקן קוים צונױפֿגעקלעפּטן הײַזל? ס׳האָט איר נאָכאַנאַנד געטרוקנט אין האַלדז, געשטיקט דער אָטעם און איינמאָל נאָכדעם, ווי חנה האָט אויסגעשפּיגן בלוט, האָט בענדעט נישט געהאַט קיין אַנדערע עצה. ווי גיין צו גאָלדפֿעלדן, ער זאָל אים אָרויסגעבן אַ ביסל געלט פֿון דער סומע, וואָס בענדעט האָט אים פֿאַראָיאָרן האַרבסט געבאָרגט, אום ער זאָל האָבן, מיט וואָס צו ראַטעווען זײַן קראַנקע שוועסטער.

בענדעט האָט דערציילט גאָלדפֿעלדן, אַז זײַן שוועסטער קען נישט פֿאַרטראָגן די פֿייכטקייט פֿון זײַן שטיבל און, אַז זי האָט אויסגעשפּיגן בלוט — גאָלדפֿעלד האָט אויסגעשטעלט אַן אומצופֿרידן פּנים, צו וואָס בענדעט דערציילט אים דאָס און בײַן באַמערקט:

— מוזסט אפֿנים מיינען, אַז איך קען דיר צוריק מאַכן אמער? נאָר אַז ער האָט באַנומען, אַז בענדעט דערציילט אים דאָס, אום ער זאָל אים געבן געלט פֿון דער סומע, וואָס ער האָט בײַ אים ליגן, האָט אים גאָלדפֿעלד אָנגעקוקט פֿאַרוווּנדערט:

— דיר חלומט זיך אַלץ נאָך פֿון סומעס געלט? ס'איז בנאמנות אַן עבֿרה מיט דיר צו טון צו האָבן — און דאָס פּנים גאָלדפעלדס האָט זיך פֿאַרכמורעט.

און שוין! מער האָט גאָלדפעלד דערפֿון נישט געהאַלט רעדן. אַז בענדעט האָט אים נאָכאַמאָל געפּרוּווט רעדן וועגן דעם געלט, האָט גאָלדפעלד געשוויגן און גאָרנישט געענטפֿערט. גלייך ווי בענדעטס מאָנען אים געלט, איז אַזאַ ווילדע זאַך, וועגן וועלכער ס'איז גאָרנישט כּדאַי אַ וואָרט קאַליע צו מאַכן.

און פּלוצלינג, אַ וואָך אַנדערהאַלבן נאָכדעם, ווי בענדעט האָט אים דאָס לעצטע מאָל געמאָנט געלט, האָט גאָלדפעלד אַמאָל אַליין געמאַכט אַ שמועס מיט בענדעטן וועגן זיין שוועסטער, צי ס'איז איר בעסער אויף דער האַלדז-טרוקעניש און דערהערנדיק, אַז ס'איז איר גאָרנישט לייכטער, האָט גאָלדפעלד פֿאָרגעלייגט בענדעטן, זי, זיין שוועסטער, זאָל אַ פּאָר וואָכן זיין דאָ בײַ אים אין שטוב, ביז עס וועט איר בעסער ווערן.

בענדעט האָט תּחילת געמיינט, אַז דער דאָזיקער פֿאָרשלאַג איז גאָלדפעלדס אַזאַ מין לצנות. גאָלדפעלד אָבער האָט דאָס נאָך אַמאָל פֿאָרגעלייגט בענדעטן און אַז זיי האָבן זיך דערוועגן צעשמועסט, האָט בענדעט דערפֿון אַרויסגעדרונגען, אַז אַזוי ווי די גאָלדפעלדן איז איצט ליידנד און טאָר זיך נישט מישן אין דער באַלעבאַטישקייט, וויל גאָלדפעלד בענדעטס שוועסטער זאָל אַהערקומען אים צוזען די ווירטשאַפֿט.

בענדעט האָט דאָס דערציילט דער שוועסטער. זי באַטירלעך, איז נישט באַשטאַנען דערויף, נישט געוואָלט הערן פֿון זיין בא גאָלדפעלדן. אויף דער טרוקעניש אין האַלדז איז איר אָבער אַלץ נישט בעסער געוואָרן. ס'איז איר נאָך ערגער געוואָרן. און מ'האָט שוין געמוזט ערנסט אַ טראַכט טון, צי חנה זאָל טאַקע אָפּוואַרפֿן גאָלדפעלדס פֿאָרשלאַג.

דערנאָך האָט זיך איינמאָל באָלדפעלד אַליין מטריח געווען, געקומען אַרויסצופֿאָרן מיט אַ דראָזשקע איבעררעדן חנהן, זי זאָל אָננעמען זיין פֿאָרשלאַג און אַריבערפֿאָרן צו אים אויף אַ פּאָר וואָכן.

ער האָט לאַנג גערעדט גאָלדפעלד, אויסגעווייזן, ווי געפּער־לעך ס'איז פאַר חנהן דאָס פאַרבלייבן דאָ אין דער פייכטער וווינונג אין דער איצטיקער האַרבסט־צייט. ס'איז פאַר איר לונ־גען פּשוט סם המוות און בײַ אים — זי וועט נישט אומזיסט עסן זיין ברויט, שווער אַרבעטן וועט זי אויך נישט: אויפּזען די דינסט און האָבן אויפן אויג די באַלעבאַטישקייט...

חנהס ווידערשטאַנד איז געוואָרן אַלץ שוואַכער. בענדעט, נישט זעענדיק פאַר דער שוועסטער קיין אַנדערן אויסוועג, האָט זי אויך צוגערעדט אַזוי צו טון.

ס'איז געווען קלאָר, אַז גאָלדפעלד מיינט מיט דעם נעמען צו זיך חנהן, שיסן צוויי האָזן אויף איין מאָל. ער וועט האָבן עמעצן, וואָס וועט אים פירן די באַלעבאַטישקייט, אָפּהיטן זיין פּרוי און — דער חוב בענדעטן, וועט דערמיט אינ־גאַנצן אָפּגעווישט ווערן. דאָס האָט זיך געלאָזט משער זיין פון גאָלדפעלדס אָפּט איבערגעחזרטער ווענדונג צו בענדעטן: — וועס־טו מיר מער נישט נאָכזאָגן אַ בייז האַרץ.

בענדעט האָט פאַרשטאַנען, אַז מיט זיין שוועסטערס אויפ־האַלטן זיך בײַ גאָלדפעלדן וועט זיין און איר חוב שוין לחלוטין באַגראָבן ווערן אין גאָלדפעלדס הענט. ער האָט אָבער נישט גע־האַט קיין אַנדערע ברירה... ווידער וואָס שייך דעם חוב — גיט אים גאָלדפעלד סיי ווי סיי נישט אָפּ און געריכטלעך קען ער פון אים אויפמאָנען פון דער גאַנצער ירושה־סומע פאַרן הויז אַזוי גרויס, ווי מ'קען דערפאַר לעבן... אַ וואָך צייט. —

גאָלדפעלד און בענדעט — ביידע האָבן זיי חנהן צוגערעדט און אַז זי האָט זיך לסוף אָפּגעשטעלט דערויף, אַז דאָ וועט בענ־דעט נישט האָבן, ווער עס זאָל אים קאָכן עסן, איז גאָלדפעלד אַפילו באַשטאַנען, בענדעט זאָל בײַ אים עסן מיטאָג. און סוף־כל־סוף איז בענדעטן געלונגען איבעררעדן די שוועסטער און זי איז איבערגעפאָרן צו גאָלדפעלדן, פירן דאָרט די באַלעבאַטישקייט און פאַרבעסערן זיך דאָס געזונט.

דאַמאָלס, ווען אָט דאָס איז פאָרגעקומען, איז גאָלדפעלד שוין געווען רוכב בערבות איבערן שותף. גאָלדפעלדן איז געלונ־

נען דורך אַ פּיפּיק שפּיצל אַרויסצוקריגן פון שותּף די שליסלען פון געשעפט און ווען יענער איז עטלעכע טעג נישט הי געווען, האָט דערוויַיל גאָלדפעלד בשתיקה, געלאָזט אַריבערפירן דעם גרעסטן טייל סחורות פון שותּפות-געשעפט און אַוועקלייגן בײַ זיך אין די שפּייכלערס. ווען דער שותּף גליקסבערג איז צוריקגעקומען און זיך אַרומגעקוקט, איז ער געלעגן געבונדן הענט און פיס און געדאַרפט טאַנצן, לויט ווי גאָלדפעלדט וועט אים צושפּילן.

דאַמאָלס האָט זיך צווישן די שותּפים געגומען שלעפּן אַ האַפּנונגסלאָזער בוררות. גאָלדפעלדס בוררים זענען געווען: דער גרויסער סוחר און גיטס-באַזיצער פּינטשעווסקי און אַלס פּיפּיקער לאָבוס דער פאַן איגנאַצי לענסקי. גליקסבערג האָט זיך געפונען אויך ענלעכע בוררים: דעם אָנגעזעענעם רייכן סוחר אַבראַמזאָן און אַלס גלייכגעוויכט גאָלדפעלדס פאַן לענסקי, האָט ער זיך אויסגעזוכט דעם פאַן סטאַניסלאַוו מאָזעס.

די בוררים האָבן געהאַט אַ שווער קנעלונג מיט די האַרטלייביקע בעל-דברס... פּינטשעווסקי איז עטלעכע מאָל געקומען צו לויפן צו גאָלדפעלדן, ער זאָל זיך אַ „בייג" טון. אַנדערש וועט ער, פּינטשעווסקי, זיין געצוווּנגען זיך אָפּצוזאָגן פון צו זיין בורר, וואָרים ער זעט נישט קיין אויסוועג.

גאָלדפעלד, פילנדיק זיין אויבערמאַכט איבערן שותּף איז געווען האַרט ווי אייזן, פעסט ווי שטאָל. טענהן האָט ער פאַרשטאַנען אַזוי דיפּלאָמאַטיש, אַז מ'זאָל זיך אָנשטויסן, וואָס ער מיינט, און דערביי — טאָמער צעפאַלט זיך דער בוררות — זאָל יענער פאַרט נישט קענען שטעלן די בוררים אַלס עדות אין געריכט קעגן אים, גאָלדפעלדן.

און אַז דער שותּף גליקסבערג האָט זיך שוין געגנוג געפילט צוגעדריקט צו דער וואַנט, האָט גאָלדפעלד מיטאַמאָל פאַרגעלייגט, גליקסבערג זאָל פון אים אָפּקויפן זיין טייל געשעפט. יענער איז באַשטאַנען אָפּצוקויפן גאָלדפעלדס טייל געשעפט, נאָר במקח — האָט זיך ווידער אָנגעהויבן אַ האַנדל און אַ דינגעניש. גאָלדפעלד איז גאָרנישט געווען אַזוי איינגעשפּאַרט, אָפּגעלאָזט פון זיין טייל עפּעס און עפּעס; אַ ביסל און נאָך אַ ביסל, נאָר

ווען יענער איז שוין געווען גוסס און ס'האָט שוין געהאַלטן נאָר צו מאַכן אַ געשריפטס, האָט גאָלדפעלד מיט אַ מאָל אַ דריי אויס געטאָן דעם דישל. ער האָט מיט אַ ווייניגס איבערגעשלאָגן יענעמס אויסגעהאַנדלטן מקח און דאָס געשעפט מיט אַלע איינריכטונגען איז געבליבן בײַ גאָלדפעלדן אַליין.

איצט איז גאָלדפעלד ווידער געווען רויק. איבערן געשעפט אין צענטער שטאָט, וואָס וועט זיך עפענען נאָך ניי יאָר, איז ער דער איינציקער באַלעבאָס; מיט גליקסבערגן, האָט ער פאַרענדיקט אַזוי ווי ער האָט געוואָלט, נישט ווי יענער; דער פרוי די האַרץ-קרענק גייט אויך שוין נישקשה, זי פילט זיך מונטער (זי זאָגט דאָס נישט, נאָר ער זעט, אַז ס'איז נישט אַזוי געפערלעך, ווי ער האָט תחלת געמיינט;) די באַלעבאַטישקייט פירט אים בענדעטס שוועסטער, דאָס הויקערדיקע עלטערע מיידל; בענדעטס חוב ווערט איצט, אַ דאַנק איר דאָ זיין, שוין אינגאַנצן אָפּגעווישט. — האָט זיך גאָלדפעלד ווידער מיט אַלע רמ"ח אברים אַרײַנגעלאָזט אין מסחר און אַלץ האָט זיך גענומען פירן, ווי עס דאַרף זיך פירן.

# קאַפּיטל 9.

אין עק-שטאָט קוואַרטאַל אין קליינעם הייזל אין שטיבל, וואָס געפינט זיך לעבן אַרויסגאַנג, וווינט איצט בענדעט איינער אַליין.

פאַרנאַכט אין דער טונקל-שעה — זעלטן ווען שפּעט אין אָוונט — קומט בענדעט פון שטאָט, שליסט אויף דאָס שלעסל, וואָס הענגט אויף דער טיר פון זיין שטיבל, גייט אַריין, צינדט אָן דאָס קליינע לעמפּל און סדוב בלייבט ער שטיין אין דער היים ביז צומאָרגנס אינדערפרי.

די נעכט האַרבסט-נעכט, לאַנגע, פינסטערע, פייכט קאַל-טע; די חושך-ממשלה ווערט דאָ אין אָרימען קוואַרטאַל פון באַרבישט געשטערט: נישטאָ אינגאַנצן קוואַרטאַל איין גאַז-לאָמפּ, וואָס זאָל מיט אַ ליכט-שיין די פינסטעריש באַלויכטן.

בענדעט זיצט באַם טישל, קוקט אין עפּעס אַריין, האַלט דעם קאָפּ אויף די אונטערגעשפּאַרטע הענט, אָדער גייט אַרויף און אַראָפּ איבערן שטיבל.

שעהנווייז גייט ער אַזוי אַרויף און אַראָפּ איבערן שטיבל,

טראַכט חעגן זיך, חעגן אַנדערע, וועגן לעבן בכלל גאָר-נישט.

און אַז עס ווערט אים מיאוס דאָס גיין אַרויף און אַראָפּ, גייט ער צו צום פענסטער און קוקט אַרויס אין דער נאַכט אַריין.

אינדרויסן איז גאָרנישט צו זען און גאָרנישט צו הערן. זעלטן דערטראָגט זיך דאָס טאָפּטשען פון שטיוול אין דערגעדיכטער בלאָטע, אַ קול פון אַ שיכור, וואָס קערט זיך פון שטאָט אום אַהיים, ווי דאָס חייב דערוואָרט אוודאי דאָס קומען פון מאַן דעם שיכור מיט שרעק — אַמאָל הערט זיך דאָס שלעפּן זיך פון אַ וואָגן, קרעכצן פון רעדער אין בלאָטע און טיילמאָל אויך, דאָס הצפּהדיקע דריגען פון אַן אויטאָ, איילנדיק צום טראַקט.

אַרום אי די אַנדערע שטיבלעך באַ די שכנים, גייט מען פרי שלאָפן: נישטאָ וואָס צו ברענען, נישטאָ קיין באַלייכטונג און עסן פעלט ס׳מערסטע אויך. פאַרן שלאָפן לייגן, קריגט מען זיך אין דער קופּע אַריין — אַמאָל דערגייט עס צו אַ געשלעג — דערנאָך ווערט אַ כראָפּעריי, פון אַלע שטיבלעך אַרום הערט זיך כראָפּען און בענדעט קריכט נאָך אַלץ אַרום אין זיין שטיבל אָדער ער זיצט באַם טישל.

אַנומלט אין אָוונט הערט זיך פּלוצלינג אַ קלאַפּ אין טיר. לויפט בענדעטן אַדורך אַן אומהיימלעכער „ווער קען דאָס זיין?" די טיר עפנט זיך. עס קומט אַריין די שכנטע, די אלמנה פינקל.

— אַ גוטן אָוונט אייך — זאָגט זי מיט איר נישט היגער אויסשפּראַך. זי גייט צו, גיט אַ קוק אויפן וועק-זייגער, וועלכער שטייט אויף זיין באַשטענדיק אָרט, אויפן שענקל און זי וואונדערט זיך, אַז עס איז נאָך אַזוי פרי.

— ערשט נאָך זיבן, נאָך אומעל נישט אַכט אַ זייגער? דאָ אין דעם וויסטן חי״ל — אַזוי שטיל און טויט אַרום, אַז מ׳קען מיינען, ס׳איז שוין באַלד האַלבע נאַכט.

בענדעט בעט זי אַ ביסל זיך צוזעצן. זי זעצט זיך נישט, מיט דעם אויסרייד, אַז זי דאַרף אַריינגיין, די טאָכטער וועט

באַלד קומען אָן די װעטשערע אין נאָך נישט פּאַרטיק. זי שטייט אָנגעלענט אָן רוקן פון אַ שטול. דאָס געלבלעכע פּנים מיט די אומצאָליקע קנייטשן און קנייטשעלעך — קענען שיין פון לעמפּל, די גאָמבע אירע, קענטיק אַמאָל שיין געחען, דערמאָנט — דער טאָכטערס געטאָקט גאָמבעלע. זי באַקלאָגט זיך ווידער אויף דעם בענקעניש דאָ אין הייזל.

— אַז דו זיצסט אַזוי איינע אַליין, דאַכט זיך דיר, ביסט פאַרוואָרפן ערגעץ עק וועלט, און נישט נאָר באַ מיר — דאָ, באַ אייך פילט זיך פונקט אַזאַ עלנטקייט.

זי פאַרגעסט מיטאַמאָל, אַז זי דאַרף אַריינגיין קאָכן װע־טשערע, ווי אומגעטראַכט זעצט זי זיך אויף דער שטול. בענדעט פאַרשטייענדיק, אַז ווען זי זעצט זיך, וויל זי מן הסתם עפּעס רעדן, פאַרמאַכט ער דאָס בוך, אין װעלכן ער קוקט אַריין. ער דערהייבט דעם בליק און באַמערקט מיטאַמאָל, אַז דערדאָזיקער פאַרמוטשעטער פּרויס אויסגעפלאָשענע אויגן מוזן אַ מאָל האָבן פונקט אַזוי אויסגעזען, ווי דער טאָכטערס אויגן היינט, אויך אַזעלכע לענגליכע און ברוינע, נאָר שוין מאַט... טראַכט זיך אים, אַז מינע, דאָס שיינע מיידל, װעט אין אַ פינפאונצוואַנציק, דרייסיק יאָר מן הסתם אַזוי אויסזען, ווי אָט די אָפּגעבליטע, אַלטע יידענע. נאָר נאָך איידער בענדעט װערט אין זיך פאַרטיק מיט דער פאַרגלייכונג צווישן דער אָפּגעלעבטער צעבראָכענער מו־טער און בליענדיקער טאָכטער — רופט זיך די אַלטע מיטאַמאָל אָן:

— איך קען חלילה נישט קיין טענות האָבן צו דעם, וואָס לעבט אייביק. ער האָט מיך מיט זיין דערבאַרעמדיקער האַנט לעצטנס אַ ביסל אויפגעריכט, וואָס אַן אמת, אין מיין שטוב פעלט איצט ברוך־השם גאָרנישט, נישט פון מילכיקס און נישט פון בעסערס...

זי רוט זיך אָפּ און נעמט ווייטער רעדן.

— און זעט איר — כ׳ווייס נישט, מיין קינד זעט וואָס אַ טאָג ערגער אויס... עפּעס אַ נישט ניחאקייט לייען איך אַראָפּ פון איר פּנים. פרעג איך זי, טאָכטערקע, זאָג מיר, וואָס דיר

פעלט. אפשר עפּעס נישט געזונט? דערציילט דער מאַמען. ניין, זאָגט זי, מאַמינקע, מיר פעלט גאָרנישט. — אַזוי ענטפערט זי מיר כסדר. איך זע אָבער פאָרט, מיין קינד איז נישט די אייגענע וואָס פאַר אַ יאָר. אפילו נישט דיזעלבע, וואָס מיט די דריי חדשים צוריק. — בעט זי בענדעטן, אפשר וואָלט ער פון איר טאָכטער דערגאַנגען די סיבה פון איר שלעכט אויסזען. בענדעט קען איר, נאַטירלעך, דאָס נישט צו זאָגן. ער פרוווט איר אויסרעדן, אַז מעגלעך דאַכט זיך איר בלויז, אַז די טאָכטער זעט שלעכט אויס, איבעריקנס באַ מיידלעך אַ ליאַדע וואָס, אַן אַדורכגעלייענט רחמנותדיק בוך, זעט מען זיי דאָס באַלד אָן אויפן פנים.

זי אָבער, די אלמנה פינקל, גיט מיטאַמאָל אַ כאַפּ אָן בענדעטס האַנט, וואָס ליגט אויפן טיש און מיט רויטע אויגן נעמט זי כמעט שלאָכצענדיק שעפּטשען:

— טייערער מענטש! אונדזערע הייליקע ספרים זאָגן, אַז אַ שלעכטן חלום זאָל מען דערציילן, ווערט ער בטל, פאַרגליט ער אין אַלדי ווייסטע וועלדער — חלומט זיך מיר די נאַכט: מיין חיימל עליו השלום. שטייט ביז די קני אין אַ טייך און דאָ איז קאַלט און ווינטיק. בעט איך מיך, חיימל, גיי אַרויס פון וואַסער, קענסט דיך חלילה פאַרקילן, ווייזט ער מיר מיט דער האַנט, קוק איך נאָך, ווו ער ווייזט מיר, דערבליק איך מיין מינעלע, איר צו לאַנגע יאָר, לויפן מיט אַן אימפּעט צום טייך אָט-אָט איז זי אין וואַסער, גיט זיך מיר עפּעס אַ לאָז אַראָפּ פאַר די אויגן. כ'בין אויפגעקומען און וואָס מיט מיין מינעלע איז ווייטער געשען ווייס איך נישט — ענדיקט זי שלאָכצענדיק.

בענדעטן בלייבט מער נישט, ווי איר אויסצורעדן, אַז חלומות זענען גאָרנישט. אדרבא, אַ חלום, וועלכן מ'האַלט פאַר שלעכט, לאָזט זיך ס'רוב מאָל גוט אויס. זי, די איבערגעשראָקענע מאַמע אָבער, האַלט זיך באַ דאָס איריקע, אַז מיט דעם חלום, האָט איר געשטאָרבענער זון געוואָרנט זי זאָל פאַרהיטן עפּעס אַ בייזן [illegible], וואָס הענגט איבער איר שטוב, איבער איר קינד חלילה, דער טאָג זאָל עס נישט באַטאָגן.

די פאַרצאָגטע פּרוי זיצט נאָך אַ צייט, ווישט זיך די אויגן מיטן פאַרטוך און נעמט, קענטיק, צווערידן אויף בענדעטס אויס־רעדן איר דעם חלום.

שפּעטער גייט זי אַריין צו זיך אין שטוב. די טאָכטער אַפנים איז נאָכנישט אינדערהיים. ערשט גאָר שפּעט, ווען בענדעט ליגט שוין אין בעט, הערט ער זי אָנקומען, אַריינגיין אין הויז, פאַר־ריגלען די הויז־טיר, וואָס די מוטער האָט פאַר אירעט וועגן אָפן געלאָזט — און אַריינגיין אין שטוב.

בענדעט קען, ווי געוויינטלעך לאַנג נישט איינשלאָפן. אין שטיבל איז אַ געדיכטע פינסטערניש. אויף זיין שטענדיק אָרט, אויף דעם שענקל, קלאַפּט דער אַלטער וועק־זייגער. דער זייגער, וואָס האָט נאָך לאַנג געדינט בענדעטס פאָטער, דעם פאַרמעגלעכן קרעמער, געהויערט אים דאָרט אין שטעטל יעדן פאַרטאָגס צום שיעור. איצט, נאָכן פאָטערס טויט, איז דער זייגער מגולגל גע־וואָרן אהער אין שטיבל און קלאַפּט ווידער, ווייזט די אין מעת־לעת אָפּגעלעבטע מינוטן און שעהן.

ער טוט ווייטער זיין אַרבעט דער אַלטער זייגער, אַזוי גע־טריי באַם זון, ווי אַמאָל באַם פאָטער. אין אפשר וועט ער דאָס זעלבע טון באַ אַ דריטן און פירטן... און אָט, דאָס ברענגט ווי־דער צו טרויעריקע מחשבות. די מחשבות קומען אפנים נאָך די יאָרן באָך און לויט דעם געמיט. דאָס, וואָס קען אין צוואַנציק יעריקן עלטער ב־ענגען צו אַן אומעטיקן הויך, וואָס פאַרפליט גלייך — ברענגט אין די פערציקער או ווען מ'איז נאָך דערצו איינזאַם — צו אַ לאַנג אָנהאַלטנדיקער טרויעריקייט — טראַכט בענדעט. און סוף־כל־סוף שלאָפט ער איין. די נאַכט פאַרגייט. צימאַרגנס, זייענ־דיק אין שטאָט, גייט בענדעט אַריין צו גאָלדפעלדן און שטענדיק, שטענדיק גייט ער פון דאָרט אַרויס מיט אַ ביטערניש אין האַרץ.

וואָרים איינציקוויז האָט זיך אַזוי געמאַכט, אַז בענדעטס שוועסטער איז געוואָרן באַ גאָלדפעלדן אין שטוב פשוט אַ דינסט, אַ בחנמדיקע דינסט.

זי חנה, וועט דאָך נישט זיצן באַ גאָלדפעלדן אין שטוב גאָרנישט טון, נאָר עסן און פאַרבעסערן זיך דאָס געזונט. זי האָט

פון דער ערשטער מינוט געגומען טון אין דער באַלעבאַטישקייט. און אַז באַ גאָלדפעלדן איז אַ צווייט וואָכן נאָך חנהס אָנקומען אַוועקגעגאַנגען די דינסט, ווייל זי האָט מער נישט געוואָלט זיין אויף אַזאַ שטעל, ווי אַ חוץ אין קיך, מוז זי אין דער פרייער צייט צוהעלפן אין געוועלב און שפייכלער — האָט חנה גענומען קאָכן. און אַז גאָלדפעלד איז דערגאַנגען, אַז די נייע דינסט איז אַ גנב (זי האָט איר חת דעם זעלבער אָפּגעשטעקט אַ חלה און גאָלד־פעלד, פאַרבייגייענדיק די קיך, האָט דערבליקט די חלה אַרויסשטעקן אים פון דער קעשענע) — און זי אָפּגעשאַפט נאָך פאַרן חודש — איז חנה געוואָרן דינסט אין קעכין.

שטייט זי בענדעטס שוועסטער אין קיך, קאָכט און רוימט. בשעתן עסן מיטאָג טראָגט זי צו צו דער מאַדאַם גאָלדפעלדס בעט דעם אויף אַ שיסל אויפגעגעבענעם טאָפּ פלייש, זי אַלס באַ־לעבאָסטע, זאָל, לויט איר איינזען, איינטיילן דאָס פלייש אויף די טעלערלעך. די קינדער גאָלדפעלדס באַגייען זיך מיט איר גראָב, ווי מיט אַ דינסט. זי מוז זייערע אַלע פאַרגרעבטע קאַפּריזן נאָכ־קומען. און אַז גאָלדפעלד זעצט זיך צום מיטאָג, האַלט ער אין איין קאָמאַנדעווען.

— חנה, אַן אַנדערן גאָפּל, דער איז פון הערינג.

— חנה, אַ ביסל פעפער.

— חנה, די טיי איז שוין קאַלט, אַן אַנדער גלאָז טיי אַריינגעבן.

אָדער גאָר:

— חנה, טו גאָר אַ לויף גאָך אַ סיפאָן זעלצער־וואַ־סער!

בענדעט קוקט דאָס צו, וואָס מ׳מאַכט דאָ פון זיין אומגליק־לעכער שוועסטער, אָבער מיט וואָס קען ער דערויף רעאַגירן? מיט האַרץ־ווייטיקן? זידט אים טאַקע דאָס האַרץ.

*

גאָלדפעלד האַלט איצט אין איין אייַנקויפן סחורה. אַ חוץ בענדעטן האָט ער איצט נאָך אַ גאַנצן שטאַב מעקלערס. זיין שטוב איז שטענדיק מיט זיי פול. איין מעקלער האָט פאַר אים טראַנס־

פאַרטן סחורות, אַ צוויטער — נחלאות. און איינער אַ יונגער-מאַן, אַ שוואַרצער, אַ מאָגערער מיט גייציק צעפלאַמטע שוואַרצע אייגעלעך, וואָס לויפן אים און רוען נישט אַ מינוט, ווי מייזלעך אין די שטייגלעך — מיט וועמען גאָלדפעלד פאַרברענגט צומייסטן פאַרמאַכט אין אַ באַזונדער חדר — איז בײַ אים דער היפּט-מעקלער. ער ברענגט גאָלדפעלדן געלט-הלוואות.

גאָלדפעלד האַלט איצט אין איין שרייבן וועקסלען. ער נעמט געבאָרגט מיליאָנען און גיט וועקסלען אויף מיליאַרדן.

גאָלדפעלד שרייבט אונטער די מיליאַרדן וועקסלען מיט אַ לייכט האַרץ. אין דייטשלאַנד, ווייסט גאָלדפעלד קאָסט היינט אַ קילאָ ברויט איבער אַ מיליאַרד און מיט יעדער, יעדער מינוט גייט עס נאָך העכער און אונדזער פּוילישע וואַלוטע, ווי דעם דייטשס אַ נאָענטע שכנה, גייט איר פּיס-טריט נאָך אַראָפּ אַראָפּ; בלייבט קוים אַ ביסל הינטער שטעליק...

נאָך ווייסט גאָלדפעלד, אַז מיט עטלעכע חדשים צוריק, ווען דייטשע מאַרקן זענען נאָך הויך געשטאַנען, האָבן דייטשע סוחרים נאָך געגעבן פּוילן סחורה אויף קרעדיט, מיט דעם באַדינג, אַז די וועקסלען זאָלן אויסגעשטעלט ווערן אין דייטשער וואַליוטע. דערווייל דורך דער צייט, איז דער דייטשישער מאַרק אַראָפּ אָרצה — די, וואָס זענען געווען חכמים און האָבן מורא געהאַט צו געבן וועקסלען אויף דייטשע מאַרקן, זענען געבליבן הינטערן אויוון, די „נאַראָנים" אָבער, וואָס האָבן נישט געקוקט און געשריבן זענען טאַקע גרויס געוואָרן.

גאָלדפעלד האָט זיך זיין פעסט אויסגעאַרבעטע לאָגיק פון לאַנגער פּראַקטיק:

— די, וואָס קויפן סחורה און שרייבן וועקסלען, האָבן זיך פון זינט דעם ערשטן טאָג מלחמה אין 1914 נאָך איין מאָל נישט געגנאַרט.

— מ'שמועסט עפּעס — האָט לעווין, דער טיי-קאָמיסיאָנער איינמאָל אַ זאָג געטאָן גאָלדפעלדן — מ'שמועסט עפּעס, אַז צו דער וואַליוטע-ירידה, וועט באַלד אַ סוף נעמען...

— אדרבה — באַמערקט דערויף גאָלדפעלד מיטן סקאַרבאָוון

נוסח — זאָל זי זיך טאַקע פאַרבעסערן, וועט פאַר מיר בעסער זיין —

באַלד אָבער באַזינט ער זיך. ער ווערט אַ ביסל פאַרכמו-רעט און זאָגט.

— די דייטשן זענען גרעסערע חכמים און קענען זיך אויך נישט העלפן מיט דער וואַליוטע-ירידה...

און אום אַ סוף צו מאַכן צו די טרויעריקע מחשבות, וואָס פּיקן גאָלדפעלדס מוח, אַז די וואַליוטע קען זיך אַמאָל פלוצלינג פאַרבעסערן און וועקסלען, וואָס ער שטעלט אויס אויף צוויי און דרייי מאָל טאָפּלטע סומעס... אום צו פאַרטרייבן די אומהיימ-לעכע געדאַנקען, גיט ער מיט אַ ירגזון אַ געשריי אין קיך אַריין צו חנהן, ווי צו עפּעס אַ דינסט-מויד:

— ווען וועט שוין הײנט אַמאָל זיין מיטאָג?!

## קאַפּיטל 10.

אַז בּאַם רײַכן בעקער אין ברויט-געוועלב, האָט מען גע-
כאַפּט אַן אָרימע פרוי באַהאַלטן הינטערן טיש אַ ווײַסע בילקע,
האָט גאָרנישט געהאָלפן איר וויינען און בעטן, אַז זי האָט דאָס
געטון פאַר אירע הונגעריקע קינדער נעבעך. זי איז מיט „פּאַ-
ראַד“ אָפּגעפירט געוואָרן דורך אַ פּאָליציאַנט אין קאָמיסאַריאַט —
אָבער זיי, די ספּעקולאַנטן, די פּאַסקאַרזשעס, זיי געשעט קיין
שום בייז נישט. זיי ווייסן שטענדיק זיך אַרויסצודרייען, בלייבן
אייביק אין אָרדנונג:

אָט, למשל, גאָלדפעלד! — — — — — — — —

און אַז אין בענדעטן צעזידט זיך דער צאָרן, איז ער גרייט
אונטערצוצינדן גאָלדפעלדס שטוב, דערשטיקן אים מיט די איי-
גענע הענט. אָבער בענדעטס כעס, איז אַן אוממעכטיקער
כעס — — — און ער אַליין, בענדעט, ער לויפט נאָך פאַר
גאָלדפעלדן, האַנדלט זיך פאַר אים אויס בײַ סוחרים, אום עס
זאָל דערפון פאַר אים אויך אַראָפּפאַלן אַ ברעקל פאַרדינסט. —
פאַר הילפלאָזיקייט טראַכט זיך בענדעטן.

„אָך, וואָלט זיך כאָטש געגלייבט, אַז עס איז דאָ אַן אָרט,
וואָס זעט אַלץ און אַ האַנט וואָס פאַרשרייבט!

---

איינמאָל תּחילת אָוונט איז באַנדעט געזעסן אין עס-חדר,
צוגעוואַרט גאָלדפעלד זאָל אַריינקומען פון געוועלב; גענהאַט מיט
אים צו רעדן געשעפטלעכס וועגן קויפן סחורה — די טיר צום
שלאָף-חדר איז העלפט אָפן געשטאַנען. דערינען איז, ווי געוויינט-
לעך די לעצטע צייט, מאַדאַם גאָלדפעלד געלעגן אין בעט, לעבן
בעט איז געזעסן די פאַני לאַנדסבערג, די גאָלדפעלדס קוזינקע.
די לאַנדסבערגן האָט עפּעס דערציילט. מאַדאַם גאָלדפעלד האָט
דערויף פון צייט צו צייט געלאַכט מיט איר געלעכטער. די לאַנדס-
בערג האָט דערציילט פאַרשיידנס, רכילותלעך וועגן דעם און
יענעם באַקאַנטן אָדער באַקאַנטע. טייל דערציילט העכער און
טייל געשעפּטשעט — צווישן אַנדערע האָט זי דערציילט, אַז
לאַקשינסקי דאָרעס אַמאָליקער באַקאַנטער, וועמען זי, בראָניע,
קען האָפנטלעך אויך — זאָל, אָדער איז שוין אַ חתן געוואָרן
מיט אַ רייך געוואָרענעם קצבס טאָכטער, אַ שווערלייביקע מויד.
מאַדאַם גאָלדפעלד האָט אויך געוווּסט וועגן דעם עפּעס צו דער-
ציילן. באַלד האָט זי גענומען אָפּלאַכן פון לאַקשינסקין, אים אָנ-
גערופן „האַלבער מאַנסביל" און, אַז דאָרע איז אַזוי גליקלעך,
וואָס זי איז זיינע לויז געוואָרן.

— יאָ, ווירקלעך! דאָרע פילט זיך העכסט גליקלעך, וואָס
זי איז ענדלעך פּטור געוואָרן דעם פלוידערזאַק...

און ווי בענדעט איז אַזוי געזעסן דאָ אין עס-חדר און
בהסח הדעת זיך צוגעהערט דערינען צו דעם דאַמען-שמועס אַז
זיין שוועסטער חנה אַריינגעקומען פון דער קיך און מיט אַ שאַל
טשאַקאָלאַד אין איין האַנט און טאַץ מיט זיסצקייטן אין דער
צווייטער האַנט — זיך געענטערט צום שלאָף-חדר, פאַר דער
מאַדאַם גאָלדפעלדס האָרץ צו דערכאַפּן.

זי איז געגאַנגען נישט דרייסט חנה. ס'איז איר בעוועט אַ בושה אַרײַנצוקומען אַלס דינסט אין שלאָף־חדר, ווו ס'זיצט אַ פרעמדע פרוי. דערזעענדיק דאָ דעם ברודער, האָט זי צו אים אומעטיק אַ שמייכל געטון; אויף די פיס האָט זי געטראָגן צע־לאָטשטע שלאַפעס — מן הסתם אויסגעזוכטע פון צווישן אַלט־וואַרג — זי האָט מיט נישט ניחאדיקע טריט זיך גענענט צום שלאָף־חדר און וואָס נענטער זי איז דאָרט צוגעקומען אַלץ פאַרשעמ־טער איז איר פּנים געוואָרן. — און ווי זי איז אַרײַן אין דער־האַלב אָפענער טיר פון שלאָף־ח"ר מיט דעם לוביינג אין די הענט, האָט בענדעט דאָ מער נישט געקענט אײַנזיצן. ער האָט זיך ראַש דערהויבן פון זײַן זיץ און, אַן צו וואַרטן דאָ אויף גאָלדפעלדן, איז ער אַ צערודערטער, אַ צעזאָטענער אַרײַן אין געוועלב און געלאָזט זיך צ־ם גאַס־אַרויסגאַנג.

גאָלדפעלד איז געשטאַנען הינטערן קראָם־טיש, געהאַנדלט מיט קונים. אין געוועלב זענען געווען היפּשלעך סוחרים. קישטיין און שפּילמאַן די „מענטשן" האָבן געפּאַקט סחורות. בענדעט, צו־קומענדיק צו דער אַרויסגאַנגס־טיר, האָט ער דערבליקט דערלעבן בײַ דער וואַנט עטלעכע פּאַכן איינע אויף דער אַנדערער פיר־קאַנטיקע אין פּאַפּיר פאַרפּאַקטע פּעקלעך און אָן צו איבערלייגן זיך, וואָס ער טוט, נאָר סתם, אום אַ ביסל צופרידנשטעלן דאָס אומממעכטיקע ביטערניש, וואָס האָט אין אים געזאָטן, האָט ער, ווי אין אַ שכרות, גענומען דאָס ערשטע פּעקל פון דער רײ, דערמיט אַרויס אין גאַס און מיט דעם פּעקל הינטערן אָרעם גענומען גיין זײַן וועג, ווי קיינמאָל גאָרנישט.

ער איז געגאַנגען און אַ ביזע להכעיס־פרייד האָט אים אַרום האַרץ געטענצלט. אָט, זאָל ער אויך וויסן גאָלדפעלד. ער גנבעט, גזלט — טוט מען אים אויך דאָסזעלבע. איצט וועט שוין חנה האָבן אויף שיך. ער, בענדעט, וועט דאָס פאַרקויפן. וועט זײַן געלט... וואָרט, לאָמיך נאָר אַ קוק טון, וואָס עס געפינט זיך אין פּעקל? ... אַ, זייף! אַ קראַנט אַרטיקל זייף. פאַרהאַנען דאָ אַוודאי אַ פינף קילאָ זייף... יאָ. אויף שיך וועט שוין זײַן און אפשר נאָך אויף מער אויך — — —

נאָר פלוצלינג, אין מיטן בעסטן האַלוּבליען זיך, נישט אַזוי מיט דעם נוצן, וואָס ער וועט פון דעם האָבן ווי דערפון, וואָס ער האָט גאָלדפעלדן אָפגעטון — פלוצלינג אַזוי גיך, ווי אַ בליץ, איז אַלץ אין אים אַנד.רש געוואָרן. דאָס אָפגעווענע האָט זיך אין איין רגע אים פאַרגעשטעלט אין זיין גאַקעטער ווירקלעכ־קייט אָן שום באַפוצונגען, אַ גרויל איז אים דורך. „וואָס, גנבע־נען גאָר! דאָס איז דאָך פשוט גנבה״. ער, בענדעט, האָט ערשט עמעצן באַגנבעט און ער טראָגט זיך נאָך אַרום מיט דער גנבה הינטערן אָרעם.

גאָלדפעלד — וואָס ער האָט נישט געטון בענדעטן און אפילו אויך אַנדערע. ער טוט עס מיט חוצפה, מיט כיטרעקייט, מיט שפיצלעך, מיט שווינדלערישע דריידעלעך, אָבער עפּנט־לעך — דאָס אָבער, וואָס בענדעט האָט איצט געטון, איז גנבה, ווי יעדער אַנדערער גנב טוט, אַי, ער האָט דערביי זיינע מאָ־ראַלישע טעמים, אָבער דאָס מאַכט די זאַך גאָר נישט אַנדערש.

אין די גופא זאַך — גאָלדפעלד האָט אים און זיין שוועס־טער צוגענומען אַלץ, וואָס זיי האָבן געהאַט, אַלץ וואָס זיי האָבן פאַרמאָגט; זיין שוועסטער, דאָס עלטערע האָרבאַטע מיידל — איינגעשפּאַנט בײַ זיך אין קיך אַלס דינסט, זי זאָל באַדינען זיין ווייב און קינדער. — און אַט פאַר די אַלע מאַטעריעלע און מאָראַלישע עחלות, האָט בענדעט זיך נוקם געווען; פאַר דעם אַלעם, וואָס גאָלדפעלד איז קענן אים באַגאַנגען, האָט ער אים צוגענומען אַ פעקל זייף; אַט דאָס אין געהיים צוגעגנבעטע נאָ־רישע פעקל זאָל, הייסט עס, בענדעטן פאַרגיטיקן פאַר די אַלע אים אָפגעטענע אומרעכטן?

איצט האָט שוין בענדעטן געבריגט דאָס פעקל הינטערן אָרעם. איין באַגער האָט ער איצט געהאַט, ווי צום גיכסטן דאָס פעקל פטור צו ווערן; פאַרשידענע עצות האָבן אַדורכגעבליצט זיין מוח: „אַריינטראָגן צוריק און שטיל אַוועקלייגן אויף דעם זעלבן אָרט״? — ניין! איבערלאָזן דאָ אין גאַס? טויג אויך נישט: עמעץ קען זען, אַ פּאָליציאַנט קען באַמערקן.

ס'איז באַ אים געבליבן, אַז ס'גלייכסטע איז, אַריינצוגיין אין אַ הויף און דאָס אַריינוואַרפן אין מיסט.

אין ערשטן הויף, וווּ בענדעט איז אַריינגעגאַנגען מיטן פּעקל, זענען די אַפּטריטן געווען פאַרשלאָסן. ער איז צוריק אַרויסגעגאַנגען מיטן פּעקל, וואָס איז אים איצט געווען שווער, ווי אַ פּודיקע משא, געגאַנגען אין אַ צווייטן הויף.

אין טויער איז געזעסן אַ פּייער — מן הסתם דער סטרוזש. בענדעטן האָט זיך געדאַכט, אַז דער סטרוזש האָט אים פאַרדעכ-טיק נאָכגעקוקט. אַ נייע מורא האָט זיך אין אים באַזעצט: „אפשר איז דער סטרוזש אַרויסגעגאַנגען רופן אַ פּאָליציאַנט?... בענ-דעט איז גיך אַרויסגעלאָפן מיטן פאַרשאָלטענעם פּעקל הינטערן אָרעם און גענומען ווייטער גיין.

און הגם דער סטרוזש איז זיך ווייטער געזעסן אין טויער און ס'האָט אים קענטיק גאָרנישט געחלומט נאָכצוקוקן בענדעטן און רופן אַ פּאָליציאַנט — אוודאי נישט. דאָך איז בענדעט איצט שוין געווען פאָרזיכטיק, משונה פאָרזיכטיק, ביז ער האָט ער-געץ געפונען אַ הויז פּאַסיק צו דעם. וואָס ער האָט געהאָפט: אין טויער, איז קיינער נישט געווען, אין הויף איז געווען פינסטער און ס'איז נישט געווען צו הערן קיין לעבעדיקן אָטעם. בענדעט האָט אין דער פינסטער געזוכט, געטאַפּט מיט די הענט, ביז ער האָט אין אַ ווינקל הויף געפינען דעם מיסט-גרוב און דערויף די אַפּטריטן. בענדעט איז אַהין אַריינגעגאַנגען מיטן פּעקל הינטערן אָרעם. ער האָט לאַנג געזוכט און געדרעפּשעט אין דער פינסטער ביז ער האָט זיך משער געווען, אַז ער שטייט פאַר דער עפע-נונג אַראָפּ צום מיסט-גרוב. ער האָט אַ ווײַלע אָנגעשטרענגט די אויערן. אַרום איז געווען טויט, שטיל. דאַמאָלס האָט ער אָפּ-גענומען דאָס פּעקל פון הינטערן אָרעם, מיט ביידע הענט דאָס צוגעטראָגן צום לאָך און — אַ לאָז אַראָפּ געטאָן.

אַ רגע איז אַדורך. ס'האָט זיך געהערט אַ טויבער קלאַפּ פון אַ שווערער זאַך, וואָס איז אַריינגעזינקען אין אַ טיפער ווייכקייט... בענדעט אַ באַפרייטער, אַ דערלייכטערטער, איז אַרויסגעגאַנגען און גענומען אַהיימגיין.

צומאָרגנס איז בענדעט נישט אַריינגעגאַנגען צו גאָלד-פעלדן. ער האָט געדאַ־פּט דאָרט צו זיין, נאָר האָט נישט קיין קוראַזש געהאַט אַהין אַריינצוגיין.

צוויי טעג איז בענדעט דאַמאָלס אין דער היים געזעסן און נישט אַרויסגעגאַנגען פון זיין שטיבל. ער האָט זיך געפּילט פאַר-מאַטערט נאָך דער אויפרעגונג מיטן פּעקל. געליטן קאָפּווייטיק און עפּעס אַן אויסטערליש שווערע אַפּאַטיע האָט אים געהאַלטן אין איר, ווי וואַטע, טויבער מאַכט.

## קאַפּיטל 11.

אומעטיק און גרוי האָבן זיך אין הייזל די טעג גע-
צויגן.

מינע פינקל איז עפּעס אינדערהיים געווען, נישט געגאַנ-
גען, ווייזט אויס, אין געשעפט אַריין. בענדעטן האָט זי ווי מיט
אַ כּיוון אויסגעמיטן אויסגעזען האָט זי גאַרנישט איבעריק —
אַז זי איז איינמאָל פאַרבייגעגאַנגען און בענדעט איז גראָד
געשטאַנען אין פענסטער, האָט זי געהאַלטן אַוועקצובויגן דעם
קאָפּ און אַזוי, אויסמיידנדיק זיינע אויגן, אים פאַרבייגעגאַנ-
גען.

און אַז בענדעט האָט באַמערקט, אַז דאָס מיידל מיידט אים
אויס, האָט ער אויך דאָסזעלבע געטאָן: זי אויסגעמיטן, נישט
אַריינגעגאַנגען צו זיי אין שטוב. אַזוי איז אַדורך עטלעכע טעג,
פעס מער ווי אַ וואָך. בענדעט האָט דערווייל באַוויזן רויק צו
ווערן וועגן „פּינקל". צו גאָלדפעלדן איז ער שוין צוריק אַריינ-
געגאַנגען. דאָרט בײַ גאָלדפעלדן האָט גאָר קיינער נישט געוווּסט,

צי ער האָט צוגענומען אַ פּעקל אַראָפּ פון שטויס; אַז בענדעט איז נישטאָ גבוועָן צוויי טעג, האָט אוודאי קיינער נישט באַמערקט אַ חוץ חנה. זי האָט זיך נאָכגעפרעגט באַם ברודער, פאַרוואָס ער איז אַזוי לאַנג נישטאָ געווען. זי האָט שוין געוואָלט גיין אהין זען, צי ער איז אַמאָל נישט געזונט חלילה. בענדעט האָט געזאָגט אַ תירוץ, אַז ער איז נישט אַריינגעקומען, ווייל ער האָט געהאַט געגעבן די שוך צום שוסטער, האָט זי זיך ערשט באַרויקט.

דערנאָך — איינמאָל אין אַ קאַלטן פאַרנאַכט, ווען אַ רויטע מידע שפּעטע האַרבסט-זון איז אָפּגעשטאָרבן אויף מויערן, פּלויטן און אויף פון בלעטער שוין לערע ביימער — איז בענדעט געהיימגעגאַנגען צו זיך אין עק-שטאָט-קוואַרטאַל. אַריינקומענדיק אין דער שטילער אָפּגעלעגענער גאַס, וועלכע טראָגט דעם שטאָלצן נאָמען „פרייהייט“ — וואָס די לינקע האָבן דורך גרויסע קאַמפן און קונצן קוים אדורכגעפירט אין שטאָט-ראַט, מ׳זאָל אַ גאַס דעם נאָמען געבן און דער מאַגיסטראַט, וווּ די רעכטע האָבן אַ מערהייט, האָט מיט דעמאָזיקן שטאָלצן נאָמען באַערט איינע פון די שמוציקסטע און אָרימסטע הינטער שטאָט געסלעך, — ווען בענדעט איז יענעם פאַרנאַכט אַריינגעקומען אין דעם „פרייהייט-געסל“, איז אים מיטאַמאָל אונטערגעקומען מינע פינקל, אים בעגריסט און גענומען גיין גלייך מיט אים.

— גוטן אָוונט — האָט בענדעט געענטפערט און געגאַנגען לעבן איר שווייגנדיק.

בענדעטן האָט אַ ביסל געחידושט, פון וואַנען זי האָט זיך דאָ גענומען, דעם גאַנצן וועג האָט ער זי נישט באַמערקט און דאָ אין דער גאַס, איז זי אים פּלוצלינג אונטערגעקומען.

ביז זייער היים האָבן זיי נאָך געהאַט צוצוגיין אַ שטיקל וועג. זיי זענען אַלץ געגאַנגען שווייגנדיק. לויט דעם מיידלס אָנגעשטרענגטער נישט רויקער האַלטונג און הויכן אָטעמען, ווי אייגער, וואָס קלויבט זיך אָנצוהויבן רעדן, האָט זיך בענדעטן געדאַכט, אַז זי וויל אים עפּעס דערציילן און אום איר דאָס לייכטער צו מאַכן, האָט ער אָנגעהויבן:

— פון וואַנעט האָסט איר זיך גענומען דאָ אין ראַנ־גאָס?

— איך האָב מיך דאָ לאַנג אַרומגעדרייט, — אַפּגע־ענטפערט. —

— מיך? — האָט ער זיך געחידושט.

— יאָ, אייך — האָט זי זיך געסטאַרעט צוצוגעבן איר קול אַ מיידליש זאָרגלאָזן טאָן.

— איך בין גרייט אייך צו דינען — האָט בענדעט גע־זאָגט קאַלט, הויפלעך, ווייל עס האָט איס פאַרדראָסן אויף דעם מיידל, וואָס צייט זי האָט באַקומען דעם גוטן פּאָסטן, מיידט זי זיין שטוב און זיין שוועסטערס באַנטקייט — מיט וואָס קען איך אייך ביצלעך זיין, פרייליין פינקל?

ווידער זענען זיי געגאַנגען אַ ווײַלע און געשוויגן. דער־נאָך האָט דאָס מיידל ווייטער אָנגעהויבן מיט אַ שטילערן ווײַמ־טיקן קול:

— פאַרמאָגט איר שוין טאַקע נישט קיין אַנדער; טאָן פאַר אַ מענטש, וואָס וויל באַ אייך אַן עצה... ווען עפּעס זיך דורכשמועסן — נאָר אָט אזא הײַפלעך לאַקירטן טאָן?

דער אַרט, ווי זי האָט דאָס אַרויסגערעדט, האָט בענדעטן אַ ריר געטאָן.

— איר זענט גערעכט — האָט בענדעט זיך דערכאַפּט און איבערגענאַנגען אין אַן אַנדערן ערנסטערן און ווייכערן טאָן — איך בין אויף אייך די לעצטע צייט אַ ביסל אין כעס געווע... נאָר מיר וועלן איצט דערפון נישט רעדן — כ'בין גרייט אייך צו הערן, איך בעט אייך.

זי האָט נישט באַלד געענטפערט, קענטיק זי איז נאָך אין זיך נישט פאַרטיק געווען, זיך איבערגעלייגט, צי זי זאָל רעדן אָדער נישט, ערשט, אַז זיי זענען שוין געשטאַנען פאַר דער טיר פון הייזל, וווּ זייערע וווינונגען געפינען זיך, האָט זי שטיל געזאָגט:

— אפשר ווילט איר אַזוי גוט זיין אויף מיר וואַרטן באַ אייך, אַז די מאַמע וועט זיך לייגן שלאָפן, וועל איך אַרײַנקומען.

בענדעט האָט געוואַרט ביז שפעט אין אָוונט און זי איז אַלץ נישט אַריינגעקומען, צומאָרגנס — אויך נישט און דעם, דריטן אָוונט אויך נישט. ערשט דעם פינפטן אָדער זעקסטן אָוונט ווען בענדעט האָט זיך שוין גאָרנישט געריכט, אַז זי וועט נאָך קומען, איז זי אין אַן אָוונט שפּעטלעך איינמאָל אַריינגעקומען מיט אַ „גוטן אָוונט" — בענדעט איז דאַמאָלס געזעסן באַם טיש — צוגעגאַנגען און זיך געשטעלט באַם רוקן פונם שטול, לעבן דעם זעלבן שטול, וווּ די מוטער אירע איז מיט עטלעכע וואָכן צוריק געזעס, ווען זי האָט זיך באַקלאָגט אויף דער טאָקטערס נישט גוט אויסזען און דערציילט דעם שלעכטן חלום. —

מינע פינקל האָט היינט אויסגעזען משונהדיק, מיט נער-וועז צערויטלטע באַקן, אויך די אויגן אירע האָבן נערוועז גע-בלאַנצט. בכלל האָט זי מיט זיך דערמאַנט אַזעלכן, וואָס האָט זיך קינסטלעך געמאַכט קוראַזש.

— איז עס אמת — האָט זי אָנגעהויבן געלויפיק — מיין מוטער זאָגט, אַז איך זע שלעכט אויס?

בענדעט האָט אויף איר די אויגן דערהויבן: באַ איר גאַנ-צער נערוועזער רויטקייט, האָט זי געהאַט אונטערגעשלאָגענע אויגן.

— אַ ביסל איז עס אמת — האָט ער געענטפערט — איר זעט טאַקע...

— אָבער — האָט זי אים נישט געלאָזט ענדיקן — אָבער מיר פעלט דאָך גאָרנישט, מיר גייט דאָך אויסגעצייכנט! איך האָב אַ גוטן פּאָסטן, זייער אַ גוטן. און מיין שעף פאַן ראָזנשטיין... יאָ, מיין שעף איז דאָך אַ פיינער מענטש... — און אַ פּנים זיך אַליין אונטערטרייבנדיק, זי זאָל נישט דעם טאָן אַראָפּלאָזן, די געמאַכטע האָפערדיקייט נישט פאַרלירן, האָט זי נאָך העכער אָנ-געהויבן:

— ווען איך בין קראַנק געווען, האָב איך באַקומען פאַר דער גאַנצער צייט פולע פענסיע. און אין טעאַטער נעמט ער מיך מיט... נו, זאָגט אַליין... — און זי האָט זיך היסטעריש צע-לאַכט. בענדעטן האָט דערשראָקן איר אויסערגעוויינטלעכע נער-

חנזקייט. ער האָט זיך דערהויבן פון שטול, זי אָנגענומען בײַ דער האַנט און מיט אַ צוטרויליכער קול שטיל געזאָגט.

— באַרויִקט אייך. אייך קוועלט עפּעס, דערציילט אַראָפּ, וועט אייך לייכטער ווערן. איר האָט פּאַר זיך אַ פריינד...

זי האָט מיטאַמאָל אַ קוק געטון אויף בענדעטן מיט שטאַר אויפגעריסענע אויגן, דערשראָקענע און אימהדיקע — דאָס האָט געדויערט אַ רגע בלויז, איר קאָפּ איז געזונקען אַראָפּ אַראָפּ, זי איז מיטן האַלבן קערפּער געפאַלן אויפן טיש און געבלימען בליבן.

זי האָט לאַנג און הויך געוויינט. אַ לאַנג פאַרשטיקטער חייטיק צער, האָט זיך איר פון האַרץ געריסן. די אַקסלען האָבן איר קראַמפהאַפט געציקט. זי האָט זיך לענטיק געוואָלט צוריק־האַלטן, נאָר דער סטיכישער שלאָכץ איז געווען איבער אירע כוחות. איין איינציק מאָל האָט זיך איר מיט דעם שלאָכץ אַרויס־געריסן דער נאָמען ר־אָ־ז־נ־ש־ט־יי־ן. מער האָט זיך דאָס נישט איבערגעחזרט. אָבער געוויינט האָט זי נאָך. זי האָט מער נישט געפרוווט זיך צו באַהערשן. זי האָט געוויינט און געוויינט הויך

און הייס.

אַרום אין די שטיבלעך בײַ די שכנים, הינטער די דינע חענטלעך, האָבן זיך די שלאָפנדיקע אויפגעוואַכט פון דעם הויכן וויינען, מ׳האָט געהערט דערייבן אַ באַוועגן זיך, אַ רעדן... בענ־דעט איז געשטאַנען אומבאַכוויק, פאַרצווייפלט ער האָט געפילט, אַז עפּעס מוראדיקס באַהאַלט דאָס מיידל אין זיך. איצט רייסט זיך דאָס פון איר מיטן גאַנצן געוואַלט. ער האָט זיך גע־שראָקן, אַז דאָס גאַנצע הייזל וועט זיך אויפוואַכן, מענטשן וועלן קומען אַריינצולויפן און איר מוטער אויך... ער האָט געפּרוווט זי באַרויִקן. נאָר זיין יעדער ריר צו איר האַנט, אָדער גלעטן אירע האָר האָט איר שלאָכץ פאַרשטאַרקט. ער האָט איר צו־געטראָגן אַ גלאָז וואַסער און זי האָט אַלץ נאָך געוויינט.

ס׳האָט זיך געהערט ערגעץ דאָ, אין דעם אין נאַכט און שלאָף פאַרוונקענעם הייזל, עפענען אַ טיר. דאָס מיידל האָט זיך

אַ כאַפּ געטון און שטיל געוואָרן, זיך אָפּגעווישט דאָס פּנים מיטן טיכעלע. זי האָט זיך אָנגערופן צו בענדעטן.

— דאָס האָב איך לעצטנס אויסגעלייגט בעטן־אָנצאָל, אָבער דאָס איז גאָרנישט. איר זעט דאָך, כ׳בין שוין רויק.

זי האָט זיך אָפּגעוואַשן דאָס פּנים מיט קאַלט וואַסער. אַז זי האָט געהאַלטן בײַם אַוועקגיין, האָט זי זיך געווענדט צו בענדעטן.

— איך בעט אײַך — נישט מײַן מוטער און נישט קיינער דאַרף נישט וויסן, ווער דאָ האָט היינט געוויינט. זאָגט איר מיר דאָס צו?

ער האָט איר צוגעזאָגט. זי האָט געזאָגט „אַ גוטע נאַכט“ און איז אַרויסגעגאַנגען.

בענדעט איז נאָך איר אַרויסגיין נאָך לאַנג געזעסן בײַם טישל און געגאַנגען אַרויף און אַראָפּ. ער האָט פֿאַרשטאַנען, אַז דאָס מיידל לעבט נפֿעס איבער. דאָס איינע וואָרט, וואָס האָט זיך אין מיטן שלאָכצן פֿון איר אַרויסגעריסן „ראָזענשטיין“ — דער נאָמען פֿון איר שעף, האָט אים געגעבן אַ סך נאָכצוקלערן און ער האָט באַשלאָסן, אַז הגם זי וויל זיך אים נישט פֿאַרטרויען, זי איז אָבער פֿאָרט נישט מער ווי אַן עלנט מיידל בײַ אַ מוטער אַן אָרימע אלמנה — וועט ער אין דער שטיל נאָכ־פֿאָרשן, דערגיין, וואָס איר איז געשען און טון פֿאַר איר, וואָס עס וועט נאָר זיין אין זײַן מעגלעכקייט.

צומאָרגנס, זייענדיק אין שטאָט, איז בענדעט מיט צופֿליס פֿאַרבײַגעגאַנגען דעם פּאַן ראָגשטיינס אַפּטייק־סקלאַד אַ קוק טון, צי מינע פּינקל זיצט דערינען.

אין אויסשטעלונגס־פֿענסטער האָט ער דערזען הענגען אויף אַ דרים אַ לענגלעך קאַרטל מיט אַן אויפֿשריפֿט: „עס ווערט גע־זוכט אַ קאַסירטע קענן קויצע אָדער רעקאָמענדאַציע“.

גאָרנישט טראַכטנדיק, איז בענדעט אַרײַנגעגאַנגען אין געשעפֿט. בײַ דער קאַסע האָט ער דערבליקט זיצן דעם באַלעבאָס אַליין, דעם קאַוואַליער ראָזענשטיין.

— וואָס דאַרף דער פּאַן? — ווענדט זיך צו בענדעטן אַ סוביעקט.

— איך דאַרף זען די פריילין פינקל.

דערהערנדיק דעם נאָמען „פינקל", האָט זיך דער פאַן ראָזנשטיין דערהויבן און צוגעקומען הינטער דעם קראַם־טיש צו בענדעטן.

— וואָס ווינטשט זיך דער פאַן? — פרעגט ער העפלעך.

— די פריילין פינקל דאַרף איך זען — זאָגט בענדעט, אָנקוקנדיק דעם פאַן ראָזנשטיין און אים דאַכט זיך, אַז ער באַמערקט ווי באַם דערמאָנען מיינעס נאָמען, ווערט דער באַלעבאָס אַ ביסל צעטומלט.

— פון פאַרגאַנגענעם ערשטן אַרבעט זי שוין נישט דאָ — זאָגט ער געלאַסן.

— קען איך אפשר וויסן, פאַרוואָס זי אַרבעט שוין נישט?

— צו וואָס דאַרפט איר דאָס וויסן? — פרעגט ראָזנשטיין צוריק חוצפּהדיק — אַ געהיים־אַגענט זענט איר? ווייזט אייער צייכן!

— ניין — ענטפערט בענדעט קוקנדיק יענעם שאַרף אין די אויגן — דאָ האַנדלט זיך וועגן עפּעס אַנדערש...

— פאַרדרייט נישט דעם קאָפּ, כ'בעט אייך. כ'האָב קיין צייט נישט.

נאָר אין דעם באַזינט ער זיך עפּעס און זאָגט צוגע־לאָזן.

— איר קומט אפשר נעמען אויסקונפט אַלס רעקאָמענדאַ־ציע — באַ וועמען אַרבעט איר?

— און אַז אַלס רעקאָמענדאַציע?

— גיב איך די בעסטע! — רופט ער אויס הייטער.

— און פאַרוואָס איז זי פון אייך אַוועק?

— דאָס איז אַ פּריוואַטע זאַך. זי איז אַליין אַוועקגעגאַנגען.

— און אַז איך וועל אייך דערציילן, אַז איך בין אירס אַ שכן און די מוטער האָט מיך געבעטן געוויר ווערן, פאַרוואָס זי איז נישט מער אויפן פּאָסטן און פאַרוואָס זי איז לעצטנס אײַנ־גאַנצן אַראָפּ פון געזונט?

דעם פאַן ראָזענשטיינס פּנים, וואָס איז אויך איין רגע בלאַס געוואָרן, האָט גלייך צוריק בעקריגן זיין געוויינטלעך חוילעריש־חוצפּהדיקן אויסזען.

— זייט נישט, פּאַניע, אַזוי טשיקאַווע. איבעריקנס, די קריגט נאָך פאַר דעם חודש געהאַלט. — און דער פאַן ראָזנשטיין איז צוריק אַוועק זיך זעצן צום קאַסע־טישל.

איצט איז בײַ בענדעטן שוין קיין שום ספק נישט געווען, אַז צווישן מינע פינקל און איר שעף, איז עפּעס פאָרגעקומען און זייער מעגלעך, אַז דעם מיידלס פאַרצאָגטקייט און צער פון דער לעצטער צייט האָבן אויך אַ שייכות צו דעם אָפּגעטאָקסן קאַוואַליער פאַן פעליקס ראָזענשטיין.

## קאַפּיטל 12.

ס'איז אַוועק אַ שטיקל צייט, אַן ערך מער ווי צוויי וואָכן — בענדעט איז, ווי געוויינטלעך, יעדן פֿאַרנאַכט, אָדער תּחילת אָוונט געקומען פֿון שטאָט און אין אינדערפֿרי צוריק אַוועק אין שטאָט פֿאַרדינען מיט מעקלען בײַ גאָלדפֿעלדן אָדער בײַ אַן אַנדערן סוחר. די פּינקלס, איבערהויפּט די טאָכטער, האָט ער ווייניק געזען. איינמאָל האָט ער באַגעגנט אין הויז די אַלמנה פּינקל, איר געזאָגט „גוט מאָרגן“. האָט זי געענטפֿערט מיט אַ ביטערן קרעכץ און אַז בענדעט, האָט זי געפֿרעגט, וואָס זי קרעכצט אַזוי שווער, האָט זי עפּעס גאָרנישט צו דער זאַך געענטפֿערט — עפּעס ווייניק יסורים פֿאַרמאָגט דען גאָטס וועלטל?

איינמאָל, ווידער נישט געפֿינענדיק בײַ זיך אין שטיבל אַ שוועבעלע אָנצוצינדן דאָס לעמפּל, איז בענדעט דערוועגן אַרײַנגעגאַנגען צו דער שכנטע. ער האָט דאָרט אָנגעקלאַפּט, מען האָט אים נישט געענטפֿערט. ער האָט עטלעכע מאָל אָנגעקלאַפּט און

קיינער האָט אים נישט געענטפערט. די טיר איז אָבער נישט געווען פאַרשלאָסן, איז אפילו אָפן געווען, נישט גוט פאַרמאַכט אויף דער קליאַמקע און אַזוי ווי בענדעט האָט זייער געדאַרפט דאָס שוועבעלע, האָט ער אַ ביסל מער אויפגעשפּאַרט די טיר און אַריינגעגאַנגען.

די אַלטע איז נישט געווען. מינע איז געזעסן באַם פענסטער געקוקט אָנגעשטרענגט אַרויס אין דער פאָר אָוונט־גרויקייט. זי איז געווען אַזוי פאַרזונקען אין זיך, אַז זי האָט גאָר נישט באַמערקט בענדעטס אַריינקומען, אַזוי ווי זי האָט מן הסתם אויך נישט געהערט זיין אָנקלאַפּן. — אַז בענדעט האָט זי געבעטן באָרגן אים אַ שוועבעלע, האָט זי אַפילו נישט צו אים דאָס פּנים אויסגעדרייט, געזאָגט ווי עס דאַרף ליגן, בלייבנדיק ווייטער זיצן אין דער פאַרגליווערטער פאַרצאָגטער פּאָזע.

דערגאַנג, עטלעכע טעג שפּעטער, איז בענדעטן ווידער אַמאָל אויסגעקומען וועגן עפּעס אַריינצוגיין צו די פינקלס.

ס'איז געווען אין אַ מרה־שחורהדיקן חשוון פאַרנאַכט. אין דרויסן האָט אַ צפון־מזרח ווינט אָנגעבלאָזן פון ערגעץ דראָבנע האַרטע שנייעלעך; שיטער האָבן זיי זיך אין דער לופט געדרייט, ווייניק, גאָר ווייניק, ווי אַ פאַרפאַסטן פון די שפּעטער אָנקומענדיקע גרויסע שנייען — מינע איז אין אָנטועכטס געלעגן אין עק בעט. די פיס האָט זי געהאַלטן אויף אַ בענקל, דאָס פּנים האָט זיך איר נישט אַרויסגעזען פון קיש, בלויז דער אויפן נאַקן צונויפגעלייגטער קניפּ ברוינע דינע האָר, האָט אָפּגעשימערט מיט אַן איידל בלישטשל — די מוטער איז געשטאַנען איינגעהויקערט לעבן אייזערנעם אייוועלע, געוואַשן אַ טעפּל פון מיטאָג. באַ בענדעטס אַריינקומען, האָט די אַלטע דעם קאָפּ דערהויבן פון רייבן דאָס טעפּל מיט אַ שמאַטע און נישט ענטפערנדיק גאָר אויף זיין גרוס, פאַר גרויס ביטערקייט און צעבראָכנקייט האָט זי אויסגעצויגן די האַנט מיט אַ ציטערדיקן פינגער צום בעט, וווּ די טאָכטער איז געלעגן אומבאַוועגלעך און מיט אַן אָנגעזאָפּט קול, געשריגן אין דער וועלט אַריין:

— גוטע מענטשן, װער נאָר פאַר דעם אין הימל האָט מורא, קומטס און זעטס, װאָס פון מיין קינד איז געװאָרן װאָס פון מיין אָפּגעהיטן קינד איז געװאָרן! — און אין די אויגן אירע די פאַרלאָשענע האָט דערביי געפלאַקערט, װי גלי־נדיקע קיילעך אין אַ שװאַרצן אָפּגרונט.

מינע האָט זיך בײַ דער מוטערס אויסגעשריי אויפגעכאַפּט, פויל אַראָפּגעקראָכן פון בעט. פון געװױנטקייט זיך צוזאַמענגענומען די האָר, אַרומגעקוקט זיך מיט עפּעס אַ פרעמדן װעלטיקן בליק און באַגעגנדיק זיך מיט בענדעטס אויגן, איז זי גיך אַרויס פון שטוב, באַגלייט פון דער מוטערס קרעכץ.

טעג זענען געגאַנגען, אָנבראַנגענדיק און איבערלאָזנדיק נאָך זיך די געװיינטלעכע אַלטעגלעכע גרויע זאָרגן. יעדער, יעדער טאָג, האָט בענדעטן אָנגעבראַכט זאָרגן — — — און אָט די פאַרפאַלטענע זאָרגן האָבן שוין אַזאַ טבע, אַז װען זיי לאָזן דיר דעם מוח פאַרשטעלן זיי פון דיין אויג אַלץ אַרומיקע, װייל אַזוי איז שוין דאָס מענטשלעכע לעבן: די טאָגטעגלעכע זאָרגן פאַרן אייגענעם נפש אין פאַר דיינע נאָנטסטע, פאַר דיינע בלוט אייגענע, די אָנפאַרטרויטע, זענען שטענדיק די ערשטע און די שװערסטע — האָט ער נישט געװוסט בענדעט, װאָס עס קומט דערװייל פאָר בײַ די פינקלס: ער האָט נאָר באַמערקט, אַז די אלמנה פינקל װערט פון טאָג צו טאָג פאַרביטערט און בייזער. זי איז געװאָרן אינגאַנצן אַן אַנדערע. די גוטמוטיקייט איז איר אינגאַנצן פון פנים אַראָפּ זי האָט לעצטנס געקריגן אַ גאַנץ האַרט פנים, איינגעצויגענע, פאַרביסענע ליפּן און בייז־צעבראָכענע אויגן. עפּעס שלאַנגנדיקס, גיפטיקס, האָט איר פאַרביסן פנים, בײַ דער צוזאַמענגעצויגענער כמעט שפּיציקער גאָמבע — אין זיך געהאַט. אויף יעדן איינעם, אפילו אויף בענדעטן, האָט זי געקוקט מיט בייזער נישט ניחאקייט, מיט האַס, — און ס׳איז אַזוי װייט געקומען, אַז בענדעט האָט זי אָנגעהויבן אויסצומיידן, אום זיך נישט צו באַגעגענען מיט איר פאַרביסן פנים.

*

* *

אין אַן אָוונט, ווען בענדעט האָט געהאַלטן בײַ זײַן שלאָפֿן, איז מיטאַמאָל אַרײַנגעקומען די אַלמנה פֿינקל, זיך נאָכגעפֿרעגט, צי ער האָט נישט אַמאָל געזען אין שטאָט איר טאָכטער און, אַז בענדעט האָט איר געענטפֿערט, אַז ער האָט נישט געזען איר טאָכטער, איז זי נאָכמער אומרויִק געוואָרן און מיט פֿאַרבראָכענע הענט האָט זי אין אָפּגעריסענע ווערטער, דערציילט, אַז איר טאָכטער איז נאָכמיטאָג אַוועקגעגאַנגען פֿון דערהיים און איז נאָך ביז איצט נישט צוריקגעקומען.

און אַז בענדעט האָט דערויף באַמערקט, אַז איר טאָכטער, האָט זיך שוין אַ סך מאָל לענגער פֿאַרזוימט און פֿונדעסטוועגן איז זי, די מוטער, גאָרנישט אומרויִק געווען. האָט די אײַנגע-קאָרטשעטע ייִדענע, וואָס האָט אין דער לעצטער צײַט זיך אַ רוק געטאָן אויף אַ צענדליק יאָר — בלויז אַ זאָג געטאָן מיט האַרץ:

— ליבער פֿרײַנט, מײַנע יסורים זענען טיף, ווי דער ים, אויף מײַן האַרץ ליגט אַ שטיין, אַ שווערער שטיין און אויף מײַן מויל הענגט אַ שלאָס. — און זי איז אַרויסגעגאַנגען.

דערנאָך, ווען בענדעט איז שוין געלעגן אויפֿן געלעגער, האָט די אַלטע ווידער אָנגעקלאַפּט. זי האָט געבעטן, בענדעט זאָל זי אַרײַנלאָזן. ער האָט זיך צוריק אָנגעטאָן, אָנגעצונדן דאָס לעמפּל און געעפֿנט איר די טיר. זי איז אַרײַנגעקומען, זיך האַס-טיק געטאָן אַ זעץ אַנידער אויף אַ שטול און אינגאַנצן געפּלאָ-טערט פֿון אומרויִקײט, וואָס איר טאָכטער איז נאָך אַלץ נישט דאָ.

— מײַן האַרץ זאָגט מיר פֿאָר נישט קיין גוטס. — האָט זי מיט טרוקענע רויטע אויגן געשעפּטשעט, ווי זי וואָלט דער-ציילט אַ סוד און פֿאַרזאָרגט דעם קאָפּ געשאָקלט.

בענדעט האָט געפּרוּווט פֿון דער אַלטער דערגיין, צי

צווישן איר און דער טאָכטער איז היינט פאָרגעקומען עפּעס, צוליב וואָס זי זאָל זיך דאַרפן באומרויקן וועגן דער טאָכטערס נישט אַהיימקומען — די אַלטע, ווי זי וואָלט נאָר געוואַרט דערויף צו קענען זיך פאַרזינדיקן, גלייך ווי נישט פאַר עמעצן אַ דריטן פאַרזינדיקן זי זיך דאָ, נאָר פאַר דער טאָכטער אַליין — האָט זי גענומען מיט געוויין טענהן:

— איך האָב איר דען עפּעס געזאָגט? מיינע צרות, מיינע יסורים האָבן גערעדט. און אַז איך האָב געשאָלטן — זי האָט דען פריער אָפּגעהערט פון מיר אַ קללה? מיך האָב איך מיט די קללות געמיינט. מיר אַליין האָב איך דעם גרויל געוווּנטשן. אוי! — האָט זי אויסגעשריגן פון טיפן האַרץ — הלוואַי וואָלט איך דאָס טאַקע נישט דערלעבט! מיט געלט קען איך זי אָפּ־שיצן? וואָס איז דען די צירונג פון אַן אָרים מיידל, אַ יתומה, מער ווי איר אָפּגעהיטנקייט?

די אַלטע האָט לאַנג גערעדט, געוויינט און זיך עפּעס אַרענטפערט. נישט אַ סך, וואָס זי האָט גערעדט, האָט בענדעט פאַרשטאַנען. נאָר דאָס ביסל, וואָס ער האָט יאָ פאַרשטאַנען, איז אויך גענוג געווען, ער זאָל באַנעמען, אַז עפּעס גאָרנישט היימלעכס איז לעצטנס פאָרגעגאַנגען צווישן מוטער און טאָכטער און אַז דאָס וואָס די מוטער איז אומרויק פון דער טאָכטערס נישט אַהיימקומען, האָט זי זיכער אַ גרונט צו באַאומרויקן זיך.

ס'איז געווען אַ פאַרדרייטע נאַכט דאַמאָלס. די אַלמנה פינקל האָט נישט געקענט איינדרעמלען. זי איז נאָכאַ־נאַנד געקומען אַריינצוגיין צו בענדעטן. מיט יעדער פערטל שעה איז איר אומרויקייט געשטיגן און אַרום האַלבע נאַכט איז זי געווען אַזוי צעטומלט פון אומרויקייט, אַז בענדעט האָט איר צו־ליב געטון, זיך אָנגעטון דעם אויבעררעק און צוזאַמען מיט דער מוטער — אַרויסגעגאַנגען און אַליין נישט וויסנדיק ווו, געגאַנגען זוכן איר טאָכטער מינע.

די נאַכט איז געווען אַ פינסטערע, נאָר אַ טרוקענע און פראָסטיקע, דער הימל באַזייעט מיט שאַרף פינקלדיקע שטערן —

זיי זענען געווען אין שטאָט, אַדורכגעגאַנגען די הויפּטגאַס, וווּ דעם פֿאָן ראָזנשטיינס אַפּטייקס-סקלאַד געפֿינט זיך. אַלץ אַרום, די געוועלבער און הייזער, זענען געווען פֿאַרמאַכט — נאַכ-טיק...

איינער נאָך איינעם און אויך פֿאַרלעך, האָבן זיך פֿון צייט צו צייט באַוויזן פֿאַרבײַ איילנדיקע דורכגייער. צו אַ טייל איז די אַלטע צוגעגאַנגען און מיט אַ רוסיש־לעכער אויסשפּראַך און צובראָכן געמיט זיך נאָכגעפֿרעגט, צי עמעץ האָט נישט באַגעגנט איר טאָכטער.

טייל האָבן גאָרנישט געענטפֿערט און ווייטער געגאַנגען. אַנדערע, פֿריילעכע יונגען, האָבן אָפּגעענטפֿערט חכמהדיק ציניש: איך האָב זי געזען מיט אַ באַנדע זעלנער...

אָדער:

— היינט קומט זי מער נישט אַהיים; סאיז איר פֿריילעך, זי הוליעט.

איינער אַן אויבערראַק, אין אַ בלויזער מאַרינאַרקע, האָט זיך יאָ אָפּגעשטעלט, זיך נאָכגעפֿרעגט, ווי איר טאָכטער זעט אויס און ווי זי גייט אָנגעטאָן. די אַלטע האָט אים דאָס קלאָר געמאַכט. ער האָט געזאָגט: „כ'האָב זי נישט געזען". און ווייטער געגאַנגען.

אַז זיי זענען צוריקגעקומען פֿון שטאָט און מינע איז נאָך אַלץ נישט געווען, האָט די אַלטע געבעטן, זיי זאָלן נאָך אַ קוק טון דאָ אין דער עק-שטאָט אומגעגנט, אפֿשר זיצט זי דאָ ערגעץ...

זענען זיי ווידער אַרומגעגאַנגען, געגאַנגען דאָ, געגאַנ-גען דאָרט. עס איז נישט געווען צו זען קיין איין לעבעדיק באַ-שעפֿעניש.

זיי זענען צוגעקומען צום וואַלד. דורך די שיטערע ביימער, האָבן זיך געזען די שאַרף פּינקלדיקע שטערן. מיט אַ היימלעכקייט האָט געאָטעמט דער שפּעט-האַרבסטיק נאַכטיקער וואַלד.

זיי זענען געגאַנגען צווישן די ביימער, אָפּגערוקט איינער פֿון אַנדערן, געזוכט, געקוקט, אַליין נישט וויסנדיק וואָס און ווו... ערגעץ הויך האָט צווישן די צווייגן געוויישט אַ ווינטל, דערטראָגנדיק צום אויער אַ געהיים געררויש. אין דער שטילקייט האָט זיך געדאַכט צו פֿאַרנעמען עפּעס ווי אומבאַשטימטע קלאַנגען און קולות נישט אַרויסגערעדטע, נאָר ווי דעם אָפּקלאַנג זייערן. — די אַלטע האָט מיטאַמאָל מיט אַלע כּוחות און מיט דעם גאַנצן צע־בראָכענעם געמיט, גענומען שרייען.

— מינע, מינעלע, קינד, רוף דיך אָן צו דער מאַמען! מי־נעלע, צו דיין מאַמען רוף דיך אָן! —

דאָס ווידערקול האָט ווייט אַריבערגעטראָגן און גלייך צו־ריקגעבראַכט די קולות אין אַ פֿאַרענדערטער הוילער פֿאָרם און אַלץ אַרום איז געווען נאַכטיק שטיל, טויט.

נישט ווייט פֿאַר באַגינען זענען זיי מיד און מיט גאָרנישט צוריק אַהיימגעקומען. די אַלטע איז ווי אַ קלאָץ געפֿאַלן אויף אַ שטול מיטן קאָפּ אויפֿן טיש. אַזוי געזעסן שטום און געשוויגן, געזעסן אומבאַוועגלעך, ווי דאַמאָלס פֿאַרנאַכט די טאָכטער באַם פֿענסטער — צומאָל נישט געקרעכצט; די אויגן איינגעגעסן אין דער קעגנּיבערדיקער וואַנט, די ליפּן צוזאַמענגעשלאָסן, די הענט — אונטערגעשפּאַרט דעם קאָפּ און געשוויגן.

צומאָרגנס האָט בענדעט, ווי געוויינטלעך, געהאַט צו טון אין שטאָט; זוכן פּרנסה, פֿאַרנאַכט, ווען ער אַהיימגעקומען, בשעת ער האָט אויפגעשלאָסן דאָס שלעסל, וואָס הענגט אויף דער טיר, איז פֿון איר שטיבל אַרויסגעקומען די מויערערין, די האַלב־בלינדע באַבע. זי איז גאָר נאָענט צוגעגאַנגען צו בענדעטן און, מיט אַזאַ מין פֿויערישער צופֿרידנקייט, וואָס זי, די גאָר נישטיקע באַבע, האָט אויך אַמאָל עפּעס צו דערציילן דעם קופּיעץ — האָט זי בענדעטן איינגעשעפּטשעט אַ סוד, אַז אין וואַלד הינטערן באַרג, ווו די דעמבענע וואַקסן, האָט היינט דער "גאָיאָווע" געפֿו־נען די פֿאַננע פֿינקעל ליגן טויט, לעבן איר איז נאָך געלעגן דאָס פֿלעשל סם

געענדיקט האָט די באָבע איר נייעס מיט אַ ביטערע פֿראַגע:

— דו, פֿאַניע, ווייסט געווים, צוליב וואָס זי האָט געדאַרפֿט זיך דאָס לעבן צו נעמען?

## קאַפּיטל 13.

זי איז טאַקע געווען טויט מינע, אין וואַלד הינטערן באַרג צווישן די דעמבעס איז זי געלעגן. אַרום איר האָבן זיך געוואַל־גערט קופּעס טרוקענע בלעטער שאַרלאַך־רויטע און געלע פון דיביימער אראָפּגעפאַלענע. זי איז געלעגן מיטן פּנים אַרויף, די הענט מיט די פינגער אין דער העלפט פאַרמאַכט איינגעגראָבן אין דער ערד, דאָס פּנים פאַרקרימט, פאַרבלאָטיקט, מיט פאַר־מאַכטע קוים אויף אַ שפּעלטל די אָפענע אויגן. ווייטער פון איר אָפּ איז געלעגן אַ פלעשל, אין וועלכן ס'איז נאָך געווען צו דער־קענען אַ שפור פון אַ פליסיקייט, אָט דאָס, דער קערפּער, איז געווען מינע, מינע פינקל, זי אינגאַנצן.

דער טויט, מוז זיין, איז איר גאָרנישט לייכט אָנגעקומען, דאָס האָט עדות געזאָגט איר שרעקלעך צעקרומטע פּנים און די הענט אין קרעמפּן־יסורים איינגעגראָבן אין דר'ערד, ווי זי וואָלט די ערד געריסן מיט די נעגל.

מינעס טויט איז אַ פּנים פאָרגעקומען באַנאַכט. — איצט איז דאָ געווען רויק, זייער רויק. דער קערפּער איז געפונען געוואָרן נאָך אינדערפרי. פון נאָענטן פּאָליציי „פּאָסטאַרונעק", איז דאָ אַוועקגעזעצט געוואָרן אַ וועכטער היטן, ביז פון שטאָט וועט אַהערקומען אַ קאָמיסיע אונטערזוכן.

דער פויער — מיט אַ שטעקן — איז זיך שווייגנדיק געזעסן לעבן קערפּער אויף אַ פון אַן אונטערגעהאַקטן בוים געבליבענעם שטאַם, רויק און פלעגמאַטיש זיך צוגעקוקט, ווי דער ווינט יאָגט אַן טרוקענע בלעטער אַרום און אַריבער דעם טויטן גוף און אַכטונג געגעבן האָט ער דער פויער, ס'זאָל זיך נאָר קיינער נישט צופיל דערנענטער'ן צום טויטן — מיט אַזאַ שלימות און פויערישער שטרענגקייט, האָט ער געטון זיין זאַך, אַ שטייגער, ווי מיטן דערנענטערן זיך, וועט מען דעם טויטן נאָכאַמאָל טויט מאַכן.

אין הייזל, די שכנטעס, האָבן זיך דערציילט, אַז ווען די מוטער איז געקומען אָנצולויפן און זיך מיט אימפּעט געטון אַ וואַרף אויף איר טאָכטערס טויטן גוף, האָט דער וועכטער מיט זיין שטעקן זי אָפּגעטריבן. „ער האָט געהאַקט אין איר, ווי אין קרויט" האָט מ׳ן אין הייזל דערציילט „און זי האָט געמוזט אָפּטרעטן".

ערשט צומאָרגנס אַרום מיטאָג, איז געקומען צופאָרן פון שטאָט די קאָמיסיע. דערנאָך האָט מען דעם טויטן גוף אַרויפגעוואָרפן אויף אַ וואָגן און אַוועקגעפירט אַהיים צום פּאַלמעסן.

די אַלמנה פינקל איז פון נאָכן צוריקקומען פון וואַלד, פון דער ען דער טאָכטערס טויטן גוף, געזעסן אין שטיבל און איינמאָל נישט אַרויסגעקומען. זי האָט נישט געוויינט, נישט געקלאָגט — געזעסן און געגלאָצט.

ווען מ'האָט אַריינגעבראַכט דעם טויטן גוף, איז זי אַלץ געבליבן זיצן אין דער זעלבער פּאָזע, נישט אַ ריר געטאָן דעם קאָפּ.

ס'איז אַריינגעקומען דער שטאָט-דאָקטאָר מיט נאָך צוויי

הערן. איינער ציוויל געקליידט, איינער אין אַן אוניפאָרם פון א
העכערן פּאָליציי-באַאַמטן און א פּאָליציאַנט. מ'האָט די מוטער
געהייסן א ביסל אַרויסגיין. זי האָט גאָרנישט געוווּסט, נאָר נישט
פאַרשטאַנען, וואָס מ'רעדט צו איר און בכלל, צי מ'רעדט עפּעס צו
איר. דער פּאָליציאַנט האָט זי אָנגענומען באַם קאָל און, ווי א
קינד זי אַרויסגעשלעפּט הינטער דער טיר. זי איז גלייכגילטיק,
תמעוואַטע געבליבן שטיין אינדרויסן, איז געקומען אַנצולויפן
עמעץ אַ נייגעריקער שייגעץ, זי אומגערן א שטופּ געטון, האָט זי
זיך א רוק געטאָן און אַזוי ווי זי איז איצט אויסגעקומען ליגן
די טרעפּ צום בוידעם, האָט זי זיך צוגעזעצט אויפן טרעפּל און
געבליבן אַזוי זיצן.

דאָס פּאַלמעסן האָט נישט לאַנג געדויערט. איינער פון
די שכנים — אַ יינגער פויער פון א דערלעבנדיק הייזל וואָס
היילט קראַנקע פערד, וועמען דער דאָקטאָר האָט אַרייַנגערופן,
ווייל ער האָט זיך אונטערגענומען צוצונייען צוריק דעם קער-
פּער, וואָס דער דאָקטאָר האָט דערצו נישט קיין חשק געהאַט,
ווייל דאָס ווייניקסטע האָט ער שוין געטון און דאָס קומט שוין נישט
צו אים — האָט דער יינגער פויער נאָכדערציילט, אַז בא איר
אין מאָגן איז אַלץ געווען פאַרברענט, אויסגעזען ווי זשאַווער,
און נאָך האָט ער דערציילט, אַז די קאָמיסיע האָט איינגעשריבן
אין פּראָטאָקאָל. אַז זי איז געווען טראָגנדיק, שוין אין דריטן
אָדער פערטן חודש איז זי געווען.

אויף די בקשה פון די הייזל-איינוואוינער, די באַבעס אַז די
קינדער וועלן מורא האָבן צו שלאָפן, האָט דער פּאָליציי-באַאַמ-
טער באַפוילן, אַז דער וואָגן, וואָס האָט געבראַכט דעם גוף, זאָל
באַלדיקסט אַוועקפאָרן. און מיט דעמזעלבן וואָגן זאָל דער קער-
פּער אָפּגעשיקט ווערן אויפן יידישן בית-הקברות צום טון זיין
רעכט און באַגראָבן.

דער פויער פון די פערד איז געווען אומצופרידן,
געטענהט, אַז גענוג ער האָט דאָס געבראַכט פון וואַלד, ווייַ-
טער דאַרף מען נעמען אַן אַנדערע „פּאָדוואָדע", עס איז אָבער-

בעוועז שפעס פּאַרנאַכט, נישט געוועז קיין צייט צו זוכן אַן אַנ- דערן וואָגן. דער פּאָליציאַנט האָט דעם פויער עפּעס איינגע- רוימט — מן-הסתם, אַז אַ צווייט מאָל באַם נעמען אַ „פּאָדוואָדע" וועט ער עס אים געדענקען — דער פויער איז מרובה געוואָרן און מיט דער באַגלייטונג פון פּאָליציאַנט, וואָס האָט זיך צו אים צוגעזעצט, זיך מיטכאַפּן אין שטאָט, האָט דער פורמאַן אַ שמיץ געטון די פערד און אַוועקגעפירט דעם קערפּער.

קיינער איז נאָך דעם מת נישט נאָכגעגאַנגען, די מוטער אַן שכל איז ווייטער געבליבן זיצן אינדערהיים — זי האָט קענטיק איינגאַנצן נישט באַנומען, וואָס דאָ איז פאָרגעקומען — בענדעט גלייכגילטיק, אַז אַזוי ווי איצט איז שוין שפּעט אָוונט, וועט מן הסתם די קבורה פאָרקומען ערשט מאָרגן און אַזוי ווי צום קברות, וואָס געפינט זיך אין צווייטן עק שטאָט, איז אַ מהלך — איז ער אינדערהיים געבליבן.

ער איז אַרייַנגעגאַנגען אַ קוק טון צו דער אַלמנה פינקל אין שטיבל. און ר'איז דערציטערט געוואָרן: אין דער אָוונט- טונקלקייט, איז זי געגאַנגען אַרויף און אַראָפּ מיט אַ קישן אין די הענט, האַלטנדיק דאָס צום האַרץ, ווי אַ קינד און זיך צו- געברומט אַ טיף אומעטיקן ניגון, אַזוי ווי מען שלעפט איין אַ קינד:

— אַלו-לו-לו...

עטלעכע מאָל אין אָוונט איז בענדעט צוגעגאַנגען צו דער טיר — זי איז אַלץ געגאַנגען אַרויף און אַראָפּ און זיך צוגע- ברומט מאָמעדיק:

— אַ-אַ-לו-לו...

אינדערפרי, ווען בענדעט איז אַרויסגעקומען אויפן בית- הקברות, איז די נעכטן אָוונט אַהערגעבראַכטע שוין געווען באַגראָבן. אויף בענדעטס פאַרווונדערטן פרעג, ווען די קבורה איז פאָר- געקומען, האָט דער קברות-ייד אַ וואָרטשע געטון:

— נאָך נעכטן... אויף הייגט האָט מען נאָך געדאַרפט

איבעראַלן די מציאה — און ער האָט מיט ד״ר האַנט אָנגעוויזן
אַנדערע ערגעץ אַראָפּ צום פּלויט:

— דאָרט צווישן די פּענטאַקעס, פריש אויפגעשיט — איר
ניט שוין געפינען.

---

## קאַפּיטל 14.

די ווייטערדיקע טעג איז קיין שום פאַרבעסערונג נישט אַריינגעטרעטן אין דער אַלמנה פינקלס געזונט-צושטאַנד. איר שכל איז ווייטער געבליבן פאַרטונקלט. זי איז אַרומגעגאַנגען און געשמייכלט, אַרומגעגאַנגען און צוגעברומט זיך אַ ניגונדל, אָדער געזעצן פאַרזונקן אין זיך; האָט מען איר אַנידערגעשטעלט עסן, האָט זי געגעסן, נישט — איז זי געגאַנגען אַרויף און אַראָפּ, געזונגען אָדער געשמייכלט, גערעדט — גאָרנישט, אַ וואָרט נישט.

אַלע מענטשן האָבן זיך פאַר־אינטערעסירט מיט דער אומגליקלעכערס ביטערן גורל. אַראָפּצו ווייטער אין דער „פרייהייט" גאַס האָבן געוווינט עטלעכע ייִדישע משפחות. מ'האָט איר פון דאָרט צומאָל געבראַנגט ביסלעך עסן. די בראַנגער זענען אָבער אַליין געווען אָרימע לייט; יעדן ביסן עסן, וואָס זיי האָבן געבראַנגט, האָבן זיי זיך אַליין אָפּגעשפּאָרט פון מויל.

אין שולעכל דאָרט איז שבת אַרומגערעדט געוואָרן דער עלנטער פרויס לאַגע. דאָס רחמנות האָט אַלע באַם האַרץ גע־שניטן.

עמעץ האָט געוווּסט צו דערציילן, פון וועלכער שטאָט זי קומט אַרויס, איז די זאַך געוואָרן אַרומגעשמועסט און ס'איז גע־בליבן, אַז די גלייכסטע זאַך וואָלט געווען שרייבן אַהין אין יע־נער שטאָט צום רב, אפשר געפינט זיך דאָרט אירס אַ קרוב...

דער „רבי", וואָס לערנט מיט זיי יעדן שבת אין שולכל, האָט גענומען אויף זיך באַלד נאָך שבת, אם ירצה השם, צו שרייבן אַהין צום רב אַ בריוו.

און ער האָט וואָרט געהאַלטן. באַלד נאָך שבת האָט ער זיך אַוועקגעזעצט און געשריבן, דער בריוו, מוז זיין, האָט דאָרט אויף דעם רב געמאַכט אַן איינדרוק, וואָרים אין אַ שטיקל צייט אַרום, איז געקומען צו פאָרן אַ היכע דאָרע יידענע און זיך פאָרגעשטעלט, אַז זי קומט דאָרט פון יענער שטאָט און איז דער אַלמנה פינקלס אַ שוועגערין.

דער בריוו פון שולכל־„רבי", געשריבן און הויכער לשון־קודשער מליצה, אין אַ געקליבענער בלומען־שפראַך, מוז דאָרט זיין שלעכט פאַרשטאַנען געוואָרן, די צופאָרן געקומענע יידענע האָט קענטיק זיך געריכט, אַז דאָ וואַרט אויף איר עפּעס אַ ירושה — זי האָט מיט זיך מיטגעבראַכט — טאָמער וועט מען איר נישט גלייבן — אַ באַשטעטיקונג פון רב, אַ פּאַפּיר, אין וועלכן ס'איז געשטאַנען שוואַרץ אויף ווייס, ווער זי איז און ווי אַרום זי געהערט זיך אָן מיט מרת אסתר פינקל, לייבלעכע שוועגערנס.

געוויר ווערנדיק אָבער די אמתע לאַגע, אין וואָסערע ירושה דאָ האַנדלט זיך — איז די יידענע זייער אַנטוישט גע־בליבן. זי האָט מיט אַמאָל געגומען טענהן: לאַ...

— פאַר מיינע אייגענע מאַן און קינדער האָב איך זיך אויף געגוג צו מוטשען מיט חיונה...

צוריק צוועקפאָרן און די אומגליקלעכע פרוי איבער־לאָזן — האָט מען אָבער אויך נישט דערלאָזט. מענטשן האָבן זיך

אַריינגעלייגט — די מאָגערע ייִדענע אַליין האָט זיך אויך אַ ביסל מיישב געווען: דאָס קען מען פאַרקויפן און איינגעמען אַ ביסל געלט, דאָס אויך און יענע שאַנק און די בעטן אויך; דאָס איבעריקע, אַ ביסל מלבושים, וועש און קלייניקייטן — קען מען מיטנעמען אַהיים.

די ייִדענע האָט זיך פעסט אַ נעם געטון, וואָס פאַרקויפן — פאַרקויפט: וואָס מיטצונעמען — פאַרפּאַקט — און זיך מכין געווען אַהיימצופאָרן און מיטנעמען מיט זיך די נישט קלאָרע שוועגערין.

אַ צוויי טעג פאַרן אַוועקפאָרן, אין אַן אָוונט, קומט די מאָגערע ייִדענע איינמאָל אַריין צו בענדעטן, מאַכט הינטער זיך געטריי די טיר צו, ווי אַז קיינער זאָל זיך פון דרויסן נישט אונטער־האָרכן, וואָס זי וועט דאָ רעדן — זי זאָגט „אַ גאָט העלף אייך שכן," און נאָך דעם ווייבעריש סקאַרבאָוון נוסח: „דער קלאַפּ, מיין פריינד, איז נעבעך געשען, מיר קענען זיך שוין גאָרנישט העלפן!" — פרעגט זי בענדעטן פאַרסודעט.

— איר קענט דאָך אוודאי יענעם? מ׳זאָגט אַ רייכער, פאַרמאָגט זיין אייגנס אַן אַפּטייק און מן הסתם נאָך עפּעס דערלעבן אויך — וואָלט איך טאַקע אַ גיי געטון צו אים. וואָס? אַ קלייניקייט באַ אייך? העלפן קען מען נישט, לעבעדיק מאַכן די טויטע — גייט טאַקע נישט. אָבער עפּעס קאָסטן מעג אים דאָך. העי, ווי מיינט איר ליבער פריינט, גלייך, וואָס?

בענדעט האָט דערדריקט אין זיך דעם גאַנצן כּעס און עקל, וואָס דער ייִדענעס „פּלאַן" האָט אין אים אויפגערודערט — ער האָט איר געגעבן דעם אַדרעס פון פאַן ראָזנשטיין.

צומאָרגנס און איבערמאָרגן — די ייִדענע האָט בענדעטן גאָרנישט דערציילט, צי זי איז דאָרט געווען, צי נישט — נאָר פאַר זייער אַוועקפאָרן האָט בענדעט אָפּגעפּאַסט אַ מינוט און זי נעפרעגט, צי זי איז געווען דאָרט אין אַפּטייק־ס לאַד.

— וואָס אַן אמת — האָט די ייִדענע אָנגעהויבן מיט אַ גאָטס־פאָרכטיק פּיסקל — כ׳בין געווען, וואָס זאָל איך אייך לייקענען, כ׳בין טאַקע געווען דאָרט, נאָר גלייבט מיר, ליבער שכן,

דער מענטש איז דאָ גאָרנישט שולדיק — איך קען מיך אַ ביסל אויף מענטשן: אַ הולטיי — קוקט דער הולטיי פון פּנים אַראָפּ. דאָ, מיין פריינט, איז אָבער נישט אַזוי — אַן אָרנטלעך פיינער מענטש, דאָס לייענט מ׳זין אים פון פּנים...

זי בייגט זיך צו און רעדט בענדעטן אין אויער, ווי אַ סוד — ווייסט איר, וואָס ער האָט מיר פאַרטרויט, צווישן אונדז זאָל עס בלייבן, — זי שעפּטשעט גאָר שטיל — ער האָט זי נאָך פריִער געהאַט אָפּנעשאַפט, נישט געקענט מיט איר אויסקומען, ס׳האָט זי רק געצויגן צו דער גאַס. געווען אַפּנים אַן אמתע...

— זאָג איך אייך — האָט זי ווידער אָנגעהויבן מיטן גע־וויינטלעכן קול — ער האָט מיך אַריינגעפירט אין אַ באַזונדער חדר, מיר האָבן לאַנג גערעדט דערפון און... מיר האָבן זיך גע־זעגנט זייער פריינטלעך, חלילה זיך נישט געקריגט. הלוואי, פאָ־טער אין הימל, זאָל אונדז כאָטש אַ העלפט מקוים ווערן, וואָס דער מענטש גינט אונדז. —

ס׳איז זיך לייכט געווען אָנצושטויסן, אַז דער פאַן ראָזנ־שטיין האָט די ייִדענע אָפּגעסמט מיט עפּעס געלט, איר דאָס בסוד אָפּגעשטעקט. און געטון האָט ער דאָס מן הסתם נישט אַלס בעל־הייב, נאָר סתם אַלס גוטהאַרציקער מענטש פאַר דער אומגליקלע־כער פרוי נעבעך.

און אַז בענדעט, זייענדיק באַטאָג אין שטאָט, גייט אַדורך די הויפּט גאַס, זעט ער דעם פאַן פעליקס ראָזנבשטיין, ווי גע־וויינטלעך, אויסגעפּילט, פריילעך, קאַוואַלעריש אין פיינעם אָנצוג, מיטן נעט געקעמטן שרינט, ווו יעדעס הערל ליגט זיך אויף זיין אָרט — שטייט ער זיך דערינבען און קוקט אַרויס דורך דער שויבן־טיר, פון אַפּטייק־סקלאַד, אין גאַס אַרויס. ווינטער מאַכט זיך, אַ ווינטער מיט אָונט־פאַרווײלונגען... וואָס נאָך דאַרף דער פאַן ראָזנשטיין אַ חוץ פאַרווײלונגען?

אַנומלט האָט בענדעט גראַד אָנגעטראָפן, ווי ער האָט אַרויסבאַגלייט אַ דאַמע — מן הסתם אַ באַקאַנטע — פון געשעפט, געקושט קאַוואַלעריש דאָס אים אויסגעשטרעקטע הענטל, איבער־חזרנדיק אַזוי זיס, אַזוי עלעגאַנט:

— דאָ ווידזעניאַ, דאָ ווידזעניאַ...

בענדעט האָט דאָס צוגעקוקט פאַרבײַגײַענדיק און געטראַכט
האָט זיך אים פון די אַלע כויזנטער, הונדערט טויזנטער ראָזנ-
שטיינס און אַלע זייערע מינים. כעס און טרויער האָט אין אים
געפּלאָטערט, געזאָטן און געביטערט:

— וואָלט דאָך געווען אַ גאָט אין הימל!...

## קאַפּיטל 15.

אין מיטן דעצעמבער איז מיטאַמאָל געװאָרן אמתער װינ-טער.

די שפּעקוליאַנטן-טעכטער — אױסגעפּוצטע װינטערדיק אין פוטערס, אין װאַרעמע באָטן, פון װעלכע עס האָט זיך אױבן אַרױסגעזען די פאַרבשרײַענדיקע זעקלעך אַרױפגעצױגן אױף די אמתע זאָקן (געװען דאַמאָלס אַזאַ מאָדע). — האָבן טאַנצלדיק אַדורכגעשװעבט די גאַס, װי פּרינצעסינס; די מוטערס די שװער-לײַביקע האָבן, װי די צו פעטע קאַטשקעס און מיט שטאָלץ פאַר-ריסענע נעז, זיך געקאַטשעט איבערן טראָטואַר, פאַרנעמענדיק מיט זיך זײַן גאַנצע ברײט.

מאַדאַם גאָלדפעלד האָט דאַמאָלס שױן געטראָגן דאָס נײַע קאַראַקול-פוטער. װעגן אָנטון דאָס פוטער האָט זי געהאַט אַ שטיקל סיכסוך מיט דער מוטער. זי, די מאַמע, האָט געהאַלטן, אַז אַזױ װי ס׳איז ערשט אַ פּאָר חדשים נאָך אי׳ זשנס כויט, דאַרף בראָניע נישט באַגײען אַ מלבוש און נאָך — אַ קאַראַקול-פוטער.

— די יאָרן און טעג קען מען זיך פאַרזינדיקן און פאַר מענטשן פאַסט עס אויך נישט, — האָט די מאַמע געטענהט.

מאַדאַם גאָלדפעלד ווידער האָט דער מוטער אויפגעוויזן, אַז אַזוי ווי אַ טרויער-קלייד מעג מען יאָ באַניצן און קאָראַקול איז — שוואַרץ, איז דאָך אַ פּראָסטע זאַך, אַז מ׳מעג.

און אַז די מוטער האָט זיך ווייטער געהאַלטן בײַ דאָס אײ־ריקע, אַז לויט דעם עכט יידישן דין, טאָר מען אין יאָר, אפילו שוואַרצע מלבושים אויך נישט באַנייען, האָט מאַדאַם גאָלדפעלד צוגעגעבן, נישט קימערנדיק זיך גאָר, וואָס די מוטער ווייסט, אַז ס׳איז ליגנט:

— איבעריקנס איז עס שוין נישט ניי, איך האָב דאָס נאָך פון פאָראיאָר, נאָר אַזוי ווי ס׳איז געווען שוין סוף ווינטער, האָב איך דאָס נישט אָנגעטון.

און די מוטער איז אַפּנים סוף-כּל-סוף איבערגעצייגט געװאָרן, אַז מען מעג יאָ, וואָרן מאַדאַם גאָלדפעלד האָט זיך טאַקע באַלד גענומען זייגן אין גאַס אינם קאַראַקול-פו־טער.

די האָסע האָט דאַמאָלס געבושעדעט, ווי אַ שטורעם-ווינט. יעדע שעה, יעדע פערטל שעה האָט געבראַנגט אַ פּרייזן-ענדערונג. דורך אַ נאַכט זענען מענטשן טאָפּלט רייך געוואָרן, דורך אַ וואָך — פּילפּאַכיק.

זיי׳ די שוין פריִער רייך געוואָרענע סוחרים, האָבן אָפּ־בעלאַכט פון די ערשט רייך געוואָרענע. „אויפגעקומענע”, האָט מען זיי גערופן און פאַרשידענע קריאָזן זענען וועגן זיי אַרום־געגאַנגען.

דער אַמאָליקער עופות-אויפקויפער און הייַנטיקער רייַ־כער תבואה-סוחר ניסל, וואָס דער יידישער נאָמען זייַנער איז נפתלי, האָט בײַ גאָלדפעלדן דערציילט אַ מעקלער, אַז דעמדאָ־זיקן ניסלס ווייב — אַ געוועזענע דינסט — האָט אים שוין צום ווייפּילסטן מאָל דעם נאָמען געענדערט. ווען ער האָט נאָר אָנגע־הויבן רייך ווערן, האָט זי אים גערופן — נאַטאַן. דערנאָך — נאַטאַליוש... און איצט, צייט ער האָט געקויפט דאָס גרויסע

הויז אויף דער הויפּט-גאַס, האָט זי אים אָנגעהויבן רופן — מן הסתם לויט דער עצה פון עפּעס אַ לץ — באַפּטאַלינאַ — אַזוי זאָגט זי. איז נפתלי אויף פראַנצויזיש.

שיינע מעשיות האָט מען דערציילט פון די רייך געוואָרע-נע קצבים...

זיי, דערדאָזיקער קניפּ ברידער און שוואָגערס, געווען נע-נבים און איצטיקע רייכע בהמה-סוחרים האַנדלען שותפות. דאָס הויפּט-קאָנטאָר זייערס, איז דער „קאַפע לאָנדאָן". דאַרף עמעץ פון זיי אָדער עמעצנס ווייב געלט, שיקט מען מיט אַ סימן אַהין אין „קאַפע". דער וואָס גיט אַרויס דאָס געלט, באַצייכנט עס מיט זיין „היעראָגליפן"-כתב אויף דער פּלאַט פון טיש. און איין-מאָל שפּעט באַנאַכט, ווען ס'איז אין דער היים אויסגעבראָכן אַ מחלוקה צווישן דעם קניפּ ברידער און שוואָגערס, ווייל דער „קאַזיר" האָט נישט געדענקט די אויסגאַבן פון טאָג, האָט יענער זיך אַ כאַפּ געטון, געגעבן אַ לויף אין „קאַפע", דאָרט אָנגעקלאַפּט, ווי בײַ אַ שרפה און ווען דער „קאַפע"-באַלעבאָס נישט ווייסנדיק, וואָס ס'איז געשען, האָט אים געעפנט די טיר, איז ער אין איין אימפּעט אַריינגעפלויגן אין „קאַפע", אַ כאַפּ געטון זיין טישל און געקומען דערמיט צולויפן צו דער משפחה, האַלטנדיק דאָס טישל אויף די פּלייצעס, רייטנדיק, ווי אַ קעלבל.

— נאַ, זעטס, צי מיין חשבון שטימט נישט! — — —

פון אַן אַנדערן ווידער האָט מען נאָכדערציילט, אַז ער האָט אַ „פּרינציפּ" נישט צו באַצאָלן, וואָס עס קומט עמעצן, אַז מען קומט צו אים וועגן געלט. האָט ער פּאַר אַלע איין וואָרט:

— איך ווייס גאָרנישט. איך בין נישט שולדיק און שוין. —

אַזוי האָט מען בײַ די פריער רייך געוואָרענע אָפּגעלאַכט פון די שפּעטער רייך געוואָרענע. גאָלדפעלד למשל האַלט זיך אין דער מדרגה, ער איז פון די פריער רייך געוואָרענע. נאָך אין דייטשעס צייטן, אַז גאָלדפעלד איז עמעצן עפּעס שולדיק, באַצאָלט ער, שלעפּט בלויז אָפּ דאָס באַצאָלן אויף עטלעכע

טאָג, אַ חאָך אינגאַנצן — קומט שוין ממילא אויס, אַז אַ דאַנק דעם יעדן מינוטיקן געלט פאַלן — איז דער חוב באַצאָלט און געבליבן איז ער פונדעסטוועגן בײַ גאָלדפעלדן אין קעשענע.

אַזוי־זיך גלאַט האָט אַנטפּלעקט אַ סוחרל געלאָזט פאַלן אַ וואָרט:

— אין דײַטשלאַנד, שמועסט מען, איז שוין צוריק פּעסט... פאַר עטלעכע פּעניק קען מען קויפן, ווי אַמאָל...

— איז עס דאָך עפּעס דער דײַטש — באַמערקט דערויף גאָלדפעלד — אַן אַלטע מלוכה, אַ באַלעבאַטישקייט...

און צום ווײַב, וואָס האָט דאָס געהערט זיצנדיק אויף דער סאָפע, ווענדט זיך גאָלדפעלד ווי אום איר נישט צוצולאָזן קיין טריבע מחשבות:

— איצט וועט אונדזער חוב אין בערלין צוריק ווערן געלט...

זי, די מאַדאַם גאָלדפעלד, האָט איצט ערשט אָנגעהויבן אין זיך צערײַנצוקריגן דאָס שטאָלצע באַוווּסטזײַן פון איר ווײַכקייט.

זי ווײַזט איצט אַרויס איר שטאָלץ בײַ יעדער געלעגנהייט, אויף יעדן טריט און שריט. איר קוזינקע די לאַנדסבערגן, האָט פאַר אַ באַקאַנטע זיך אויסגעדריקט וועגן די גאָלדפעלדן:

— בראָניען וועט שוין באַלד נישט אָנשטײַן זיך צו חברן מיט זיך אַליין...

בײַ די גאָלדפעלדס איז מען איצט זייער באַשעפטיקט מיט זוכן אַ דירה. מאַדאַם גאָלדפעלד וויל, אַז צוזאַמען מיטן איבערפירן דאָס געשעפט אין צענטער שטאָט, זאָלן זיי זיך אויך איבערציִען אין אַ נײַער דירה. ער, דער מאַן, האָט איצט נאָכאַנאַנד צו לויפן מיט מעקלערס אָנקוקן דירות. און ווי געוויינטלעך, איז אים יעדע דירה, וואָס דאַרף נאָר קאָסטן אַ ביסל ביליקער, זייער צום האַרץ. נאָך יעדן מאָל אָנקוקן, איז ער אַהיימגעקומען מיט אַ פול מויל:

— או וואַ, אַ דירה גרויסאַרטיק! — סאַמע סאַליעס!

איר ווידער — ווי דער שטייגער פון אַ „מאַדאַם“ — האָט

פאַרקערט, קיין איין דירה נישט געפעלן, אַז זי האָט שוין באַווי־ליקט גיין אָנקוקן אַ דירה, איז זי שטענדיק צוריקגעקומען מיט פּאַר אים אָנגעגרייטע איראָנישע שפּילקעלעך וועגן זייַנע „גרויס־אַרטיקע דירות".

פונאַנען אַ שטייגער זאָלסטו דאָס זיין אַ מבין אויף גרויס־אַרטיק?... אַ וואונדער גאַר, וואָס אַ ווייב האָסטו דיר יאָ גע־וואוסט אויסצוזוכן!

יאָ, ער האָט טאַקע געוואוסט אויסצוגעפינען זיך אַ ווייב, ער, שלום דעם שוחטס. — פון דער האַרץ־קרענק איז זי שוין אַרויס; שיין און קלוג איז זי און, אַ חוץ וואָס זי פאַרמאָגט אויף זיך אַ „מאַנסבילשן קאָפּ", איז זי נאָך אינטעליגענט אויך; ווי למשל די מעשה מיט באַלעקס בעלפער...

פון נאָך אידושעס טויט, האָט גאָלדפעלד באַשטעלט אַ בעל־פער, וואָס זאָל נאָכמיטאָג, נאָך דער שול־צייט, אַריינקומען לער־נען מיט באַלעקן חומש.

יעדן פאַרנאַכט איז ער געזעסן אין עס־חדר מיטן תלמיד און געלערנט.

דער בעלפער, אַ בחור אין אַ קאַפּאָטע און אַ טוכן היטל מיט אַ שפּראָצעדיק בערדל, האָט נעבעך געשוויצט באַם פאַרטייטש די פסוקים חומש אויף פויליש... מאַרטשינקאָווסקי, דער פּיפּיקער גוי, דער פאַרוואַלטער פון קריסטלעכן קאָאָפּעראַטיוו, איז געבליבן אָן זייטן צווה רנדיק, ווי דער בעלפער באַשאַפט אַ ניי פּויליש לשון —

אָט דידאָזיקע חומש־לעקציעס, האָבן אָנגעהאַלטן ביז מאַדאַם גאָלדפעלד איז אויפגעשטאַנען פון דער „האַרץ־קרענק".

זי האָט די חומש־לעקציעס אָפּגעשאַפט.

— חומש — האָט מאַדאַם גאָלדפעלד אָפּגעפּסקנט — דאַרף באַלעק נישט צו קענען, אַז ער וועט עלטער ווערן, וועט ער לער־נען „נביאים". אָבער חומש? — אין מאָדערנע הייזער האַלט מען נישט פון חומש!...

גאָלדפעלד האָט דערויף גאָרנישט געהאַט צו ענטפערן „אין הימל" — איז גאָלדפעלד זיכער — ווייסט מען, אַז ער, שלום בן ר' ליפּמאַן יום־טב האָט זיין וואָרט געהאַלטן. ער האָט זיך פאַרגע־

נומען בײַ אידזשעס קבר, צולאָזן לערנען זײַן זון ייִדישקייט און ער טוט עס. אַז זײַן װײַב לאָזט נישט? װיל מען דאָך אין הימל אויך נישט, עס זאָל חלילה צעשטערט װערן אַ שלום־בית, האָט ער געשװיגן און טיף אין האַרץ איז ער שטאָלץ געװען אויף זײַן פֿרױס געבילדעטקייט...

גאָלדפֿעלד האָט בכלל פֿון נאָך דער „האַרץ־קרענק" שטאַרק געהאַלטן פֿון זײַן פֿרױ. אַ שטייגער, װי ער װאָלט איר דאַנקבאַר געװען, װאָס זי האָט אים צוליב געטון און געזונט געװאָרן, אַז דער פֿאָטער גאָלדפֿעלדס, דער קלײן שטעטלדיקער שוחט, האָט אים נישט אָפּגעלאָזט אין נאָכאַנאַנד געפֿאָדערט אין בריװלעך, װאָרט צו־האַלטן; ער האָט זיך דאַמאָלס מתחייב געװען מירלען צו געבן נדן און חתונה הוצאות, איצט האַלט עס דערבײַ... האָט אים דער זון לאַנג גאָרנישט געענטפֿערט, נאָר, אַז די בריװ, דורך פּאָסט און געלעגנהייטן, האָבן אַלץ נישט אױפֿגעהערט, האָט גאָלד־פֿעלד קורץ געענטפֿערט דעם פֿאָטער אין אַ ברוגז טאָן. „מײַן פֿרױ שתחיה האָט ער געשריבן, „האָט אויך אַ משפּחה קיין עין־הרע, פֿונדעסטװעגן, האָב איך פֿון זיי אַלע צוזאַמען נישט אויס־צושטײן גאַנצע יאָרן, װי פֿון מינדסטן פֿון מײַן משפּחה אין איין חודש.

און צי איז דאָס נישט אמת? אָט, למשל קישטײן! צי װאָלט דען אַזאַ געצל קישטײן געהאַט אַזױ פֿיל העזה, װען ער װאָלט נישט געװוּסט, אַז זײַן װײַב, איז גאָלדפֿעלדס שװעס־טער?

זי, זעלדע, די קישטײנען, האָט שוין פֿון אַ צײַט צוריק דעם ברודער דעם קאָפּ געלעכערט, אַז פֿון איר מאַנס געהאַלט האָט זי קיים אויף טרוקן ברויט. גאָלדפֿעלד, נאַטירלעך, האָט אָפּגע־שלעפּט דאָס העכערן קישטײנען די שכירות. דערװײַל מאַכט זיך אַ מעשה, גאָלדפֿעלד האָט געהאַט עפּעס אַ סיכסוך מיט אַ סוחר. שיקט ער אײנמאָל צו יענעם סוחר, קומט קישטײן אַהין, טרעפֿט ער יענעם בײַ זיך אין שפּײַלער, זאָגט ער אים: — דער שװאָ־גער שיקט מיך אַרײַן נאָך דער סחורה...

אַזױ אָבער, װי דער גאַנצער סכסוך גײט אַרום דעם, װאָס

דער פּאַרקויפער וויל נישט אַרויסגעבן די סחורה — האָט יענער גאָרנישט געענטפערט, נאָר אָנגעכאַפּט קישטיינען און אַרויסגע־וואָרפן הינטער דער טיר.

פרעגט קישטיין:

— וואָס וואַרפט איר, וואָס?

ענטפערט יענער: איך קען נאָך עפּעס מער, ווי וואַרפן אויך.

זאָגט קישטיין:

— נו, לאָמיר נאָר זען! — און ער שפּייט זיך שוין אין די פויסטן און ער שטעלט זיך אַוועק אָנגעלאָדנט, ווי אַ קריגער...

אַ וואָרט אויף אַ וואָרט, האָט דער סוחר אָפּגעלאָזט קי־קישטיינען אַ פּאַטש, איז געוואָרן אַ געשלעג. קישטיין איז אומגע־פאַלן אויף דר'ערד און געצומען שרייען געוואַלט, איז געוואָרן אַ צונויפגעלויף פון מענטשן...

דער סוף איז געווען, קישטיין האָט זיך געשאַפט אַ צייגניש פון אַ דאָקטאָר, אַז ער איז צעשעדיקט געוואָרן און ער האָט דעם סוחר פאַרקלאָגט. יענער האָט אָבער נישט קיין חשק געהאַט שטיין אין „סאָנד", האָט ער זיך פאַרטראָגן און קישטיין איז אומגע־ריכט געקומען צו געלט. איצט טענהט גאָלדפעלד צו דער שוועס־טער, אַז אַ דאַנק אים איז זי געקומען צו געלט, ווײַל ער האָט דאָך געקענט שיקן אָנשטאָט געצלען — שפּילמאַנען. הייסט עס: אַז דורך אים, גאָלדפעלדן, איז זי געקומען צו אַ סומע געלט, דאַרף ער איצט איר מאַן מער נישט צו העכערן די שכירות... קי־שטיין אין זיין ווייב זעלדע לערנען ווידער אַנדערש פשט — אויף זייער זייט באַטירלעך.

— איך ווייס גאָרנישט — טענהט זעלדע — איך גיי מיר מיין אָקסן־שריט: געצל האָט געקריגן קלעפּ, איז געצלען געקו־מען ס'געלט, ווייטער גאָרנישט, קיין שום געדרייעכטסער ווייס איך נישט.

אַנדערש וויל זעלדע זעצן מענטשן, יענע זאָלן איינזען ווער עס האָט רעכט, זי, צי דער ברודער און צי געצלען קומט שוין איצט נישט קיין הוספה:

אַ בוררות וויל זי זעצן זעלדע.

און אַז אינאָזונט בשעתן נאַכטעסן ווערט אַמאָל די מעשה וועגן דעם בורות, וואָס זעלדע וויל זעצן קעגן ברודער, געזעמען אויפן טיש, שאָקלט מאַדאַם גאָלדפעלד יאושדיק מיטן קאָפּ, נישט נאָר אויפן מאַן, נאָר אויך אויף זיך אַליין, וואָס דער מאַן האָט זי אין אַזאַ געמויזעכטס אַריינגעשלעפּט:

— דיין משפחה...

און ער, אום אָוועקצוקירעווען דעם נישט אָנגענעמען שמוּ-עס, נעמט ער רעדן פון פרײַלעכערס:

— באַלד נאָך ניי-יאָר קלויב איך מיך אַריבער אין נייעם געשעפט.

## קאַפּיטל 16.

נאָך ניי יאַר, װען גאָלדפעלד האָט זיך געזאָלט איבער-
ציִען אין נייעם געשעפט, האָט זיך מיטאַמאָל אָפּגעשטעלט די
װאַליוטע-ירידה, די האָסע האָט אויפגעהערט און ס'איז אײַנגע-
טרעטן אַלגעמיינער שטילשטאַנד אין האַנדל.

אָפּגעשטעלט די װאַליוטע-ירידה האָט זיך דאָס מאָל נישט
װי ביז אַהער, אום אַ ביסל צו מאַכן אַ הפסקה, כּדי זי זאָל באַלד
נעמען נאָך מער פאַלן — איצט איז געװע אָר, גאָר עפּעס אַנ-
דערש: אַ נייע װאַליוטע איז אײַנגעפירט געװאָרן אין לאַנד און
די ביז איצטיקע דערװײַליקע — ירושה פון דײַטש — איז גע-
גרינדפעסטיקט געװאָרן, װאַלאָריזירט לויט אַ פעסטער אויסלענ-
דישער װאַליוטע מיט אַ פונדאַמענט גאָלד אונטער זיך, ביז זי
װעט אײַנציקװײַז אַרויסגעצויגן װערן פון געברויך.

און אַז די „סטאַגנאַציע” האָט לענגער אָנגעהאַלטן, איז
אין די קראָמען נישט געװען צו זען קיין קונים. אין די אויס-
שטעלונגס-פענסטער, האָבן זיך באַװיזן סחורות לויט נידעריקערע

אָנצינדיקע פרייזן — פון אַלע קלאַסן און לעבער האָבן קרעמערס אַרויסגעשלעפּט סחורות, וואָס זענען געלעגן באַגראָבן באַהאַלטן אויף נאָך „בעסערע" צייטן, ווי די, וואָס זענען געווען ביז איצט — און זיי אויף די פּאָליצעס אויסגעלייגט, נאָר קיין קונים איז סיי ווי נישט געווען צו זען.

און נישט געווען קיין קונים איז דערפאַר, ווייל יעדער איינער אפילו נישט פאַרמעגעלכער מענטש — האָט געהאַט ליגן זאַפּאַסן „געכאַפּטע", בהלהדיק איינגעקויפטע, מורא האָבנדיק פאַר דער נאָכאַנאַנדיקער אומגעהייערער פרייזן-שטייגערונג. — —

דער קרעמער פון עק-שטאָט-קוואַרטאַל, דער גוי מיט די שטשור-אייגעלעך און שוואַרצע אַרויפגעדרייטע וואָנסעלעך, איז מיטאַמאָל אַנדערש געוואָרן; נאָר אַן אַנדערער מענטש. ער האָט מער נישט געטריבן קונים פון געוועלב. פאַרקערט גאָר, ער איז געוואָרן זייער צוגעלאָזן; גאַנצע טעג איז ער געשטאַנען און אַרויסגעקוקט דורך די שויבן-טירן פון זיין געוועלב, אין עמעץ דורכגעגאַנגען — אַן אָרימע בַּאבע, אָדער אפילו אַ ייִדענע — האָט ער איר אָנגעשטעלט דעם פּיינעם „גוטמאָרגן", זיך מטריח געווען, צוגעגאַנגען און צו וויסן געטון, אַז ער האָט דאָס און יענץ אַרטיקל צו פאַרקויפן און נישט טייער; נישט קאַרגנדיק דערביי קיין חניפהלעך און שמייכלעך, אַבי מ'זאָל צו אים קומען קויפן — אַנדערע צייטן געוואָרן, נישט בעסערע, ניין. אפשר נאָך שווערערע, אָבער פאַר אָרימע — אַ ביסל מענטשלעכערע...

בײַ גאָלדפעלדן אין הורט-געשעפט פון קאָלאָניאַל-סחורות, וועלכעס געפינט זיך אַ ביסל וויטלעך פון האַנדלס-צענטער — איז איצט געווען שטיל און טויט, אַזוי ווי דאָס געוועלב וואָלט זיך געפונען ערגעץ הינטער די הרי-חושך, וווּ קיין מענטשלעכער פוס גרייכט גאָרנישט אַהין.

גאָלדפעלדס קונים די קלענערע קרעמערלעך האָבן איצט יעדער פאַר זיך געהאַט ליגן לאַגערס סחורות אין דער האָסטצייט אָנגעקויפטע; די, וואָס האָבן יאָ געדאַרפט אַמאָל אַ ביסל

חורה, האָבן איצט, חען די פרייזן זענען אומעטום גלייך, נישט בעדאַרפט ערשט זוכן גאָלדפעלדס געשעפט אויף דער אַ ביסל היג־טער-באַס — אומעטום האָט זיך הײנט געלאָזט גוט קויפן; או־מעטום האָט מען געהלשט פאַר אַ גראַשן לײזונג; ווידער כתּם פעקל-קויפערס אַחעקצולײגן, ס׳זאָל שטײגן — דאָס מין האָט איצט אינגאַנצן אויסגעפעלט; די פעקל-קויפערס זענען איצט אַליין אַרומגעלאָפן מיט שוויציקע קעפּ, ווי די פעקלעך ווײַרע פטור צו ווערן

די ערשטע וואָכן סטאַגנאַציע, האָט גאָלדפעלד געהאַט אַן אַרבעט פאַר די „מענטשן״ — קלעבן צעריסן געלט — פון אַלע ווינקעלעך און לעבער איז צוזאַמענגעזוכט געוואָרן די פאַר־שידנקאָליריקע צעריסענע געלט-פאַפירלעך, זיי צוזאַמענגעבראַכט אין עס-חדר אויפן צערוקטן טיש. דאָרט אויפן טיש איז גע־שטאַנען אַ שיסל פאַפּ און קישטיין מיט שפילמאַנען האָבן רעפּע־רירט די צעפליקטע פאַפירלעך.

פאַרטיק געמאַכט אַ פעקל געלט, פאַרקלעבט, פאַרלאַטעט, איז מען דערמיט אַוועק אין דער רעגירונגס-באַנק, אויסוועקס־לען אויף פאַפירלעך פון דער נייער אמתער וואַליוטע. דאָרט אין גרויסן זאַל פון דער באַנק, באַם פענסטערל, ווו מ׳טוישט די באַנקנאָטן, איז געווען אַ געדאַנג און קוועטשעניש; בײַ אַנדערע סוחרים איז איצט אָפּנים צוגעגאַנגען פונקט ווי בײַ גאָלדפעלדן, אומעטום איז איצט געווען די הויפּט-באַשעפטיקונג קלעבן געלט און דאָס שיקן איבערצוטוישן אין באַנק.

פון באַלד אינדערפרי, נאָך איידער דאָס פענסטערל איז געעפנט געוואָרן ביז פאַרנאַכט, ווען מ׳האָט עס פאַרמאַכט, איז געשטאַנען אַ לאַנגע רײַע מענטשן מיט פעקלעך געלט אין די הענט. און געשטופּט, געריסן האָט מען זיך צוצוקומען צום פענס־טערל, כדי וואָס פריער זיך אָפּצופּאַרטיקן אהיים לויפן און באַלד צוריקקומען מיט אַ פרישער „מוצא״ געקלעבט געלט.

און דער באַאַמטער הינטערן פענסטערל, האָט זיך דחקא נישט געאײַלט, בשום אופן נישט געאײַלט זיך: שטאַרק מדקדק

בעוועך יעדעס פאפירל און אז ער האט געפינען דעם מינדסטן פסול: א לעכעלע, אדער א פיצל נאך נישט פאקלגבט ריסע-לע — צוריקגעשמיסן דאס געלעכערטע פאפירל דעם ברענגער אין פנים:

— אזעלכעס נעם איך נישט!

און נאך איידער קישטיין האט באוויזן זיך אויסצו-טענהן.

— פארוואס? פארוואס פאניע, נעמסטו נישט? —

איז שוין דער, וואס שטייט הינטער אים, געשטאנען אויף זיין ארט לעבן פענסטערל און אים, קישטיינען, איז מער נישט געבליבן, ווי זיך אויסצוטענה, מיט דער שטומער וואנט.

אזוי זענען אוועק א פאר וואכן מיט גיין אהין און צוריק אין באנק און פון באנק מיט בעקלעך געקנעפטע געלט — און בעסער איז גארנישט געווארן. ס'איז געווארן אלץ ערגער. עס האט זיך א שיט געטון א האגל שטייערן — שוין נישט די שטייערן, ווי ביז אהער — וואס מען האט זיי באצאלט, האט עס דערוויל אויסגעמאכט פרוטות — די איצטיקע שטייערן זענען געווען וואלאריירט לויט דער נייער וואליוטע און געריסן האט מען זיי אן רחמנות, ווי זיך נוקם צו זיין פאר די יארן ביז היינט. . .

און אז ס'איז געווארן נאך ערגער, אז דער שטילשטאנד אין מסחר האט זיך פארצויגן ווי א כראנישע קרענק, האט גאלד-פעלד אפגעשאפט איין „מענטש", שמילמאנען; קישטיינען, אלס שוואגער, האט ער איבערגעלאזט — נאר אפילו פאר קישטיינען אליין איז אויך נישט געווען וואס צו טון: ער איז ארומגעלאפן בארגן געלט; ער אויף איין זייט, דער באלעבאס אויף דער אנ-דערער זייט שטאט; געגאנגען אין באנק צאלן וועקסלען. און די איבעריקע צייט, איז זיך קישטיין געזעסן אין געוועלב אויף די זעק, געגענעצט, געדראפעט זיך מיט א פינגער אין נאז, גע-קראצט זיך הינטערן קאלנער און געוואלדיק געווארט, עס זאל ווערן נאכט. . .

דאַמאָלס האָבן זיך שוין גענומען וויַזן די ערשטע באַנק־דאָטן, ווי די ערשטע טראָפּנס פאַר אַ שלאַקס־רעגן. עטלעכע סוחרים זענען שוין געווען אַראָפּ פון פלאַץ — און גאָלדפעלד — האָט געקעמפט מיט דעם האָגל פעליקע וועקסלען און שטייערן, געקעמפט ווי אַ העלד, נאָר מיט די לעצטע כּוחות.

זיצנדיק אינדערהיים און נישט האָבנדיק וואָס צו טון, אַ טראַכט צו באַרגן זיך געלט און צאָלן וועקסלען — איז איצט צווישן מאַן און וויַיב גאָלדפעלד נישט־ווי־נישט־ווען די „גרויסע קאַץ" אַדורכגעלאָפן. אָפט, צו אָפט, איז צווישן זיי פאָרגעקומען נישט פריינטלעכע געשעענישן. ער האָט איר פאָרגעוואָרפן, אַז אַ דאַנק איר צורעדן, האָט ער אָפּגעקויפט פון גליקסבערגן זיין טייל געשעפט, איצט וועט ער אַלץ היזק האָבן, וואָרים ער האָט נאָך צו צאָלן די לעצטע ראַטע פאַר גליקסבערגס טייל געשעפט, אַ סומע פון כך וכך אין אויסלענדישער וואַלוטע.

— דו האָסט נאָר איינס געוווּסט: ליגן אויף מיר לאַסטן ווי אויף אַ שלעפּ־פערד. — האָט ער גערעדט נאָר נייע דבורים.

און אַז גאָלדפעלד האָט דערזען, אַז דער אומלויפס־קרייַז פון געלט שאַפן, ווערט אַלץ ענגער און וועקסלען צו צו צאָלן — אַלץ מער און מער און אַז אויב ער וועט נאָך מאַכן איין פּרווו פון אָפּשטעלן זיך, וועט זיך ערשט אַ שיט טון דער אמתער מבול וועקסלען — האָט ער געטראַכט און געטראַכט, גאַנצע נעכט זיך דעם קאָפּ געבראָכן און, ווי אַ קראַנקער, וועמען מען דאַרף מאַכן אַ געפערלעכע אָפּעראַציע, פּרווט געמען אַ מיטל, אַ זיך יסורים פאַרשאַפנדיקס, נאָר מיט דער האָפנונג, אפשר וועט ער דורך אָט דעם מיטל נישט דאַרפן די אָפּעראַציע — האָט גאָלדפעלד באַשלאָסן צו פאַרקויפן אַ טייל פון וויַיבס צירונג, אום מיט דעם געלט אַדורכצושטופן די ביצערע צייַט — זי האָט נישט געוואָלט הערן פון פאַרקויפן איר צירונג:

— באַנקראָטירן — האָט זי געשריגן — איז אויך פאַר מענטשן, נישט פאַר הינט...

באַ איר איז עס אויסגעקומען פּשוט: ער זאָל באַנקראָ־טירן, ווי לאַנג ער האָט נאָך אַלץ, וועט אים מער בלייבן. —

אויף דעם איז ער נישט געווען איינשטימיק. ער האָט נישט געזאָגט, פאַרוואָס ער איז נישט איינשטימיק, ער האָט בלויז געזאָגט:

— באַנקראָטירן וויל איך נישט. דאָס גענוג צו ברעכן האָב איך נאָך צייט.

אפשר האָט ער דאָס געזאָגט פון פּחדנות, ווייל עטלעכע סוחרים זענען שוין געזעסן אין דער שטאָטישער תּפיסה — ס'איז אָבער אויך מעגלעך, אַז עפּעס נאָך האָט הינטער דעם באַרג אַש געטליעט אין דעם זון פון קליינשטעטלדיקן שוחט דעם ער־לעכן ייִד — קעגן רעם נאָמען „באַנק־אָזניק"; וואָס הגם פאַר קיין שום שווינדעלע און דריידעלע אין געשנפּט, האָט ער פונ־דעסטוועגן זיך נישט אָפּגעשטעלט, צומאָל זיך נישט אויף אַ רגע פאַרטראַכט — נאָר פון באַנקראָטירן האָט ער נישט געוואָלט הערן. ער האָט געהאַלטן, אַז דאָס גלייכסטע איז צו פאַרקויפן אַ טייל, אָדער אפילו איר גאַנץ צירונג — איז זי געלאָפן צו דער מוטער, זיך באַקלאָגן אויפן מאַן און מיט איר דורכצורעדן, וואָס זי האָט צו טון דערקעגן.

איז די מאַמע מייטע אַריינגעקומען צום איידעם מיט אַ פּאַק טענות. זי האָט איר טאָכטערס מאַן טיטולירט מיט: גנב, גזלן, רויבער.

— דאָס אייגענע ווייב צו וועלן באַראַבעווען, דאָס טוט שוין אַ ליאַדע גזלן, איך נישט.

דער איידעם האָט איר געפּרווט דערקלערן, אַז דאָס טוט ער נאָר, כדי עס זאָל אים ווערן אַ ביסל גרוימער, וועט ער דער־נאָך אַרויספּאַרקויפן עפּעס פון די נחלאות, ס'געשעפט וועט זיך דערווייל אויך אַ ריר טון...

דאָס שוויגערל אָבער, האָט זיך גאָרנישט געלאָזט רעדן. זי האָט איצט געהאַלטן אין איין פאַרהאַלטן דעם איידעם, אַז צוליב זיין קמצנישער קעשענע, איז אידזשאַ פון דער וועלט געגאַנגען —

האָט ער זיך מער נישט געקענט צוריקהאַלטן דער אײדעם און איר אויפגעהויבן, אַז אידזשעס קרענק האָט אים יאָ געקאָסט, היפּש־לעך געקאָסט, האָט זי אים מײטעדיק געענטפערט דערויף: — יאָ — — — נישט מער זאָלן מײנע שונאים אין כּוח האָבן... האָט זיך גאַלדפעלד אָנגעצינדן און ס'איז געוואָרן אַ געטענעכטס, אַ ווערטער־שלאַכט. פון איין זײט וויבעריש גיפטיקע פײלן, וואָס נאָר מײטע קען אַזוי און פון דער צווייטער זײט — מאַנסבילשע סתם בייזע רייד.

לאַנג האָט דאָס ווערטער־געפעכט אָנגעהאַלטן. מײטע האָט באַדויערט איר דערלעבן זיצנדיקע טאָכטער בראָניע:

— כ'האָב מײן קינד באַגראָבן בײַ אַזאַ קצב־יוּנג.

האָט ער געענטפערט:

— מ'קען זי צוריק אויפגראָבן.

האָט דאָס מײטע אונטערגעכאַפּט:

— אַזוי, „אויפגראָבן" זאָגסטו? גוט! וויז נאָר ערשט אויף, צי די קענסט איר אַרויסבאַלן, וואָס דו האָסט איר צו דער חתונה פאַרשריבן — גט זי זיך שוין. אפילו די קינדער וועט זי נעמען, אָבער באַצאָל! פאַר אַלעם פלאַץ און באַצאָל.

אָט דאָס וואָרט „באַצאָל" אַרויסגעזאָגט שאַרף בעל־דברי־דיק פון זײן פרויס מוטער, האָט איצט נאָר אומגעהייער אַרײַנגעטראָפן אין גאָלדפעלדן: מ'גלייבט שוין הייסט עס, אַז ער איז נישט בטוח צו באַצאָלן. און טאָמער יאָ — קען זיך דאָס ווייב פון אים אָפּטשעפּען, ווי יעדער אַנדערער בעל־חוב, ווי יעדער ראובן און שמעון פון גאַס, וואָס ער איז זיי אַ בעל־חוב. — זײן שטוב, זײן היימיש לעבן, זײן ווייב און קינדער. זענען אויך נאָר דאָסזעלבע, ווי זײן סחורה אין שפּײכלער — ער האָט די אויגן דערהויבן געוואָלט זיך איבערצייגן אין זײן פרויס פּנים, אַז דאָס איז נישט אמת, אַז דאָס גײט נאָר אַזוי מײטעס לשון — און ער האָט זיך באַגעגנט מיט זײן ווייבס האַרטע בליקן, טרוקענע און בייזע, ווי זי וואָלט דאָ געזען פאַר אַ ווילד פרעמדן

בעל־חוב, און איר פארפליכטעטן... — האט ער זיך מיטאמאל דערפילט איינזאם דערשלאגן, איז געבליבן זיצן שטיל און דער שוויגער שוין מער גארנישט געענטפערט אויף איר גאנצן מבול רייד.

## 17. קאַפּיטל

דער װינטער דאָס יאָר איז געװען אַ שװערער: אַ סך שניי, שטאַרקע פֿרעסט — און חנה, בענדעטס שװעסטער, איז נאָך װײַטער געװען בײַ גאָלדפֿעלדן.

איבער די נישט פֿרײַלעכע לופֿט אין גאָלדפֿעלדס שטוב האָט זיך שטענדיק אויף יעדן אַרײַנקומער, אפֿילו אויף אַ נישט זייער עמפּפֿינדלעכן מענטש — געלייגט שװער אויפֿן געמיט. האָט זיך איצט אין דער אָנגעשטרענגטער נישט פֿאַרדינ-צײַט, די דאָזיקע נישט פֿרײַנטלעכקייט אין שטוב דאָרט געגעבן צו פֿילן נאָך אַ סך שװערער.

אין שטאָט זענען דעמאָלט שוין געװען אַ סך באַנקראָטן... די רײַכגעװאָרענע קצבֿים, די דערנאָכדיקע בהמה-סוחרים, זענען שוין צוריק חבֿר געװען מיטן יאַטקע-קלאָץ ניסל דער תּבֿואה-סוחר, איז שוין אויך געװען אַראָפּ. ער האָט מן הסתּם שוין געטראַכט זיך צוריק צונעמען צום אויפֿקויפֿן עופֿות אויף די יאַרמאַרק; אין אַ װאָכערע פֿאַר װאָכן זענען אים אַלע הײַזער און שפּײַכלערס צעקראָכן געװאָרן, צעגאַנגען, װי שניי אין װאַ-

סער. — מ'האָט דערציילט, אַז ווען די פּראָטעסטן האָבן זיך גע-
נומען אויף אים שיסן און בעלי-חובות זענען געקומען שוין אָן
חניפה-שמייכעלעך, ווי ביז אַהער — ער זאָל נאָר באַוויליקן גע-
מען פון זיי די אָפּגעשפּאָרטע געלטער אויף די „פעסטע" צינזן —
נאָר מיט האַרטע שטרענגע פּנימער און בייז צעבּרענטע אויגן —
האָט ער זיך דערשראָקן דער פאַן נאַפּטאַלינאַ ניסל און ער האָט
די בעלי-חובות אָנגעוויזן פאַרצווייפלט אויף דעם שטויס קאָנטאָר-
ביכער:

— אפשר ווייסט איר! קוקטס מיר אַדורך די ביכער. איך
זאָל אַזוי וויסן פון בייז, ווי כ'ווייס, וואָס מיר קומט און וואָס
איך בין עמעצן שולדיק...

און ווען דעם רייכן קאָלאָניאַל-הורטאָווניק אַבראַמזאָן,
האָט מען זיך אויך שוין געסודעט — נאָר גאָלדפעלד, האָט זיך
נאָך געהאַלטן. ער האָט געפירט זיין שווער איבער-געלאָדענע
שיף, בעקירעוועט זי צווישן פעלזן און אייז-בערג, גאַנצע טעג
און נעכט געשוויצט געלאָפן אָן אָטעם געלט באָרגן. אָבער גע-
האַלטן האָט ער זיך נאָך.

פאַר חנהן איז איצט דאָס לעבן אין גאָלדפעלדס שטוב
געווען אַן אָפּקומעניש. זי, חנה, וואָס באַלד עפּעס רירט זי, איר
איז דאָס זיין איצט בײַ גאָלדפעלדן אין שטוב, אין דער בייז
פאַרכמורעטער ערב באַנקראָט-לופט, געווען שווער, זייער
שווער.

עלקע גאָלדפעלדס שוועסטער פון שטעטל אויף יענער
זייט ווייסל, איז נאָך אַ לענגערער צייט, איינמאָל געקומען צו
גאָלדפעלדן וועגן סחורה. זי האָט נישט מיט געהאַט קיין געלט;
געקרעכצט, אַז זי איז בדלות: אייזיק לייזער איז קראַנק, פון
אַמעריקע די זין שיקן איצט גאָרנישט און דאָס קרעמל סחורה
איז איינציקווייז אויפגעגעסן געוואָרן. עלקע האָט לאַנג געבעטן,
און גאָלדפעלד האָט איר נישט געוואָלט געבן סחורה אָן געלט.
זי האָט זיך די יאָר אָפּגעשווירן, צוגעזאָגט באַלד אָפּצושיקן
דאָס געלט און גאָלדפעלד איז געווען האַרט ווי קיזלשטיין. —
זי האָט דערנאָך לאַנג געוויינט בײַ גאָלדפעלדן אין קיך, געחייבט

שטיל אין סיכל אריין און אװעקגעגאנגען. — גאָלדפּעלד װידער האָט נישט תו-נישט-װען געהאַט „אױפּשפּילן" פון זיין פּרוי. ער װידער האָט איר אויך נישט שטענדיק פאַרשוינן: די קינדער האָבן איצט גאָר צו אָפט געכאַפּט אַ קניפּ אָדער אַ זעץ פון דער מאַמען, האָבן זיי בעשריגן מיט באַנומענע קולות, מאַן און פרוי גאָלדפּעלד האָבן זיך אַרומגעדרייט, װי צוויי בלוטשונאים, װאָס זענען פאַרמשפּט צו װוינען אין איין שטוב. זי איז נאָכאַנאַנד אַרומגעגאַנגען מיט אַ זידיקן כעס אויף אים, ער איז סתם געװען פאַרזאָרגט, פאַרהאַװעט. געװען און דאָס לעבן אין שטוב איז געװען אַ גיהנום, אַן אמתער גיהנום.

בענדעט האָט אחדאַי געחוסט, װי שװער ס'איז זיין שװעסטער די גאַנצע צייט געװען דאָס לעבן אין גאָלדפּעלדס שטוב און װי נאָך פיינלעכער עס איז איר איצט — ער, בענדעט האָט איצט, אין דער סטאַגנאַציע-צייט, נישט פאַרדינט. בנאַ מעקלען איז איצט נישט געװען צו טון גאָרנישט.

די ערשטע עטלעכע װאָכן שטילשטאַנד איז אים זייער, זייער שלעכט געװען — איז ער צופרידן גע'ען, װאָס זיין שװעסטער בנאַ גאָלדפּעלדן האָט װייניקסטנס צו עסן; זי אַרבעט טאַקע שװער אַלס דינסט, אָבער זי הונגערט כאָטש נישט.

אַזוי איז געװען בענדעטן אין די ערשטע גאָר ערשטע סטאַגנאַציע-װאָכן. דערנאָך אָבער, אַז די ערשטע שטילשטאַנד טויטקייט איז אַ ביסל אַריבער, האָבן די צייטונגען אָנגעהויבן ברענגען רעגירונגס-פאַראָרדנונגען װעגן אַלטע פאַרמלחמה־יקע חובות אויף יזעקסלען און היפּאָטעקן.

בענדעט האָט געהאַט עטלעכע אַזעלכע װעקסלען געבליבענע נאָך פון זיין פאָטער דעם פאַרמעגלעכן קרעמער. אין אַ שכניש שטעטל האָט ער נאָך אויך געהאַט אַ היפּאָטעק, װאָס דער פאָטער האָט געהאַט אָנגעגרייט אַלס נדן פאַר דער טאָכטער, פאַר חנהן.

דער נדן איז, אין זיין צייט, געװען היפּשלעכע, שיינע עטלעכע טויזנט רובל, אַװעקגעבאָרגט אַלס היפּאָטעק אויף אַ שטאָקיק געמויערט הויז — דאָס האָבן די עלטערן געװאָלט פאַרני-

טיקן דער טאָכטער מיט אַ גרעסערן נדן, חייל זי איז קערפּער-לעך נישט אַזוי געראָטן...

נישט האָבנדיק וואָס אַנדערש צו טון, פון וואָס צו לעבן האָט בענדעט זיך דורכגעשריבן מיט די, וואָס זענען געווען אונטערגעשריבן אויף די וועקסלען. מיט די מערסטע איז נישט געווען וואָס אויפצוטון: טייל געשטאָרבן, טייל אָרימע לייט — עפּעס האָט זיך דאָך געקענט אויסמאָנען — איז בענדעט אַרי-בערגעפאָרן אין שטעטל, זיך געזוימט דאָרט עטלעכע טעג און פּאַרטיק געוואָרן מיט די בעלי-חובות וועגן דער איצטיקער גרייס פון חוב און אָפּגעמאַכט אויסצוצאָלן אים דאָס ביסלעכווייז, ראַ-טעסווייז.

איצט, זייענדיק דערוויייל אַ ביסל זיכער מיט חיונה, צוליב די איינפּליסנדיקע ראַטעס (הגם נישט אַזוי פּינקטלעך, דאָך אַזוי פיל, ער זאָל נישט דאַרפן גאָר הונגערן און פרירן — האָט בענ-דעט געוואָלט טון מכות דער היפּאָטעק. —

געריכטלעך האָט ער דערווייל נאָך גאָרנישט געקענט אויפ-טון, גאָר פאַרטיק ווערן מיט גוטן אַזוי, אַז יעדעס זאָל זיך לוי-נען גוטוויליק צו באַצאָלן.

דער, וואָס האָט דאַמאָלס געקויפט דאָס הויז, כמעט איינ-גאַנצן פאַר דעם געלט, וואָס בענדעטס פאָטער האָט אים געבאָרגט, איז איצט מער נישט געווען דער אַמאָליקער אייביק געענגטער ברעטער-הענדלער, דער געוועזענער וואַלד-שרייבער — איצט איז ער געווען אַ גאָר באַלייבטע ייִדל מיט אַ היפּש בייכל; אַן עושר און אַ תּקיף — „אַ דערהויבענער".

אויף בענדעטס קאַרטלעך האָט ער תּחילת גאָרנישט גע-ענטפערט. אַז בענדעט האָט זיך מטריח געווען און אַריבערגעפאָרן אין שטעטל, האָט ער אים אויפגענומען מיט אַ מינע, ווי עפּעס אַ חסר-דעה, וועלכער טראָגט זיך אַרום מיט אַ מאַניע וועג עפּעס אַ היפּאָטעק-חוב. גאָר אַזוי ווי בענדעט איז דאָך שוין געקומען צו פאָרן, געמאַכט הוצאות און קיין „גאָלדענע צויטלען" זעט מען אַם נישט אָן, על כן — פּשוט, אַלס מיטלייד צו אַ ייִד אַ נגרך — האָט ער אים פאַרגעלייגט אַזאַ נישטיקע סומע, פון וואָס בענדעט

איז געוואָרן צעטומלט. אָן אַ וואָרט צו זאָגן אַרויסגעגאַנגען פון קאַנטאָר, וואָס אין ברעסטער־סקלאַד און אַהיימגעפאָרן מיט גאָר־נישט.

דעם ברעסטער־יידל אָבער, מוז זיין, איז די זאַך פאָרט געקראָכן אין קאָפּ, ער האָט אין אַ קורצער צייט נאָך בענדעטס זיין באַ אים, אָנגעהויבן שרייבן בריוו צו בענדעטן, פאַרגלייכט ווייניק און איינציקווייז דערלייגט... די זאַך האָט געהאַלטן אויף אַ דרך אויסגעפירט צו ווערן.

דערנאָך, עטלעכע וואָכן שפּעטער, האָט בענדעט שוין געהאַט דאָס געלט פון דער היפּאָטעק. — נישט אַזוי לייכט איז עס אים אָנגעקומען. דאָס יידל האָט זיך לאַנג געהאַנדלט, געשיקט גוטע פריינט, זיי זאָלן עס פאַר איס אַדורכפירן, און געווען מיט בענדעטן באַם רב. ער האָט נאָכאַנאַנד דערמאָנט: היינט געלט! צי ווייסט איר כאָטש, וואָס הייסט היינט געלט?...

ער, דאָסדאָזיקע שמאַלציקע יידל האָט קענטיק פון ער־געץ געהאַט אַ ידיעה, אַז היפּאָטעק־חובות וועלן הויך געשאַצט ווערן, דעריבער האָט ער זיך אונטערגעגאַרטלט פטור צו ווערן אָט דעם חוב; אויך האָט ער געוווּסט, אַז זיין בעל דבר, בענדעט, איז אַ היפּשער נצרך און מענטש, וואָס לאָזט צו זיך רעדן — ער האָט געקלימפּערט מיט דער קעשענע, נאָכאַנאַנד דערמאָנט „היינט געלט“ און — לסוף דאָס דורכגעפירט: דער־ליידיקט דעם חוב.

דערנאָך ערשט, אַז בענדעט האָט שוין געהאַט דאָס געלט און די היפּאָטעק איז שוין ריין געווען, האָט דאָס פעטע יידל פון צופרידנקייט געפרוווט אַ ביסל אָפּשפּעטן פון בענדעטן, אים „נעמען גאַל“.

— אַז איר וואָלט אָבער פאַרשטאַנען, ווי איר האָט מיך געהאַט אין זאַק, וואָלט איר אויסגעשפּילט — האָ, האָ! בענדעט אָבער האָט פון דעם, וואָס ער האָט נישט אויסגעשפּילט האָ, האָ, גאָרנישט קיין עגמת נפש געהאַט. ער האָט דאָס אַלץ שוין געהאַט אַ גוט אַרומגעטראַכטן פּלאַן, ווי אַזוי ער האָט מיט דעם

געלט איינצואָרדענען זיין און זיין שוועסטערס הײַטערדיקע לעבן.

בענדעט, וואָס איז שוין אַזוי מיד געווען פון שווייגנדיקן צוקוקן געמיינקייטן און אומרעכטן, אָפּגעשוועכטע פון מענטש קעגן מענטש — מיד געווען ביז דערשלאָגנקייט, ער, בענדעט, האָט געבענקט נאָך פיזישער אָנשטרענגונג, גוף-אַרבעט, ווייט פון סוחרישע דריידלעך — אַז ער וואָלט מיט פאַרגעניגן געוואָרן אפילו אַ געפּעק-טרעגער בײַ דער באַן, סטרוזש אין אַ הויז, — וואָס דאָ אין לאַנד אַלס ייִד איז אים שווער צוצוקומען אפילו צו אַזאַ פיזישער באַשעפטיקונג. בײַ בענדעט איז שוין פון נאָך איידער ער האָט אָפּגעקריגן דעם היפּאָטעק-חוב, באַשטימט געווען —

פאָרן נאָך ארץ-ישראל.

נישט אַלס אויף לאַנד פון ייִדישן עבר האָט ער געקוקט אויף ארץ-ישראל און נישט פון אַן אַנדערן פּאַרטיי-שטאַנדפּונקט. ער האָט געקוקט אויף ארץ-ישראל, אַלס אויף אַ לאַנד, וווּ ער וועט צופרידנשטעלן זיין שטרעבן צו פּראָדוקטיווער אַר-בעט.

„אפשר איבערשאַצט מען אַ ביסל“, האָט ער זיך געטראַכט, אפשר וועט דאָס לאַנד אין דער צוקונפט נישט ווערן פאַר ייִדן דאָס, וואָס די ציוניסטן שטעלן אונדז פאַר, אָבער יעדנפאַלס, איז עס דערווייל דאָס איינציקע לאַנד, וווּ ייִנגעלייט, קינדער פון ייִדישע קרעמערס, האָבן פון זיך אַראָפּגעוואָרפן די באַלעבאַטיש-קייט צוזאַמען מיט באַקוועמען לעבן בײַ טאַטע מאַמע און אַר-בעטן שווערע פיזישע אַרבעט, טוען אויף וווּנדער.

אויך ער, בענדעט, וועט זיך אָן זיי אָנשליסן, אין אָנהייב וועט די אַרבעט זיין שווער, אָבער די מוסקולן זײַנע וועלן זיך שטאַרקן און ער וועט מיט דער צייט ווערן, ווי איינער פון זיי.

ס'האָט זיך געוואָלט גלייבן, אַז ארץ ישראל אַלס לאַנד, וואָס נעמט זיך ערשט אַנטוויקלען, נישט אין מיטל-אַלטער, נאָר אין צוואַנציקסטן יאָרהונדערט — וועט דער עגאָיזם פון די בײַ זיצנדע זיך אַזוי פריי נישט צעהוליען, ווי דאָ אין אייראָפּע, וו

ער האָט באַוויזן זיך צו פאַרפעסטיקן נאָך פון זײַנע פינסטער צײַטן...

נישט אַזוי לײַכט איז ארץ־ישראל אַרײַנגעדרונגען אין בענדעטס קאָפּ און האַרץ. אַ סך, אַ סך טעג און נעכט האָט ער דערוועגן געטראַכט, דורכגעטראַכט פון אַלע זײַטן. ער האָט דאָס אויך גוט אַרומגעטראַכט וועגן זײַן שוועסטער, מיט וועלכער ער וויל צוזאַמען פאָרן. ער האָט דאָס מיט איר דורכגערעדט. — זי, ווי אַ דערשלאָגן עלטער מיידל, האָט זיך דערין אָנגעכאַפּט. זי האָט לפּנים נישט אַרויסגעוויזן קיין שום פרײדיקייט. נאָר אין דעם, ווי זי פלעגט זיך דערנאָך שטענדיק נאָכפרעגן באַם ברו-דער: „נו, טוסט וועגן די פּעפּער? פון פאַלעסטינע־אַמט, האָסטו בעקריגן נאַכריכט? און ווי זי פלעגט בענדעטן יעדעס מאָל, ווען עפּעס האָט זיך אויפגעהאַלטן, גאָרנישט ווי איר שטייגער, נאָכאַנאַנד דערמאַנען: „נישט וואַרטן נאָר גלײַך פאָרן קיין וואַר-שע — דערין האָט זיך אַ ביסל געגעבן צו פילן, וואָס אין איר טוט זיך, ווי זי דערוואַרט דאָס פאָר זייערס.

און אַזוי אײַנציקווײַז, אײַנציקווײַז, איז דאָס פאַרשטייענ-דיקע פאָרן נאָך ארץ־ישראל, אַלץ טיפער אַרײַנגעדרונגען אין בענדעטס אינערלעכקייט, אַלץ טיפער און שטאַרקער און וואָס נענ-טער ער איז צוגעקומען צום ציל פון קענען פאָרן, אַלץ מער האָט דאָס אין אים אַרײַנגעדרונגען, ביז עס האָט זיך אין אים וואַרעם צעלויכטן מיטן הייליקן ליכט פון אידעאַליזם.

דער לעצטנס דערשלאָגענער צו אַלעם זיך סקעפּטיש באַ-ציִענדיקע זעקס און דרײַסיק יעריקער פאַרמאַטערטער בענדעט, איז מיטאַמאָל געוואָרן ייִנגער און רירעוודיקער.

ווי למשל די איבונגען, כּדי האַרט צו מאַכן זײַנע מוסקולן און געוואוינט צו ווערן אַרבעטן אויף דער פרײַער לופט.

בענדעט האָט זיך געשאַפן אַ שפּאַדל און אַזוי ווי דעם ווינטער האָט קיין שניי נישט געפעלט: — יעדן אינדערפרי, איז דאָס הײַזל אויפסניי געווען פאַרשניט, האָט בענדעט מיט זײַן שפּאַדעל אָפּגערייניקט דאָס הײַזל פון שניי. שעהנווײַז האָט ער

געשאָפּט דעם שני, אָפּגערייניקט אַרום אַלץ חייטער און ווייטער.

איז נישט געווען קיין שני האָט בענדעט געהאַקט האָלץ. ער האָט געקויפט אַ פור האָלץ „פּענקעס", אַ האַק און געהאַקט האָלץ, אַלץ איינס, אייגנס צו פרעמדס; דינע וואַלד-צווייגן, צו גרעבער האָלץ; געאַרבעט מיט התמדה וואָס האַרטער און גרעסער, די שטיקער האָלץ זענען געווען אַלץ, מיט מער פלייס האָט ער זיך צו דער אַרבעט גענומען.

זיינע שכנים די פויערן און נאָכמער די ווייבער האָבן דערזיך געקוקט מיט פאַרדעכטיקע שמייכלען, געטראַכט מן-הסתם, אַז דער זשיד איז אַ ביסל „גערירט".

דער ווינטער האָט נאָך אַלץ אָנגעהאַלטן מיט דעם ערשטן ירגזון זיינעם: אַ סך זאַווערוכעס שניי-שטורעמס און גרויסע פרעסט. בענדעט האָט עפּעס גאָרנישט אַזוי שטאַרק געפילט דעם פראָסט, ער האָט זיך שוין אַ ביסל געהאַרטעוועט, אַ דאַנק דעם אַרבעטן אויף דער פרייער לופט. ער האָט יעדן אינדערפרי געוואַשן זיך מיט פרישן וואַסער ערשט אָנגעשעפּטס אין פרימיטיוון ברונעלע, ווו בענדעט האָט פריער בעמוזט אויסהאַקן דאָס אייז, אום צו קענען אָנשעפּן. ער האָט פראָסט געריבן זיך מיט דעם פראָסט; זיך געוואַשן וואָס לענגער, אויסגעטון ביז דער העלפט און גאָרנישט קיין מורא געהאַט, אַז ער קען זיך פאַרקילן. — נאָכן אָנבייסן וואָס איז שטענדיק באַשטאַנען פון עלטער ברויט און וואַרעמע מילך, האָט ער פאַרשלאָסן זיין שטיבל און געוועק אין שטאָט.

די פראָסט האָט מיט יעדן טאָג אַלץ שטאַרקער גענומען. אין דעם פאַרלאָזט שטיבל נאָך דער אלמנה פינקל, איז געווען אָנגעווייעט פול שניי. די שויבן פון פענסטערל, האָט זיך עמעץ מן הסתם פון די שכנים דערוויל בשתיקה „אַרויסגעבראָכט". אַלע זעקס שייבלעך האָבן בעפעלט, האָט דער ווינט געהאַט אַ פּייען ווען אַריין אַנצוטראָגן שניי. אומעטיק איז געוואָרן אָנקוקנדיק די הוילע שויבן-לעכער און אַ טרויער האָט דערוועקט דאָס דערמאָנען זיך אָן די, וואָס האָבן דאָ געוווינט, דער גורל זייערער. . .

אין שטאָט גייט בענדעט אַריין צו גאָלדפעלדן. ער האָט איצט נישט מיט גאָלדפעלדן קיין שום געשעפטלעכס. ער גייט נאָר אַריין זען זיך מיט זיין שוועסטער חנה. בענדעט זאָגט איר „גוט מאָרגן" און רעדט אַ ווײַלע מיט איר וועגן די אויסלענדישע פעסטער, וואָס וועלן אפשר נאָך די וואָך, העכסטנס די צווייטע — פאַרטיק ווערן — חנה באַקוקט דעם ברודער מיט איר וואַרעמען בליק און מיט ליכטיק גוטע אויגן. זי ווייסט חנה, אַז ווען די פרעסט און שנייען וועלן אויפהערן און אין זייער שטיבל וועט נאָר מעגלעך ווערן פאַר איר אויסצוהאַלטן, וועט זי פונדאַנען פון דער נישט ניחאדיקער שטוב אַוועקגיין. דערווײַל אַרבעט זי דאָ, עסט נישט קיין בחנמדיק ברויט.

*

אין עס־חדר זיצט גאָלדפעלד אויף דער סאָפע. „זי" זעט זיך נישט. אינדרויסן גייט ווידער אַ זאַווערוכע. קישטיינען האָט גאָלדפעלד ערגעץ אַוועקגעשיקט. ס'קומט אַריין אַ מעקלער, דער מיט די אייגעלעך, ווי לויפנדיקע מייזלעך — גאָלדפעלדס הויפט־מעקלער. ער סידט זיך אַ ווײַלע מיט גאָלדפעלדן, באַלד נעמט גאָלדפעלד אין אים עפעס אַריינרעדן. דער מעקלער ציט מיט די פלייצעס; האַלט זיך קענטיק עפעס דרינער. ער זאָגט הויך:

— אַזוי ווייט האָב איך שוין מורא — און ווידער עפעס שטיל גאָלדפעלדן אין אויער. דערנאָך זאָגט גאָלדפעלד אויפן קול:

— וואָס אַרט עס אייך? איר טוט עס דאָך נישט אויף אייער נאָמען, נאָר פאַר מיינעטוועגן.

— און פאַר יענעם די ציינזן? — פרעגט דער מעקלער און די צוויי מייזלעך לויפן אים אין די אויגנלעכער.

— פון דעם געלט טאַקע וועט איר יענעם אַראָפּגעבן ציינזן!

— דער וויל דאָך אָבער אויך פרייער ציינזן!

— וועלכער ווידער? — פאַרשטייט נישט גאָלדפעלד.

— נו, דער איצטיקער גוי, דער „אַמעריקאַנער".

— ס'וועט שוין גוט זיין — זאָגט גאָלדפעלד אַנקוקנדיק

בענדעטן, צי ער פאַרשטייט כאָטש נישט, פון וואָס זיי רעדן. און ער זאָגט צום מעקלער:

— ברענגט נאָר ס'געלט, וועט מען שוין פאַרטיק ווערן.

שוין שטייענדיק בא דער טיר מיט דער קליאַמקע אין האַנט, איז דער מעקלער מתרה.

— איך מוז אייך אָבער פריער זאָגן, פאַניע גאָלדפעלד, טאָמער קריג איך נישט גלייך מיין פּראָוויזיע, וועט פון דעם עסק גאָרנישט ווערן.

נאָך דעם מעקלערס אַוועקגיין זעצט זיך גאָלדפעלד אַנידער אויף אַ שטול נישט ווייט פון בענדעטן. ער זיצט אַ ווײַלע פאַרטראַכט. ער זעט אויס נישט איבעריק גוט, אויף די שלייפן זעען אים די האָר גרוי; ערשט זייט אַ קורצער צייט — די אויגן זיינע, די שטאָל-גלאַנציקע, זענען מאַטער און קוקן מידלעך. ער זיצט אַזוי אַ ווײַלע פאַרטראַכט. דערנאָך כאַפּט ער זיך אויף און, ווי גלאַט אום עפּעס צו רעדן, ווענדט ער זיך צו בענדעטן:

— נו, פאָרסט טאַקע? ווען?

— די פעסער וועלן אוודאי נאָך די וואָך פאַרטיק זיין. כ'רעכן האַרט פאַר פסח, אָדער באַלד נאָך פסח.

גאָלדפעלד זיצט אַ ווײַלע שטיל.

— און אַ שפּאַדעל גענומסטו דיר מיט? — חכמעט ער זיך און אַז בענדעט ענטפערט אים גאָרנישט, פשוט, ווייל עס גלוסט זיך אים נישט איינצוטענהן מיט גאָלדפעלדן, ציט יענער ווייטער דעם חכמהדיקן טאָן:

— קענסט דיר נאָך נישט מיטנעמען אַ שפּאַדעל, ווייל דו קענסט דאָרט גאָר דאַרפן אַ טאַטשקע מיסט צו פירן...

נאָר מיטאַמאָל פאַרטראַכט ער זיך גאָלדפעלד און ער גיט צו ערנסטער, אָבער מיט זיין געוויינטלעכן „איך"-טאָן:

— אַז כ'וואָלט מיר געקענט אַ שטעל צוזאַמענגעבן אַ פּופּצען, צוואַנציק טויזנט פונט, וואָלט איך אפשר אויך אַ פאָר געגעבן...

און בענדעט, דאָס הנרנדיק, פרייט זיך פשוט, וואָס גאָלד־
פעלד קען נאָכנישט „אַ שטעל צוזאַמענגעבן אַ פּופּצען, צוואַנציק
טויזנט פונט“ און ער פאַרט נאָך דערווייל נישט מיט זיין זומ־
פּיקייט אַהין אין לאַנד פון יידישער אַרבעט, פון יידישן מוסקל־
קראַפט און שווייס.

## קאפיטל 18.

סוף־כל־סוף האָט גאָלדפעלד איינגעזען, אַז ער דאַרף האָרכן די פרוי און ער האָט זיך „אָפּגעשטעלט“.

עטלעכע טעג פריער אינאָווּנט, איז מאַדאַם גאָלדפעלד ער־גען אַוועקגעפאָרן, מיטנעמענדיק מיט זיך פול געפּאַקטע קוישן און וואַליזקעס — אַלץ, וואָס זי האָט געפונען פאַר נייטיק מיטצונע־מען.

אַ טאָג שפּעטער האָט גאָלדפעלד אַוועקגעשיקט פון שטוב צו דער שוויגער אַרויף די צוויי קינדער, חנה איז אַהיימגעגאַנגען צו זיך אין עק־שטאָט־קוואַרטאַל — און גאָלדפעלד אַליין איז איבערגעבליבן אין דער וווינונג אָפּוואַרטן דעם רעזולטאַט פון זיין באַנקראָט.

מאַדאַם גאָלדפעלד איז אַוועקגעפאָרן פונדערהיים אָנהייב וואָך. אַ צוויי טעג שפּעטער האָט גאָלדפעלד אויפגעהערט צאָלן וועקסלען, האָבן די בענק איבערגעשיקט די נישט געצאָלטע וועק־סלען צום „רעיענט“ — פרייטיק האָט גאָלדפעלד נישט געעפנט מער דאָס געוועלב, שבת האָבן אָנגעהויבן קומען בעלי־חובות.

שבת פאַרמיטאָג, האָט נאָך קישטיין צוזאַמענגעבראַכט אַ ביסל געלט פון קונים — גאָלדפעלד האָט נישט, ווי שטענדיק ביז היינט, איינגעשלאָסן דאָס געלט אין איינער פון די צוויי אייזערנע שענק, נאָר אַריינגעלייגט דאָס צו זיך אין דער הויזן-קעשענע, אין דער סאָמער הינטערשטער קעשענע און פון אויבן פאַרקנעפּלט דאָס איבערגעלייגטע לעצל.

קישטיין איז דעם שבת אַ גאַנצן טאָג געווען בײַ גאָלדפעלן אין שטוב — די בעלי חובות, וואָס זענען דעם טאָג געקומען זענען דאָס רוב געווען אָזעלכע, וואָס גאָלדפעלד האָט פון זיי געקויפט סחורה. טייל „פּעקל-לייט" און קאָמיסיאָנערן, נאָר דער גרעסטער טייל — סוחרים, הורטאָווניקעס, אָזעלכע, ווי גאָלדפעלד.

די סוחרים זענען אַריינגעקומען לייטיש מיט אַ „גוט מאָרגן" און ערשט, דורך אומוועג-שמועסן צוגעקומען צום עיקר: וועגן די וועקסלען: וואָס גאָלדפעלד האָט שוין נישט געצאָלט און וועגן די — וואָס ווערן די ווייטערדיקע טעג פעליק.

זיי, די לייטישע סוחרים, האָט גאָלדפעלד לייכט אַרויסגעפּטרט פון שטוב. ער האָט געהאַלטן אין איין איבערחזרן, איך פּאַק מיך נאָכנישט איין, כ'פאַרמאָג נאָך ברוך השם עפּעס. דערווייל בין איך טאַקע צוגעדריקט, אָבער בלויז נאָר דערווייל"...

דידאָזיקע סוחרים, אָנגעטון אין גוטע פעלצן און האַרטע קאַפעלושן, האָבן נישט געמאַכט מיט גאָלדפעלדן קיין שום לאַנגע טענות און קיין סקאַנדאַלן — אַוודאי נישט. רויק פאַרנומען גאָלדפעלדס הבטחות: „כ'וועל באַצאָלן, כ'וועל אַלע באַצאָלן, נאָר מיט דער צייט" — און דערביי זיך געטראַכט, וואָס פּראַקטישע סוחרים טראַכטן געוויינטלעך אין אַזאַ פאַל באַם באַנקראָטירטן בעל-חוב אין שטוב.

שווער איז געווען מיט די „פּעקל-לייט". יענע, טייל שבתדיק אָנגעטוענע, ברוגזע און צעפּלאָנטערטע פון זייערע געלטער, וואָס געפינען זיך דאָ אין סכנה — זיי האָבן זיך שוין גאַר

נישט אַזוי־פיין רויִק געהאַלטן; די האָבן יאָ שוין געפּילדערט און דראָענדיק געפּאָדערט געלט...

איינער פון די „פּעקל־לייט", אַ נידעריקער, אַ דאַרער, מיט אַן איינגעצויגן, דורכזיכטיק פּנימל און אַ בערדל אַזעלכעס, ווי עס פאַרמאָגט דער, וואָס איז אויסגעקלאַפּט אויף די אַמעריקאַנער סענט־מטבעות — ער האָט גאָלדפעלדן „געלאָזן" פאַרגעלייגט, ער זאָל אים צוריקגעבן די סחורה און ער וועט אים אומקערן דאָס פּראָ־טעסטירטע וועקסל אַן פּראָטעסט־קאָסטן. — גאָלדפעלד האָט אַ ווײַלע געשוויגן; קענטיק, געטראַכט, ווי אַזוי פריינטלעך אָפּצו־זאָגן און לסוף געענטפערט פּראָסט: „ניין". סחורה צוריקגעבן וועט ער נישט.

— פאַרוואָס „ניין"? — פרעגט יענער צערייצט.

— ווייל, ערשטנס, איז דאָס געווען פאַרמאַכט, פאַרשלאָסן, און צווייטנס... געדענק איך שוין נישט, וואָטערע סחורה איך האָב דאַמאָלס פון אייך געקויפט. —

דער האָט שוין אויפגעהויבן זיין קול זידלענדיק גאָלפעלדן. דערווייל, אינמיטן העפטיק שמועס, זענען אריינגעקומען נאָך צוויי בעל־חובות. דאָ האָט שוין גאָלדפעלד נישט גאָר טרוקן אָפּגע־שניטן. ס'האָבן אַרויסגעשאַלט קולות אויפן הויף, הויכע זידלעריי־ען און קללות — דאָך איז דער שבת־טאָג נאָך רויִק אַדורך. די אמתע „חתונה" איז פאַרגעקומען זונטיק...

באַלד אינדערפרי, ווען גאָלדפעלד איז נאָך געזעסן בײַם אָנ־בייסן, וואָס קישטיין האָט אים אָנגעגרייט, — האָט עמעץ אָנגע־קלאַפּט אין דער פאַרשלאָסענער טיר אין קיך. ווען קישטיין האָט דערינען אויפגעשלאָסן די טיר, האָט דערווייל גאָלדפעלד זיך אַראָפּגעכאַפּט פון טיש די צוויי שיטערע אייער — איינס שוין אין מיטן עסן — די זעמל אָנגעשמירטע מיט פּוטער, דאָס אַלץ גיך אריינגעשטעלט אין קרעדענץ; דאָס גלאָז טיי האָט ער תחילת נישט אַראָפּגערוימט, באַלד אָבער, האָט ער זיך באַזינען און דאָס גלאָז טיי אויך אַהין אַריינגעשטעלט, צוגעמאַכט דעם קרעדענץ, האָט ער געעפנט אַ צווייט טירל. דאָרט איז אין ברויט־קאָרב גע־

זעגן אלטע שטיקער ברויט; אוודאי שוין וואכן אלט — האט ער איינס אזא רעפטל ברויט ארויפגעלייגט אויפן טיש און זיך דער־ עבן צווערגאנצט: ס'זאל אויסזען, אז אט דאס שטיקל פארדארט ברויט איז זיין מארגן־פארציע, זיין אנבייסן.

ס'איז אריינג קומען א יידענע, געזאגט „גוט מארגן, א ווייּ לע זיך שווייגנדיק ארומגעקוקט אין שטוב, ווי קלויבנדיק אין זיך קוראזש צום רעדן, דערנאך האט זי פארביסן א פרעג גע־ טון:

— כ'בעט אייך, וואס האט איר צו מיין טאכטער?...

— העי? — פרעגט גאלדפעלד נישט פארשטייענדיק, וואס די יידענע וויל פון אים — וואסערע טאכטער? ווער האט עפעס צו אייער טאכטער?

— צו מיין קינדס אויסגעפראצעווטען נדן, וואס האט איר?... — און די יידענע האט ארויסגעשלעפט פון בוזים א צ קנייטשט וועקסל, פון ווייטן געוויזן גאלדפעלדן, האלטנדיק דאס פעסט פארקנייטשט אין דער פארמאכטער האנט:

— איך פארלאנג צוריק מיין געלט, מיין קינדס בלוטיקע ראשנס וויל איך!

און אז גאלדפעלד האט גענומען אפזינגען פאר דער יידע־ נעס זיין לידל, ווי שלעכט אים איז, מיט סארא גרויס פארמעגן ער איז אריינגעקראכן אין געשעפט און איצט האט ער גארנישט, אפילו די פרוי און קינדער האט ער געמוזט ארויסשיקן פונדער־ היים, ווייל ער האט נישט פאר זיי — האט די יידענע אנגעוויזן מיט דער האנט אויף דעם מעבל ארום:

— אט האט איר דאך נאך פונדעסטוועגן — גיט מיר דער־ פון פאר מיין קינדס חוב.

גאלדפעלד, זעענדיק, אז ער האט פאר זיך א יידענע, א „הונטע", האט ער כיטרע, כלומרשט מיטליידנדיק, זיך אנגע־ רופן:

— דאס וואלט אלץ גוט געווען, ליבע פרוי, ווען איך וואלט בלויז נאר אייך אליין שולדיק געווען — און ער האט דערביי

ראָשדיק אַ מאַך געטאָן מיט די הענט, ווי ער וואָלט געזאָגט: פרעגט מיך שוין גאָרנישט, ווי גרויס מיין אומגליק איז.

— טאָ גיט מיר סחורה פון געוועלב.

— די סחורה אין געוועלב, מיין ליבע, איז שוין לויט אייך נישט מיין...

דאָ האָט שוין די ייִדענע נישט אויסגעהאַלטן און גענומען וואַלט ווען:

— אַלץ איז מענטשנס, אַלצדינג איז עמעצנס?... און מיין געלט? און פאַר מיר ווי איז?, וואָס וועל איך נעמען?

אָט מיט דערדאָזיקער ייִדענע, האָט זיך גאָלדפעלדן אָנ־געהויבן די וואָך. די ייִדענע האָט געשריגן, געוויינט, געשאָלטן, געפּרוווט אויפצורייסן די שענק, אום עפּעס צו כאַפּן פאַר איר חוב.

גאָלדפעלד איז די ייִדענע קוים פּטור געוואָרן פון שטוב אַרויס און קיינן פּאַרנאָכט, ווען די ייִדענע איז ווידער געקומען צו גאָלדפעלדן, צוזאַמען מיט איר טאָכטער — האָט זי דאָרט גע־טראָפן שוין אַ סך בעלי־חובות, אויך אַזעלכע ווי זי, און ס'האָט זיך דאָרט אָפּגעטאָן ווי צווישן נישט סוחרים, ווען זיי געפינען זיך אין שטוב בײַ דעם, וואָס האָט זיי צוגענומען די האָפענונג אויף אַ בעסערער לעבן.

ס'זענען איצט דאָ געווען מענער און ווייבער, גאַנצע משפחות, אַלץ אַזעלכע בעלי־חובות, וואָס גאָלדפעלד האָט פון זיי גענומען געלט אויף צינזן, גענומען מיליאָנען און געגעבן וועקסלען אויף אַ מיליאַרד — גאָלדפעלד האָט איצט צווישן דעם־אָזיקן ביין און אויפגערעגטן עולם שוין גאָרנישט געהאַט צו באַפעלן דאָ בײַ זיך אין שטוב. ס'איז געווען אַ געפּילדער און געשרייען... טייל האָבן געסטראַשעט מיט דער פויסט און אַנדערע — מיט זייערע גנס גבורה — דאָס זענען ס'רוב געווען פּראָסטע מענטשן, וואָס האָבן זייערע אָפּגעשפּאָרטע געלטער געהאַט געטרויעט גאָלדפעלדן און זיכער געווען, אַז זיי וועלן דאָס געלט צוריקבאַקומען צוויי אָדער דריי מאָל געטאָפּלט...

ס'איז געגאַנגען דערין, גאָלדפעלד זאָל זיי געבן פאַר זייערע חעקסלען — סחורה. און אַז גאָלדפעלד האָט געניטען טענה׳, אַז ער האָט נישט דעם שליסל פון געוועלב, האָבן זיי געסטראַשעט אויפצוברעכן די טיר.

אַט איצט, שטייענדיק אַרומגערינגלט פון אויפגערעגטע בעלי־חובות, האָט שוין גאָלדפעלד יאָ געפילט, וואָס דאָס הייסט באַנקראָטירן און נאָך באַנקראָטירן נישט סוחרים, נאָר „דלפנים", אָבער ער האָט זיך געטרייסט מיט דער איבערצייגונג, אַז סוף כּל סוף וועלן זיי דאָך מיד ווערן און אָפּטרעטן.

אָבער אָפּטרעטגעגאַנגען זענען זיי נישט אַזוי לייכט און נישט אַזוי גיך. דער עולם איז וואָס אַמאָל גרעסער געוואָרן; נישט נאָר בעלי־חובות זענען אָנגעקומען, נאָר אויך זייערע זין און טעכטער, משפּחה, מחותּנים און סתּם פרעמדע נייגע־ריקע.

— מײַן געלט גיט מיר! — שרייט און טומ׳ט אַ ייִד מיט אַ פאַרשוירן בערדל, ווי אַ רוסישער פעלדפעבל און אין אַ היטל מיט אַ ליאַקירטן דאַשעק — מײַן געלט! — שרייט ער און האַקט מיט דער פויסט אין טיש.

— ס'איז נאָכנישט הפקר חעלט! — האַלט אין איין אי־בערחזרן אַ ייִדנע אין אַ טיכל.

און אַ צווייטע אין אַ הוט, האַלט זיך אין איין חידושן אויף דײַטש מיט אַ צוגעבראָכן געמיט:

— ווער האָט זיך זאָלצן זאָלכעס ריכטען — זאָ איין בראַווער מאַנן...

אַנדערע פּרוּוון דערווײַל מיט כּוח אויפצורײַסן די טיר פון געוועלב, שטעלט זיך זיי קעגן אין וועג, כאַפּט ער פון איינעם אַ ליאַפּ אין פּיסק, שאַרט ער זיך אָפּ, שטעלט זיך אין אַ זײַט, מ'זאָל אים נישט אַרויסזען און מגזר גייט אים דאָ גאָרנישט אָן.

— גנבֿ דו! — ריטשעט אַ ייִד מיט אַ באָרד, קענטיק אַ שוסטער — געלט, אָדער סחורה! איינס פון די ביידע מוז איך קריגן! — און ער דראָט גאָלדפעלדן מיט דער פויסט באַם פּנים.

— ווער זענט איר דע, אַזעלכער? — פרעגט גאָלדפעלד

צוריק מיט חוצפה. ער איז בלאַס גאָלדפעלד און קוקט זיך אַרום איבער דעם פּילדערנדיקן עולם און אַז ער דערבליקט ניעט קיין איינעם אַן אייגענעם (קישטיין זעט זיך נישט אַרויס) ווערט ער אין מיטן רעדן שטיל, רוויסט פלעקן שלאָגן אים אַרויס אויף די באַקן און ער פינטלט נערוועז מיט די אויגן — — — — — — — — — — — — — — — —

יענעם פאַרנאַכט, האָט גאָלדפעלד געהאַט אַ סך אויס-צושטיין פון די צעיושעטע אַנדערטהאַלבן כוץ בעלי-חובות און דריי טוץ מיטגעקומענע און גלאַט אַריינגעקומענע... דאָס גע-ווען האָט מען אים אמת נישט אויפגעריסן, אָבער ער אַליין, פערזע לעך, און זיין שטוב זענען נישט פאַרשוינט געבליבן — די לאַנגע שויב פון וואַנט-זייגער איז צעבראָכן געוואָרן אין רייסן זיך אַרום דער געוועלב-טיר, באַם וועלן זי אויפרייסן; דער קרעדענץ איז אויך נישט געבליבן אומבאַרירט — און ווער ווייסט, ווי ווייט ס׳וואָלט נאָך דערגאַנגען, ווען דער סטרוזש וואָלט אויף די געוואַלטן נישט אָנגעברענגט פּאָליציאַנטן, וועלכע האָבן מיט כוח אָפּגעריייניקט די שטוב פון די אָנגעלאָפענע בעלי-חובות.

ס׳איז געוואָרן אָוונט. זעלדע איז געקומען נאָכן מאַן, ער זאָל אַהיימגיין מיטאָג עסן. גאָלדפעלד האָט זיך געלאָזט צורעדן און איז אויך מיטגעגאַנגען אַרויף צו זעלדען עסן מיטאָג.

שפּעטער, אַז גאָלדפעלד מיט קישטיינען זענען צוריקגע-קומען איז שוין געווען שפּעט אין אָוונט. דער סטרוזש האָט פאַרמאַכט דאָס טויער. דער באַלעבאָס און דער „מענטש", האָבן זיך געלייגט שלאָפן בעט בײַ בעט. קישטיין איז באַלד איינגע-שלאָפן. ער האָט גאָרנישט געהערט, ווי גאָלדפעלד איז באַלד צוריק אויפגעשטאַנען פון בעט און זיך געדרייט פון געוועלב אין שטוב און צוריק. דערנאָך איז ער שטילערהייט עטלעכע מאָל אַראָפּגעגאַנגען אין קעלער — אַזוי ביז אַ זייגער דריי, האַלב פיר פאַרטאָג.

פֿרײַטאָג האָט גאָלדפעלד אויפֿגעפּאַקט קישטײַנען, און אַז
קישטײַן האָט זיך אָנגעטון און אַרײַנגעקומען אין עס-חדר, האָט
ער דערבליקט שטײן אַן אָפענעם לײדיקן קאַסטן און דערלעבן
אָנגעגרײט אַרײַנצופּאַקן שטויסן סחורה.

## 19. קאַפּיטל

צומאָרגנס, האָט זיך דער טאָג אָנגעהויבן רויקער.

ס'איז געווען עפּעס אַ חבא-טאָג, די געוועלבער זענען גע-ווען פאַרמאַכט. קישטיין איז פאַר באַגינען אַוועק פאָרן מיט אַ קאַסטן סחורה ערגעץ אין אַ נאָנט שטעטל, פאַרקויפן די סחורה אויף זיין אייגענעם נאָמען; עס דאַרף הייסן, אַז קישטיין באַ-לעבאָס, גאָלדפעלד, האָט אים אויסגעצאָלט, — נאָך מיט צוויי וואָכן צוריק, די שכירות מיט סחורה. איצט פירט ער זיך די סחורה פאַרקויפן, ווייל ער, קישטיין, דאַרף געלט אויף צו לעבן.

גאָלדפעלד האָט לאַנג אַריינגעקוקט אין קישטיינס קאָפּ, ווי ער זאָל דאָרט זאָגן, אפילו, אַז מ'וועט אים נישט פרעגן, זאָל ער אַליין דאָס צו וויסן טון — נישט גלאַט אַראָפּפאַלן פון דאַך און פּלאַפּלען, ס'זאָל דערוועקן חשד, נאָר מיט שכל...

איצט, אינדערפרי, איז גאָלדפעלד געזעסן אין עס-חדר און געטראַכט, צי ס'וועט געלינגען דער אויפטו און קישטיין וועט אים ברענגען אַ ביסל געלט, אָדער דער בהמה וועט נישט וויסן

ווי אזוי צו רעדן, ער וועט זיי נאָך אַרויסכאַפּן, פאַר וועמען ער פאַרקויפט די סחורה און גאָלדפעלדן קען נאָך דערפון אַרויס־שפּרינגען פאַרשידענע עגמת־נפשן.

אינדרויסן, הינטער די פענסטער, האָט געפּוילט אַ גרויער שבת־טאָג מיט קאַפּענדיקע דעכער און לאַטשעדיקן נאַס־בלאָטיקן שניי. — גאָלדפעלד איז זיכער געווען, אַז היינט וועט זיך דאָ נישט איבערחזרן דאָס, וואָס נעכטן. דער „פּאָגראָם", ווי גאָלדפעלד האָט אַ נאָמען געגעבן דעם נעכטיקן אָנגעלויף פון בעלי־חובות.

גאָלדפעלד איז פאַרטיק געוואָרן מיטן סטרוזש, ער זאָל זיך היינט אַ גאַנצן טאָג געפינען איבן הויף, אָדער אין טויער און קיין שום באַנדעס און אָ גערים־נגע לאָפּוסעס נישט אַריינלאָזן; עס זאָל זיך נישט איבערחזרן דאָס, וואָס נעכטן פאַרנאַכט. „עפּעס שלעפּערס, באַנדיטן, וואָס ער, דער פאַן גאָלד־פעלד, קען זיי נישט, האָט זיי נאָך קיינמאָל נישט געזען, האָבן זיך צו אים אַריינגעריסן, פאָדערנדיק געלט" — אַזוי האָט גאָלד־פעלד דעם סטרוזש קלאָר געמאַכט דאָס נעכטיקע געשעע־ניש.

דער סטרוזש, אַ פּויער מיט גראָבע געלע וואָנסעס — האָט, באַקומענדיק פאָרויס פאַר זיין טרחה אַ פערטל טיי און אַ האַלב קילאָ צוקער — צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ אויף גאָלדפעלדס רייד, וואָס דאָס האָט גאָלדפעלדן זיכער געמאַכט, אַז היינט וועט שוין דער סטרוזש אַכטונג געבן, ס'זאָל זיך דאָ נישט איבערחזרן דאָס נעכטיקע — —

דער פאַרמיטאָג האָט זיך געשלעפּט רויק און שלעפּעריק. אַ ווינטערדיקער חגא־טאָג. אַרום זייגער צוועלף איז מיט גאָלד־פעלדן געזעסן אין עס־חדר איינער, אַ געגאָלטער פאַרשוין, אַ פידל־שפּילער אין אַ נאַכט־קאַפּע. דער פאַרשוין האָט גערעדט נאָר פּויליש. אַריינגעקומען צו גאָלדפעלדן איז ער אַלס בעל־חוב, מיט צוויי פון גאָלדפעלדן אונטערגעשריבענע וועקסלען — אָבער אָן ירגזון און אָן זידלערייען ער איז בלויז אַריינגעקו־מען זיך דערוויסן, צי די וועקסלען זענען שוין טאַקע גאָרנישט

ווערט, נאָר אַז גאָלדפעלד האָט אים פאַרזיכערט מיט גוטע רייד, אַז נאָך עטלעכע וואָכן — העכסטנס חדשים — אַז די צייט וועט נאָר אַ ביסל לייכטער ווערן, דער האַנדל וועט זיך אַ ביסל אַ ריר טון, וועט ער יעדן איינעם באַצאָלן, האָט דער פידל-שפּילער פריינטלעך אויפגענומען גאָלדפעלדס צוזאָג און גוטמוטיק צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ, נאָר אַרויסצורעדן:

— איך גלייב אייך, פּאַניע גאָלדפעלד.

גאָלדפעלד איז צופרידן געווען, וואָס זיין איצטיקער בעל-דבר, הגם אַ פּראָצענט בעל-חוב איז ער דאָך נישט קיין פּאַ-דליעץ, מאַכט נישט קיין סקאַנדאַלן — האָט ער זיך פריינטלעך צעשמועסט מיט דעם פידל-שפּילער. דערנאָך, ווען יענער האָט זיך דערהויבן אַוועקצוגיין און פריינטלעך אויסגעשטרעקט גאָלד-פעלדן די האַנט, האָט ער זיך אַ קוק אַרום געטון איבערן עס-חדר און כלומרשט ערשט איצט דערבליקט, אַז דאָ אין צימער איז פאַראַנען אַ פּיאַנינע, איז ער צוגעגאַנגען, דערהויבן דאָס דעקל פון איבער די קלאַווישן און אַזוי ווי די פּיאַנינע איז גע-ווען פאַרשלאָסן נאָך פון נעכטן, בשעת דעם אָנגעלויף דאָ, ווייל גאָלדפעלד האָט מורא געהאַט, אַז די „באַנדע“ קען אים נאָך פּלייסיק קאַליע מאַכן די פּיאַנינע — איצט, זעענדיק, אַז דער „פידלער“ וויל אָנקוקן זיין „כּלי“, האָט גאָלדפעלד אַרויסגענו-מען פון וועסטל-טעשל דאָס שליסעלע, אויפגעשלאָסן און דער-הויבן דאָס דעקל.

דער פידל-שפּילער, האָט צוגעלייגט זיינע שפּיץ-פינגער צו די ווייסע און שוואַרצעביינדלעך, אָפּגעדריקט, אַרויסבריענגענדיק עטלעכע גאַמען און מיטאַמאָל פאַרנעלייגט גאָלדפעלדן, ער זאָל אים פאַרקויפן די פּיאַנינע.

— פּאַניע גאָלדפעלד, נישט פאַרן חוב, נאָר פאַר באַרעס געלט. דער אינסטרומענט געפעלט מיר — און ער האָט ווידער אָפּגעדריקט עטלעכע גאַמען.

גאָלדפעלד האָט תחילת נישט געוואָלט הערן פון פאַר-קויפן: ער קען דאָס נישט טון. זיין פרוי קען אָן דער פּיאַנינע נישט לעבן — נאָר אַז דער פידל-שפּילער, האָט נישט אָלץ

אָפּגעלאָזט, פאַרזיכערנדיק נאָכאַמאָל, אַז נישט פאַרן חיב נאָר ער באַצאָלט גלייך — האָט זיך שוין גאָלדפעלד אַ ביסל פאַר-טראַכט דערוועגן: — פון שווערס שטוב האָט ער געהאַט אַ ידיעה, אַז זיינע בעלי-חובות די סוחרים, וועלן זיכער אים לאָזן פאַרמאַכן דאָס געוועלב מיט די שפּייכלערס און מן-הסתם וועלן זיי אים דאָס מעבל אויך נישט איבערלאָזן פריי, וואָלט נישט היינט געווען חגא, וואָלט עס אוודאי איצט שוין נישט געהערט צו אים. — היינט, צי איז טאַקע נישט גלייכער, ער זאָל אַ פאַרקויף טון די פּיאַנינע און קריגן געלט?

דאָך גלייך זאָגן יענעם, אַז ער באַשטייט, האָט ער נאָך נישט געוואָלט. ער האָט אַלץ מורא געהאַט, טאָמער מיינט יע-נער פאַרט פאַרן חוב. ווידער דער פידל-שפּילער, זעענדיק, אַז גאָלדפעלד איז זיך עפּעס מישב, האָט ער זיך אַ טאַפּ געטון באַ דער בוזים-קעשענע — צי ער האָט נישט אַמאָל פאַרגעסן צו נעמען מיט זיך געלט, און נאָכאַמאָל זיך אָנגערופן צו גאָלדפעלדן אויף יידיש:

— פּאַניע גאָלדפעלד, מאַכט אַ האַנדל, וועט איר וויסן, אַז איר קומט צו געלט.

איינציקוויז איז צווישן זיי געוואָרן אַ האַנדל-שמועס.

גאָלדפעלד האָט געלויבט די פּיאַנינע, אַ וואונדערלעכע, אַ טייערע „כלי"... און נאָכאַנאַנד זיך געכאַפּט באַם קאָפּ — גע-וואַלט! וואָס וועט מיין פרוי זאָגן!...

און אַזוי איינציקווייז האָבן זיי זיך פאַרטיפט אין דעם-דאָזיקן האַנדל — גאָלדפעלד האָט פלומרשט אין לבנות געבאָטן אַ פרייז און יענער האָט איינציקווייז צו ביסלעך צוגעלייגט צום פרייז, עפּעס און נאָך עפּעס... און לסוף, אַז ס'האָט שוין גע-האַלטן אויף אַ דרך, האָט דער קויפער פלאחר יד אַ פרעג גע-טון גאָלדפעלדן, צי ער וועט אים נישט די וועקסלען אויך אָנ-רעכענען פאַר עפּעס געלט.

— איך זאָג אייך דאָך, אַז דאָס איז מיין פרויס... — קווענקלט זיך גאָלדפעלד.

— און אַז אַן אַנדערער בעל-חוב וועט זי איין צונעמען

איינגאַנצן פאַר אַ חוב, אָדער, אַז זי וועט פאַרקויפט ווערן אויף ליציטאַציע און איר וועט דערפון גאָרנישט האָבן — קלערט ער אויף גאָלדפעלדן אין אַ פריינטלעכן טאָן.

קורץ, גאָלדפעלד באַשטייט שוין צוצורעכענען אַ ביסל די וועקסלען אויך.

מען איז פאַרטיק געוואָרן מיטן פרייז. איידער וואָס און ווען זענען שוין דאָ געווען עטלעכע ייִדישע טרעגערס — וואָלט גאָלדפעלד היינט געווען אין דער פעסטער רויִקייט און סוחרי-שער ניכטערקייט, ווי ער איז געווען אַמאָל, מיט עטלעכע חדשים צוריק, בשעת ער איז נאָך געווען אין דער מדרגה, וואָלט אים אויסגעקומען פאַרדעכטיק, וואָס איינס-צוויי זענען שוין דאָ גע-ווען טרעגערס; אין דערדאָזיקער אַ ביסל הינטער-גאַס און נאָך אין אַ חגא-טאָג, איז געוויינטלעך נישט אַזוי לייכט צו קריגן טרעגערס.

איצט איינער אַליין, און דער נישט ניחאַדיקער באַנקראָט-שטימונג, נאָך דעם נעכטיקן אָנגעלויף פון בעלי-חובֿות און אין דער אַרטונג פון נייע, אים נאָך נישט איינגאַנצן קלאָרע אומ-אָנגענעמלעכקייטן און דאָ, דעם פידלערס פיינע אויפפירונג — האָט ער נישט געזען קיין שום אויסערגעוויינלעכס דערין, וואָס אין איין מינוט זענען שוין אַריינגעקומען עטלעכע טרע-גערס —

דער פידלער האָט געחשבונט וויפיל געלט ער האָט צו-צוגעבן צום פרייז לויט אויף וויפיל פראָצענט די וועקסלען ווערן פאַררעכנט. גאָלדפעלד האָט געחשבונט פאַר זיך. און אַזוי, ווי דאָ זענען געווען פאַרמישט צווייערליי וואַליוטעס: די אַלטע פון די וועקסלען און די נייע: דער פרייז פון דער פּיאַ-נינע — האָט זיך דער חשבון פאַרצויגן... די טרעגערס האָבן דערווייל די פּיאַנינע אַוועקגערוקט פון אָרט, זי געקירעוועט צו דער אָפענער קיך-טיר.

דער פידל-שפּילער איז לאַנגזאַם, גאָר לאַנגזאַם פאַרטיק געוואָרן מיטן חשבונען. עס איז צווישן זיי אויסגעבראָכן אַ שטיקל האַמפּעריי צוליב די וואַליוטע אונטערשיידן פון דער

אַלטער אין נייער. . . די טרעגערס האָבן דערווייל די פּיאַנינע שוין דערינען געהאַט אין דער קיך און זי ווייטער געשלעפּט צום פּע־דערהויז — איצט ג׳ט זיך דער פידלער נאָכאַמאָל א טאַפּ באַ דער בּ זעם־קעשענע און בּשׂנת גאָלדפעלד ריכט זיך שוין צו זאָגן פאַר זיך געלט־אָס׳גנאַציעס, גיט ער אים אַ לייג אַנידער אויפן טיש די צוויי וועקסלען. . .

אין אַ רגע באַזינט זיך גאָלדפעלד, וואָס יענער האָט אים דאָ אָפּגעטון. לויפט ער אין קיך אַריין צו די טרעגערס:

— צוריקשטעלן די פּיאַנינע! — שרייט ער.

— הערטס נישט און טראָגטס, איך הייס! — שרייט דער פידלער נאָך העכער — איך צאָל!

גאָלדפעלד נעמט צוריקציִען די פּיאַנינע, גייט צו אַ טרע־גער און שאַרט אים אַוועק. גאָלדפעלד רייסט זיך, די טרעגערס זע־נען אָבער שטאַרקער פון אים, די פּיאַנינע איז שוין אין הויז — גאָלדפעלד באַזינט זיך מיטאַמאָל, אַז שרייען, מאַכן אַ ליאַרעם לוינט אים נישט צוליב אַ סך טעמים — דער פידל־שפּילער גייט הינטער די טרעגערס. ער איז בלאַס און ערשט איצט, ווען ער האָט שוין דאָס זייניקע אויסגעפירט, נעמט ער זידלען גאָלדפעלדן, גלייך ווי מיט זיין איצטיקן זידלען, מאַכט ער נאָך העלדישער דאָס שפּיצל, וואָס ער האָט אָפּגעטון, ווי פּיפּיק ער האָט זיך זיין חוב אָפּגעראַטעוועט. —

גאָלדפעלד פאַרמאַכט די קיך־טיר. ער גייט צוריק אַריין אין עס חדר. דאָרט, וווּ די פּיאַנינע איז געשטאַנען, דאָס שטיקל וואַנט, איז פול שטויב און שפּינוועבס; גייט גאָלדפעלד צוריק אין קיך אַריין, קערט זיך פון דאָרט באַלד צוריק מיט אַ האַנט־באַרשט און שופעלקע. ער נעמט אָפּקערן דעם שטויב און שפּינוועבס פון דעם שטיקל וואַנט און אין איין וועגס קערט ער שוין אויך אַוועק דעם שטויב פון דער פּאָדלאָגע.

ער האָט געשוויגן. וואָס דען האָט ער געקענט טון — שריי־ען? מ׳זאָל קומען אָנצולויפן! מאַכן פון זיך לייטיש געלעכטער? האָט ער געשוויגן, כלומרשט רויִק אָפּגעקערט דעם שטויב און שפּינוועבס. אָבער אין אים האָט עס געקאָכט און געזידט. ס׳האָט

אין אים געבּרענט אויף זיך אַליין, ווי אַזוי ער, דער סוחר, דער חכם, וואָס וויל טרוקן אַרויס פון באַנקראָט האָט זיך געלאָזט נאַריש אויסגענאַרן — נישט עפּעס אַ פּענמעסערל, נאָר אַ שווער שטיק מעבּל, אַ פּיאַנינע, אַרויסנעמען. זי פון זיין אייגענער שטוב, דורך עפּעס איינעם אַ שפּילער, אַ קלעזמער — גאָלדפעלד איז מיטאַמאָל בּאַ זיך אַזוי אַראָפּגעפאַלן, אַזש בּיז נידערגעשלאָגנקייט, בּיז טרערן; די אויגן זענען אים פייכט געוואָרן פון אוממעכטיקן כּעס, פון בּייסנדיקן עגמת-נפש...

אָט דער היינטיקער טאָג, הגם ער איז פאַר גאָלדפעלדן נישט געווען אַזוי טומלדיק און בּייז בּלוט פאַרשאַפנדיק ווי דער נעכטיקער, האָט ער פונדעסטוועגן די היינטיקע געשעענישן גע-פילט אַזוי שטאַרק און אפשר נאָך שטאַרקער, נאָך טיפער — ס'איז גאָלדפעלדן בּאַשערט געווען דעם זעלבּן טאָג נאָך עפּעס דורכצומאַכן, נאָכנישט מיט דעם בּלויז האָט זיך אים דער טאָג געענדיקט...

אין אָוונט, עטלעכע שעה איידער קישטיין איז צוריקגעקו-מען פון שטעטל, וווּ ער איז געווען פאַרקויפן דעם קאַסטן סחורה און דערציילט, אַז אַ ביסל סחורה, האָט ער אַראָפּגעלייזט, גע-געבּן אין די געוועלבּער אַריין אָן געלט און די איבעריקע סחורה האָט ער צוזאַמען מיטן קאַסטן אַריינגעשטעלט צו גאָלדפעלדס אַ קרוב, צום אַלטן ר' נחמן סופר, וואָס האָט דאָרט אין שטעטל אַ צונאָמען, ר' נחמן „גלעזער" — ווייל ער טרינקט בראָנפן פון אַ טיי-גלאָז — דאָרט האָט קישטיין אַריינגעשטעלט דעם קאַסטן סחורה און ער פאַרזיכערט, ער האַלט אין איין גרעגערן געצל גולם:

— קיין בּעסער אָרט, האָב איך נישט געקענט געפינען...
ר'איז דאָרט גאַנץ זיכער...

גאָלדפעלד אָבער ווייסט, אַז בּאַ נחמן סופר אין שטוב, איז אַ הכנסת-אורחים, אַ חסידים-שטיבל, אָן אָרט פאַר יעדן היימישן און פרעמדן און די סחורה איז דאָרט פונקט אַזוי זיכער, ווי אַז מ'וואָלט זי איבערגעלאָזט אינמיטן מאַרק אין אַ יאַריד-טאָג אָן אַ שומר — איז, נאָך איידער קישטיין איז צוריקגעקומען און האָט

דאָס דערציילט — תּחילת אָווגט, ווען גאָלדפעלד איז געזעסן אין עס־חדר און געלייענט דאָס היימישע פּוילישע בלעטל פון זונטיק אינדערפרי, וואָס ער האָט נעכטן צוליב דעם טומל דאָ, נישט באַוויזן דורכצולייענען — געזוכט צווישן די נייעסן, צי ס'שטייט דערמאַנט זיין באַגראַב — האָט עמעץ געקלאַפּט אין דער קיך־טיר. — אויף גאָלדפעלדס פרעג „קטאָ טאַם?" האָט אים אַ פרעמד קול געלאַסן געענטפערט „ס'איז !" און געפרעגט „צי דאָ וווינט דער פאַן גאָלדפעלד"? גאָלדפעלד האָט גיך אויפגעשלאָסן די טיר (ס'האָט זיך אים געדאַכט, אַז ס'איז אַ פּאָליציאַנט...) ס'איז אַריינגעקומען אַן אומבאַקאַנטער גוי אין אַ פעלץ; אַ בעסערער פּויער, מיט אַ ראַזירט פּנים, ווי אַן אַמעריקאַנער. ער האָט געזאָגט „דאָבּרי־וויעטשור" און זיך נאָכאַמאָל נאָכגעפרעגט, צי דאָ וווינט גאָלדפעלד און צי דער, וואָס רעדט מיט אים, איז טאַקע גאָלדפעלד אַליין.

גאָלדפעלד האָט געזאָגט „יאָ, איך בין דאָס". געפרעגט מיט וועמען ער האָט דעם כּבוד צו רעדן. דער אומבאַקאַנטער האָט אָנגערופן זיין נאָמען — איז גלייך גאָלדפעלדן קלאָר געוואָרן, אַז דאָס איז איינער, וועמען ער איז שולדיק געלט — דער „אַמעריקאַנער", וואָס דער מוקלער האָט ערשט מיט אַ צוויי וואָכן צוריק גענומען באַ אים אַ הלוואה פאַר גאָלדפעלדס וועגן. ס'האָט גאָלדפעלדן באַנג געטון, צוואָס ער האָט אים אַריינגעלאָזט, נאָר אַזוי ווי ר'איז דאָך שוין דאָ, איז נישט געבליבן קיין אַנדערע ברירה, ווי אים פריינטלעך אויפצונעמען.

גאָלדפעלד האָט זיין גאַסט אַריינגעבעטן אין עס־חדר. דער פּויער איז אַהין אַריינגעגאַנגען, זיך אַנידערגעזעצט אויף דער שטול, וואָס גאָלדפעלד האָט אים אָנגעוויזן, געזעסן אַ ווײַלע און געשוויגן. דערנאָך האָט ער אַרויסגענומען פון טאַש עטלעכע אויסגעשטעלטע וועקסלען, צוגעטראָגן גאָלדפעלדן איינס נאָך איינעם און באַ יעדן, וואָס ער האָט אים צוגעטראָגן, האָט ער געפרעגט:

— דיין אונטערשריפט, פּאַניע?

גאָלדפעלד האָט דאָס באַשטעטיקט מיט אַ שטומען קאָפּשאָקל.

— און אַז דו האָסט ערשט פאַר צוויי וואָכן גענומען פון מיר דאָס געלט, געדענקסטו דאָס אויך? — פרעגט ער מיט אַ פויערישער געלאַסנקייט.

גאָלדפעלד האָט נישט באַלד געענטפערט — ער האָט נישט פאַרשטאַנען, פונוואַנען צו דעם גוי נעמען זיך וועקסלען אויף אַזאַ גרויסער סומע — ער האָט דאָך נאָר אינגאַנצן גענומען געבאָרגט — יאָ... און דאָ ווייזט מען אים עפּעס אַזוי פיל וועקסלען, כמעט אויף טאָפּלט, ווי ער האָט גענומען.

— אויף וואָס פאַר אַ סומע האָסטו, פּאַניע, וועקסלען? — פרעגט גאָלדפעלד.

— אויף אַזוי פיל, ווי כ'האָב דיר געבאָרגט געלט — דער גוי קוקט אָן גאָלדפעלדן מיט פויערישער בייזקייט. און ער רופט אָן די סומע...

גאָלדפעלד האָט זיך דערשראָקן באַם דערהערן די סומע. ער האָט זיך אַ כאַפּ געטון פון אָרט און גלייך זיך צוריקגעזעצט מיט אַ געזונקענעם קאָפּ.

ער האָט איצט שוין פאַרשטאַנען, אַלץ פאַרשטאַנען. קלאָר באַנומען, אַז מיט דעם, וואָס ער האָט די לעצטע וואָכן געהאַט ליגן באַם מעקלער אונטערגעשריבענע וועקסל-בלאַנקעטן אין רעזערוו, אַז ווען נאָר ער וועט קענען קריגן געלט, זאָל נישט זיין קיין עיכּוב צוליב דעם ערשט גיין יעדעס מאָל צו גאָלדפעלדן, ער זאָל אונטערשרייבן — דערמיט האָט ער זיך די חובות פיל-פאַכיק פאַרגרעסערט; דער מעקלער האָט פאַר זיך אַליין אויסגענוצט דידאָזיקע בלאַנקעטן מיט גאָלדפעלדס אונטערשריפט... און נישט בלויז דאָ דעם אַמעריקאַנער, ער מוז דאָס האָבן געטון אויך מיט אַנדערע, דער רויבער.

— נו? — פרעגט דער גוי.

— וואָס, פּאַניע? — וועקט זיך גאָלדפעלד פון זיין פאַרטראַכטונג.

— ווי אַזוי — פרעגט דער גוי, און אין די אויגן האָבן זיך אים באַוויזן צוויי שאַרפע גלאַנצלעך, ווי ביי שטאָלענע קלינגלעך — ווי אַזוי האָסטו מיט צוויי וואָכן צוריק גענומען באַ מיר

געלט, ווען דו האָסט שוין געוווּסט, אַז דו האָלטסט בײַ באַנק־ראָטירן?

— איך האָב עס טאַקע נישט גענומען — ענטפֿערט גאָלדפֿעלד פֿילדייטיק און מיט הכנעה.

— ווער דען האָט עס גענומען?

— דער מעקלער. —

— און אַז דער מעקלער, איז עס דאָך געווען אויך פֿאַר דיר.

— וואָס זאָל איך דיר אַ סך דערציילן, פּאַניע — זאָגט גאָלדפֿעלד איינגעהויקערט — איך האָב דעם מעקלער געטרויעט — איצט בין איך אומגליקלעך...

— ביסט אומגליקלעך? — פֿרעגט דער גוי אין פּעלץ, און ער דערהייבט זיך פֿון שטול מיט זיין גרויסער מאַסיווער פֿיגור. ער קוקט אַ רגע אָן גאָלדפֿעלדן און מיטאַמאָל נעמט ער מיט זיין פּויערישער פֿויסט שלאָגן גאָלדפֿעלדן איבער׳ן קאָפּ.

— טאָ נאַ דיר, זשידזע, און זיי גליקלעך — ברומט ער, דער גוי. ער האַלט גאָלדפֿעלדן צוגעדריקט מיט דער קני צו דער וואַנט לעבן דער קיך־טיר און האַלט אין איין שלאָגן אים איבער׳ן קאָפּ און אומעטום.

גאָלדפֿעלד האָט געשריגן, מוראדיק געשריגן. ער האָט אויסגעזען קעגן דעם הויכן געזונטן גוי, ווי אַ יינגעלע — ער האָט געשריגן און דער שלעגער האָט אים אַלץ נישט נאָכגעלאָזט. ערשט אַז דער גוי האָט זיך משער געווען, אַז ס׳איז שוין גענוג, מ׳קען קומען אָנצולויפֿן — האָט ער אָפּגעלאָזט גאָלדפֿעלדן, געגעבן אים נאָך אַ לעצן זעץ צו מיטן באַשטיוולטן פֿוס און אַ סטראַשע מיטן קולאַק „כ׳וועל דיך דערהרגענען״... און רויק, ווי קיינמאָל גאָרנישט, זיך אָפּגעקערט.

גאָלדפֿעלד האָט נאָכדעם שוין מורא געהאַט אַליין אינדערהיים צו בלייבן. ער האָט צוגעשלאָסן די וווינונג, אַרויסגעגאַנגען צו זיין שוועסטער זעלדע. קישיניין איז נאָכנישט צוריק געווען — גאָלדפֿעלד האָט דאָ געגעסן נאָכט-עסן. דערנאָך האָט ער זיך צוגעלענט אין אָנגעטאָן אויפֿן בעט, וואַרטנדיק אויף

קישטיינען. אַרום האַלבע נאַכט איז קישטיין געקומען צופֿאָרן,
אָן געלט — און פֿאַרטאָגס איז גאַלדפֿעלד אַוועקגעפֿאָרן, נישט
דערציילנדיק דאָ, וווּ ער פֿאָרט און די שליסלען פֿון דער וווינונג
און געוועלב האָט ער איבערגעלאָזט קישטיינען.

## קאַפּיטל 20'

תּחילת האָט גאָלדפעלד בּדעה געהאַט פאָרן אויפן פּול־וואַרק, וואָס ער האָט שותּפות מיט זעליק הערש צימעס. דאָרט איבּערוואַרטן בּיז עס וועט אַ בּיסל רויִקער ווערן דער טומל פון זיין בּאַנקראָט און צוריקפאָרן אַהיים, נאָר אָנקומענדיק פאַר־טאָגס מיט דער קליינבּאַן אין שטעטל, ווו דער פּאָטער וווינט, וואָס פון דאָרט איז צוצופאָרן עטלעכע וויאָרסט צו זיין נחלה, האָט גאָלדפעלד זיך שוין געהאַט איבּערגעלייגט, אַז עס איז גלייכער ער זאָל זיך אויסבּאַהאַלטן אין שטעטל בּאַם פּאָטער, ווייל דער פויער וועט וועגן זיין אויפהאַלטן זיך אין דאָרף, בּאַלד צווויסנטון דעם צווייטן בּעל־גבאָס צימעסן און יענער וועט דאָס ווייטער צעטראָגן — אַזוי האָט זיך גאָלדפעלד מיישב געווען און ער האָט מיט זיין נגידיש געל לעדערן רענצל אין האַנט, גע־לאָזט זיך אין גרויען בּאַגינען צום שטעטל: דורך הויפן, פּלע־צער און איינגעבּראָכענע פּלויטן, צו עקומען צום הייזל, ווו דער פּאָטער וווינט און דאָרט שטיל אָנגעקלאַפּט אין לאָדן. — —

עטלעכע טעג האָט זיך גאָלדפעלד אויפגעהאַלטן בּאַם פּאָ־

טער דעם שטעטלדיקן שוחט, געזעסן אין לעצטן שטיבל הינ-טערן פאַרהאַנגענעם פענסטער און קיינער אין שטעטל האָט נישט געוווּסט דערפון. — ערשט סוף חאָך, האָבן סוחרים געבראַכט פון שטאָט דאָס נייעס וועגן גאָלדפעלדס באַנקראָט. שבת האָט מען דערפון געשמועסט אין אַלע דריי בתי־תפילות — אין שול, בית־מדרש און חסידים־„שטיבל" — די דאָוונער ווידער האָבן דאָס דערציילט יעדער בײַ זיך אין דער היים — און נאָך דעם זעלבן טאָג, האָט שוין קינד און קייט געוווּסט, אַז שלומקע דעם שוחטס האָט אָנגעזעצט אין געמאַכט אַ ויברח...

פון אָט דעם נייעס אָן, ווען עס איז נאָר אויסגעקומען פאַרבײַ צו גיין דעם שוחטס שטוב, האָט ער אַרײַנגעוואָרפן אַ „קוק" אין יעדן פענסטער באַזונדער, מיט דער כּוונה, צי דער פלטהגיק געפינט זיך נישט דערינען — אין אָוונט, ווען בײַ ר' ליפען אין שטוב איז געווען ליכטיק, האָבן פון דרויסן פאַרמרו-זשעטע אויגן געשנאַפּט אַרום די לאָדן־שפּאַרעס, אָנגעשטרענגט געקוקט מיט די בליקן, ווער דערינען געפינט זיך אַלץ... און ס'האָט גאַרנישט לאַנג געדויערט, האָבן זיך אין שטעטל געבוימען טראָגן נישט גאָר זיכערע קלאַנגען, אַז דער באַנקראָטניק שלומ-קע האַלט זיך אויף בײַם פאָטער, בײַ ר' ליפע שוחט.

צי ס'איז טאַקע אמת אַז ער געפינט זיך דאָרט? אויף קלאָר ווייסט מען עס נישט. דער האָט געזאָגט, יענער זאָל האָבן עפּעס געזען — די נייגעריקייט בײַסט, קיצלט, לאָזט נישט רוען... קומט אַ יידענע צום שוחט מיטן אַן עוף, ביז דער שוחט ווערט פאַרטיק מיט שטעלן דעם חוף, וואַרט די יידענע צו אין קיך, וואַרפט זי דערווייל אַ בליק אין דעם חדר, אַ בליק אין צווייטן חדר... ס'בלײַבט אָבער נאָך אַ דריט חדרל מיט אַ שייבנ-טיר, פאַרהאָנגען מיט אַ גוירהענגל, וואָס אַהין דערדרייסט זיך נישט די יידינע צוצוגיין אַ קוק טון — מוז זי נעבעך צוריקגיין פון שוחט מיט דערזעלבער נישט באַפרידיקטער נײַגעריקייט, ווי זי איז געקומען.

קומט אין אַן אינדערפרי בינע די מקווה־ניצערין קויפן בײַ דער שוחטקע אַ האַלב פינטל לעבער, איז דידאָזיקע בינע אַ

יידענע אַ קאָזאַק, מיט אַן אויפגעשאַרצטן שייטל, וואָס פון הינ-טער אים קוקט אַפּער דער שטערן אירער מיט אַ גלאַנציקער ברייטקייט, נאָר צו באַמערקן אים מיט שיכּורע פויערן און אויפ-הענגען, אַלס שילד, פאַר אַ שאָסיי-קרעטשמע — קומט זי אַריין בינע די מקווהניצערין — אין קיך זאָגט זי נישט קיין „גוט מאָרגן", גלייך זי זעט גאָרנישט, אַז דאָ איז פאַרהאַנען די שיחטקע, וואָס שטייט לעבן פענסטער און זאַלצט אויס פלייש אויף מיטאָג; בינע גייט זיך אַזוי גלייך אַריין אין צווייטן חדר-דאָרט, איז דאָס צעווירענע זלאַטקעלע דער שוחטקעס טעכטערל, פאַרטון אין בעטן דער מוטערס בעט — בינע שטעלט זיך דאָ אויך נישט אָפּ זי גייט גלייך צו און גיט אַן עפן די טיר מיט די פאַרהאָנגענע שייבלעך. זי דערבליקט דאָרט זיצן גאָלדפעלדן באַם טישל און עסן אָנבייסן, שרייט זי אויס מיט אַ מין נצחוני-דיקער ברייטקייט:

— אַ סקאָצל קומט, פאַניע גאָלדפעלד!

אַז בינע דרייט זיך צוריק אויס פון דער טיר מיט אַן איסגעלייטערט באַפרידיקט פנים, שטויסט זי זיך כּמעט אָן מיט דער איר נאָכלויפנדיקער שוחטקע, זאָגט צו איר מיט אַזאַ מין פּיסקל:

— פריידלשי קרוין, איר האָט דאָך אַ גאַסט!

און די שוחטקע, גאָלדפעלדס שטיפמוטער, ענטפערט קאַלט:

— יאָ, מ׳שטיינסגעזאָגט.

פון דעם אינדערפרי אָן האָט מען אין שטעטל שוין אויף קלאָר געוווּסט, אַז שלומקע איז הי. ער באַהאַלט זיך באַם פאָ-טער אין הינטער-שטיבל.

חוץ-נישט איז נאָך גאָלדפעלד נישט געחען אינגאַנצן בלויז, נאָך געהאַט מיט זיך עפּעס געלט, אין אַזוי לאַנג ווי גאָלדפעלד האָט נאָך געהאַט אַ ביסל געלט, איז זיך די שטיפמוטער מיט אים גוט באַגאַנגען. זי האָט פון „זון" באַקומען געלט אויף אַ האַלב קווערטל מילך, האָט זי סיי ווי נישט מער געקויפט ווי שטענ-דיק: אַ קוואָרט פאַרן גאַנצן געזינט; אַ ביסל מילך האָט זי אָפּ-געקאַרגט פון דער קאַווע, אַ ביסל האָט זי אים ווייניקער געגעבן

און די פאָר גראָשן זענען איר געבליבן; האָט זי פאָר אים גע־קאָכט לאָקשן צו דער יויך, האָט זי אויך נישט דערלייגט פון דאָס אייריקע. ס'איז פון אַלעם צו ביסלעך אראָפּגעפאַלן פאַר איר טעכטערלס קניפּל, האָט זי דערפאַר עפּטערס געקרעכצט אויף שלומס אומגליק; געפּרוּווט אים געבן עצות און אַלץ אַנדערע עצות, ער זאָל זיך דאָ וואָס לענגער אויפהאַלטן און איר קניפּל זאָל וואַקסן...

טאַקע איר, דער שטיף־מוטערס עצה איז עס געווען, שלום זאָל זען עפּעס „אויפצוטון" מ'ט דער נחלה, וואָס ער האָט שותפות מיטן טאַנדייטער צימעס און זיך אַרויסראַטעווען אַ ביסל געלט, ווי לאַנג ס'איז נאָכנישט צו שפּעט...

גאָלדפעלדן איז אין פלוג איר עצה וואָרנישט געקראָכן אין קאָפּ. ער האָט דערויף צוגעשאָקלט הסכמהדיק בלויז פון דרך־ארץ וועגן. נאָר אַזוי ווי עפּעס צו טון האָט ער נישט גע־האַט און דער גראָשן, וואָס איז אים אַרויס פון קעשענע, איז אַהין מער נישט צוריקגעקומען, האָט זיך אין גאָלדפעלדס קאָפּ איינציקווייז אויסגעאַרבעט אַ פּיפּיקער פּלאַן, ווי אַזוי ער זאָל זיין טייל נחלה פאַרקויפן דעם שותּף צימעסן. עס איז געווען אַ פשטלדיקער פּלאַן, אַ גאַנצע קאָמבינאַציע — נעמען געלט (נאָ־טירלעך: ביליקער) און געבן אַ קוויט אויף דערהאַלטן האַנט־געלט פון אַ צוויי־חדשימדיק פּריִערדיקן דאַטום... און אַז דער גאַנצער פּלאַן, איז אין גאָלדפעלדס קאָפּ שוין געווען אויסגעאַר־בעט מיט אַלע פּרטים האָט ער אַ שיק געטון זיין שוועסטער מירל רופן זעליק הערש צימעסן. מירל איז אַרויסגעגאַנגען, צי־מעס האָט צוריק באַפוילן, אַז איצט האָט ער נישט קיין צייט, ער וועט קומען שפּעטער. נאָר געקומען איז ער נישט, נישט דעם טאָג און נישט צומאָרגנס און אַז ער איז אין משך פון עטלעכע טעג אַלץ נישט געקומען, האָט גאָלדפעלד מיט דער שטיפמוטערס הסכמה געשיקט איר טעכטערל, דאָס מיט די פּיס־לעך אויסגעבויגענע ווי אַ האָרפּע זלאַטקעלען, רופן זעליק הערש צימעסן. — זלאַטקעלע איז צוריקגעקומען אָן צימעסן. זי האָט גאָלדפעלדן איבערגעגעבן:

— ער וויל נישט גיין. ער האָט זיך אָנגערופן באַנקראָט-
ניק און עכּבּרוש און ר'האָט געזאָגט זאָלסט קושן. . .

מער האָט גאָלדפעלד נישט געשיקט צום שותּף. ער האָט
אָפּגעוואַרט אַ טאָג, ווען ס'איז געווען „מאַרק" אין אַ שכניש
שטעטל און צימעס, איז מיט זיין טאַנדייט געווען דאָרט, האָט
זיך גאָלדפעלד אַרויסגעכאַפּט פון זיין באַהעלטעניש, פון הינטער-
שטיבל, אַזוי, אויף דער גיך, דורך געסלעך און שטעגלעך זיך
צוגעקריג צום טראַקט און מיטן טראַקט זיך געלאָזט גיין צו-
פיס צו זיין שותּפותער נחלה.

אַ דין רעגנדל האָט געפּרישעט. דעם שניי אויף די פעל-
דער איז שוין באַלד איינגאַנצן נישט געווען צו זען. גאָלדפעלד
נאָך אַזאַ צייט זיצן פאַרשפאַרט אין שטוב, איז ער איצט געגאַנ-
גען מיט חשק. דעם וועג האָט ער גוט געקענט; אפילו באַנאַכט
וואָלט ער געטראָפן; אַ מאָל אין די קינדער-יאָרן, פלעגט ער
אין דער אויבסט-צייט דאָ לויפן מיט חברים אין די פרייטיק נאָכ-
מיטאָגס אין, נישט ווייט ליגנדיקן גיט, קויפן ביליק אויבסט באַן
דאָרטיקן סעדער דעם לאָמען שוסטער. — די עטלעכע וו אָרסט
האָט גאָלדפעלד דורכגעמאַכט אין משך פון אַ שעה, אָדער עפּעס
מער ווי אַ שעה. ער איז אַ ביסל דורכגענעצט געוואָרן, אין די
שיך, וואָס זענען געמאַכט געוואָרן פאַר די שטעטישע געפּלאָס-
טערטע טראָטואַרן, האָט ער געפילט אַ ביסל נאַס — איידער ער
איז צוגענאַנגען צום הייזל, האָט ער אויף זיך גלייכגעמאַכט די
מלבושים און, מעשה באַלעבאָס, אַריינגעגאַנגען צו זיין „מענטש",
צום דאָ זיצנדיקן פויער.

דעם פויער האָט גאָלדפעלד געטראָפן אין מיטן עסן מי-
טאָג. ער האָט דעם „דזשעדזשיק" איצטיקס מאָל נישט אויפ-
גענומען מיטן טיפן נייג ביז דר'ערד, דאָך מיט געהעריק דרך-ארץ.
ער האָט געהייס דערלאַנגען אַ שטול, אָוועקגערוקט פון זיך די
שיסל פאַרעדיקע קאַרטאָפל און גענומען זיך צוריק צום עסן, ערשט,
ווען גאָלדפעלד האָט דאָס באַמערקט.

נאָר אַז גאָלדפעלד האָט דערנאָך פאַרלאַנגט דעם שליסל
פון שייער, האָט דער פויער נישט געגעבן, געזאָגט, אַז דער

„דזשעדזשיץ" זעלע, האָט צוגענומען די שליסלען פון שייער און בוידעם.

גאָלדפעלד איז לאַנג געזעסן, געפרוווט אויסכיטרעווען, אפשר זענען פאַרט דאָ די שליסלען. ער האָט זיך נאָכגעפרעגט דעם חשבון פון דער געדראָשענער תבואה. היי און נאָך — דער פויער האָט אויף אַלעם געהאַט איין גרייטן תירוץ:

— איך ווייס גאָרנישט. אַלץ יעגער. ער האָט די שליסלען און ער ווייסט דעם חשבון.

ס'איז געווען קלאָר, אַז אַלץ וואָס דער פויער רעדט איז צימעסעס קאָפּ.

גאָלדפעלד האָט באַפוילן דעם פויער, שפּאַנען דעם וואָגן אים אָפּשטעלן אין שטעטל — ער האָט בדעה געהאַט מיטצונעמען פאַרן פאַטער אַ קערץ קאַרטאָפל און אַ צווייי געבינט שטרוי אָנצופּאַקן פאַר זיך אַ שטרויזאַק — לאָזט זיך אויס, אַז היינט זענען נישטאָ די פערד: צימעס איז מיט די פערד געפאָרן אויפן מאַרק מיט זיין סאַנדייט.

גאָלדפעלד איז געווען אין כעס. ער האָט דעם פויער געלייענט אַ גאַנצע מוסר-לעקציע, אַז נישט אַזוי האָט ער זיך מיט אים אויסגערעדט באַם צונעמען אים אויף דער שטעל, האָט דער פויער זיך אָנגערופן כלומרשט תמצוואַטע:

— זיי האָבן דאָך עפּעס געזאָגט, אַז דעם פּאַן געהער דאָ שוין גאָרנישט, אַז דו האָסט באַנקראָטירט.

ווער די „זיי" זענען, וואָס ה בן אים דאָס געזאָגט, האָט ער נישט דערציילט. אויף גאָלדפעלדס צודרינגלעכן ווילן וויסן, ווער עס האָט אים דאָס געזאָגט, האָט דער פויער פון פאַרלעגנהייט געקראַצט זיך אין קאָפּ:

— געדענק איך דען ווער? פאַרבייפאָרער און אין שטאָט...

גאָלדפעלד האָט פאַרבראַכט אין דאָרף עטלעכע שעה און אַוועק מיט גאָרנישט. ווען ער איז צוריקגעגאַנגען, איז שוין געווען אַ זייגער פינף פאַרנאַכט, דאָס רעגנדל, וואָס האָט פאַר-

מיטאָג בלויז געקאָפּעט, האָט איצט נאָך אַ לענגערע פּויזע געמוזט מען געדיכט טריפֿן און װאָס אַמאָל שטאַרקער; ס'האָט אויסגעזען, אַז צו נאַכט צו, װעט גיין אַ געהעריקער רעגן. — אַרויסקומענדיק אויפֿן טראַקט, האָבן אים גענומען אָניאָגן פֿורן מיט דרעמגלעך און פֿויר-ברעטלעך, װאָס זענען צוריקגעפֿאָרן פֿון „מאַרק" אין אַ שכנישן שטעטל — גאָלדפֿעלד האָט נישט געוואָלט, אַז זיין שותּף דער טאַנדייטער, זאָל אים טרעפֿן גיין פֿון דאָרט, האָט ער גענומען אויסמיידן די מאַרק-פֿורן. אַזוי אָבער, ווי פֿורן איז געווען אַ סך, יעדע פּאָר מינוט, האָט ער געהערט הינטער זיך אָנקומען פֿור און אַ געראַדעריי פֿון די, וואָס זענען געזעסן אויף זיי — איז ער איטלעכעס מאָל אַראָפּ פֿון טראַקט, אויף אַ פֿעלד הינטער אַ בוים, איבערוואַרטן די אָנקומענדיקע פֿור. און לסוף, כּדי אײַנגאַנצן זיי אויסצומיידן, איז גאָלדפֿעלד אַראָפּ פֿון טראַקט און גענומען גיין מיט אַ הינטערוועג.

איצט האָט ער שוין קיין מאַרק-פֿורן נישט באַגעגנט, דערפֿאַר איז אָבער דאָ געווען סאַמע בלאָטעס און קאַלוזשעס האָט ער אָנגעטראָפֿן און דער רעגן האָט אויך נישט געשוויגן. איצט איז עס שוין נישט געווען אַ רעגנדל, נאָר אַ כליאַפּענדיקער רעגן; אין די שיך האָט גאָלדפֿעלד שוין שטאַרק געפֿילט וואַסער; זיין איבערראָק האָט אין זיך אײַנגעזאַפּט די רעגנטראָפּנס און זיי איבערגעגעבן דעם נאַקעטן גוף.

דאָ אויף דעם הינטער-וועג, אַוועק פֿון טראַקט האָבן זיך קנאַפּ געזען הײַזלעך און די, וואָס האָבן זיך יאָ געזען, זענען געשטאַנען ווייט אַרויף אין מיטן פֿעלד. — גאָלדפֿעלד, האָט געבראָכן דער רוקן פֿון די נאַסע מלבושים און דאָס פֿון רעגן פֿײַכטע פּנים איז אים געווען דערשוויצט פֿון מידעקייט. ער, קענטן די טיפֿע בלאָטעס — ער איז געגאַנגען און געגאַנגען, געטאָפּטשעט מיט די פֿיס אין די צעוויינטע קאַלוזשעס און אַלץ נישט געקומען צום שטעטל.

ערשט אַז ר'איז שוין געווען ווייט אָפּגעגאַנגען, און שוין מיד און מאַט געווען, האָט ער זיך מיטאַמאָל אַרומגעזען, אַז ער גייט נישט גוט: נאָך מיט אַ צוויי וויאָרסט פֿריִער, האָט ער

בעדאַרפֿט זיך גענומען ליגקס פֿון וועלדל, דאָרט וווּ אַמאָל איז געווען דער גרויסער פּריצישער וואַלד — און ער איז גאָר גע-גאַנגען גלייך אויס — איז ער צוריקגעגאַנגען.

צוקומענדיק צום וועלדל, איז ער געווען אַזוי טויט פֿאַר-מאַטערט, אַז ער האָט זיך געמוזט אַ ביסל אָפּרוען, האָט ער אויסגעזוכט אַ פֿון ד׳ערד אַרויסשטעקנדיקן „פּינעק" און זיך צו-געזעצט.

גאָלדפֿעלד האָט זיך נאָך קיינמאָל נישט געפֿילט אַזוי פֿאַר-מאַטערט ווי איצט און הונגעריק איז ער געווען: פֿון נאָכן אָנ-בייסן — גאַרנישט געגעסן. זיצנדיק אויפֿן נאַסן „פּיענעק", איז ער פֿאַר פֿאַרמאַטערטקייט איינגעדרימלט, פּעסט איינגעדרימלט, ווען ער האָט זיך אויפֿגעכאַפּט, האָט שוין גענומען טונקל ווערן. ער האָט זיך מיט שווערקייט דערהויבן, פֿילנדיק אויף זיך די מלבושים, ווי אַ פּודיקע משא — איצט האָט ער שוין גאָרנישט געקוקט, וווּ ער שטעלט די פֿיס. ער איז געגאַנגען אין בלאָטעס און קאַלוזשעס, געאײַלט אַהיים און אַ פֿאַרסאַפּעטער אָנגעקומען אין שטעטל, ווען ס׳איז שוין רעכט טונקל געווען.

אינדערהיים איז נאָכנישט געווען פֿייער געמאַכט. דער פֿאָ-טער איז נאָכנישט צוריק געווען פֿון „שטיבל" פֿון מעריב, די מומע איז געווען אַ ביסל פּלוידערן באַ אַ שכנטע, מירל איז נאָכ-נישט צוריק געווען פֿון דער נייטאַרין. זלאַטקעלע אַליין איז אין דער היים געווען, געזעסן אין מיטלסטן חדר באַם טיש, לעבן אַ ביסל אַראָפּגעדרייטן לעמפּל — ס׳זאָל נישט אויסברענען אַ סך נאַפֿט — און געשריבן גרויסע אותיות אין אַ צוזאַמענגענייטן העפֿט; איר טעגלעכע לעקציע פֿון לערנען זיך שרייבן אַדרעסן — אין גאָלדפֿעלדן האָט געזידט דער כעס אויף זיין שותּף דעם טאַנדייטער צימעס. ער איז נישט געדולדיק געווען צוצוזוואַרטן ביז זלאַטקעלע וועט אַריינרופֿן די מוטער, זי זאָל מאַכן פֿייער, — אָנצווואַרעמען פֿאַר זיינעטוועגן דאָס איבערגעלאָזטע מיטאָג — גאָלדפֿעלד האָט זיך אַ ביסל אָפּגערוט, געבעטן מ׳זאָל אים דער-וויל צו וואַרעמען ס׳עסן און אַליין איז ער אַרויסגעגאַנגען צו צימעסן.

צימפסן האָט גאָלדפעלד געטראָפן שטיין בײַם אַרבעטס־טיש איבער אַן אויסגעלייגט שטיק סחורה, אַ מאָס אַריבערגע־וואָרפן אויפן האַלדז און אַ קריידל אין האַנט — גאָלדפעלדן האָט ער אויפגענומען מיט אַן אומצופרידענער גרימאַסע, אַ שטייגער, ווי אַז מ׳איז אים מכבד שמחת תורה מיט אַ „הקפה" צו עוזר דלים... ער האָט גאָלדפעלדן צומאָל נישט געבעטן זיצן.

גאָלדפעלד האָט צימעסן קודם־כל פאַרגעהאַלטן, פאַרוואָס ער איז נישט געקומען, ווען ער האָט אים געשיקט רופן. גאָלד־פעלד האָט עפּעס מרמז געווען:

— נישט אַלס גאַסט האָב איך אייך געדאַרפט, נאָר אַלס שותף צו מאַכן געשעפט. —

— וועגן פּאָלוואַרק? — פרעגט צימעס קאַלט.

— און אפשר טאַקע וועגן פּאָלוואַרק! — ענטפערט גאָלד־פעלד דיפּלאָמאַטיש.

— צום פּאָלוואַרק — ענטפערט צימעס און גיט זיך אַ מאַך גלייך די וואָנסעס און באָרד, ווי זיין שטייגער — צום פּאָלוואַרק געהערט איר שוין גאָרנישט... איר האָט דאָך באַנקראָטירט.

— טאָ, צו וועמען דען געהער מיין טייל — אייך? — פרעגט גאָלדפעלד פּלומרשט אין לצנות.

— ניין — מיר נישט. ס׳וועלן שוין קומען בעלי־חובות. זיי וועלן אסור נישט לאָזן אויף זיך לאַנג וואַרטן.

— אָבער וואָס איז אייער עסק, וואָס עס וועט זיין — הערט שוין גאָלדפעלד אין כעס — איר דאַרפט דאָס דערווייל גאָרנישט צו וויסן.

— אַ נייער חכם — ווענדט זיך צימעס צו זיין פון דער קיך אַריינקומענדיקער ייִדענע — הדס, הערסט אַ חכמה, איך דאַרף גאָרנישט צו וויסן, אַז ער האָט באַנקראָטירט.

גאָלדפעלד האָט גלייך בײַם ערשטן אַריינקומען באַמערקט, אַז זיין פּרעסטיזש דאָ איז שטאַרק געפאַלן. ער האָט זיך דעריבער באַמיט צו רעדן מיט זיין אַמאָליק גאָלדפעלד־טאָן, אום וויפיל נישט זיין כבוד צו דערראַטעווען, כדי דאָס זאָל אים נוצן צום פּיפּין מסחר, וואָס ער וויל דאָ דורכפירן מיטן טאַנדייטער וועגן

זיין טייל פּאָלוואַרק — צימעס אָבער האָט קענטיק אים שוין באָרנישט געטרויט, געווען אפּנים זיכער, אַז גאָלדפעלד וויל אים עפּעס אונטערשטעלן אַ פּיסל — איז דער טאַנדייטער געוואָרן קעגן אים אַלץ גרעבער, געענטפערט מיט אַזעלכע שנײדערישע יאָר-מאַרק שטעך-ווערטלעך און לסוף, אַז דאָס האָט גאָלדפעלדן אַרויסגעבראַכט פון געדולד און ער האָט גענומען סטראַשען צימעסן, אים דערמאָנט, אַז פון זיין טייל נחת האָט זיך דער פּריזערדיקער באַלעבאָס נאָכנישט אײַנגעאַנצן אָפּגעשריבן געזעצ-לעך — און ער, גאָלדפעלד, קען יענעם געבן עצות... האָט צימעס פּראָסט געוויזן גאָלדפעלדן די טיר.

— מאַרש פּלטהניק, צו אַלדי שוואַרצע יאָר! וואָרים איך גיב אַ רוף מיינע „יינגען"!...

גאָלדפעלד איז אַהיימגעקומען פון צימעסן אײַנגאַנצן צעפּלאַמט. פון דער פּריזעריקער נאַסער קעלט, האָט ער איצט געפילט — היץ; אַ געוואַלטיקע היץ אין זיך. און פון אויסנווייניק האָט אים געשווידערט. ער האָט קוים אויפגעגעסן דאָס ביסל לאָקשן, וואָס די מומע האָט אים צוגעלאַנגט, נאָכגעטרונקען אַ גלאָז טיי און זיך געלייגט שלאָפן. ער איז שלעכט געשלאָפן און אינדערפרי איז ער אויפגעשטאַנען מיט קאָפּ-ווייטיק. עטלעכע טעג האָט אים דער קאָפּ וויי געטון און די פיס האָט ער קוים געשלעפּט.

כוף וואָ האָט גאָלדפעלד זיך מער נישט דערהויבן פון בעט, באַקלאָגט זיך, אַז ער האָט גרויסע יסורים אין די פיס. דער פאָטער האָט איינגעזען, אַז מען באַדאַרף אַ דאָקטאָר און ער האָט געשיקט נאָכן דאָקטאָר.

## 21. קאַפּיטל

גאָלדפעלדס קרענק איז נישט געווען לעבנס־געפערלעך, ס'איז אָבער געווען אַ שלעפּעדיקע און לאַנג דויערנדיקע קרענק.

אַמאָל, מיט קרוב צען יאָר צוריק, אין ערשטן יאָר מלחמה, סוף 1914, איז גאָלדפעלד יענעם האַרבסט געפאָרן מיט בריקעס אויפגעקויפטע סחורות אַהין און צוריק פון די אַרומיקע שטעטלעך צו זיך אין שטאָט און פון זיין ווינשטאָט מיט אַנדערע סחורות איבער די שטעטלעך — דער דאָזיקער מסחר איז דאַמאָלס נישט געווען גאָר „כשר" און דאָס פאַרשוואַרצט ווערן, צוליבן מוזן אויסמיידן די עפנטלעכע טראַקטן, איז געווען גרויס. דאַמאָלס האָט זיך גאָלדפעלד איינמאָל פאַרקילט און באַקומען אַן אַנט־צינדונג אין די געלענקען — בײַ דער איצטיקער פאַרקילונג אַהיים פון דאָרף, האָט זיך גאָלדפעלדן די דאַמאָלס אויסקורירטע גע־לענק־אַנטצינדונג אָפּגערופן נאָך אין אַ שטאַרקערער פאָרם, ווי דאָס ערשטע מאָל.

ס'איז אַוועק אַ וואָך און אַ וואָך און נאָך אַ וואָך. גאָלד־פעלד איז אַלץ געלעגן אין בעט. דאָס ביסל געלט וואָס ער האָט

בפּהאָס, איז אים אַוועק אויף דאָקטאָר און רעצעפּטן. און אַז גאָלדפּעלדן האָט זיך אויסגעלאָזט דאָס געלט, איז די שטיפמוטער מיטאָמאָל ברוגז געוואָרן, אַרומגעגאַנגען אָנגעבלאָזן ער איז איר געוואָרן אַן איבעריקער אין שטוב; מירל איז נישט אינדערהיים געזעסן, געגאַנגען נייען — אַרומגעגאַנגען דעם קראַנקן איז די שטיפמוטער. איז דאָס געווען אַן אַפּוואַרטעכטס, ווי עפּעס אַ קראַנקן אָרימאַן, אַן אורח, וואָס האָט זיך איינגעבעטן אַ ווינקל אין שטוב און איצט קען מען אים מער נישט פּטור ווערן. — די גרויפּנזופּ, וואָס מ'האָט אים צוגעטראָגן און אַנידערגעשטעלט אויפן שטול לעבן בעט, איז געווען אָן ברעקל טעם, אָן פּוטער און אָן מילך און צוגעטראָגן האָט מען אים דאָס צומיינסטנס נאָך דער צייט, ווען ס'איז שוין געווען קאַלט און אָפּגעזעצט, ווי אַ קלייסטער.

דער פּאָטער, געוויינטלעך, האָט מער געדענקט אָן אים. אַז ער איז געקומען פון דאַווענען אַ זייגער עלף פּאַרמיטאָג, פלעגט ער זיך נאָכפרעגן אין קיך:

— שלומען האָט מען עפּעס אַריינגעגעבן? — וואָס דערויף פלינק אים ענטפערן דאָס ווייב מיטן קעצישן גענגל און קעצישע אויגן מיט אַ „טשעפּע דיך אָפּ"-טאָן:

— איך ווייסט נישט, וואָס דער מענטש מיינט מיט זיך? פון־וואַנען זאָל איך דאָס אויף דעם אַלעם נעמען?...

און אַז גאָלדפּעלד האָט זיך אַרומגעזען, אַז ס'טויג נישט און אויב ס'וועט ווייטער אַזוי גיין, וועט ער דער שטיפמוטער ווערן ווי אַ דאָרן אין אויג, האָט ער געבעטן דעם פּאָטער, ער זאָל שרייבן צו קישטיינען, בעטן זעלדען, מ'זאָל אים אַהערשיקן עפּעס געלט פון דער סחורה, וואָס קישטיין האָט דעם טאָג פון גאָלדפּעלדס אַוועקפאָרן פאַרקויפט דאָרט אין שכנישן שטעטל.

דער פּאָטער האָט אַזוי געטון, געשריבן צו קישטיינען. עטלעכע טעג שפּעטער, איז אָנגעקומען תשובה פון זעלדען. קיין געלט איז נישט געווען, בלויז אַ בריוו. אין בריוו איז געשטאַנען, אַז ס'געלט פון יענער סחורה, האָט געצל נאָך נישט אָפּגעקריגן און נאָך איז אין בריוו געשטאַנען עפּעס וועגן גאָלדפּעלדס געוועלב, וועגן דעם מעבל און איבעריקן פּאַרמעגן, וואָס פון

זעלדעס שרייבן איז נישט מעגלעך געווען צו דערגיין אַ טאָלק — האָט ר׳ ליפּע צוליב געטון דעם קראַנקן זון. נאָך דעמזעלבן אָוונט, איז ער אַראָפּגעגאַנגען צו דער קליינבאַן און מיטן האַלבער־נאַכט־צוג אַריבערגעפאָרן אין שטאָט זיך דערוויסן דאָס, וואָס פון זעל־דעס בריוו האָט מען נישט געקענט דערגיין.

ר׳ ליפּע איז צוריקגעקומען מיט גאָר נישט פריילעכע ביַיעס. לויט ר׳ ליפּעס רייד, האָט גאָלדפּעלד זיך ערגער געמאַכט מיטן אַוועקפאָרן פונדערהיים: — קישטיין האָט מורא געהאַט צו נע־מען אויף זיך די אחריות פאַר אַלעם, וואָס אין שטוב געפינט זיך — איז דאָס גאַנצע מעבל אַריבערגעטראָגן געוואָרן אין שפּייכ־לער, און פאַרזיגלט מיט דער חתימה פון געריכט. ווידער וועגן געוועלב, איז לויט ווי ס׳גייט זיך צו הערן, באַמיען זיך די בעלי־חובות, דאָס געריכט זאָל אַהין אַריינזעצן אַ מענטש, וואָס זאָל ווייטער פירן דאָס געשעפט פאַר די בעלי־חובות, ביז ס׳וועט ווערן אויספאַרקויפט.

געלט האָט ר׳ ליפּע גאָרנישט געבראַכט, נאָר דעם ווייב האָט ער איינגערעדט, אַז ער האָט יאָ געבראַכט עפּעס געלט; דאָס האָט ר׳ ליפּע געטון, כדי זי זאָל מיינען, אַז שלום עסט פון זיין אייגן געלט, וועט זי זיך מיט אים בעסער באַגיין.

איצט איז גאָלדפּעלד שוין אינגאַנצן געווען אָנגעוויזן אויף דער שטיפמוטערס חסד און נאָר אַ דאַנק דעם פאָטערס און מירלס איינשטעלן זיך פאַר אים, האָט ער די ביטערע פּילן אַזוי שטאַרק נישט געפילט.

פונם לאַנגען ליגן אין בעט און נישט גיין צו אַ פריזירער, האָט זיך גאָלדפּעלדן צעשפּראָצט אַ בערדל און אַזוי, ווי צו ליב־טוענדיק דעם פאָטער, איז ער געלעגן אין בעט נישט מיטן בלויזן קאָפּ, נאָר אָנגעטון אין אַ קאַפּל, האָט גאָלדפּעלד איצט אויסגעזען, ווי אַ ייִדישלעכער ייִד. — ר׳ ליפּע האָט זיך נישט אָפּגעשטעלט בלויז באַם קאַפּל אַליין, ער האָט ווייטער פאַרלאַנגט:

שלום זאָל זיך וואַשן צום עסן; אינדערפרי דאַווענען אין טלית און תפילין און „מנחה מעריב" — אויך נישט פאַרפעלן.

ס'איז בזוועך ר' ליפעס זאַך יעדן אָוונט אָנגרייטן באַ שלומס בעט נעגל־וואַסער; אַ ציצה־כּנפות, האָט אים דער פאָטער געגעבן דערווייל זיינס; אינדערפרי באַם דאַוונען האָט גאָלדפעלד גע־דאַרפט גיין אָנגעטון אין ציצה־כּנפות.

און גאָלדפעלד האָט געטו אַלץ, וואָס מ'האָט פון אים פאַר־לאַנגט: דער פאָטער האָט געוואָלט ער זאָל זיך דאָ פירן ייִדיש, האָט ער שווייגנדיק געפאָלגט און געטון.

און וואָכן האָבן זיך גערוקט. אַ וואָך נאָך אַ וואָך. פּורים האָט גאָלדפעלד אין בעט געלייענט די מגילה פאַר זיך, פאַר די פּרויען אין שטוב און פאַר שכנטעס.

אין שטעטל זענען דאַמאָלס אויך שוין פאָרגעקומען באַנ־קראָטן. און ר' ליפּע, וואָס דער זון איז אים איצט געווען נענטער צום האַרץ — האָט געפינען פאַר נייטיק אַ ביסל צו טרייסטן דעם זון, אַז נישט בלויז אים האָט דאָס אומגליק געטראָפן.

— ווייסט, אברהמל פעסנס, דיין אַמאָליקער חבר, דער לעצטנס גרויסער שניט־קרעמער — האָט שוין אויך באַנקראָטירט — דערציילט ר' ליפּע שוחט דעם זון אין אַ פאַרטרעטן טאָן. —

אָן אַנדער מאָל ווידער האָט ער צודערציילן, אַז הערש משה חיימס, דער גאַלאַנטעריע־קרעמער, נעמט זיך שוין צוריק צום מלמדות...

אַזוי האָט ר' ליפּע אָפּטערס געטרייסט דעם זון, אַז ס'איז אַנדערע אויך נישט בעסער, ווי אים. ס'איז אַ מדינה־אומגליק, צרות רבים...

גאָלדפעלד האָט דערויף גאָרנישט געענטפערט. ער האָט נישט געקרעכצט אויף זיינע צרות און ער האָט זיך נישט גע־טרייסט מיט צרות רבים. ער איז געזעסן אין בעט אָנגעטון אין קאַפּל מיטן גרויסן בערדל, דאָס פּנים — געל, געמאַכט גרימאַסעס אויף די יסורים אין די פיס און געשוויגן — נישט געפונען פאַר נייטיק צו דערציילן דעם פאָטער, פון וואָס ער טראַכט.

ר' ליפּע האָט שטאַרק פאַריבל געהאַט אויף דער שניר, שלומס ווייב, דעם זון האָט ער נישט געוואָלט מצער זיין, נאָר

הינטער זיין רוקן אין קיך צו מירלען האָט ער גערעדט פֿון
דער שנור מיט כעס, וואָס גאַרנישט זיין שווייגער. זי אָנגערופן
חצופה און מרשעת... ער איז רק זיכער געווען, אַז ווען נישט
בערל קרעפּלס טאָכטער און איר מיטער, וואָלט שלום געווען אַ
מענטש, אַ בכבודער סוחר און ער וואָלט נישט אַזוי אויסגעגאַנ-
גען.

ר׳ ליפּע האָט געהאַלטן אין זיך, נישט דערציילט, אַז
דאָרט אין שטאָט האָט ער געהערט פֿון זעלדן וועגן איר, דער
„מאַדאַם“, וואָס זיצט זיך ערגעץ מיט געלט און זאַכן, מ׳האָט
איר שוין געשריבן און געשריבן, איר צו וויסן געטון, אַז דאָ
וואַרט פֿון אַלעם אַ תל, זי זאָל ווי צום גיכסטן אַהיימקומען.
זי אָבער — געפינט אפילו נישט פאַר נייטיק צו ענט-
פערן.

ס׳איז געווען אַ צווישן פּורים — פּסח טאָג. אַ שעה האָט
געשנייעט האָט אויסגעזען — ווינטער, חנוכּה צייט, באַלד האָט
די זון אויפגעשיינט, איז געוואָרן וואַרעם, דער שניי איז צע-
סאָפּיעט געוואָרן און עס איז אַ ווײַלע געווען פעליקער פרי-
לינג.

באַ ר׳ ליפּען אין מיטלסטן חדר, צווישן אויוון און קליי-
דער-שאַנק, איז אויף אונטערגעשטעלטע ציגל געשטאַנען אַן אויס-
געכשרט פּעסל — אָנגעשטעלט באָרשטש אויף פּסח — צוגערעקט
מיט אַ ריין שטיק לייוונט; אין הינטערשטיבל איז אויף אַ גע-
שאַרט בענקל געשטאַנען אַ האַלב זעקל שמורה-מצל, וואָס ר׳
ליפּע האָט פֿון שטענדיק געבאַקן פאַר זיך און פאַר אַ הײַפל
חסידים — נאָכמיטאָג פאַרן גיין אין שחט-הויז, איז ר׳ ליפּע
געזעסן באַם טיש, נישט ווייט פֿון בעט, וווּ שלום איז געלעגן —
די חלפים און די הילצערנע שייטן זענען געלעגן אָנגעגרייט
מיטצונעמען אין שחט-הויז, דערלעבן דאָס ביינערנע טאַבאַק-שקעטל
און דאָס געבלימלטע שנופּ-טיכל. ר׳ ליפּע האָט געטרונקען אַ
גלאָז טיי, ווי ער טוט געוויינטלעך פאַרן גיין שחטן — ער האָט

נערעדט מיטן זון וועגן זיין לאַגע, אַ ביסל אים געטרייסט און אַ ביסל געמוסרט, וואָס ער האָט זיך געפירט נישט יידיש און נישט מענטשלעך — — — ר' ליפע האָט ערשט איצט איינגע־זען, אַז אַלע שפעקוליאַנטן האָבן זיך נישט געפירט, ווי עס דאַרף צו זיין.

— דער פלוצלינגדיקער שטייג אַרויף, דער גאָלדענער רעגן, האָט זיי פאַרבלענדט...

ר' ליפע האָט דערמאָנט די היגע, שטעטלדיקע אויפגעקו־מענע, אויך זיי האָבן זיך נישט לייטיש געפירט — פאַרשטייט זיך, אַזוי ווי זיין זון, ווי ער, שלום, האָט זיך קיינער נישט גע־פירט. די סיבה פאַרוואָס שלום איז אַזוי אַראָפּ פון מענטשלעכן וועג, האָט ר' ליפע נישט דייטלעך באַרירט. ער האָט נאָר דער־מאָנט, אַז אַ ווייב קען אַ סך אויספירן אַזוי צום גוטן, ווי צום שלעכטן — — — אחאב וואָלט אויך נישט געווען דאָס וואָס ער איז געווען, ווען נישט זיין ווייב איזבל. — נאָר פונדעסט־וועגן, אַז מ'איז אַליין אַ מענטש אַז מ'האָט אין זיך מידות, קען אַ ווייב אויך נישט אינגאַנצן אַראָפּפירן, ווי אים שלומען. רחמנה־לצלן, ווי מ'אוס ער איז שוין געווען אַראָפּ פון מענטשלעכן וועג. — — — —

און איצט, וואָס זעט מען, איז דער סוף — דאָס איז נאָר מן השמים — אַלע שפייען זיי אויס דעם גאָלדענעם רעגן, די מלחמה־עשירות, ווער עס איז שוין אַראָפּ און ווער עס שטיקט זיך נאָך אין דער שטיל. —

אָט אַזוי ברעכן זיי אויס דאָס כלומרשטע עשירות, דאָס אָנגעזאָמלטע פון מענטשנס עוולה, פון אָרימע לייטס טרערן...

ר' ליפע מיט דער לאַנגער גרויער באָרד און הויכע ברע־מען, האָט געקוקט, פון זיין זיץ, אין פענסטער, ווו פלאַקענעס שניי זענען געפאַלן פון הימל און צעפעווייסט די גאַס, ווי צע־שיטע פעדערן און אין זיין למדנישן מוח איז געבוירן געוואָרן אַ פאַרגלייך פון די שפעקוליאַנטנס עשירות צום פאַרגיינדיקן שניי...

אַ שד, אַ לץ האָט זיך פאַרגליסט אַפּצושון דער וועלט אַ שפיצל, האָט ער דעם אַ׳געפּאַלטענעם שניי פאַרוואַנדלט אין גאָלד — זענען געקומען גייציקע מענטשן און געכאַפּט זיך זאַמלען דאָס גאָלד. —

פאַרגעסן ווייב און קינד, פאַרגעסן דעם בורא, זיך אַליין פאַרגעסן, יעדן פונק מענטשלעכקייט. און נאָר געזאַמלט, געזאַמלט און געזאַמלט גאָלד, פעסער גאָלד — לסוף האָט די זון אויפגעשיינט, דער שניי איז צעגאַנגען און פון אָנגעזאַמלטן גאָלד איז געוואָרן... וואַסער, בלויז בלאָטיק וואַסער.

— זעסט דאָך מיין זון, וואָס ס׳איז געבליבן פון מלחמה־פאַרמעגנס, פון אָנגעזאַמלטן, לייכט אָנגעקומענעם כלומרשטן עשירות — האָט ר׳ ליפּע געענדיקט און אָנגעקוקט דעם זון.

ער, דער זון, האָט אָבער, ווי גאָרנישט געהערט דעם פּאָטערס לומדישן פאַרגלייך — ער האָט איצט געטראַכט: אַז אויב ער וואָלט טאַקע געהאָרכט די פרוי און די שוויגער או באַנקראָטירט דאַמאָלס, ווען זיי האָבן געהייסן, וואָלט אפשר אַלץ אַנדערש אויסגעזען.

בא גאָלדפעלדן איז איצט אויסגעקומען, אַז דאַמאָלס, ווען די פרוי האָט אים געהייסן באַנקראָטירן, איז געווען די ריכטיקע צייט דאָס צו טון: אַלץ איז נאָך געווען גאַנץ און די פרייע חובות זענען אים נאָך נישט געווען צוגעקומען.

און דערפאַר, וואָס עס האָט זיך איצט גאָלדפעלדן פאַרבענקט נאָכן ווייב, האָט זיך אים געוואָלט גלייבן, אַז דאָס וואָס זי האָט אים דאַמאָלס געראָטן — איז מן־הסתם געווען ריכטיק און גוט און דערדאָזיקער טראַכט אַדורך, פון אויבן אויף. אַזוי ווי מען גיט אַ שאַר דעם שוים איבערן וואַסער — האָט איצט דאָס באַשטעטיקט, אַז אַזוי איז עס. מיט איר און מיט איר מוטערס בייהילף און עצות, וואָלט ער זיך דאַמאָלס אַרויסגעקירעוועט, רעגולירט מיט די בעלי־חובות און געבליבן אויף די פיס — און פאַר פאַרדרוס, וואָס ער האָט זי דאַמאָלס נישט געהאָרכט און נישט געטון ווי זי האָט געהייסן, האָט זיך פון גאָלדפעלדס האַרץ אַרויסגעריסן אַ זיפץ. דער פאָטער מוז קענטיק האָבן דעם

זונס איצטיקן זיפץ אנדערש אויסגעטייטשט, ער, מוז זיין, האָט פאַרשטאַנען דעם זיפץ, אַלס חרטה, ווייל ער האָט זיך נישט גע-פירט מענטשלעך — האָט ער גענומען דעם זון טרייסטן:

— גאָר גאָרנישט, דאַרפסט נישט זיפצן, ביסט נאָך יונג, דער אייבערשטער קען דיר נאָך ממלא זיין.

ר׳ ליפע האָט גענומען די חלפים, געאײַלט אין שחט-הויז דערמאָנענדיק דעם זון, ער זאָל נישט פאַרגעסן צו דאַווענען מנחה.

## קאַפּיטל 22.

די צווייטע וואָך נאָך פּסח, איז בענדעט מיט זיין שוועסטער חנה אַוועקגעפאָרן נאָך ארץ־ישראל.

אַ טאָג פריִער איז שוין אַלץ, וואָס זיי האָבן געלאָזט מיטנעמען געווען פאַרפּאַקט... נישט קיין סך האָבן זיי מיטגענומען. עטלעכע מלבושים, אַ ביסל וועש, בעטגעוואַנט — בענדעט האָט נאָך מיטגענומען אַ תנ״כל און דעם אַלטן, נאָכן פאָטער געבליבענעם וועק־זייגער.

דעם טאָג פון פאָרן, אינדערפרי, זענען זיי געווען אויף מינע פינקלס קבר — געשטאַנען שטיל, פאַראומערט באַם זאַמדבערגל לעבן פלויט פון קברות. חנה האָט זיך געווישט די אויגן און בענדעטן האָט געדריקט אַ שטומער טרויער.

לויט חנהס בקשה, האָט בענדעט אַראָפּגענומען פון זייער ביסל געלט אויף אַ מצבה פאַר מינען און דאָס געלט — איבערגעלאָזט בײַם גבאי פון שולעכל אין עק־שטאָט קוו רטאַל.

אַהיימגייענדיק פון קברות, בשעת זיי זענען פאַרבייגעגאַנגען

די גאַס, וווּ קישיניין וווינט, האָבן זיי באַגעגנט זעלדען, זי האָט זיי דערציילט פון גאָלדפעלדן, ווי זיין פאַרמעגן גייט נעבעך אויס — דעם „מענטש", וועמען דאָס געריכט האָט אריינגעזעצט אין געוועלב איינציקווייז אויסצופאַרקויפן די סחורות, האָט זעלדע אָנגערופן „קאָמיסאַר". געצל, האָט זי דערציילט, איז ווייטער אין געשעפט, אַזוי ווי פריער, און אויף זיין געהאַלט, וואָס ער קריגט אויסגעצאָלט יעדע וואָך — האָט זי זיך נישט צו באַקלאָגן.

נאָר אין כעס איז זעלדע אויף דער שוועגערין און אויף איר מוטער מייטע.

זי, די מאַדאַם גאָלדפעלד, איז שוין צוריק הי, וווינט זיך אויבן באַ אירע עלטערן — זי קריגט אויך געהאַלט פון „קאָמיסאַר" פאַר זיך און פאַר די קינדער.

זעלדע האָט דער מאַדאַם גאָלדפעלד נישט געקאַרגט קיין קללות און צונעמען... זי האָט זיך ערשט געקליבן אָנצוהייבן אַ מעשה, וואָס מייטע און אירע טעכטערלעך קענען און ווי ווייט זיי מאַכן אַ מאַן פאַר אַ פאַנטאָפל — בענדעט און די שוועסטער האָבן זיך אָבער געאיילט, נישט קיין צייט געהאַט צו שטיין און הערן מעשיות; זיי האָבן געדאַרפט אָפּפאָרן מיטן מיטאָג-צוג קיין וואַרשע, דאָרט זיך אָנשליסן אָן דער גרופּע, וואָס פאָרט צוזאַמען אָפּ — האָבן זיי זיך געזעגנט מיט זעלדען און געאיילט אַהיים.

אינדערהיים איז שוין אַלץ געווען פאַרפּאַקט אין אַ קאָרב און האַנט-קאָרבל. זיי זענען נאָך אַריינגעגאַנגען אין געוועלב צום גוי באַצאָלן אַ חובל. דער פאַן מיקאָלאַיטשיק, מיט די כיטרע טשור-אייגעלעך און שוואַרצע וואָנסעלעך האָט באַדויערט, וואָס זיי פאָרן אַוועק.

— כאַקע שוין אינגאַנצן? אַ שאָד! איצט בלייבט שוין אינגאַנצן הייזל נישט איין ייד. און אונדזערע — באָרג אים נאָר צו אַ גראָשן, זעסטו אים מער נישט אין געוועלב.

טעג זענען געווען שיינע, זוניקע. אַרום די געעפנטע וויליעס, האָבן זיך, ווי יעדן פרילינג, געפּאָרעט אַרבעטער, פויערן מיט האַמער, זעק און קעסטל טשוועקעס...

בענדעט מיט דער שוועסטער, האָבן גענומען אַ דראָשקע

אַרויסגעלייגט דאָס געפעק, זיך אַריינגעזעצט און אָפּגעפאָרן צום וואָקזאַל.

דער פרילינג האָט געגלאַנצט און געהעלט, ווייט און ברייט איבער דערפער און שטעט.

דאָרט אין קליינעם שטעטל, איז גאָלדפעלד שוין געווען אַרויס פון בעט, אַרומגעגאַנגען אין דער זון אָנגעלענט אָן פאַטערס שטעקן.

גאָלדפעלד איז נאָך געווען אָנגעצויגן אין ווינטערדיקן אויבערראָק, קוים געריררט מיט די נאָכנישט אינגאַנצן צו זיך געקומענע פיס.

אין מאַרק און פאַר די טירן זענען געשטאַנען קרעמערס און סתם שכנים, געשמועסט פון מסחר און גלאַט געפּלוידערט. — אויף גאָלדפעלדן האָט זיך קיינער נישט אומגעקוקט, מ'האָט אים ווי גאָרנישט באַמערקט; באַנקראָטניקעס זענען שוין נישט קיין נייעס, דאָס שטעטל פאַרמאָגט שוין ברוך השם אַ היפש ביסל אַזעלכע...

האָט ער זיך, גאָלדפעלד, עטלעכע טעג אַרומגעדרייט אין שטעטל, ווי אַ יורד, גאָרנישט געטון, מיט קיינעם נישט פאַרפירט קיין שמועס, זיך געוואַרעמט אויף דער זון און טאָג-טעגלעך, זיך נאָכגעפרעגט ביים גאַוווהדיקן פעלדשער, צי ער מיינט שוין אַראָפּנעמען די וואַרעמע באַנדאַזשן פון די פיס — אויף וואָס ער האָט שטענדיק געקריגן איין און דעם זעלבן ענטפער:

— בעסער וואַרע גאָט! נאָכניכט!

און אַז גאָלדפעלדן איז לסוף שוין אויף אַזוי פיל בעסער געווען אויף די פיס, אַז ער האָט געקענט גיין אָן שטעקן, איז ער אין אַ באַנאַכט אין באַגלייטונג פון פאָטער אַוועק צו דער קליינבאַן. ר' ליפע שוחט האָט דעם זון געקויפט אַ בילעט, אים געהאָלפן אַריינגיין אין וואַגאָן מיט די קראַנקע פיס און גאָלדפעלד איז אָפּגעפאָרן אַהיים.

אין געל-לעדערנעם רענצל, האָט ער מיטגעהאַט פון פאָטער אַ גוט אויסגעבאַקן לעבל הויז-ברויט, אַ פּאָר פינט פלייש, אַ שטיקל טאַבעווע און אַ פעטן רינד-פוס.

דער צוג איז אָנגעקומען אין שטאָט אינדערפרי, ווי שטענ־
דיק אַ זייגער צען, גאָלדפעלד איז קודם כּל אַרויפגעגאַנגען צו
זיין שוועסטער זעלדע, געוווּיר ווערן, וואָס עס הערט זיך בײַ אים
אינדערהיים.

זעלדע האָט פּונקט געקאָכט אָנבייסן, האָט זי דעם ברודער
מכבּד געווען מיט אַ שיסעלע גריץ און דערלעבן אַנידערגעלייגט
ברויט מיט פּוטער. גאָלדפעלד האָט געגעסן. אַז ער האָט געהאָט
אָפּגעזופּט אַ האַלב שיסעלע, האָט זי אים נאָך צוגעגאָסן, האָט ער
דאָס אויפגעזופּט און צוגעגעסן ברויט.

נאָכן עסן איז ער נאָך געבליבן געוווּיר ווערן...

זעלדע האָט געקרעכצט אויף דעם ברודערס שלעכטע אויס־
זיכט. גאָלדפעלד האָט געפרעגט:

ווו איז געצל?

האָט זי אים דערציילט, אַז געצל איז ווייטער אין געשעפט
און יעדע וואָך באַקומט ער אויסגעצאָלט פון קאָמיסאַר.

גאָלדפעלד האָט גאָרנישט געוווּסט, אַז ס׳געוועלב איז אָפן,
און אַז מ׳האָט אים אַריינגעזעצט אַ קאָמיסאַר, האָט ער אויך נישט
געוווּסט.

איצטער ערשט, האָט אים זעלדע גענומען דערציילן פון
זיין ווייב, אַז זי זיצט זיך בײַ דער מוטער און גאָרנישט; זי גייט
צומאָל נישט אייגמאָל אַהיים אַ קוק געבן.

— אַנומלטן — דערציילט זעלדע — טרעפט מיך מייטע...

גייט דאָ אַ מעשה, ווי מייטע האָט דערציילט זעלדען, אַז
איר טאָכטער וויל מער נישט ווינען מיט דעם שלימזלדיקן באַנ־
קראָטניק...

מייטע האָט באַדויערט, וואָס דאַמאָלס בײַ זייער חתונה, איז
בראָניעס אונטערציזיע נישט געמאַכט געוואָרן אויף דאָלאַרן, נאָר
אין רוסישע רובל, וואָס דאָס האָט היינט אַ ווערט ווי גאָרנישט...
נאָר מילא, וואָס קען מען טון, וועט זי זיך מוזן באַגנוגן לאָזן
מיט די צוויי האַלבע הייזער, ווו זי איז מיטגעשריבן.

און זעלדע שאָקלט מיטן קאָפּ באַדויערנדיק:

— פאַר מייטעס געדערעם האָסטו געאַרבעט און פאַרן וויגט האָסטו געזייעט...

גאָלדפעלד איז געזעסן, אויסגעהערט דעם „איכה", וואָס איז צוזאַמען מיט קללות אויף זיין חייבס משפחה. ג'יגאַנגען פון זעלדעס מויל. אין קאָפּ האָט אים כסדר געבאָמבלט דער סוף פון פאָטערס משל אויף די שפּעקוליאַנטס פאַרמעגנס — — — האָט אויפגעשיינט די זון, דער שניי איז צעגאַנגען געוואָרן און פון די אָנגעזאַמלטע טינען גאָלד, איז געבליבן וואַסער, בלויז וואַסער.

און גאָלדפעלד האָט זיך געפילט אַזוי דערשלאָגן, אַזוי צעבראָכן, אַז ס'וואָלט זיך אים געזאָלט שוין אייביק, דאָס לעבן־לאַנג דאָ זיצן און נישט אַהיימגיין אָנקוקן זיין חורבן, דאָס פאַר־מעגן, וואָס געהערט שוין נישט מער צו אים.

סוף